ניט ווייט ליגען מגילות. גרויסע און קליינע. אידען האָבען זיי אַמאָל געהאַט געעפענט, ווען זיי האָבען פּורים זיך דערמאָנט אין דעם ווי המן האָט געוואָלט אויסראָטען דאָס אידישע פאָלק. היינט זיינען די מגילות פאַרבליבען אַלס שטומע עדות פון דער טראַגעדיע, וואָס איז נאָך ניט פאַרשריבען און נאָך ניט באַשריבען געוואָרען. „ישנו עם אחד מפוזר ומפורד בין העמים״... וואו איז דאָס פאָלק? — קלערהר איך, ווען איך באַקום גראָד אַ מגילה אין האַנט. וואו איז אונזער פאָלק, וואו זיינען אונזערע מיליאָנען ברידער און שוועסטער?

אויף דער וואַנט פון ה׳ גודמאַן׳ס אָפּיס הענגט אַ גרויסע פּרוכת. אַ אידישע פרוי האָט זי אַמאָל מנדר געווען אין שוהל, וואו זי און איהר מאַן האָבען געדאַוונט. היינט איז דאָרט ניטאָ קיין שוהל און די מיט נסים ניצול־געוואָרענע פּרוכת איז אָנגעקומען ביז פראַנקפורט.

יעדעס בלעטעל, יעדער קלענסטער געגענשטאַנד אין דער געביידע אויף „אונטערמאַין־קעי״ 15, אין פראַנקפורט, איז אָנגעזאַפּט מיט אידיש בלוט. מאַנכע וועלען אפשר גלויבען, אַז דאָס איז בלויז אַ קאָלעקציע פון טויטע אָביעקטען. אָבער ווי הויך אויפ׳ן קול שרייען זיי אַרויס דעם פּיין פון אונזער געמאָרדעט פאָלק! וועט די וועלט פאַרשטעהן זייער שפּראַך? וועט זי פאַרשטעהן דעם שרעקליכען פאַרוואורף, וואָס אָט דער צוזאַמענגערויבטער קולטור־אוצר וואַרפט דער ציוויליזירטער מענשהייט אין פּנים:

„דאָס פאָלק, וואָס האָט דאָס אַלץ געשאַפען, איז געמאָרדעט געוואָרען קאַלט־בלוטיג. וואו זייט איהר געוועזען?״

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״א כסלו, תש״ו — 16 נאָוועמבער, 1945)

## IV

## פעלדאַפינג: דאָס לעבען אין לאַגער

ניט ווייט פון מינכען, אַן ערך אַ האַלבע שעה רייזע מיט׳ן אויטאָמאָביל, ליגט זיך איינס פון די גרעסטע אידישע קעמפּס אין דייטש־לאַנד, פעלדאַפינג.

קנאַפּע 4000 אידען לעבען אין אָט דעם פאַרבלאָטיגטען שטעדטעלע, וואָס ווערט אָפּגעהיט דורך אַ אידישען פּאָליציאַנט (די שטעכעדיגע דראָטען און די מיליטערישע פּאָליציי זיינען שוין לעצטענס אין אַלע קעמפּס אָפּגעשאַפט געוואָרען). ליידער איז אין לאַגער נישטאָ קיין אָנצייכען פון דער שעהנער נאַטור־פּאַנאָראַמע, וועלכע באַווייזט זיך, ווען מען פאָהרט פון מינכען קיין פעלדאַפינג. עס האָט אויפגעלעבט אַ פּוילישע אָדער ליטווישע געטאָ מיט אַלע איהרע אויסערליכע מינוס׳ן.

און נישט בלויז אויסערליכע, נישט בלויז די נאַטור שעהנקייטען זיינען אין פעלדאַפינג פאַרשוואונדען, עס פעהלט אויך אַ סך צו דעם, אַז מען זאָל קענען על־כל־פנים זאָגען, אַז עס איז דאָ אַ יסוד צום לעבען.



אַ שטוב אין אַ אידישען לאַגער אין דייטשלאַנד.

נישטאָ קיין איין אידישע שולע אין פעלדאַפינג. אַן ערך 150 אידישע קינדער געהען אַרום פוסט און פּאַס (עס זיינען דאָ אויף איין אָרט אַוונט־קורסען, וועלכע דערזעצען אָבער בשום אופן נישט קיין שולע), און ווען איך האָב געפרעגט די אידישע לאַגער־פאַרוואַלטונג:

— היתכן? איז דען ווייניג, וואָס די אידישע קינדער האָבען זעקס יאָהר נישט געהאַט קיין מעגליכקייט זיך צו לערנען?

האָב איך געקראָגען דעם ענטפער:

— מען גיט אונז נישט קיין לאָקאַל פאַר אַ שולע. מיר גרייטען זיך צו עפענען אַ שולע, אָבער דערווייל האָבען מיר קיין אָרט נישט פאַר איהר. די דייטשע פאַרוואַלטונג צו וועלכער מיר האָבען זיך געווענדעט וועגען אַ הויז פאַר דעם צוועק, האָט אונז אפילו פאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלען זיך אויסוועהלען איינע פון פינף געביידעס, וואָס מ׳האָט אָנגעוויזען. אָבער, ליידער, ווען די מיליטערישע מאַכט האָט געדאַרפט באַשטעטיגען די רעקוויזיציע — איז אַלץ געוואָרען אָפּגעוואָרפען...

עס קלינגט אומגלויבליך. אָבער עס איז אמת. די דייטשען פיהלען זיך שולדיג, ווען זיי קומען אין קאָנטאַקט מיט די אידען, און דעריבער ווילען זיי ווייזען, אַז זיי זאָגען נישט אָפּ די אידישע פאַרלאַנגען. דאָס ווערט געטאָן דורך אַנדערע. אָט איז אַ סימפּטאָמאַטישער פאַקט:

אַ גרעסערע צאָהל אידען אין פעלדאַפינג אַרבייטען אין לאַגער. קומט זיי נאַטירליך דערפאַר אַ באַלוינונג. אַזוי ווי די אַרבייט דאַרף געזעצליך געמאַכט ווערען דורך אָרטיגע דייטשען און די אידען פון פעלדאַפינג זיינען ניט מחויב פאַר זיי דאָס צו טאָן, האָט די אויטאָנאָמע אידישע לאַגער־פאַר־וואַלטונג זיך געווענדעט צו דער בייערישער רעגירונג מיט אַ פאָדערונג צו באַצאָלען די אידען דעם חוב פאַר די לעצטע פינף חדשים (יוני, יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער און אָקטאָבער). האָט זיך באַלד באַוויזען אַ קאָמיסיע צו קאָנטראָלירען דעם פאַקטישען צושטאַנד, און דער בייערישער פינאַנץ־מיניסטער בכבודו ובעצמו איז אַראָפּגעקומען קיין פעלדאַפינג. ער האָט געפונען אַלץ, אַזוי ווי די אידישע פאַרוואַלטונג האָט עס געשילדערט, און ער האָט מסכים געווען צו באַצאָלען די אידען אַ סכום פון אַ האַלבען מיליאָן דייטשע מאַרק פאַר די פינף חדשים אַרבייט. דאָס וואָלט באַדייט אַ סכום פון אַן ערך 400 מאַרק אַ חודש פאַר אַן אַרבייטער (ער קאָן דערפאַר באַקומען אַ דריי קילאָ פּוטער אָדער דרייסיג אייער וכדומה, וואָס פאַר אַ גאַנצען חודש אַרבייט איז עס נישט צופיל, דוכט זיך). די אידישע פאַרוואַלטונג האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען. ער איז דאַן סאַנקציאָנירט געוואָרען דורכ׳ן סאַמע בייערישען פּרעמיער־מיניסטער און די ערשטע ראטע פון 120,000 מאַרק איז געוואָרען אויסגעצאָלט. אָבער דאָ ענדיגט זיך דער „פּראָזאַאישער״ טייל פון דער געשיכטע און באַלד הויבט זיך אָן דער עפּילאָג:

די מיליטער־מאַכט, דערוויסענדיג זיך פון דעם אָפּמאַך, האָט מודיע געווען דער אידישער פאַרוואַלטונג פון פעלדאַפינג, אַז דער אָפּמאַך איז — בטל ומבוטל! די 120,000 מאַרק, האָט מען פאַראָרדענט, מוז מען תיכף ומיד אָפּגעבען. דאָס איז אויך אָהן אַן אָפּהאַלט געשעהן. מהיום והלאה טאָרען בכלל נישט באַשעפטיגט ווערען מעהר ווי פ י נ ף פּראָצענט פון די לאַגער־איינוואוינער און דאַרונטער מוזען שוין פאַררעכענט ווערען די דייטשע אַרבייטער. אַזוי איז געלייזט געוואָרען דער אַרבייטס־פּראָבלעם אין פעלדאַפינג...

* * *

וואָס איז מיט׳ן עסען? עס ווערט כסדר ערגער. ביז נישט לאַנג צוריק האָט מען באַקומען פערציג גראַם פּוטער פאַר אַ מענשען אַ טאָג. היינט איז עס שוין נישטאָ. מען באַקומט 25 גראַם מאַרגאַרין צום עסען און דריי גראַם

פון דעם זעלבען מין צו קאָכען די שפייזען, אַלץ פאַר איין מענשען אַ טאָג! ברויט האָט מען באַקומען 500 גראַם אַ טאָג, איז עס רעדוצירט געוואָרען ביז 330 גראַם אַ טאָג.

דאָס ערגסטע איז מיט כשר פלייש. ביז נישט לאַנג צוריק האָט מען באַקומען די קליינע פּאָרציע פלייש על־כל־פנים אויף אַזאַ אופן, אַז די אידען, וואָס עסען כשר פלייש זאָלען קענען אויך געניסען דערפון. מען האָט געקוילעט אין שלאַכט־הויז אַ בהמה און די כשר'ע קיך, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען מיט עטליכע וואָכען צוריק, האָט באַקומען איהר טייל פלייש צוגעשטעלט דירעקט פון שלאַכט־הויז (אַ פליט־שוחט איז דאָרט געווען). אין די לעצטע טעג איז ארויס אַ נייע פאַראָרדנונג: מען טאָר ביי די דייטשען נישט „צונעמען" קיין לעבעדיגע בהמות. פריש פלייש מעגען מהיום והלאה עסען בלויז דייטשען. פאַר די דעפּאָרטירטע זיינען פאַרבליבען פלייש־קאָנסערוועו. אַזוי־ווי קיין כשר'ע פלייש־קאָנסערוועו זיינען נישטאָ, מוזען די רעליגיעזע אידען אין די קעמפּס (נישט בלויז אין פעלדאַפינג נאָר אין אַלע אַנדערע קעמפּס אין בייערן איז פונקט אַזוי) פאַרציכטען אויף פלייש. די כשר'ע קיכען זיינען דעריבער אין אַ קאַטאַסטראָפאַלען מצב.

עס איז שוין דאָ געפאַלען דער ערשטער שניי און עס איז גוט קאַלט. וואָס הערט זיך מכח הייץ־מאַטעריאַל? נישט גוט, גאָר ניט גוט. קיין קוילען זיינען ניטאָ און האָלץ איז כמעט ניט מעגליך טעכניש, אַז מען זאָל עס קענען שניידען אין די אַרומיגע וועלדער אין אַזאַ קוואַנטיטעט, וואָס וואָלט נויטיג געווען. עס איז פשוט נישטאָ גענוג אַרבייטס־קרעפטען. דערצו איז כסדר ניט זיכער צי מען וועט ווייטער ערלויבען צו באַנוצען די דייטשע קריגס־געפאַנ־גענע. אָפט הייסט עס, אַז די אידען דאַרפען זיך אַליין שניידען דאָס האָלץ אין די וועלדער, און דאָס איז טעכניש נישט דורכצופירען.

איז טאַקע קאַלט. אָבער אפילו קאַלטע שטיבער פעהלען אויך אויס. מען שלאָפט צו צעהן מענשען אין אַ שטוב. אָפט שטעהט איין בעט איבער'ן אַנדערען, אַזוי ווי אין די אַמאָליגע קאָנצענטראַציע לאַגערן...

און אַנטועכץ? מען געהט אַרום אָהן מאַנטלען, אין שלעכטע שיך, אָפט אין צעריסענע אנצוגען. מען זאָגט אפילו, אַז עס זאָל באַלד עפּעס אָנקומען, אָבער ווי אַ איד האָט מיט אַ ביטערען שמייכעל מיר ערקלערט אין קעמפּ — „די ווינטער־זאַכען וועלען אַוודאי אָנקומען אויף פסח..."

בכלל האָט די אידישע לאַגער־פאַרוואַלטונג אין פעלדאַפינג ביז היינט באַקומען גאַנצע 195 (הונדערט פינף און ניינציג) אנצוגען פאַר די קרוב 4000 קעמפּ־איינוואוינער. דער „דזשאָינט" האָט צוגעשטעלט הונדערט אנצוגען פאַר פעלדאַפינג. ווען מען פאַרטיילט עס „גלייך", וואָלט נאַטירליך אויסגע־קומען איין פאַר הויזען פאַר אַ מנין אידען.



אַן אימפּראָוויזירט אידיש „געשעפט“ אין אַ דייטשען לאַגער.

פונדעסטוועגן, זיינען די אידען נישט פאַרצווייפעלט. זיי זיינען נאָר זעהר פאַרביטערט. און מיט רעכט. ווייל נאָך אַזעלכע ליידען, ווי זיי האָבען מיטגעמאַכט, קומט זיי היינט, זעקס חדשים נאָך דער באַפרייאונג, אַ בעסערע באַהאַנדלונג.

* * *

איך האָב באַזוכט צוויי בתי מדרשים אין פעלדאַפינג באַלד דעם ערשטען אָוענט, ווען איך בין אַהער אָנגעקומען. איןביידע האָב איך געטראָפען בחורים און סתם „בעלי בתים“ זיצען און לערנען תורה.

אין ליטווישען בית מדרש האָט אַ שאַוולער איד (ר' יוסף סקורדענסקי), געלערענט „עין יעקב“ מיט'ן עולם. ער האָט אין דער אגדה, וועלכע ער האָט גראָד פאָרגעטראָגען, אַריינגעפלאָכטען די בעגעבענהייטען פון אונזער פאָלק אין די לעצטע יאָהרען. מיט דער נייעסטער אידישער געשיכטע האָט ער אילוסטרירט אַן אַלטען מאמר חז"ל. עס האָט וואונדערבאַר זיך צוגעפּאַסט.

אין פּוילישען בית מדרש זיינען געזעסען צוויי גרופּען בחורים און געשמאַק געלערענט. דאָ האָט מען שוין נישט געזוכט קיין „בייעס״, נאָר ווי אַמאָל אין אַ לאָדזער אָדער פּיעטראָקאָווער שטיבעל — זיך פאַרטיפט אין דער הלכה. אביי און רבא זיינען אַריין קיין פעלדאַפינג. פאַריאָגט געוואָרען פון וואַרשע און געקומען קיין בייערן. צי עס געפעלט עמיצען יאָ, צי ניט, זיי זיינען דאָ.

מיט די רעליגיעזע ענינים פיהרט אָן אַ „ועד החרדים״, אַרום וועלכען עס האָט זיך אפילו שוין געהאַט פאַרפירט — ווידער מעשה פוילען — אַ מחלוקה׳לע. אָבער עס איז געקומען צו אַ הסכם: פּוילישע, ליטווישע און אונגאַרישע אידען, אגודיסטען און מזרחי׳סטען, האָבען זיך סוף־כל־סוף געאייניגט אויף אַ „ועד החרדים״־צוזאַמענשטעל פון צוועלף פּערזאָן, לויט פאָלגענדען שליסעל: ליטוויש־אונגאַרישער בלאָק — 5 מאַנדאַטען, אגודת ישראל — 5 מאַנדאַטען, און „מזרחי״ — 2 מאַנדאַטען.

איז „הכל שריר וקיים״. מען דאַרף נאָר בלויז אויסגעלייזט ווערען, כדי וואָס גיכער פון דאָנען אוועקצוגעהן קיין ארץ ישראל . . .

(„מאָרגען זשורנאַל״, ה׳ טבת, תש״ו — 9 דעצעמבער, 1945)

## V

## לאַנדסבערג: די נייע קהלה פון די „קאַצעטלער״

איינער פון די מערקווירדיגסטע פּרטים, וואָס דאַרפען ווערען שטאַרק באַטאָנט ווען מען רעדט וועגען דעם שארית הפליטה אין דייטשלאַנד, איז — דער תיכף׳דיגער אויפבוי פון אידישען ציבור־לעבען נאָך דער באַפרייאונג.

ממש צומאָרגענס נאָך דעם ווי דער איד האָט זיך אָפּגעשאָקעלט פון די נאַצי־קייטען און אָנגעפאַנגען צו אָטעמען פריי, איז איבעראַל, אין יעדען לאַגער, אַנטשטאַנען אַ קערפּערשאַפט, וועלכע האָט רעפּרעזענטירט די פריי־געוואָרענע. דער יחיד איז נישט נאָכגעגאַנגען זיין אייגענעם פּערזענליכען אינטערעס, נאָר ער האָט זיך זאָפאָרט פאַרבונדען מיט׳ן כלל. עס איז אפשר געווען אַן אונטער־באַוואוסטע אינסטינקטיווע תשובה אויף דער דורכ־געפיהרטער פאַרניכטונג מצד היטלער׳ס באַנדע: דער באַפרייטער איד האָט אַזוי־אַרום אויסגעדריקט דאָס, וואָס איז איהם געלעגען אויפ׳ן האַרץ: „ניין, דאָס אידישע פאָלק איז נישט פאַרניכטעט! אָט איז ווידער דאָ אַ קליין קעמערל פון אידישען ציבור...״

פאַרשטעהט זיך, אַז דער „ראַט" אָדער די „רעפּרעזענטאַנץ", וועלכע זיינען ספּאָנטאַן פון זיך אַליין אַנטשטאַנען אין אַ לאַגער, זיינען נישט געווען לכתחילה פון קיינעם געוועהלט. פּשוט, עס איז נישט געווען טעכניש מעגליך. עטליכע פון די רירעוודיגע „קאַצעטלער" (קאָנצענטראַציע־לאַגער־מענשען), געוועהנליך אַזעלכע, וואָס האָבען אַמאָל אין דער היים אָנטייל־גענומען אין עפענטליכען לעבען, האָבען זיך ערקלערט אַלס צייטווייליגע לייטונג פון די באַפרייטע אידען, זיך קאָנסטיטואירט אויף אַזאַ אופן, אַז איינער איז ערקלערט געוואָרען אַלס פאָרזיצער, און די אַנדערע אַלס זיינע העלפער. מיט דעם האָט זיך געענדיגט דער ערשטער עטאַפּ.



אַן איינגאַנג צום לאַגער אין לאַנדסבערג.

די אידען אין די לאַגערען האָבען געוועהנליך געפאָלגט די זעלבסט־געקרוינטע פיהרער. מען האָט אין אַלגעמיין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט קיין כבוד־זוכעריי. צו שטעלען זיך אין שפּיץ פון די באַפרייטע נאַצי־שקלאַפען האָט געמיינט אַ האַרט שטיקעל אַרבייט. מען האָט געדאַרפט געפינען אָהן אַן אָפּהאַלט אַ וועג, כדי צו ברענגען די ערשטע הילף פאַר די, וואָס האָבען

אַזוי שרעקליך געליטען. צו זיין אַ פאָרשטעהער פון יענע אומגליקליכע קרבנות פון דער נאַצי־בעסטיאַליטעט האָט געמיינט צו פאַרגעסען אין די איגענע ליידען און זיך אָפּצוגעבען בלויז מיט יענעמס באַדערפענישען... מען האָט דאָס געמעגט פאַרגינען יענע, וואָס האָבען זיך דאָס געוואָלט אונטערנעמען.

אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער חוש פאַר׳ן ציבור־לעבען, וואָס וואָרצעלט טיף אין דער אידישער נשמה, האָט זיך נאָך שטאַרקער אַנטוויקעלט. די „קאַצעטלער" האָבען זיך מיטאַמאָל דערשפּירט ווי פול־ווערטיגע מענשען. דאָס לעבען האָט אָנגעפאַנגען צו ווערען מעהר נאָרמאַל און ממילא איז וואָס אַמאָל שטאַרקער געוואָרען דער דראַנג, אַז די לייטונג פון לאַגער, וועלכע איז אַרויס פון אינעווייניג, זאָל זיין דער אמת׳דיגער אויסדרוק פון ווילען און צוטרוי פון רוב פון די לאַגעריסטען.

דער דרויסענדיגער פאַקטאָר, ד. ה. די מיליטערישע מאַכט און דאַן די אונר״אַ, האָבען קאָאָפּערירט מיט די באַפרייטע אידען סיי אין ערשטען עטאַפּ — ד. ה. דורכ׳ן פאַקטישען אָנערקענען פון די אַנטשטאַנענע רעפּרע־זענטאַנצען — סיי דערנאָך, דורכ׳ן צופיהרען צו רעגולערע וואַהלען פון אַ זעלבסט־פאַרוואַלטונג.

מיר איז אָקאָרשט אויסגעקומען בייצוואוינען דעם וואַהל־פּעריאָד אין די לאַגערען אין דייטשלאַנד און עסטרייך. עס איז אָנגעגאַנגען אַ סדרה וואַהלען ווי אַמאָל אין פוילען און ליטע. עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען גרויסע מאַסען־פאַרזאַמלונגען, וואו די אַרויסגעשטעלטע קאַנדידאַטען האָבען אַגיטירט פאַר זיך. מען האָט געקעמפּט ווי אין יענע אַלטע (און דאָך נישט אַזוי אַנטלעגענע) צייטען, ווען אַ מאַנדאַט אין קהלה־ראַט, אָדער קהלה־פאַרוואַלטונג, איז געווען אַ גוואַלדיגער „געווין", ווען מען האָט פאַרגעסען אין אַלע געשעפטען כדי צו „באַהערשען" די קהלה...

אַלס מוסטער פאַר דעם וואָס איז פאָרגעקומען וויל איך נעמען לאַנדסבערג, איינעם פון די גרויסע אידישע לאַגערען אין בייערן, וואו עס לעבען מייסטענס פוילישע און ליטווישע אידען.

די אָפיציעלע וואהל־פאָראָרדנונג איז ארויסגעגעבען געוואָרען דעם 12־טען אָקטאָבער 1945, ד. ה. פינף חדשים נאָך דער באַפרייאונג, דורך מיידזשאָר אירווינג היימאַנט, דעם אַמעריקאַנער קאָמאַנדאַנט פון געביט. אָט איז דער וואַהל־רעגולאַמין אין זיינע וויכטיגסטע פונקטען:

1) וואַהל־באַרעכטיגט איז יעדער מאַן און פרוי, וואָס האָבען זייער שטענדיגען וואוין־זיץ אין לאַגער און זיינען איבער 18 יאָהר אַלט.

2) אַ קאַנדידאַטען־פאָרשלאג פאַר׳ן לאַגער־ראש (דער אויסדרוק איז אָנגענומען געוואָרען אנשטאָט דעם אַלטען „קהלה־פּרעזעס"), דאַרף האָבען מינדעסטענס 200 אונטער־שריפטען און פאַר אַ מיטגליד פון קאָמיטעט — מינדעסטענס 100 אונטערשריפטען.

# Bakantmachung wegn der ordinacje cu di

# kehile-waln

**Zuntik dem 21 oktober 1945 kumen for in lager Landsberg wa fun a lager-rosz un fun lager-komitet.**

Di waln weln durchgefirt wern fun militer af folgndike jesojdes: -

1. Walbarechtikt iz jeder man un froj, wos hobn zejer sztendikn wojnzic in lager un zajnen i 18 jor alt.
2. A kandidatn-forszlag farn lager-rosz darf hobn mindestns 200 unterszriftn un far a mitglid fun kom --mindestns 100 unterszriftn.

BAMERKUNG: Formularn far di kandidatn-forszlagn ken men bakumen in bjuro fun UNRRA un in biuro fun komitet.

3. Di ojfgesztelte kandidatn-forszlagn darfn arajngetrogn wern in biuro fun komandantur, nyt szpeter mitwoch dem 17 oktober 7 azejger inownt, un ibergebn wern dem amerikaniszn militer-komend (oder zajnem sztelfartretndikn oficer), oder dem direktor fun UNRRA (oder zajnem memale-moke

BAMERKUNG: Falsze oder unlezbare unterszriftn wern nyt ongenumen far giltik.

4. Far di cwekn fun der opsztimung weln basztimt wern finf wal-lokaln. Dortn wet men kenen ba men gedrukte listes fun di arojsgesztelte kandidatn. Di opsztimung gufe wet forkumen fun 8 azej inderfri biz 7 azejger inownt--zuntik dem 21 oktober. In jedn wal-lokal wet kenen zajn a fartroj man fun an arojsgesztelte kandidat, bikdej zu iberwachn di opsztymung.
5. Cum lager-rosz wet zajn ojsgewejlt jener kandidat af a lager-rosz, wos wet hobn bakumen di merl fun ale opgegebene sztymen. Cu mitglider fun komitet weln ojsgewejlt wern jene 6 kandidatn, weln hobn bakumen di majsztn stimen.
6. Di onwendung fun gewalt far di waln oder in der cajt fun di waln gufe wet sztreng basztroft w

Landsberg, 12 x 1945 MAJOR IRVING HEYMONT.

---

דער וואַהל־רעגולאַמין אין לאַנדסבערג.

3) די אויפגעשטעלטע קאַנדידאַטען־פאָרשלאַגען דאַרפען אַריינגעטראָגען ווערען אין ביוראָ פון קאָמאַנדאַנטור ניט שפּעטער ווי מיטוואָך, דעם 17־ען אָקטאָבער 1945, 7 אַ זייגער אין אָוועגט, און איבערגעגעבען ווערען דעם אַמעריקאַנישען מיליטער־קאָמענדאַנט (אָדער זיין ממלא־מקום). פאַלשע אָדער אונלעזבאַרע אונטערשריפטען ווערען נישט אָנגענומען פאַר גילטיג.

4) פאַר די צוועקען פון דער אָפּשטימונג ווערען באַשטימט ווערען פינף וואַהל־לאָקאַלען. דאָרט וועט מען קענען באַקומען געדרוקטע ליסטעס פון אַרויסגעשטעלטע קאַנדי־דאַטען. די אָפּשטימונג גופא וועט פאָרקומען פון 8 אַ זייגער אין דער פריה ביז 7 אַ זייגער אין אָוועגט, זונטאג, דעם 21־טען אָקטאָבער. אין יעדען וואַהל־לאָקאַל וועט קענען זיין אַ פאַרטרויענסמאַן פון אַן אַרויסגעשטעלטען קאַנדידאַט, בכדי צו איבערוואַכען די אָפּשטימונג.

5) צום לאַגער־ראש וועט זיין אויסגעוועהלט יענער קאַנדידאַט, וואָס וועט באַקומען די מערהייט פון אַלע אָפּגעגעבענע שטימען. צו מיטגלידער פון קאָמיטעט וועלען אויסגע־וועהלט ווערען יענע 6 קאַנדידאַטען, וואָס וועלען האָבען באַקומען די מייסטע שטימען.

6) די אָנווענדונג פון געוואַלט פאַר די וואַהלען, אָדער אין דער צייט פון די וואַהלען גופא, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערען.

נאָכדעם ווי די דאָזיגע פאַראָרדנונג איז געוואָרען פובליקירט, האָט זיך אָנגעפאַנגען אין לאַנדסבערג אַ העפטיגער וואַהל־קאַמף. ווייזט אויס, אַז

נישט אַלע אַרויסגעשטעלטע קאַנדידאַטען האָבען געהאַט דעם געהעריגען מאָראַלישען סטאַזש, ווייל אין די פאַרשיידענע פלוג־צעטעל און אויפרופען, וועלכע זיינען אין לאַגער פאַרטיילט געוואָרען, לאָזט זיך דערקענען אַן אייגענ־אַרטיגער טאָן פון מורא, אַז מענשען מיט אַ קאָמפראָמיטירטער פאַרגאַנגענהייט זאָלען זיך נישט אַריינכאַפען אין דער „קהלה״.

Stimmt Alle
far di Kandidaten
fun Ichud:

1. Dr. Samuel Gringaus
2. David Treger
3. Dr. A. Blumowitz
4. Israel Weber
5. Pinchos Rosenfeld
6. Jakob Oleiski
7. M. Segalson

Frank-Druck Landsberg

אַ פראָפאַגאַנדע־צעטעל אין לאַנדסבערג.

די „לאַנדסבערגער לאַגער־צייטונג״, דער אידישער אָרגאַן אין לאַטיינישע אותיות, (צוליב מאַנגעל פון אַ אידישער דרוקעריי) האָט אין נומער פון 20־טען אָקטאָבער, 1945, (ד. ה. אין לעצטען פאַרוואַהל־נומער) געהאַט אַן אַרטיקעל אונטער׳ן קעפעל „וועהלט אידיש!״ דאָס קעפעל, און דער אויס־פיהר פון אַרטיקעל האָבען נאַטירליך דערמאָנט די סיים־וואַהלען אין פוילען, ווען עס האָבען מיט זיך געקעמפט אין דער אידישער גאַס צוויי מינים ליסטעס:

ריין־אידישע און גוישע (רעגירונגס־ליסטעס). דעמאָלט איז געווען אַן אָנגענומענער שלאָג־וואָרט „וועהלט אידיש", ד. ה. וועהלט די ליסטע מיט די אידישע קאַנדידאַטען. נאַטירליך, איז אין לאַנדסבערג ביי דער קהלה־וואַהל נישט געווען קיין ניט־אידישע קאַנדידאַטען־ליסטע, אָבער דער זכר איז געבליבען פון אַמאָליגע צייטען...

דעם אייגענטליכען מיין פון שלאָג־וואָרט, קען מען דערקענען פון פאָלגענדע ווערטער אין דערמאָנטען אַרטיקעל:

אידען, וועהלט דעם 21־ען אָקטאָבער, בשעת איהר וועט צום ערשטען מאָל זינט יאָהרען ווידער געהן צו די אורנעס, גיט אַנדערש, ווי עס האָט אייך געלערענט אונזער בלוטיגע פאַרגאַנגענהייט אין די לעצטע זעקס יאָהר.

וועהלט מענשען, וואָס האָבען אין די בלוטיגע יאָהרען פון אונזער ירידה און שמאַך קיין פרעמדע געטער ניט געדינט און וואָס האָבען זייערע וועסטען ניט פאַרשמוצט מיט אידישע בלוט און טרערען!

וועהלט מענשען, וואָס האָבען זיך נאָך דער באַפרייאונג ניט באַרייכערט אויף פרעמדע קאָסטען און וואָס זוכען ניט צו מאַכען קיין פערזענליכע קאַריערעס אויפ׳ן חורבן פון די אידישע מאַסען!

וועהלט מענשען, וואָס זיינען אויסגעפּרואווט אינ׳ם קאַמף פאַר די נאַציאָנאַלע און געזעלשאַפטליכע אידישע באַלאַנגען, און וואָס זיינען אין איצטיגען היסטאָריש פאַראַנטוואָרטליכען מאָמענט פעהיג מיט זייער גאַנצער קראַפט זיך איינצוזעצען פאַר׳ן אידישען כבוד און אידישע לעבענס־רעכט!

וועהלט אידיש!

עס האָבען זיך, ליידער, אין די לאַגערען טיילמאָל אַרויפגעכאַפּט צו דער אָנפיהרערשאַפט מענשען, „וואָס האָבען זייערע וועסטען פאַרשמוצט מיט

# Bakantmachung wegn rezultat fun di waln

Dermit bin ich mojdia di bawojner fun lager Landsberg wegn di rezultatn fun di komitet-waln, wos zajnen gewen forgekumen dem 21 oktober 1945, un [...]
[...]atlech cu dem cwek in englisz un jidisz dem tekst fun der geheriker mojdoo micad der amerikaniszer administracje fun lager in perzon fun direktor f[...]
[U]NRRA, Dr. A. GLASSGOLD.

Landsberg, 23. X. 1945

Dr. S. GRINGAUZ
lager-rosz

[L]andsberg Caserne   Landsberg kazerne   22 X 1945
[L]andsberg Germany   Landsberg Dajczland

To: Jewish Committee.   Cum: Jidiszn komitet.
Subject: Election.   Gegnsztand: waln.

This will advise you of the results of the election for chairman and members of the Landsberg Camp Committee:
Dermit zolt ir informirt wern iber di rezultatn fun di waln fun a lager-rosz un mitglider fun komitet fun lager Landsberg:

For Chairman. / Farn lager-rosz. — Elected / Gewejlt — Dr. Samuel Gringaus — 1664 votes   Mr. Schiller 1 vote.

| For Members. / Far di mitglider. Elected / Gewejlt | | Not elected. / Nyt gewejlt. | |
|---|---|---|---|
| 1. Jakob Oleiski | 1571 votes | Benjamin Abelski | 545 |
| 2. Dr. A. Blumowitz | 1526 „ | Jakob Goldreich | 561 |
| 3. Pinchos Rosenfeld | 1354 „ | Heniek Posmantir | 472 |
| 4. M. Segalsohn | 1351 „ | Gustaw Schiller | 366 |
| 5. David Treger | 1698 „ | Chaim Tabakin | 446 |
| 6. Israel Weber | 1324 „ | | |

Kindly arrange to have these results posted for the public and printed in the Camp Newspaper.
Richt es frajntlechts ajn azoj, az didozike rezultatn zoln gebracht wern cu efntlecher kentnisz un gedrukt in der lager-cajtung.

A. GLASSGOLD
Director UNRRA Team 311

די אָפיציעלע באַקאַנטמאַכונג וועגען וואַהל־רעזולטאַט אין לאַנדסבערג.

אידיש בלוט און טרערען". געגען אָט דער מכה האָט געקעמפט, ווייזט אויס, די „לאַנדסבערגער לאַגער־צייטונג".

דער רעזולטאַט פון די וואַהלען איז געווען פאָלגענדער: עס איז דורכ־געגאַנגען די גאַנצע ליסטע פון א. ג. „איחוד", וועלכער האָט אַרומגענומען די ציוניסטען, אגודת ישראל און עטליכע ווירטשאַפטס־טוער. די קאַנדי־דאַטען פון „איחוד" האָבען באַקומען: דער ערשטער, וואָס איז געוועהלט געוואָרען אַלס „לאַגער־ראש", ד"ר שמואל גרינגאוז, 1664 שטימען, די ווייטערדיגע: דוד טרעגער — 1698 שטימען, יעקב אלעיסקי — 1571 שטימען, ד"ר אברהם בלומאָוויץ — 1526 שטימען, פנחס ראָזענפעלד — 1354 שטימען, משה סעגאלסאָן — 1351 שטימען און ישראל וועבער — 1324 שטימען.

די אָפּאָזיציע האָט געקראָגען פון 366 ביז 561 שטימען, פאַר די באַזונדערע קאַנדידאַטען.

די „לאַנדסבערגער לאַגער־צייטונג" פון 28־טען אָקטאָבער, האָט דאָן אונטערגעצויגען דעם פאָלגענדען סך־הכל:

אַלץ אין אַלעמען זיינען ביי די וואַהלען אָפּגעגעבען געוואָרען 12,879 שטימען פאַר אַלע אַרויסגעשטעלטע קאַנדידאַטען. האָבענדיג אין זינען, אַז יעדער וועהלער האָט געהאַט זיבען שטימען, וואָלט מען געקענט אָננעמען, אַז געוועהלט האָבען קנאַפּ 1900 פערזאָנען. נאָר אַזוי ווי פאַקטיש האָבען געוועהלט איבער 2,000 פערזאָן, קומט אַרויס, אַז דורכשניטליך האָט יעדער וועהלער אָפּגעגעבען בלויז 6 שטימען. פון דערפון לאָזען זיך מאַכען צוויי אויספיהרען: ערשטענס, אַז די וואַהל־באַטייליגונג, ווי ס'איז לחלוטין ניט געווען צו דער־וואַרטען, נעמענדיג אין באַטראַכט דעם פסיכישען מצב פון עולם, איז דאָך געווען אומגעוועהנ־ליך גרויס; און, צווייטענס, אַז דער עצם וואַהל־סיסטעם, געשטיצט אויף פערזאָנעלע קאַנדידאַטען־וואַהל, איז פאַר אונזער עולם, וואָס איז געוואוינט צו וועהלען גאַנצע ליסטעס, אַביסעל פרעמד און קשה'דיג.

* * *

פאַר אונז, פון אַן עטוואָס ווייטערען פערספעקטיוו, איז דאָ נאָך אַ דריטער אויספיהר פון עצם פאַקט פון די דורכגעפיהרטע דעמאָקראַטישע וואַהלען צווישען די לעבען־געבליבענע אידען אויף דער טמא'דיגער ערד, נעמליך: דאָס ציבור־געפיהל איז ביי יעדען אידען אַזוי שטאַרק און די צוגעבונדענקייט צום כלל־ישראל איז אַזוי טיף פאַרוואָרצעלט אין זיין נשמה, אַז אפילו אין פינסטערסטען פון אַלע גלות'ן, אין גלות דייטשלאַנד, האָט אויפגעשיינט, באַלד נאָך דער באַפרייאונג, באַדיי אויף א רגע, דער אָפּגלאַנץ פון דער אַמאָליגער אידישער קהלה . . .

## VI

## מינכען: האָבען זיך די דייטשען געענדערט?

עס ווערען אָפט געשטעלט צוויי פראַגען אויף וועלכע עס איז כדאי צו געבען אַן אויפקלערונג.

ערשטענס: ווי פאַרהאַלטען זיך די דייטשען לגבי די אידען אין איצטיגען דייטשלאַנד?

און צווייטענס: ווי באַנעמען זיך בכלל די דייטשען היינט־צו־טאָג? זיינען קענטיג געוויסע סימנים, אַז זיי האָבען חרטה אויפ׳ן נאַציזם?

אויב מיר ווען אָנפאַנגען פון דער צווייטער שאלה, אַלס דער מעהר אַלגעמיינער, דאַן מוז מען תיכף ענטפערען נעגאַטיוו. בשעת מיינע רייזען איבער דייטשלאַנד האָב איך פאַר קיין פאַל נישט אָנגעטראָפען אויף דעם מינדעסטען באַווייז, וואָס זאָל באַרעכטיגען דעם איינדרוק, אַז ביי די דייטשען ריהרט זיך דאָס געוויסען. דאָס רשעות, די האַרטנעקיגקייט ליגט זיי אויסגע־גאָסען אויף די פנים׳ער. זיי דרעהען זיך אַרום צווישען די חורבות פון די גרויסע שטעדט מיט אַזאַ קאַלטבלוטיגקייט, ווי דאָס וואָלטען גאָר געווען די חורבות פון ענגלאַנד. און ווען איך האָב שפּאַצירענדיג אומבאַמערקט אין ציוויל, באַמערקט ניט איינמאָל די מימיק און דעם געזיכטס־אויסדרוק פון די דייטשע מענער און פרויען לגבי די אַליאירטע סאָלדאַטען, האָט זיך לייכט געלאָזט דערקענען אין די פינסטערע בליקען פון „הערען פאָלק״ די גיפטיגע שנאה, וואָס ליגט ביי זיי טיף איינגעגראָבען אין האַרצען.

מעהר נאָך: עס איז פאַר מיר פאַלשטענדיג זיכער, אַז עס עקזיסטירט ביי די דייטשען היינט אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, וועלכע ווייזט אָן, ווי מען זאָל זיך פאַרהאַלטען. מסתמא איז היינט געגעבען געוואָרען דער באַפעהל: צוריקגעהאַלטענקייט! און דעריבער זיינען די דייטשען, אין אַלגעמיין, געהאָרכזאַם און פיהרען אויס די באַפעהלען פון דער מיליטערישער אָקופּאַציע מאַכט. מען האָט פאַרבאָטען, למשל, צו טראָגען אוניפאָרמען, זיינען מיט איין מאָל פאַרשוואונדען געוואָרען אַלע אוניפאָרמען (הגם אין די קליינע פּראָווינץ־שטעדט, וועלכע זיינען, אגב, ווייניג־וואָס אָנגערירט געוואָרען, זעהט מען נאָך אוניפאָרמירטע דייטשען). דערביי איז געקומען צום אויסדרוק דאָס אָנגערויבטע פאַרמעגען, וואָס די נאַציס האָבען זיך מיט איהם אָנגעשטאָפּט. איבעראַל זעהט מען גוט־געקליידעטע מענער אין נייע קאָסטיומען און נייע מאַנטלען, פרישע קנאַקענדיגע שיך און שטיוועל. איך קען רוהיג זאָגען, אַז איך האָב נישט געזעהען קיין דייטש וואָס זאָל טראָגען צעריסענע שיך, און ווען מען פאַרגלייכט דאָס דאָזיגע בילד פון די מענשען אין דייטשלאַנד

מיט דעם וואָס מען זעהט אין פראַנקרייך, האָלאַנד, בעלגיע א. אַ. וו., דאַן זעהט מען ערשט דעם חילוק. נאָך מעהר: ענגלאַנד, וואָס האָט דאָך געזיגט אין דער מלחמה און קיינמאָל נישט געהאַט ביי זיך דעם דייטשען אָקופּאַנט, זעהט אויס זעהר אָרים, ווען מען פאַרגלייכט זי מיט דייטשלאַנד בנוגע דעם אַנטוויקלונג פון די מענשען. אין ענגלאַנד זעהט מען, אַז די מענשען האָבען יאָהרען־לאַנג נישט געקענט זיך קויפען קיין נייע זאַכען, אָבער אין דייטש־לאַנד איז דאָס לגמרי נישט קענטיג...

אַ באַוויז, אַז עפּעס אַ געהיימע האַנט לייטעט דאָס באַנעמען פון דער דייטשער באַפעלקערונג, האָב איך געשפּירט אויף זיך אַליין אין בערלין. איך בין גראַד געווען אין בערלין, ווען אין דאָרטיגען „יוסטיץ פּאַלאַסט״ האָט זיך געעפענט דער שפּעטערדיגער נירענבערגער פּראָצעס געגען די 24 נאַצישע הויפּט־באַנדיטען. דעם צווייטען טאָג, נאָכדעם ווי עס איז פאָרגעקומען די עפענונג פון פּראָצעס (וואָס איז, ווי באַקאַנט, באַשטאַנען בלויז פון דורכלייענען דעם באַשולדיגונגס־אַקט), איז געווען מיט גרויסע אותיות געדרוקט אין דער „דייטשער צייטונג״, וואָס געהט אַרויס אין בערלין: „די קריגס־פאַרברעכער פאַר געריכט״ און דער אַנקלאַג־אַקט איז געווען אינגאַנצען איבערגעגעבען. אין דיסטריקט פון „דאהלעם״, וואו איך האָב געוואוינט, איז די צייטונג געווען אויף פיל ערטער אויסגעהאַנגען, כדי די באַפעלקערונג זאָל עס קענען לעזען. אָבער, הגם עס איז געווען אַזוי ניי, האָב איך אין ערגיץ נישט געזעהען קיין דייטש אָדער דייטשקע זיך אַנידערשטעלען לייענען די אויסגעקלעפּטע צייטונג. וואָלט מען געקענט מיינען, אַז עס איז אפשר אַ צופאַל, איז אָבער נישט ווייט פון מיין וואוינונג געווען עפּעס אַ דייטשער אַמט. ביים טויער זיינען געווען צוויי טאָוולען, אויף איין טאָוועל זיינען געווען אויסגעהאַנגען עטליכע מודעות און דאָרט זיינען געשטאַנען צוזאַמענגעפּרעסטע דייטשען, וועלכע האָבען געוואָלט כאַפּען אַ בליק. אויפ׳ן צווייטען טאָוועל איז געווען אויסגעקלעפּט די צייטונג מיט׳ן באַריכט פון פּראָצעס. קיין לעבעדיגער מענש האָט זיך נישט אַנידערגעשטעלט ביי יענעם טאָוועל. איך בין דאַן צוגעגאַנגען צום טאָוועל און זיך געשטעלט לייענען. דער עולם האָט דערזעהען, אַז אימיצער ברעכט דעם „באָיקאָט״. מען האָט אָנגעפאַנגען זיך צו שושקען און צו ווייזען אויף מיר. נאַטירליך האָט מען נישט געקאָנט וויסען ווער איך בין. זיי האָבען דעריבער געמיינט, אַז עפּעס אַ דייטש לייענט דעם באַריכט פון „קריגס־פאַרברעכער־פּראָצעס״. איך האָב געהאַט דאָס געפיהל, אַז מען וויל זיך געניי פאַרצייכענען אין זכרון ווער דער „פאַררעטער״ איז, כדי זיך, ביי אַ גינסטיגער געלעגענהייט, מיט איהם אָפּצורעכענען.

די דייטשען באַנוצען יעדע מעגליכקייט, כדי צו פאַרזיכערען זיך היינט־צו־טאָג מיט אַ אידישען עדות פאַר זייער „אַנשטענדיגקייט״. דאָס איז

אויף אַן אויסגערעכנטע אַקציע. דער פראַנקפורטער ראַבינער ד״ר נייהאוז, האָט מיר וועגען דעם דערצעהלט פאַרשיידענע אינטערעסאַנטע פאַקטען. אָט איז איינער: איינמאָל באַקומט ער אַ בריף פון אַן אומבאַקאַנטען מענשען, אין אַ צווייטער שטאָדט, אין וועלכער יענער האָט איהם אָנגעפרעגט צי ער ווייס נישט, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אַ פראַנקפורטער איד, וועלכער איז געוואָרען אַרעסטירט דורך די נאַציס. ד״ר נייהאוז האָט געענטפערט, אַז זינט דעם אַרעסט פון דער באַטרעפענדער פּערזאָן איז מעהר קיין ידיעה איבער זיין גורל ניט פאַראַן. דער ראַבינער האָט דאַן פאַרגעסען דעם גאַנצען ענין און נאַטירליך אויך דעם נאָמען פון יענעם, וואָס האָט צו איהם געשריבען דעם בריף.

אָבער נאָך עטליכע וואָכען ווערט ער פּלוצים גערופען צו דער אַמעריקאַנער אויספאָרשונגס־מאַכט און מען פרעגט איהם דאָרט, צי ער קען טאַקע עדות זאָגען אויף דעם נאַצי נ. נ., אַז ער האָט זיך אנשטענדיג באַנומען לגבי אידען. ד״ר נייהאוז ענטפערט אַן ערשטוינטער, אַז ער קען לגמרי נישט קיין נאַצי מיט אַזאַ נאָמען, וואָס איז איהם אָנגעגעבען געוואָרען. דערביי האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאָלגענדעס: דער באַטרעפענדער נאַצי, אַ רשע ווי אַלע, האָט געוואוסט, אַז מען וועט איהם אַרעסטירען, האָט ער שנעל אָוועקגעשיקט די אָנפראַגע צו ד״ר נייהאוז וועגען אַ איד, וואָס איז איהם אַפּנים געווען גאַנץ פרעמד; נאָכדעם ווי ער האָט ערהאַלטען דעם ענטפער פון פראַנקפורטער ראַבינער, האָט ער זיין בריף באַלד איבערגעגעבען צו דער אַמעריקאַנער מיליטער־מאַכט אַלס „באַוויז״, אַז ער איז דאָך אַזוי „אנשטענדיג״, אַז ער אינטערעסירט זיך אפילו איצט מיט׳ן גורל פון אַ דעפּאָרטירטען איד... ער האָט נאַטירליך גערעכענט, אַז די מיליטער־מאַכט וועט זיך פון אַזאַ באַוויז לאָזען באַאיינפלוסען. צום גליק איז זי געווען פאָרזיכטיג, און האָט גערופען דעם ראַבינער, כדי צו האָבען אַן אויטענטישע אויפקלערונג. דאָס גוט־אויסגערעכענטע שפּיל איז נישט געלונגען.

אַז אפילו די דייטשען, וואָס זיינען היינט אָפיציעל אָנערקענט געוואָרען אַלס „אַנטי־נאַציס״, באַזיצען די פולע נאַצי־מענטאַליטעט — קען מען קלאָר זעהן פון פאַרשיידענע אַמטליכע אַקטען פון די היינטיגע דייטשע רעגירונגס־מענשען. ווייל עס מוז דאָך אָנגענומען ווערען, אַז ווען די אַמעריקאַנער אָדער ענגלישע מיליטער־מאַכט האָט נאָמינירט אויף אַן עפענטליכען אַמט אין היינטיגען דייטשלאַנד, דער מוז זיכער האָבען באַוויזען, אַז ער איז קיין נאַצי נישט געווען, און עס קומט אָפּט פאָר, אַז די דאָזיגע „גוטע״ דייטשען פאַררעדען זיך. אָט איז אַ ביישפּיל:

אין אַ פראַנקפורטער האָטעל „דער גאָלדענער שטערן״, האָבען געוואוינט עטליכע אידען. האָט זיך דער הער „שטאָדט־אַמט־מאַן״ שניידער, מיישב

געווען, אַז עס איז דאָך בעסער פּטור צו ווערען פון די אידען און זיי אַריבער־פיהרען אין לאַגער ציילסהיים, וואו עס לעבען עטליכע טויזענט דעפּאָרטירטע אידען. צו וואָס דאַרף מען האָבען אידען אין אַ פראַנקפורטער האָטעל? זאָלען זיי בעסער געהן אין לאַגער — האָט זיך געקלערט דער „גוטער" און „אנשטענ־דיגער" דייטש.

אומר ועושה. איז דעם 12־טען סעפּטעמבער 1945, אויסגעקלעפּט געוואָרען פאַר׳ן האָטעל „גאָלדענער שטערן" פאָלגענדע אָפיציעלע באַקאַנט־מאַכונג פון הער שטאָדט־אַמט־מאַן שניידער:

„די דיספּלעיסד דזשוס, וואָס וואוינען אין האָטעל „גאָלדענער שטערן", ווערען אויפגעפאָדערט צו פאַרלאָזען דעם האָטעל שפּעטסטענס ביז דעם 15־טען סעפּטעמבער, 1945, 10 אַזייגער פאַרמיטאָג, און זיך האַלטען גרייט פאַר דער איבערשיקונג אין לאַגער ציילסהיים. צו דעם צוועק וועט שבת, דעם 15־טען סעפּטעמבער, 1945, ניין אַזייגער אין דער פריה, שטעהן צוגע־גרייט אַן אָמניבוס פאַר׳ן האָטעל".

*Municipal Occupation Service*
*( Besatzungsamt)*

**Bekanntmachung.**

*Die im Hotel Goldener Stern wohnenden displaced jews werden aufgefordert, das Hotel bis spätestens 15.9.45 vorm. 10 Uhr zu räumen und sich zur Uebersiedlung nach der Heimstätte Zeilsheim bereitzuhalten.*
*Ein Omnibus wird zu diesem Zweck am Sonnabend, den 15.9.45 vorm. 9 Uhr vor dem Hotel bereitstehen.*

*Ffm., den 12.9.45*




*Schneider)*
*Stadtamtmann*

די באַקאַנטמאַכונג וועגען אַריבערפיהרען אידען פון פראַנקפורט קיין ציילסהיים.

איז דאָס נישט, ממש אות באות, אַ נאַצי־דאָקומענט? מען רעדט נישט פון קיין „פּערזאָנען" נאָר פון „דיספּלייסד דזשוס". מען גיט אַ זמן פון דריי טעג כדי זיך צו האַלטען גרייט פאַר דער איבערשיקונג, און, ועל כלם, מען באַשטימט דוקא די „איבערשיקונג" פון די אידען אויף שבת, פונקט ווי אין די נאַצי־צייטען האָט מען פון אַלע לאַגערען און אין אַלע לאַגערען געפיהרט אידען שבת אָדער יום־טוב, כדי זיי נאָך מעהר צו פּייניגען!

עס פעהלט, נאַטירליך, אין דעם שטעמפּעל אויף דער באַקאַנטמאַכונג, דאָס האַקענקרייץ. אָבער דוכט זיך, אַז דער גייסט פון האַקענקרייץ איז אַזוי קלאָר אין דער דאָזיגער אַמטליכער מודעה צו דערקענען, אַז קיינער וועט דאָס נישט קענען לייקענען.

איך גיב דאָ אַ פאָטאָגראַפיע פון דער באַקאַנטמאַכונג און נאָטיר: געשעהן איז עס דעם 12־טען סעפּטעמבער 1945, פיר מאָנאַטען נאָכ׳ן צוזאַמענבּרוך פון היטלער־דייטשלאַנד. פראַנקפורט איז דער זיץ פון דער צענטראַלער אַמעריקאַנער מיליטער־מאַכט. דער הער שטאָדט־אַמט־מאַן שניידער איז, דוכט זיך, נאָך אַלץ אין זיין אַמט.

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ט שבט, תש״ו — 21 יאַנואַר, 1946)

---

# עסטרייך

## אַ באַזוך אין די אידישע לאַגערען

איך האָב פאַרענדיגט אַ רייזע איבער די אידישע קעמפּס אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין עסטרייך. ביז איצט איז כמעט נישט געווען קיין קאָנטאַקט צווישען די דאָזיגע אידישע קיבוצים און דער איבעריגער וועלט. צום ערשטען מאָל האָט זיך מיר איינגעגעבען צו קומען אין דירעקטע באַריהרונג מיט זיי.

איידער איך גיב איבער די איינדרוקען — ווילט זיך דעריבער פעסטשטעלען עטליכע ציפערען.

ביי זאַלצבורג געפינט זיך אַ קעמפּ, וואָס ווערט אָנגערופען „ניו־פּאַלעסטיין״ און דאָרט לעבען איבער 400 אידען. אין באַדגאַסטיין געפינען זיך 1250 אידען, אין בראונאו 300, אין שטייער אויך אַ 300 און אין לינץ געפינט זיך דער גרעסטער אידישער קיבוץ (אָנגערופען „בינדערמיכעל״), וועלכער צעהלט געגוי 2237 אידישע נפשות. חוץ דעם זיינען דאָ קלענערע אידישע צענטערס (ווי צ. ב. עבענזעע, אַמאָל צאָהלרייך, וואָס איז אָבער כמעט שוין ליקווידירט). אין עטליכע שטעדט לעבען אידען אין אַ קליינער צאָהל, וועלכע זיינען נישט אָרגאַניזירט אין קעמפּס. בסך־הכל קען מען אָננעמען, אַז בערך 6000 אידען געפינען זיך אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין עסטרייך.

די לעבענס־באַדינגונגען זיינען שווערע, נאָר די וואוינונגס־פאַרהעלטע־ניסען זיינען רעלאַטיוו גוטע. אין דעם וועלט־באַרימטען קור־אָרט באַד־

גאַסטיין פאַרנעמען די 1250 אידען פינף גרויסע און קאָמפאָרטאַבלע האָטעלען. אָבער די שפּייז איז ניט געַנוג. אָט איז אַ צעטעל פון דער טעגליכער ראַציאָ־נירטער שפּייז, וואָס איז באַשטימט פאַר אַ מענש אין קעמפּ „ניו פּאַלעסטיין" ביי זאַלצבורג:

250 גראַם שוואַרץ ברויט, 130 גראַם ווייס ברויט, 140 גראַם קאַרטאָ־פעל, 30 גראַם פלייש, 56 גראַם „נעהר־מיטעל" (ד. ה. גרינס, א. אַ. וו.), 20 גראַם פרישען קעז, 20 גראַם אַלטען קעז, 12 גראַם מאַרמאַלאַדע, 4 גראַם קאַפע און אַן אַכטעל ליטער מילך.

צוזאַמען זאָל אָט דער צעטעל כלומר׳שט פאַרשטעלען דעם ווערט פון 2300 קאַלאָריעס. אָבער, ווי מען קען תיכף זעהן, איז עס צו ווייניג כדי אַ דורכשניטליכער מענש זאָל דערמיט קענען שטילען זיין הונגער, שוין נישט רעדענדיג דערפון, אַז די מענשען אין די לאַגערען זיינען פיזיש דערשעפּטע און ברויכען מעהר נאַהרונג ווי אַ דורכשניטס־מענש אין אַ פריי לאַנד. ווי אַזוי קען מען צ. ב. איינטיילען די 38 דעקאָ ברויט (שוואַרץ און ווייס צוזאַמען!) אויף דריי מאָלצייטען? אַ נאָרמאַל האַלב ברויט וועגט דאָ 59 דעקאָ. קומט אויס, אַז אַ דריטעל ברויט מוז אַ מענש זיך איינטיילען אויף אַ גאַנצען טאָג. פאַרשטעהט זיך, אַז ער הונגערט.

ביי די אידען אין די קעמפּס צירקולירט דעריבער היינט אַ ווערטעל: „מען גיט אונז קאַלאָריעס, אָבער מיר וואָלטען ליבער געוואָלט עפּעס צו עסען!"...

עס שטעקט אין דעם אַ בלוטיגע איראָניע. צווישען אַלע טעכנישע אויסרעכענונגען געהט אָפּט פאַרלאָרען דער עיקר. מען פאַרקליידט אַלץ אין שעהנע מאָדערנע אויסדרוקען, אָבער דער פועל יוצא איז אָפּט אַ קלאָגעדיגער.

און דער אמת איז, אַז דער עלעמענט, וואָס געפינט זיך אין די קעמפּס, איז אַ גאָר ווערטפולער. איך האָב פאַרבראַכט אַ שבת מיט די אידען אין באַד־גאַסטיין און האָב נישט קיין ווערטער, כדי צו שילדערען דעם גייסטיגען כח, וואָס ליגט דאָרט אין דער רעליגיעזער גרופּע (פון 320 מענשען בערך). איך האָב בייגעוואוינט „עונג שבת"־מסיבות אין דער „אגודת ישראל" און אין קיבוץ „בני עקיבא" פון „מזרחי". אין די דאָזיגע גרופּען געפינען זיך מענשען פון גרויסען קאַליבער, מיט ענטוזיאַזם, מיט אידעאַליזם, מיט אַ רייפען בליק אויפ׳ן לעבען. אַ באַזונדערס גרויסען רושם מאַכט די פיהרערין פון „בנות אגודת ישראל", איטע אס, אַ פאַרטיזאַנקע פון נאָוואָגרודעק, אַ יונגע מיידעל, מיט אַ הויכער נשמה, וואָס האָט פאַרבראַכט לאַנגע יאָהרען אין די נאָוואָגרודקער וועלדער און דערביי — זיך געקאָכט כשר עסען!... היינט פאַרבינדט זי איהר פייערדיגע התלהבות פאַר אידישקייט מיט אומדערמיד־

ליכער אַרבייט אין קעמפּ. איהר השפעה איז אַ געוואַלדיגע. זי וועקט אַלעמען צו מעשים. זי רוהט נישט אויף קיין רגע.

און אַן עהנליך פּאָזיטיוועך טיפּ איז מאניס זשיטניצקי, פון קאַליש־לאָדז. ער האָט געשאַפען די גרעסטע כשר'ע קיך אין באַד־גאַסטיין, וואָס האָט איצט באַקומען, ביי אַן אינספּעקציע פון קאָמאַנדירענדען אַמעריקאַנער גענעראַל דעם ערשטען פּרייז פאַר זויבערקייט און אָרדנונג! דער גענעראַל האָט געזאָגט, אַז אָט די קיך פון מאניס זשיטניצקי אין האָטעל „באדע־שלאָס" קען זיין אפילו אַ מוסטער פאַר די אַמעריקאַנער זעלנער־קיכען!

(אַ צווייטע, אויך ערשט־קלאַסיגע כשר'ע קיך, איז דאָ אין קיבוץ „בני עקיבא". כשר'ע שחיטה איז צוריק איינגעפיהרט אַזוי, אַז די רעליגיעזע אידען אין עסטרייך געניסען דערוויל פון די קליינע פלייש־ריישאָנס צוגלייך מיט די אַנדערע).

אין האָטעל „שטאובינגער" אין באַד־גאַסטיין, איז איינגעאָרדענט געוואָרען אַ גרויסער בית המדרש, וואו עס ווערט רעגולער געדאַווענט. צוויי רבנים פיהרען אָן מיט'ן רעליגיעזען לעבען פון די 1250 אידען, איינער אַ פּוילישער — הרב אַראָנזאָן פון סאַניקי — און איינער אַן אונגאַרישער — הרב אַדלער — פון קאַרפּאַטאָ־רוס. עס איז געשאַפען געוואָרען אַ שעהנע היגיענישע מקוה. דער אידישער ישוב פון באַד־גאַסטיין, צווישען די וואונדערבאַרע נאַטור־אוצרות, צווישען די הויכע בערג און קוואַלען פון הייס וואַסער, האָט זיך פון ערשטען מאָמענט אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען אויף געזונטע יסודות און אַלץ אַ דאַנק זיך אַליין. פון אינעווייניג איז געקומען דער שטויס. פון זיך אַרויס האָבען די „שארית הפליטה"־אידען געשאַפען אַלע גרונד־עלעמענטען פון זייער נייער ציבור־עקזיסטענץ. קיין הילף פון דרויסען האָט זיי נישט דערגרייכט.

אָבער פאַר קיין פאַל האָט זיי דאָס נייע קהלה־לעבען ניט באַפרידיגט. זיי האָבען נאָר איין געדאַנק: ארץ־ישראל. אין אומצייליגע געשפּרעכען מיט יחידים און אויף פאַרזאַמלונגען, וואו עס זיינען געקומען צום אויסדרוק די פיהרער פון פאַרשיידענע ריכטונגען, האָט זיך אָט דער אַקאָרד אַמשטאַרק־סטען געלאָזט הערען.

שבת נאָכמיטאָג, ביי מיין אַנוועזענהייט, איז פאָרגעקומען אַ מאַסען־מיטינג אין באַד־גאַסטיין. עס האָט זיך באַטייליגט כמעט דער גאַנצער אידישער ישוב, מענער, פרויען און קינדער. אַלע זיינען געקומען זיך טרעפען „מיט די אַמעריקאַנער". און ווען צום סוף, נאָכ'ן אויסהערען די גרוסען פון אַמעריקאַנער אידענטום, האָבען באַקומען דאָס וואָרט די פיהרער פון די אָרטיגע אָרגאַניזאַציעס, איז געווען איין לייט־מאָטיוו ביי אַלע:

— געהט און זאָגט די אַמעריקאַנער אידען, אַז מיר ווילען פון זיי איינס: דאָס רעכט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל! מיר קענען מוותר זיין אויף אַלץ אין דער וועלט, אויף אַלע באַקוועמליכקייטען און פאַרבעסערונגען אין די לאַגערען, אָבער גיט אונז ארץ־ישראל!

עס איז געוועזן ריהרענד ביז גאָר. עס איז געווען אַזוי אויפריכטיג און מקורות'דיג, אַז טרערען זיינען אַלעמען געשטאַנען אין די אויגען. מען האָט געזעהן: דער אויסגעפייניגטער פאַרקווילטער אייביגער אידישער וואַנדערער, וועלכער האָט נאָך יאָהרען פון טויט־צרות און אוממענשליכע ליידען אין די „קאַצעטען" (קאָנצענטראַציאָנס־לאַגערען) געפונען אַ שטיקעל מקום מנוחה אין עסטרייך, האָט מיט שטאָלץ אָוועקגעוואָרפען דאָס לייכטע לעבען אין די טיראָלער בערג — ער וויל נאָר די „הרי יהודה", ער וויל זיין אייגענע הים...

די זעלבע בענקשאַפט האָב איך פעסטגעשטעלט אין די צוויי אַנדערע גרויסע אידישע לאַגערען אין עסטרייך: אין „ניו פאַלעסטיין" ביי זאַלצבורג און אין „בינדערמיכעל" ביי לינץ. איבעראַל דאָס זעלבע: „גיט אונז ארץ ישראל"!


אַ אידיש קינד אין אַ לאַגער הינטער שטאַכעל־דראָהט.

אין „בינדערמיכעל" איז די סיטואַציע און די לעבענס־באַדינגונגען קאָמפּליצירט. דעם טאָג, ווען איך בין אַהין אָנגעקומען, זיינען באַפּרייט געוואָרען עטליכע אידען פון אַ דערבייאיגען לאַגער (גערופען „נײַ־מינכען"), וואָס האָבען דאָרט פאַר אַ צייט געלעבט הינטער שטאַכעל־דראָטען, אָהן אַ פאַרבינדונג מיט דער אויסען־וועלט. אַ דעברעצינער מורה־הוראה (הרב טייטעלבוים) איז אָנגעקומען מיט ניין קינדער. אויך אַנדערע אידישע משפחות מיט קינדער האָבען זיך דאָן באַוויזען אין לאַגער „בינדערמיכעל". אַ שרעק האָט אַרומגענומען צו קוקען אויף אָט די פאַרבליבענע אידישע קינדער: אויסגעדאַרטע, קליינע, אונטער־ערנעהרטע, נישט־אַנטוויקעלטע — אָבער דערביי מיט זיסען חן, מיט אַזעלכע האַרציגע אויגען. וואו נעמט מען נאָך אַזעלכע אידישע קינדער?

און אַלע שטרעבען צו איין ציל: קיין ארץ ישראל.

— ווען וועלען מיר קענען פאָהרען קיין ארץ ישראל? — פרעגען זיי.

איך האָב זיי געטרייסט, אַז באַלד. עס קען נישט מעהר לאַנג דויערען, זאָגען אַלע. „עס קומט אונז דאָך"!

אין „ביו פאַלעסטיין" איז נאַטירליך די האָפנונג גאָר שטאַרק. דער נאָמען האָט אויך עפּעס צו זאָגען...

און ווען איך האָב זיך געזעגענט מיט די אידען פון זאַלצבורגער לאַגער, רופט מיך אָוועק אַ שטילער באַשיידענער יונגערמאַן: ער האָט מיט מיר אַ פּריוואַטען ענין צו באַשפּרעכען. ווען מיר בלייבען דאָן אַליין, זאָגט ער צו מיר:

— איהר ווייסט, עס שטעהט דאָך, אַז מען דאַרף זיך פאַנאַנדערגעהן מיט אַ וואָרט פון הלכה, כדי מען זאָל זיך בעסער געדענקען — „שמתוך כך זוכרהו" — טאָ ערלויבט, אַז איך זאָל אייך זאָגען אַ קליינעם פּלפּול.

איך בין געבליבען „שפּראַכלאָז"; דאָ, אין זאַלצבורג, אין אַ לאַגער, האָב איך עס נישט ערוואַרט. אָבער נאָך איידער איך האָב געגעבען מיין ענטפער, האָט ער שוין אָנגעפאַנגען צו „וואַרפען" מיט גמרות. עס זיינען „געפלויגען" תוספות'ן און רמב"ם'ס. ער האָט באַנוצט ר' יאשע דינאַבורגער'ס אַ סברא אין דעם ענין יבום, כדי צו פאַרענטפערען אַ האַרבען תוספות. איך האָב באַלד דערזעהן, אַז איך האָב פאַר זיך אַן אויסערגעוועהנליכען עילוי.

פאַרשטעהט זיך, אַז אין קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט ער ניט געלערענט. און היינט זיינען אין „ביו פאַלעסטיין" אויך נישטאָ קיין איבעריגע ספרים, כדי צו קענען בויען פּשט'לעך. אָבער דער מח פון יונגען עילוי — ער איז אַלט בסך הכל 22 יאָהר — אַרבייט אויך אָהן דעם.

דער יונגערמאַן הייסט יום־טוב שוואַרץ. ער איז אַ „צורבא מרבנן" פון דער לובלינער ישיבה. דער דאָרטיגער ראש־ישיבה, הרב פּראַמער פון

קאָזעגלאָוו, וועלכער האָט איהם געגעבען סמיכה, און אַנדערע רבנים, האָבען אויף איהם עדות געזאָגט, אַז אין „עמקות״ וועט ער אַמאָל קומען צו אַ גאָר גרויסער מדרגה. זיי האָבען זיך נישט טועה געווען. ער האָט איבערלעבט דעם „קאַצעט״ — איינער פון אַ משפחה פון פערצעהן נפשות — און שמידט שוין ווייטער די שטאָלענע דורות־קייט פון דער תורה.

ווי גרויס ביזטו, אידיש פאָלק, אַז אין דיר ליגען פאַרבאָהאַלטען אויף אייביג גייסטיגע כוחות פון אַזאַ פאַרנעם.

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ט טבת, תש״ו — 23 דעצעמבער, 1945)

# פראַנקרייך

## I

### די אידישע מלחמה־יתומים, וואָס זיינען געראַטעוועט געוואָרען פון שמד

עקס־לע־בען, 9 אויגוסט, 1945.

דאָס וואָס עס געשעהט היינט־צו־טאָג אין עקס־לע־בען, די באַ־חן׳טע פראַנצויזישע שטאָדט, נישט ווייט פון די שווייצער בערג, איז ממש אַ נס. שווער צו גלויבען, אַז דאָס איז באמת מעגליך.

ווען איך בין אין מאָאַלסילא ביי זשענעווע, אַריבער מיט׳ן אויטאָ די שווייצער־פראַנצויזישע גרעניץ און אַנגעפאַנגען איבער בערג און טאָל זיך צו דערנענטערען צו עקס־לע־בען, האָב איך פּרובירט זיך צוגרייטען צו די איינדרוקען, וואָס האָבען אויף מיר געוואַרט. איך האָב געדאַרפט זעהן צוויי יתומים־הייזער, וועלכע זיינען נישט לאַנג צוריק געעפענט געוואָרען, און אויך באַזוכען די געביידע פון דער נייער „ישיבת חכמי צרפת״, וואָס דאַרף בקרוב עפענען איהרע טויערען פאַר צענדליגער תורה־דורשטיגע תלמידים. האָב איך זיך אַליין געוואונדערט: ווער ווייסט ווי עס זעהט אויס אָט די לעצטע ביסעל אידישקייט אין פראַנקרייך. מסתמא אַסימילאַציע שבאַסימילאַציע.

אָבער געזעהען האָב איך גאָר עפּעס אַנדערש.

צוערשט די „ווילא ראַפאַעל״, וואו זייט דריי וואָכען עקזיסטירט דאָרט אַ קינדער־היים פון „ועד ההצלה״.

איך האָב די קינדער דערזעהען צום ערשטען מאָל אין גרויסען שפּייז־זאָל ביי אַ מאָלצייט. נאָכ׳ן באַגריסען זיך מיט דער קליינער חברה, זעץ איך

זיך אָוועק ביים טיש, צוזאַמען מיט די פאַרטרעטער פון „ועד ההצלה" פאַר אייראָפּע, ה' יצחק און פרוי רעכא שטערנבוך. און די קליינע קינדער־רעפּובליק פיהרט זיך איהרע עסקים בישט געשטערט ווייטער (די קינדער האָבען זייער אייגענעם אויסדערוועהלטען „פּרעזידענט", טריבונאַל א. אַ. וו.).

פּלוצים אין מיטען פון דער געשמאַקער כשר'ער סעודה, דערהערט זיך אַ העברעאיש ליד.

די לעהרערין שטעלט דעם טאָן, אָבער די קינדער לאָזען זי ניט צופיל פיהרען. די קינדער לאָזען זיך בכלל נישט פיל פיהרען. זיי נעמען באַלד איבער דעם ניגון אַליין. זיי, די יונגיטשקע אפילו, האָבען זיך שוין אויסגעלערענט זעלבסטשטענדיגקייט אין דער האַרטער שול פון זייער מאַראַ־נען־לעבען.

דאָס העברעאישע ליד איז אַן אָפּקלאַנג פון דער סודות'פולער נשמה פון אידישען קינד. אַ, וויפיל סודות זיינען דאָרטען באַהאַלטען. ווער ווייסט, וועלכע בילדער פון די פאַרפייניגטע עלטערען באַהאַלטען זיך אויס אין די קליינע נשמה'לעך? אין ליד זאָגט דאָס קינד אַרויס דאָס וואָס עס פיהלט. און קיין וואונדער, אַז דאָס ריהרט ביז צו טרערען...

נישט שווער אַראָפּצולעזען פון די יונגע פּנים'לעך צופרידענהייט. מיט וועלכען שטאָלץ מאַכען זיי אַ „המוציא" אָדער בענטשען נאָכ'ן עסען! זיי פיהלען זיך ווידער אַלס שותפים אין דער געזעלשאַפט, צו וועלכער זייערע עלטערען האָבען באַלאַנגט. און דאָס גיט זיי גרויס נחת־רוח.

איהר זיצט דאַביי און קלעהרט: אָט די קינדער וואָס בענטשען אַזוי שעהן, זיינען שוין געווען גע'שמד'ט, און אייגענטליך זיינען זיי נאָך ווייטער, וויבאַלד גע'שמד'ט (ווייל עס איז געווען לעת עתה צו קאָמ־פּליצירט מבטל צו זיין דעם שמד־דאָקומענט און די קינדער זיינען פּשוט אַריינגענומען געוואָרען פאַר אַ אידישע ערציאונג, אָהן וועלכע פאָרמאַליטעטען). די עלטערען זיינען אָוועקגעפיהרט געוואָרען קיין אוישוויץ אָדער ערגעץ וואו אין אַן אַנדערען מאָרד־לאַגער און זיכער האָבען זיי אין די לעצטע מינוטען פון זייער לעבען געטראַכט וועגען זייערע טייערסטע קליינע קינדערלעך, וואָס זיינען פאַרבליבען ביי גוים. איז געווען עפּעס אַנדערש הייליגער ביי יענע עלטערען ווי דער וואונש, אַז די קינדער זאָלען פאַרבלייבען אידען? און אָט דער וואונש איז מקוים געוואָרען. עס איז דאָ אַ היים אין עקס־לע־בען, ביי דעם „בולוואַר דעז אַנגלע", וואו אידישקייט קען מען שוין אָנטאַפּען: דער גייסט פון די דערמאָרדעטע קדושים שוועבט אין די פּראַכטפולע צימערען און דעם וואונדערבאַרען גאָרטען; די עלטערען הערען דאָס לאַכען פון די קינדער — פון זייערע קינדער — און דער חוב פון דער אידישער געזעל־שאַפט לגבי די קדושים און כאָטש אין אַ קליינעם פּראָצענט געוואָרען באַצאָהלט.

אגב, האָבען מיר געבראַכט אין עקס־לע־בען פון דער שווייץ עטליכע מזוזות, און „געאידישט״ דאָס הויז. אין פראַנקרייך איז גאָר שווער צו באַקומען אַ מזוזה.

די „ווילאַ ראַפּאַעל״ איז נישט די איינציגע היים פאַר אידישע קינדער אין עקס־לע־בען. נישט ווייט שטעהט נאָך אַ צווייטע, פון אַן עהנליכען מין, וואו 45 קינדער ווערען אידיש ערצויגען.

די נשמה פון היים איז הרב משה לעבעל, אַ נאָך יונגער מענש, וואָס איז פול מיט ענערגיע און וואָס פאַרמעסט זיך אויף געוואַלדיגע אונטערנעמונגען.

הרב לעבעל האָט „פון אונטער דער ערד״ אַרויסבאַקומען די איינריכ־טונג פון דער היים אין דער „ווילאַ ראַפּאַעל״. דאָס איז נישט קיין קלייניגקייט היינט־צו־טאָג אין פראַנקרייך צו באַקומען בעטען, טישען און בענקלעך. בעט־געצייג איז שוין אינגאַנצען אַ חלום. פונדעסטוועגען איז אין „ווילאַ ראַפּאַעל״ אַלץ דאָ. נאַטירליך, נישט אין איבערפלוס, אָבער אַלץ איז שעהן און זויבער. דאָס איז אַ קונץ. דאָס איז ווערט באַוואונדערט צו ווערען.

אָבער די גרעסטע קונץ פון הרב לעבעל איז — די ישיבה. ער האָט זיך גענומען שאַפען אַ צענטראַלע ישיבה פאַר פראַנקרייך אונטער׳ן נאָמען „ישיבת חכמי צרפת״ (איהר קענט באַלד דערקענען, וואו ער האָט געלערענט: די „ישיבת חכמי ל ו ב ל י ן״ איז די גייסטיגע מוטער פון דער ישיבת חכמי צרפת״!)

די „אגודת הרבנים״ פון אַמעריקע האָט דורך איהרע שלוחים ערמוטיגט הרב לעבעל מיט אַלע כוחות. היינט ווערען שוין פאַרענדיגט די הכנות. די „ישיבת חכמי צרפת״ איז אַ רעאַלע זאַך.

און וואָס פאַר אַ זאַך! די געביידע איז אַ פשוט׳ער פּאַלאַץ, וואו הונדערט תלמידים קענען און וועלען געפינען זייער היים. אַ גאַנצע רייהע פון בוכענוואַלדער און דאַכויער געסט זיינען שוין „געמאַלדען״, ד. ה. מען פּרובירט זיי אַרויסצונעמען פון די לאַגערען, כדי זיי אַריינצוגעבען אין דער ישיבה. דער ערשטער ראש־ישיבה איז שוין דאָ: הרב חייקין, אַן אַמאָליגער תלמיד פון ראדון, איז אָקאָרשט צוריקגעקומען פון דער דייטשער געפאַנגענ־שאַפט. ער אַרבייט שוין מיט פולער ענערגיע, רוהט נישט קיין מינוט, און ווער שמועסט, אַז ער דערזעהט אַ גאַסט פון אַמעריקע, ווערט ער גאָר צוקאָכט: „וואָס מאַכט דער און יענער ראש־ישיבה? און אפשר ווייסט איהר עפּעס פון ר׳ אליעזר קאַפּלאַן, אָדער ר׳ יהושע לעווינזאָן (ביידע ראדונער ראשי־ישיבה)? אפשר, אפשר...״

ליידער ווייסען מיר גאָרנישט, און דער שמועס געהט איבער אויף די ענינים פון דער ישיבה. עס נעמט אויך אָנטייל הרב רובינשטיין, פון פּאַריז, (אַמאָל אין ביאַלאַ פּאָדלאַסקאַ). באַלד ווערט פאַר מיר קלאָר, אַז דאָס גרייט



„ווילאַ ראַפֿאַעל" און די „ישיבת חכמי צרפת".

זיך אַ נייער מקום תורה אויף אונזער אַלטען שטייגער. נייך, די תורה וועט נישט פאַרגעסען ווערען! פאַרוואָגעלט איז זי געוואָרען פון דער פוילישער און ליטווישער ערד, בויט זי זיך אַ היים אין עקס־לע־בען...

דער ישיבה־בנין איז אויף אַ הויכען באַרג, און ער איז אַרומגערינגעלט מיט אַ געוואַלדיג גרויסען גאָרטען. אין אָט דעם גאָרטען — פאַנטאַזירט הרב לעבעל — וועט מען אויסשמועסען וועלטען „אין לערנען". דאָ וועט אויפלעבען אביי און רבא. נייע „שבילי דנהרדעא" (סטעשקעס פון נהרדעא, דער אַלטער ישיבה־שטאָדט אין דער צייט פון דער גמרא). וועלען דאָ אויסגעקריצט ווערען...

עס פעהלען, ליידער, נאָך די ספרים. גמרות, אפילו חומשים זיינען היינט נישט בנמצא אין פראַנקרייך.

אַמעריקאַנער אידען וועלען זיכער אויף זיך נעמען די אויפגאַבע צו פאַרזיכערען סיי די ישיבה, סיי די קינדער־היימען, מיט דער נויטיגער איינריכטונג און שפייז. און דאָס מיינט דאָפּעלט: נישט בלויז אין פיזישען זין, נאָר אויך גייסטיג.ביידעס פעהלט, כדי די רעשטלעך פון איירָאָפּעאישען אידענטום זאָלען ווידער קומען צו זיך און קענען אָנפאַנגען אַ ניי לעבען.

אָבער דער יסוד איז שוין דאָ. און דאָס איז דאָס גרויסע וואונדער פון עקס־לע־בען.

(„מאָרגען זשורנאַל", י"ט אלול, תש"ה — 28 אויגוסט, 1945)

## II

## די ערשטע באַוויליגונג צו ברענגען אידישע קינדער קיין פראַנקרייך

איך בין אָנגעקומען אין פּאַריז פרייטאג, דעם 26־טען יולי 1945, און נאָך דעמזעלבען טאָג זיך געטראָפען מיט גלח שאַיע, דעם אָנפיהרער פון „קאָזאָר" (ראשי תיבות אין פראַנצויזיש פאַר: „קאָמיטע פון די סאָציאַלע טע־טיגקייטען פון דער אָפּוועהר־באַוועגונג" *) און אָנגעהויבען זיך צו באַמיהען וועגען צוריקבאַקומען די אידישע קינדער, וואָס זיינען פאַרבליבען לעבען און געפינען זיך אין נישט־אידישע הענד.

לויט אַן אָפּמאַך פון „קאָזאָר" מיט „היעפּס" פון 19טען יוני 1945 **), איז געוועזן געזאָרגט פאַר דער אידישער ערציהונג פון די קינדער אין פראַנקרייך, וואָס זיינען געווען אין רשות פון „קאָזאָר". אָבער די קינדער זיינען ווייטער

*) Comité des oeuvres sociales de la Résistance.

**) אַ פאָטאָגראַפישע קאָפּיע פון דאָזיגען דאָקומענט געפינט זיך אויף זייט 92.

פּאַרבליבן אונטער דער לעגאַלער אויפזיכט פון דער פראַנצויזישער אָרגאַ־ניזאַציע און זייער שפּעטערע עמיגראַציע איז, נאַטירליך, געווען אָפּהענגיג פון דער הסכּמה פון „קאָזאָר". איך האָב דאַריבער ביי זיך באַשלאָסן נישט אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג פון גלח שאַיע בעת מיין קאָנפערענץ מיט איהם דעם 26־טען יולי אַריינצופיהרען קיין פראַנקרייך די אידישע קינדער פון די לאַ־גערען אין דייטשלאַנד אויף וויזעס, וואָס דער „קאָזאָר" וועט פאַר זיי באַזאָרגען. הגם עס האָט דאַן נישט אויסגעוויזען, אַז גלח שאַיע האָט וועלכע הינטער־געדאַנקען, אָבער דאָך איז מיר פון אָנהויב אָן קלאָר געוואָרען, אַז מיר טאָרען די אידישע קינדער, דעם לעצטען פאַרבליבענעם רעשט פון אונזער פאַר־ניכטעטען מענשען־אוצר אין אייראָפּע, נישט שטעלען אין קיין שום אָפּהענ־גיגקייטס־פאַרהעלטניש צו נישט־אידישע און שוין לגמרי נישט צו קירכליכע פאַקטאָרען. אויב ברענגען קינדער קיין פראַנקרייך דאַן האָט זייער קומען געמוזט זיין פולשטענדיג פריי פון יעדען נישט־אידישען „פּאַטראָנאַט", כּדי עס זאָל זיין פולשטענדיג פריי דער וויטערער וועג.

נאָך אַ גרינדליכען ישוב־הדעת מיט ד"ר שמואל שמידט, מיין חבר אין דער רעהאַביליטאַציע־מיסיע אין נאָמען פון אגודת הרבנים, זיינען מיר גע־קומען צו דער מסקנא, אַז עס מוזען תיכף אונטערנומען ווערען ענערגישע שריט ביים פראַנצויזישען אויסערן־מיניסטעריום, כּדי צו באַקומען אויפ'ן נאָמען פון אגודת הרבנים אַ קאָלעקטיווע וויזע פאַר אַ גרעסערע צאָהל אידישע קינדער פון די לאַגערען מיט אַ געוויסער צאָהל באַגלייט־פּערזאָנען. האָבענ־דיג אַזאַ וויזע אין דער האַנד, וואָלט מען געקענט אָרגאַניזירען אין אַ שנעלען טעמפּאָ דאָס אויסגעפינען די אידישע קינדער נישט נאָר אין די לאַגערען, נאָר אויך אין פאַרשיידענע אייראָפּעאישע לענדער און דאַן, דורך דייטשלאַנד, ברענגען זיי קיין פראַנקרייך, וואו זיי וואָלטען שוין געווען פאַרזיכערט, אין אונזערע היימען, פון אַ וויטערדיגער אַנטפרעמדונג.

מיר האָבען באַלד באַזוכט דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין פראַנק־רייך, דזשעפערסאָן קאַפערי, און איהם פאָרגעשטעלט דעם פּראָבלעם. קאַפערי האָט זיך וואַרים באַצויגען צום פּראָיעקט און צוגעזאָגט איהם צו אונטערשטי־צען. צוויי פון די העכסטע באַאַמטע פון דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין פּאַ־ריז, דער ראַטגעבער פון דער אַמבאַסאַדע פּולעטאַן, און דער ערשטער סעקרעטאַר, דזשעימס פּילטשער, האָבען איבערגענומען צו פאַרהאַנדלען מיט'ן פראַנצויזישען אויסערן־מיניסטעריום וועגען באַשטעטיגען די בקשה, וואָס איז אַריינגעטראָגען געוואָרען דורך דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט פאַר דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע צו געבען אונז אַ קאָלעקטיווע וויזע פאַר 2000 קינדער מיט זייערע באַגלייטער אויף אַ צייט פון 6 חדשים. די בקשה איז מיט כּוונה פאָרמולירט געוואָרען ווי אויף אַ צייטווייליגען אויפענטהאַלט,

כדי נישט צו האָבען שפּעטער קיין שוועריגקייטען מיט דער ווייטערדיגער עמיגראַציע.





דאָס איבערנעמען און אָנשלאָגען די מזוזה אין ערשטען הויז פון „קאָזאָר״, אין ווילזשואיף ביי פּאַריז, דעם 2־טען אויגוסט, 1945.

נאָכדעם ווי מיר האָבען דעם 2־טען אויגוסט איבערגענומען פון „קאָ־זאָר״ די צוויי ערשטע היימען מיט אידישע קינדער, אין ווילזשואיף און שאַר, זיינען מיר ביידע אַוועקגעפאָרען אין דער שווייץ, כדי דאָרט צו באַשליסען וועגען דער הילף פאַר די אידען אין שאַנכיי, וואָס האָבען כסדר געשיקט פאַרצווייפעלטע הילף־רופען צום „ועד־ההצלה״ דורך דער פאַרמיטלונג פון „היעפּס״. אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין זשענעווע האָט אונז דערגרייכט אַ בריף פון אַמבאַסאַדאָר קאַפּערי, אין וועלכען ער האָט אונז מודיע געווען, אַז מר. פּולעטאָן האָט וועגען אונזער בקשה אָפּגעהאַלטען אַ קאָנפערענץ מיט



EMBASSY OF THE
UNITED STATES OF AMERICA

Paris, August 2, 1945.

My dear Dr. Lewin and Mr. Schmidt:

I have received your letter of July 30 and indeed remember our conversation with respect to the unfortunate situation of the Orthodox Jewish children, bereft of parents and support through Nazi brutality, whom the Union of Orthodox Rabbis of the United States are anxious to remove from their present environment in the American zone in Germany as soon as possible and would like to have come to France for a temporary sojourn until plans can be worked out for them to go to eventual destinations such as Palestine, America, Great Britain, Canada and other countries.

I have been going into this question as fully as possible here since our conversation, moved by the sympathy which you know I have for these forlorn victims.

As you already know, my Counselor, Mr. Fullerton, called this morning, at my direction, on Minister Bousquet of the Ministry of Foreign Affairs, and went over this whole question with him. Mr. Bousquet said that the French Government was anxious to do what it could in cases of this kind and he finally agreed, after pointing out the critical food shortage in France and the housing and fuel difficulties here, to take the matter up, with a favorable recommendation, with the Inter-governmental Committee on Refugees. He said that the French Government would, he was sure, recommend that the children be permitted to come to France, provided guarantees were given that they would leave within the period of six months

which

Dr. Isaac Lewin and Mr. Samuel M. Schmidt,
c/o The American Consulate,
Geneva, Switzerland.

-2-

which you mentioned.

I hope that this favorable attitude may be maintained and Mr. Bousquet has promised to inform the Embassy as soon as the matter has been considered by the Inter-governmental Committee on Refugees.

I wish to reiterate the sympathy I feel with the problem facing you with these children and my desire to assist in any feasible way in the furtherance of plans for their relief.

Sincerely yours,

Jefferson Caffery

אַמבאַסאַדאָר קאַפּערי׳ס בריף וועגען דער אָנגעהויבענער אַקציע צו באַקומען די באַוויליגונג.

מיניסטער בוסקע פון פראַנצויזישען אויסערן־מיניסטעריום און פון איהם באַקומען אַ תשובה, אַז הגם די שפּייז־סיטואַציע אין פראַנקרייך איז קריטיש, דאָך וועט ער די זאַך אויפנעמען מיט דער „אינטער־גאָווערנמענטאַל רעפיודזשי־קאָמיטע״. אין קאַפּערי׳ס בריף האָט זיך גערעדט דאַפון, אַז די פראַנצויזישע

רעגירונג הגם זי איז פריינדליך, דאָך וועט זי פאַרלאַנגען פון אונז גאַראַנטיעס, אַז די קינדער וועלען פאַרלאָזען פראַנקרייך ביים אָפּלויף פון זעקס חדשים. צווישען די שורות האָט האָט מען געקענט אַרויסלייענען די מיינונג, אַז עס וועט נאָך קאָסטען גענוג מיה כדי די פראַנצויזישע באַוויליגונג זאָל באמת צושטאַנד קומען.

ווען איך בין צוריקגעקומען קיין פאַריז, האָבען מר. פולעטאָן און מר. פילטשער פון דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט מיר דרינגענד געראָטען צו פאָהרען קיין לאָנדאָן, וואו עס איז געווען דער זיץ פון „אינטערגאווערנמענטאל רעפיודזשי־קאָמיטע״, און דורכצורעדען דעם גאַנצען ענין מיט סער הערבערט עמערסאָן, וואָס איז געשטאַנען אין שפיץ פון יענעם קאָמיטעט. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט געלייגט גרויס געוויכט אויף דער הסכמה פון „רעפיודזשי־קאָמיטע״. אונזער פראָיעקט איז אָפיציעל אונטערשטיצט געוואָרען דורכ׳ן „קאָנסיסטואַר״, די אָנערקענטע רעפּרעזענטאַנץ פון פראַנקציזישען אידענטום, כדי עס זאָלען נישט אַנטשטיין שוועריגקייטען פון דער זייט.

דעם 24־טען אויגוסט האָב איך באַזוכט סער הערבערט׳ן אין זיין אָפיס אין לאָנדאָן און אָנגעטראָפען לכתחילה אויף אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד. מיר האָבען זיך שליסליך געאייניגט, אַז עס זאָל זיך דערווייל נישט רעדען פון 2,000 נאָר פון 500 קינדער. פאַרבליבען איז אָבער, אַז אויב דער פּראָיעקט זאָל ווערען פאַרווירקליכט, דאַן וועט מען איהם קענען אויסבויען. איך האָב באַקומען אַ בריף פון דער „אינטערגאָווערנמענטאַל קאָמיטע״ צו איהר פראַנצויזישען פאַרטרעטער, גאָווערנאָר וואַלענטען־סמיטה, אַז די קאָמיטע איז מסכים צום פּראָיעקט און אַז די נויטיגע שריט זאָלען געמאַכט ווערען אין איהר נאָמען ביי דער פראַנצויזישער רעגירונג.

דערווייל איז אין פאַריז אָנגעקומען אַ תשובה פון אויסערן־מיניסטעריום צום פּאָרזיצער פון קאָנסטיטואַר, ריכטער מייס, אויף זיין ווענדונג וועגען אַרויסגעבען אונז די וויזע. די תשובה איז געווען אַן אייז־קאַלטע. עס איז אין איהר געזאָגט געוואָרען, אַז אויך „אַנדערע״ האָבען וועגען דעם געבעטען און אַז די זאַך איז געוואָרען איבערגעגעבען דעם אינערן־מיניסטער. וועגען דער דעציזיע וועט מען ווערען אינפאָרמירט אַזוי שנעל ווי זי וועט ווערען אָנגענומען.

במשך עטליכע טעג האָבען מיר ווידער פיבערהאַפט געאַרבייט. דער תמיד הילף־באַרייטער ראַטגעבער פולעטאָן האָט איבערגעשיקט אַ קאָפּיע פון עמערסאָנ׳ס בריף צו בוסקע׳ן אין אויסערן־מיניסטעריום. לכתחילה האָט דער פאַריזער פאַרטרעטער פון עמערסאָנ׳ען, וואַלענטען סמיטה, געוואָלט האָבען אויך אַ שריפטליכע הסכמה פון אַלע מלוכות, וועמענס בירגער די קינדער

זיינען, אַז זיי זיינען מסכים צו אונזער פּראָיעקט. מיט שווערער מיה איז
געלונגען צו פּועל'ען ביי איהם, אַז ער זאָל פאַרציכטען אויף דעם באַדינג, וואָס
וואָלט אונזער בקשה לפּחות אויף אַ לאַנגע צייט אָפּגעשטויסען. וואלענטען־
סמיטה איז שפּעטער אָפּגעפאָרען קיין לאָנדאָן און מיר דאַן פון דאָרט טעלע־
גראַפירט נייע חומרות: ער האָט פאַרלאַנגט אַ נאָמענטליכע ליסטע פון די
500 קינדער, זייערע געבורטס־דאַטען, נאַציאָנאַליטעט און אַדרעסען. אויך
האָט ער געוואָלט געגוי וויסען וואו זיינען די היימען, אין וועלכע די קינדער
וועלען ווערען אריינגעבראַכט. איך האָב ביי זיך געהאַט אַ ליסטע פון בערך
450 קינדער, וואָס פרוי שטערנבוך האָט געמאַכט מיט אַ קורצער צייט
צוריק אין דייטשלאַנד. די דאָזיגע ליסטע האָב איך געגעבען וואלענטען־
סמיטה'ן און בנוגע די היימען האָב איך איהם געקענט אויפווייזען, אַז מיר
האָבען געדונגען אַ היים אין פובלען (ביי פּאַריז) און אַז דער מאַיאָר פון
עקס־לע־בען האָט באַשטעטיגט, אַז דאָרט וועלען מיר קענען אַריינפיהרען קינ־
דער.

וואַלענטען־סמיטה האָט דעם 15־טען סעפּטעמבער איבערגעשיקט די
ליסטע פון די קינדער צום אויסערן־מיניסטעריום מיט אַ פאָרשלאַג צו באַ־
שטעטיגען פאַר זיי וויזעס אויף 6 חדשים. אָבער מיט דעם האָט זיך דער־
וויילן די זאַך עפּעס ווי פאַרהאַקט. דאָס אויסערן־מיניסטעריום איז פּלוצים
געוואָרען ווי טויב. די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט האָט כסדר אָנגעפרעגט
וועגען גורל פון דער בקשה, אָבער די תשובה איז געווען, אַז מיניסטער בוסקע,
וואָס אין זיין האַנד ליגט די זאַך, איז אַוועקגעפאָרען קיין מאַדריד, און קיינער
ווייס נישט, וואָס מיט דער בקשה איז געשעהען. עס איז אַזוי וויט געקומען,
אַז מר. פולעטאָן האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל איבערגעבען דעם אַקט אַן אַנ־
דערען באַאַמטען צום ערלעדיגען, אָבער דאָס איז נישט געשעהען. איך האָב
געמוזט דעם 20־טען סעפּטעמבער אַוועקפאָרען ווידער אין דער שווייץ, וואו
עס איז געווען באַשטעלט אַ קאָנפערענץ מיט ד"ר יעצלער, דעם פּרעזידענט
פון דער שווייצער פּאָליציי, וועגען די אידישע קינדער, וואָס זיינען אין יע־
נעם לאַנד צעשפּרייט אין נישט־אידישע היימען. די זאַך האָט אַרויסגערופען
אַ שטאַרקע זאָרג. אָבער עס האָט זיך גאָר נישט געלאָזט טאָן. מען האָט
געמוזט וואַרטען.

ווען איך בין דעם 28־טען סעפּטעמבער צוריקגעקומען פון בערן קיין
פּאַריז איז די לאַגע געווען נאָך מעהר פאַרנעפּעלט. פולעטאָן, פילטשער,
וואלענטען־סמיט און זיין געהילף ברעמאַן האָבען מיר געזאָגט, אַז זיי ווייסען
שוין גאָר נישט. אויף דער עצה פון מר. פולעטאָן בין איך אַריבערגעגאַנגען
אויפ'ן קעי ד' אָרסעי און פּרובירט צו „כאַפּען" בוסקע'ן אָהן אַן „אַפּאָינטמענט"
(ווייל ער האָט זיך שווער געלאָזט דערגרייכען דורכן טעלעפאָן), דאָס איז

מיר געלונגען. בשעת׳ן שמועס האָט בוסקע פּרובירט צו פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל איהם פריהער ברענגען די עקזיט־וויזעס פון דייטשלאַנד (פון דער א. ג. „טריפּאַרטיט קאָמישאָן" אין בערלין). איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל אונטער אַלע אומשטענדען פריהער האָבען די פראַנצויזישע וויזע, ווייל די קאָמיסיע אין בערלין וועט, מיט רעכט, נישט געבען קיין אויסרייזע־וויזע אַזוי לאַנג ווי עס וועט נישט זיין די באַוויליגונג פון פראַנקרייך אריינצולאָזען די קינדער אין לאַנד. בוסקע האָט דאָס איינגעזעהען און צוגעזאָגט במשך אייניגע טעג דעם ענין צו ערלעדיגען.

דעם 1־טען אָקטאָבער האָב איך ווידער אָנגעפרעגט אין בוסקע׳ס אָפיס און באַקומען אַ תשובה, אַז די זאַך ליגט אין די הענד פון אינערן־מיניסטעריום. ערשט נאָכדעם ווי דאָס אינערן־מיינסטעריום וועט מסכים זיין, וועט בוסקע קענען ערלעדיגען דעפיניטיוו אונזער בקשה.

מיט אַדוואָקאַט מילער, דעם פּרעזידענט פון דער פראַנצויזישער אגודת ישראל, האָב איך דאַן באַזוכט מר. מאָנטאַן, דעם ממלא מקום פון דירעקטאָר פון זיכערהייטס־און פּאַספּאָרטען־דעפּאַרטמענט פון אינערן־מיניסטעריום. (דר. שמידט איז שוין געהאַט, אין דער צווישענצייט צוריקגעפאָרען קיין אַמעריקע). פון מאָנטאַנ׳ען בין איך געוואויר געוואָרען, אַז דער בריף, וואָס דאָס אויסערן־מיניסטעריום האָט וועגען דער זאַך געשיקט צום אינערן־מיניסטעריום, איז עפּעס אויף אַ מיסטעריעזען אופן נעלם געוואָרען. די ערלעדיגונג פון אַקט, האָט מר. מאָנטאַן געזאָגט, קען זיך נישט רוקען ווייטער, ווייל עס פעהלט די ווענדונג פון אויסערן־מיניסטעריום.

עס איז מיר נישט געבליבען עפּעס אַנדערש צו טאָן, ווי אויסצוגעפינען אַליין אין אויסערן־מיניסטעריום דעם אינהאַלט פון יענעם פאַרשוואונדענעם דאָקומענט. געהענדיג פון איין באַאַמטען צום צווייטען און האָבענדיג מיט זיך פּעקלעך מיט אַמעריקאַנער ציגאַרעטען, איז דאָס סוף־סוף געלונגען און איך האָב באַקומען, כדי דאָס זאָל זיך נישט איבערחזר׳ן אַ צווייט מאָל, אַן אָפיציעלע קאָפּיע פון דאָקומענט און זי פּערזענליך אַריבערגעטראָגען צו מר. מאָנטאַן.

דאַן איז בולד געוואָרען אַ נייע שוועריגקייט. דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט זיך ניט געוואָלט פאַרלאָזען אויפן פּאַקט, אַז מיר האָבען געדונגען אַ היים אין פּובלען און געהאַט דעם בריף פון מעיאָר פון עקס־לע־בען, אַז דאָרט קענען די קינדער געפינען אונטערקונפט. מר. מאָנטאַן האָט פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל איהם געבען אַ שריפטליכען באַוויז, אַז אַ פּרעפעקטור אין פראַנקרייך איז מסכים אריינצולאָזען די קינדער אין איהר פּראָווינץ, וואָס האָט געמיינט, אַז עס איז דאָ אויפן שטח פון דער פּרעפעקטור אַ וואוינונג פאַר די קינדער און די מעגליכקייטען צו געפינען פאַר זיי שפּייז. איך בין געווען געצוואונגען צו געפינען

תיכף אַ פּרעפעקטור וואָס זאָל געבען אַזאַ שריפטליכע הסכמה. מיט דער הילף פון מר. מתתיהו מילער איז געלונגען אַרויסצובאַקומען פון פּרעפעקט פון דער פּראָווינץ סען־און־אָאַז (אין ווערסאַיל) אַזאַ בריף און דאַמיט האָבען שוין אַלע פאָדערונגען פון אינערן־מיניסטעריום אויסגעוויזען צו זיין באַפרידיגט.

עס איז אָבער ווייט נישט געווען אַזוי. מיר איז קלאָר געוואָרען נאָך אַ פּאָר טעג, אַז דאָס אינערן־מיניסטעריום וויל דעם ענין נישט ערלעדיגען. נאָכגעהענדיג דער זאַך, בין איך געוואָרען אויפמערקזאַם אויף דעם, אַז דער דירעקטאָר פון דעפּאַרטמענט פון זיכערהייט און פּאַספּאָרטען פּאַזשע איז די הויפּט־פיגור און מעגליך, אַז ער האַלט אויף דעם ענין. איך האָב איהם גע־בעטען וועגען אַן אַפּאָינטמענט און איהם באַזוכט פרייטאָג, דעם 5־טען אָקטאָ־בער [אין זיין אָפיס אין דער „רי קאמבאסערע״].

PRÉFECTURE
DE
SEINE-ET-OISE

Direction
de la Police Générale
et des Etrangers

BUREAU

D.P.G. N°

Rappeler la référence ci-dessus dans la réponse.

RÉPUBLIQUE FRANÇAISE

Versailles, le 4 Octobre 1945.

Monsieur,

J'ai l'honneur de vous accuser réception de votre communication du 4 Octobre 1945 m'informant de votre intention de créer, pour une durée de 5 à 6 mois, au Chateau de NOISY-le-ROI, une colonie de 500 enfants israélites actuellement en Allemagne, rescapés des camps de la mort, et que l'UNION des RABBINS ORTHODOXES des ETATS-UNIS D'AMERIQUE et du CANADA, sous les auspices de son Excellence Monsieur l'Ambassadeur des Etats-Unis à PARIS, souhaiterait diriger ultérieurement sur les Etats-Unis d'Amérique, l'Amérique du Sud et Palestine).

Je m'empresse de vous faire connaître que votre initiative, au succès de laquelle je serais très heureux d'apporter mon plein concours ne saurait de ma part soulever la moindre objection.

Veuillez agréer, Monsieur, l'assurance de ma haute considération.

Le Préfet,
Pour le Préfet
Le Sous-Préfet Directeur du Cabinet

Monsieur le Docteur LEWIN
Grand Hôtel du Louvre
PARIS.

באַשטעטיגונג פון פּרעפעקט פון סען־און־אָאַז, אַז די 500 קינדער וועלען ווערען אריינגעלאָזט אויפ׳ן שטח פון זיין פּרעפעקטור.



EMBASSY OF THE
UNITED STATES OF AMERICA

Paris, le 5 Octobre 1945

Monsieur Pagès,
Directeur,
Ministère de l'Intérieur,
Place Beauvau,
Paris.

Monsieur le Directeur,

Monsieur le Docteur Lewin qui représente ici le Comité des Rabbins Orthodoxes des Etats-Unis, a obtenu du Comité Inter-Gouvernemental Américain pour les Réfugiés, avec l'agrément du Gouvernement Français, l'autorisation d'amener en France temporairement 500 enfants israélites précédemment internés dans des camps de concentration allemands, pour les faire acheminer ensuite pour la Palestine ou les Etats-Unis.

Le Docteur Lewin est venu en France muni d'une lettre du Président des Etats-Unis demandant qu'il soit aidé dans toute la mesure du possible dans l'accomplissement de sa mission. L'Ambassade a porté l'affaire à la connaissance du Ministère des Affaires Etrangères et il semble maintenant qu'il ne s'agit plus que d'attendre la décision du Ministère de l'Intérieur qui doit être donnée dans un jour ou deux.

D'après les renseignements qui ont été fournis à l'Ambassade, ces enfants ne resteront pas en France plus de 6 mois et toutes les garanties nécessaires seront fournies à cet effet par le Comité.

Etant donné le but humanitaire de la question l'Ambassade a fait savoir au Ministère des Affaires Etrangères, qui a certainement dû vous en faire part, qu'il serait fort apprécié que l'entrée temporaire de ces enfants en France soit envisagée favorablement.

En vous remerciant à l'avance pour l'intérêt que vous voudrez bien porter à cette affaire, je vous prie d'agréer, Monsieur le Directeur, l'assurance de ma considération la plus distinguée.

Hugh S. Fullerton
Conseiller d'Ambassade

בריף פון ראַטגעבער פולעטאַן צו פּאושע׳ן זאַגענדיג, אַז דער פרעזידענט
פון די פאראייניגטע שטאַטן איז אינטערעסירט אין פראָיעקט.

דער שמועס מיט פּאַזשעצ'ן איז געווען אַ שטורמישער. ווען איך האָב איהם אָנגעהויבען צו דערצעהלען, אַז אַלע הכנות זיינען שוין געמאַכט געוואָרען אויף אויפצונעמען די קינדער און עס איז פּשוט אומפאַרשטענדליך, פאַרוואָס די באַשטעטיגונג ווערט אויפגעהאַלטען אין לעצטען מאָמענט, האָט ער גע־ענטפערט:

— „איהר האָט צו פריה געמאַכט די הכנות, ווייל מיר זיינען נישט מסכים מיט אייער פאָרשלאָג!"

איך האָב איהם געענטפערט, אַז עס איז מיר שווער אָנצונעמען אַזאַ תשובה, ווייל דאָס אויסערן־מיניסטעריום האָט דאָך, אין פּרינציפּ, שוין לאַנג אויסגעדריקט זיין הסכמה. אויף דעם איז ער אַרויס מיט'ן לשון, אַז פראַנק־רייך דאַרף קודם־כל זאָרגען וועגען באַשפּייזען איהרע אייגענע קינדער א. א. וו. שליסליך האָט ער געפרעגט צי איך וועל איהם געבען אַ שריפטליכע פאַרפליכ־טונג, אַז קיין קינד וועט נישט פאַרבלייבען לענגער ווי 6 חדשים אין פראַנק־רייך. איך האָב איהם געזאָגט, אַז יאָ, און אַז מיר ווילען אַליין נישט האַלטען די קינדער אין פראַנקרייך לענגער ווי עס וועט זיין אומבאַדינגט נויטיג, ד. ה. ביז מיר וועלען פאַר זיי באַקומען סערטיפיקאַטען קיין ארץ ישראל אָדער וויזעס אין אַנדערע לענדער. איך האָב איהם אָבער קענטיג נישט איבערגעצייגט.

אַ דערשלאָגענער בין איך אַרויס פון פּאַזשעצ'ס אָפיס, ווייל די זאַך האָט מיר אין יענעם מאָמענט אויסגעוויזען צו זיין כמעט פאַרלוירען.

איך בין אַוועק אין דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט צו מר. פולעטאַן. ער האָט זיך אָנגעבאָטען צו שרייבען, פון זיין זייט, אַ בריף צו פּאַזשעצ'ן, וואָס וועט — ווי ער האָט געגלויבט — ברעכען זיין געגנערשאַפט.

צוויי שעה שפּעטער האָב איך שוין געהאַט אין מיין האַנד פולעטאַנ'ס בריף. ווען איך האָב איהם דערזעהען, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער דערפאָלג איז געזיכערט. מר. פולעטאַן האָט נישט נאָר קאַטעגאָריש פאַרלאַנגט, אַז דער צוזאָג, וואָס דאָס אויסערן־מיניסטעריום האָט געגעבען, זאָל ווערען געהאַלטען, נאָר ער האָט — כדי צוצוגעבען וואָגיגקייט דעם פאַרלאַנג — אונטערגע־שטראָכען, אַז דער פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען האָט דעם גאַנצען ענין אונטערשטיצט! איך האָב דעם בריף אַריבערגעשיקט דורך אַ שליח צו פּאַזשעצ'ן און אַ פּאָר טאָג שפּעטער זיך דערוואוסט, אַז ער האָט קאַפּיטולירט.

דעם 5־טען אָקטאָבער 1945 האָט די זיכערהייטס־אָפּטיילונג פון אינערן־מיניסטעריום געשריבען צום אויסערן־מיניסטעריום אַט וואָס (דער אַקט האָט געטראָגען די צאָהל 1103):

„מיט אייער אַקט נר. 11.627 פון 24 סעפּטעמבער 1945 האָט איהר אונז מודיע געווען, אַז די אגודת הרבנים פון אַמעריקע און קאַנאַדע האָט אַריינגעטראָגען אַ בקשה, אַדרעסירט צו גאָווערנאָר וואַלענטען־סמיטה, וועגען אַריינלאָזען קיין פראַנקרייך 500 קינדער, וואָס געפינען זיך אין איצטיגען מאָמענט אין דייטשלאַנד.

„זיי וואָלטען אַ געוויסע צייט (אין פרינציפּ 6 חדשים) פאַרבליבען אין אונזער לאַנד, אָפּוואַרטענדיג דאָס רעגולירען פון זייער עמיגראַציע אָדער אין די פאַראייניגטע שטאַטען, אָדער אין דרום־אַמעריקאַנער לענדער, אָדער קיין ארץ־ישראל.

„עס איז געקומען צום דירעקטאָר פון ענינים פאַר פרעמדע און פּאַספּאָרטען פּאזשע, דער פאַרטרעטער פון דער אַמעריקאַנער אגודת הרבנים, ד״ר לעווין, און האָט זיך מיט איהם אונטערהאַלטען וועגען דער זאַך.

„ער האָט איהם איבערגעגעבען א בריף פון דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט, לויט וועלכען עס קומט אויס, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג האָט שוין מסכים געווען צו דער דאָזיגער אונטערנעמונג.

„ביי די דאָזיגע באַדינגונגען, גלויב איך נישט, אַז איך קען מיך אַנטקעגענשטעלען דעם אָנקומען פון די קינדער אין אונזער לאַנד, אָבער מיט׳ן באַדינג, אַז זייער אויפענטהאַלט זאָל זיין באַשרענקט אויף 6 חדשים און אַז ער זאָל בשום אופן נישט ווערען פאַרלענגערט״.

((אונטערגעשריבען: פּיער טיסיע,
אין נאָמען פון אינערן־מיניסטער)

זעקס טעג שפּעטער האָב איך באַקומען צוגעשטעלט פון אויסערן־מי־ניסטעריום די אָפיציעלע באַוויליגונג. זי איז געווען אונטערגעשריבען דורכ׳ן דירעקטאָר גיע און האָט געהאַט די פאָרם פון אַ רעקאָמענדאַציע פון אויסערן־מיניסטעריום צום קאָלאָנעל מאַדיער, דעם פראַנצויזישען דעלעגאַט ביים „קאמבאונד טראוועל סעקיוריטי באָארד״ אין בערלין צו געבען אַ וויזע פאַר 500 קינדער און 50 מחנכים פון דייטשלאַנד קיין פראַנקרייך. עס איז געוואָרען אין בריף אויסדריקליך באַטאָנט, אַז דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט מסכים געווען צום פאָרשלאָג.

דאָס ערשטע קאַפּיטעל פון דער געשיכטע איז געוואָרען אָפּגעשלאָסען. דער שווער־פּונקט האָט זיך איצט אַריבערגעטראָגען קיין דייטשלאַנד, וואו איך בין אַוועקגעפאָרען אויף צוגרייטען די יציאת־דייטשלאַנד פון דער ערשטער גרופּע געראַטעוועטע אידישע קינדער.

* * *

איך בין אָנגעקומען אין בערלין דעם 12־טען אָקטאָבער און געהאַט אין דער טאַש, חוץ דעם אָפיציעלען בריף פון פראַנצויזישען אויסערן־מיניס־טעריום אויך אַ וואַרימע רעקאָמענדאַציע פון דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין פּאַריז צו ראָבערט מורפי, דעם פּאָליטישען ראַטגעבער ביי דער אַמע־ריקאַנער מיליטער־רעגירונג אין דייטשלאַנד.

AG/SD

Ministère des Affaires Etrangères

DIRECTION DES CONVENTIONS ADMINISTRATIVES

C.A.1

RÉPUBLIQUE FRANÇAISE

Paris, le 11 OCT 1945 193

Le Ministère des Affaires Etrangères a l'honneur de recommander à la bienveillante attention de Monsieur le Colonel de MADIERES la requête formulée par l'Union des Rabbins orthodoxes des Etats-Unis et du Canada visant à la sortie d'Allemagne de 500 jeunes israélites accompagnés de 50 éducateurs.

Le Ministère des Affaires Etrangères ajoute que le Ministère de l'Intérieur, consulté par ses soins, n'a pas formulé d'objection quant à l'introduction en France des personnes dont il s'agit

Pour le Ministre et par autorisation
Le Ministre Plénipotentiaire
Directeur
des Conventions Administratives

Docteur Isaac LEWIN

די באַוויליגונג פון פראַנצויזישן אויסערן־מיניסטעריום אַריינצוברענגען 500 קינדער און 50 מחנכים פון די דייטשע לאַגערען קיין פראַנקרייך.

מיט דער הילף פון ראָבערט מוירפי׳ס אָפיס איז דער ענין געגאַנגען אין בערלין גאַנץ שנעל. שוין דעם 16־טען אָקטאָבער האָב איך געהאַט אין דער האַנד די פאָרמעלע וויזע פאַר 500 קינדער און 50 מחנכים, וואָס איז אונטערגעשריבען געוואָרען דורך קאָלאָנעל מאַדיער, דעם פראַנצויזישען דעלעגאַט אין „פאַראייניגטע רייזע זיכערהייטס־ביוראָ״. דעמזעלבען טאָג האָב איך באַקומען אַ בריף פון הויפּט־קאָמענדאַנט פון די פראַנצויזישע כחות אין דייטשלאַנד, אין וועלכען ער האָט אויסגעדריקט זיין הסכם צום אַריבערנעמען קיין פראַנקרייך פון 500 קינדער (ער האָט צוגעגעבען: אין עלטער ביז 20 יאָהר) מיט 50 מחנכים *). אַ טאָג שפּעטער האָט קאָלאָנעל מעסעק, דער שעף פון

*) אַ פאָטאָסטאַט פוןביידע דאָקומענטען געפינט זיך אויף זייט 10.

דער אָפּטיילונג פאַר מלחמה־געפאַנגענע און „דיספּלעיסד פּוירסאָנס״ ביי דער אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג, מיר געגעבען אַ שריפטליכע הסכמה צו אָרגאַניזירען די אויסרייזע פון 400 קינדער און אַן אַנטשפּרעכענדע צאָהל מחנכים פון דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד (100 קינדער האָב איך רעזערווירט פאַר דער ענגלישער זאָנע).

OFFICE OF MILITARY GOVERNMENT FOR GERMANY (U. S.)
PRISONER OF WAR AND DISPLACED PERSONS
DIVISION
APO 742

17 October 1945

TO WHOM IT MAY CONCERN:-

Dr. Isaac Lewin, representative of the Union of Orothodox Rabbis of the United States and Canada, holds a letter from the French Ministry of Foreign Affairs, dated 11 October 1945, and is authorized to arrange and organize the movement of approximately 400 Jewis minors and a small number of adult teachers from the U. S. Zone, subject to coordination with local Military Government Authorities, and UNRRA.

This courtesy extends to the authorized deputy of Dr. Isaac Lewin.

For the Division Director:

Harry S Messec

HARRY S. MESSEC,
Lt Col FA,
A/Executive.

בריף פון אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג וועגען אָרגאַניזירען דעם אַרויספאָהר פון די 500 קינדער.

אין בערלין האָב איך זיך געטראָפען מיט מיין צווייטען חבר אין דער רעהאַביליטאַציע־מיסיע פון דער אגודת הרבנים, אדוו. זרח וואַרהאַפטיג, וואָס איז געקומען פון פראַנקפורט, (וואוהין ער איז פריהער אוועקגעפאָרען, כדי אויסצוגעפינען אַ טראַנספּאָרט שפּייז, וועלכען דער „ועד ההצלה״ האָט געהאַט געשיקט קיין דייטשלאַנד און וועלכער איז ערגעץ פאַרשוואונדען). אדוו. וואַר־האַפטיג האָט מיר דערצעהלט פון אַ נישט איבעריג פריינדליכען ברוך הבא, וואָס ער האָט באַקומען ביי דער דייטשער צענטראַלע פון דער „אונרא״. אַ סימן, אַז די „אונרא״ וועט נישט זיין צופיל באַגייסטערט פון פּראָיעקט האָב איך אויך

געהאַט אין בערלין. בשעת קאָל. מעסעק האָט מיר געדאַרפט אַרויסגעבען זיין באַוויליגונג, איז אין לעצטען מאָמענט געוואָרען עפעס אַן אָפּהאַלט. איך האָב אַ לענגערע ווייל געוואַרט אין מעסעק׳ס אָפיס, און דאַן האָט מיך דער אָפיציר אַריינגערופען צו זיך און געזאָגט, אַז ער קען מיר דעם שוין אויסגעפאַרטיגטען אַקט נישט איבערגעבען, ווייל איך מוז פריהער פאַרזיכערען די הסכמה פון דער „אונרא״ אין פראַנקפורט פאַר דער אונטערנעמונג.

איך האָב שאַרף אָפּאָנירט געגען אַזאַ פאַרשלעפען דעם ענין. שליסליך האָבען מיר זיך געאייניגט, אַז אין דער שוין אויסגעשטעלטער באַוויליגונג, וואו עס איז געשטאַנען, אַז „ד״ר לעווין איז באַרעכטיגט... צו אָרגאַניזירען די אויסרייזע סון 400 אידישע קינדער מיט זייערע לעהרער פון דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, ביי אַ קאָאָרדינירונג מיט די לאָקאַלע אָרגאַנען פון דער מיליטער־רעגירונג״ — זאָל מען צושרייבען נאָך צוויי ווערטער: „און אונרא״. אויף דעם אופן איז געוואָרען באַוואָרענט, אַז מען וועט מוזען דעם פּראָיעקט אין זיין לעצטען סטאַדיום נאָך אונטערוואַרפען דער קאָנטראָל פון דער „אונראַ״. איך האָב דאָס אַליין פאָרגעשלאָגען דעם קאָל. מעסעק, ווייל די נויטיגקייט צו פאַרזיכערען די מיטאַרבייט פון „אונראַ״ איז ביי מיר געווען זעלבסטפאַרשטענדליך אויך אָהן דעם תנאי אין דער באַוויליגונג. איך האָב אָבער נישט געוואָלט, אַז עס זאָל שפּעטער זיין נאָכאַמאָל נויטיג צו באַקומען די אויסרייזע־באַוויליגונג אין בערלין. אָבער דער פּלוצימדיגער אָפּהאַלט אין אָפיס פון קאָל. מעסעק (וואָס איז געווען פאַראורזאַכט, ווי איך האָב זיך דערוואוסט, דורך אַ טעלעפאָן־געשפּרעך מיט פראַנקפורט) האָט מיר געגעבען אַ פאָרגעפיהל, אַז מצד דער „אונרא״ וואַרט אונז נאָך אַ נישט־קשה׳דיגע שטערונג.

צוזאַמען מיט אַדוו. וואַרהאַפטיג זיינען מיר דעם 21־טען אָקטאָבער געפלויגען קיין פראַנקפורט און זיך באַלד אָנגעמאָלדען ביי קאָל. שאָטלאַנד און מיס פאָלאַק, וועלכע האָבען אין דער „אונראַ״־צענטראַלע (איהר רעזידענץ איז געווען אין שטעדטעל העכסט ביי פראַנקפורט) געהאַט דעם רעפעראַט פון „רעליף סערוויסעס״. מיר האָבען דעם 22־טען אָקטאָבער צוגעגרייט אַ מעמאָראַנדום וועגען גאַנצען ענין און צוגעלייגט קאָפּיעס פון די וויזען און באַשטעטיגונגען. שוין דעם 24־טען אָקטאָבער האָט קאָל. שאָטלאַנד געגעבען שריפטליך זיין הסכמה, שטעלענדיג דאַביי פיר באַדינגונגען, וואָס זיינען געווען סאַי לאָגיש סאַי גערעכט: 1) אז עס זאָל נישט ווערען באַנוצט קיין דרוק אויף די קינדער און זייערע באַגלייטער, נור יעדער זאָל זיך קענען פריי אַנטשליסען צי ער וויל פאָהרען; 2) אַז מען זאָל פריער מודיע זיין יעדען איינעם פון דער גרופּע וועגען דער רעליגיעזער ערציהונג, וואָס איז געפּלאַנט אונטער דער אויפזיכט פון אַגודת הרבנים; 3) אַז קיינער זאָל נישט ווערען אַרויסגענומען פון דייטשלאַנד איידער אַלע דאָקומענטען, וואָס „אונראַ״ וועט געפינען פאַר

נויטיג צונויפצושטעלען, וועלען ווערען אויסגעפּאַרטיגט, כדי די קרובים זאָ־לען קענען זיך אַמאָל דערוויסען, וואו די קינדער געפינען זיך; 4) אַז מען זאָל נישט צוברעכען פאַמיליעס, ד. ה. נישט סעפּאַרירען ברידער פון שוועסטער, נאָר נעמען אַלע געשוויסטער צוזאַמען.

מיר האָבען, נאָכ׳ן דערהאַלטען דעם אָפיציעלען בריף פון קאָל. שאַט־לאַנד אין נאָמען פון „אונרא״, געגלויבט, אז די זאַך איז שוין דעפיניטיוו גינסטיג ערלעדיגט און זיך גענומען צו די טעכנישע פּרטים, ווי די לעצטע אויסוואַהל פון די קינדער.

אָבער קוים פינף טעג שפּעטער, דעם 29־טען אָקטאָבער, איז אונז צוגע־שטעלט געוואָרען אַ ווייטערער בריף פון „אונרא״, וואָס האָט איבערגעדרעהט דעם גאַנצען עסק. אין יענעם צווייטען בריף, וואָס איז געווען אונטערגעשרי־בען דורך מיס פּאָלאַק אין נאָמען פון גענעראַל מאָרגאַן, דעם שעף פון „אונרא״ אין דייטשלאַנד, האָט מען אונז געפרעגט צעהן קאָמפּליצירטע קשיות, דאַ־רונטער אַזעלכע, וואָס עס איז בשום אופן נישט מעגליך געווען אויף זיי צו ענטפערען. אָנגעהויבען האָט זיך פון דער שאלה, וויפיל געלד במזומן האָבען מיר אויף דעם צוועק אין פראַנקרייך? דאַן האָט די „אונרא״ געוואָלט וויסען, וואָס וועט קאָסטען יעדען חודש די דורכפיהרונג פון פּראָיעקט, וויאַזוי עס איז געזאָרגט געוואָרען פאַר׳ן אויפנעמען די קינדער אין פראַנקרייך און פאַר׳ן צושטעלען פון קליידער, בעטען, שול־מאַטעריאַל, דאָקטוירים, דענטיסטען א. א. וו. אַ ווייטערע שאלה איז געווען צי מיר האָבען אַן אָפּמאַך מיט די פראַנצויזישע מאַכט־אָרגאַנען וועגען באַנוצען פראַנצויזישע שפּיטעלער און טובערקלאָז־אַנשטאַלטען און אויב נישט, וואָס מיר וועלען טאָן אויב אַ קינד וועט קראַנק ווערען? דאַן האָט מען געוואָלט וויסען, צי די פראַנצויזישע רעגי־רונג האָט אונז ערלויבט — ווייל עס איז דאָך נישטאָ גענוג עסען אין פראַנק־רייך — צו קויפען שפּייז אין לאַנד און וואָס וועט מען טאָן, אויב מען וועט דאַרפען מעהר שפּייז ווי די געוועהנליכע ראַציעס? צי האָט די אגודת הרבנים וועלכע זאַפּאַסען פון שפּייז, אויב יאָ — דאַן וואו געפינען זיי זיך; אויב נישט — דאַן ווען און אין וועלכע קוואַנטיטעטען קענען זיי ווערען צוגעשטעלט?

ווייטער איז געקומען אַ פראַגע: צי וועט די פראַנצויזישע רעגירונג איבערנעמען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם לעגאַלען שוץ פון די קינ־דער בשעת זיי וועלען זיין אין פראַנקרייך? און ווייטער: צי איז די באַוויליגונג אויף אַריינצוקומען אין לאַנד געגעבען געוואָרען בתנאי אַז אַ טייל פון די קינ־דער זאָל ווערען אַרויסגעפיהרט פון פראַנקרייך במשך די ערשטע זעקס חדשים?

צום סוף האָט די „אונרא״ געוואָלט האָבען די „פולסטע אינפאָרמאַציע״ וועגען די פּלענער פון אגודת הרבנים בנוגע דעם דעפיניטיווען באַזעצען די

UNRRA
CENTRAL HEADQUARTERS FOR GERMANY
APO 757 US ARMY

24 October 1945

TO: The Union of Orthodox Rabbis of the United States and Canada.

SUBJECT: Offer of care for 500 young persons and 50 teachers.

1) Your letter of 22 October 1945 has reference.

2) This Headquarters understands that the offer of the Union of Orthodox Rabbis of the U.S. and Canada to provide care for 500 young persons and 50 teachers in France, will be subject to specific details being agreed upon with the Zone Directors of UNRRA as to the individuals to be moved.

3) The Intergovernmental Committee on Refugees in Paris has been contacted regarding its assumption of general supervision of the project.

4) It must, however, be stressed that the actual preparation for the move and the selection of the young persons and the teachers must be carried out in each Zone, under the general direction of each UNRRA Zone Director. The following essential conditions must be observed:

(a) that those eligible for inclusion in the move be permitted full and free choice in participating in this move and that no direct or indirect pressure be exercised so as to influence their decision,
(b) that they be fully advised of the nature of the religious and general education proposed under auspices of the Union of Orthodox Rabbis of the U.S. and Canada, and any long term obligations and responsibilities that this may involve for the individual concerned,
(c) that no persons be moved out of Germany until documentation considered adequate by UNRRA be completed, in order to afford the possibility of tracing next of kin through the Central Tracing Unit,
(d) that in the selection of young persons no existing families be broken - i.e., separation of brothers and sisters.

C. I. Schottland
Charles I. Schottland,
Asst. Director (Relief Services)

---

UNRRA
CENTRAL HEADQUARTERS FOR GERMANY
APO 757 OR BAOR

29 October 1945

TO: The Union of Orthodox Rabbis of the United States and Canada.

Further to your letter of 22nd October (particular reference paragraph 4) the following information is urgently required in considering the proposals you have submitted:

1) What are the financial resources of the Union of Orthodox Rabbis specifically available to undertake this project -

(a) immediate cash resources and if available in France or can be transferred to France -

(b) continuing contributions and donations for the ensuing year.

2) What are the monthly estimated costs of operating the project (rent, food, clothing, medical care, recreation, staff etc)

3) What accommodation facilities are available for the 500 adolescents and 50 teachers?

4) Have provisions been made for supplies of clothing, bedding, blankets, school and recreational materials?

5) What medical facilities will be available to the group, Doctors, dentists, etc.

6) (i) Have any arrangements been made with French authorities for use of French hospitals, for all cases requiring hospitalisation?

(ii) If French general or specialised hospitals should not prove available what programme of medical care is proposed?

(iii) Has any agreement been reached with French authorities for using T.B. hospitals and institutions, should this prove necessary?

---

The Union of Orthodox Rabbis of the U.S. and Canada. -2- 29th October 1945

7) (i) In view of the known food shortages in France has French Government agreed to purchase of supplies of foodstuffs similar to that available to existing institutions?

(ii) Have any authorities been granted for procurement of supplementary foodstuffs (above ration scale) for special cases (malnutrition cases etc.)

(iii) Has the Union of Orthodox Rabbis any special food supplies of its own to supplement what is available from the French approved ration scale?
If so, are these supplies readily available in France?
If not, in what quantities and when could they be supplied?

8) Will the French Government assume the responsibility of legal protection of minors while on French territory?

9) Is the French Government consent to the entry of the group conditional upon the movement out of France of a specific number within the first six months?

10) (i) Could you furnish the fullest information on the resettlement plans of the Union of Orthodox Rabbis?

ii) Is there any agreement with the Jewish Agency to furnish special consideration and priority certificates to members of this group for immigration to Palestine?
Are there any other resettlement opportunities for members of this group? If so, within which period is it anticipated that such members can be resettled?

Your early attention and reply to this letter would be appreciated.

HPollak
Charles I. Schottland,
Asst. Director (Relief Services)
for
Lt-General Sir Frederick Morgan, K.C.B.,
Chief of Operations, Germany.

די צוויי סתירה'דיגע בריף פון „אונרא" וועגן דער באַוויליגונג.

קינדער אין אַנדערע לענדער און אויך צי עס איז פאַראַן אַן אָפּמאַך מיט דער אידישער אַגענטור וועגען געבען אַ קדימה פאַר סערטיפיקאַטען קיין ארץ ישראל פאַר דער דאָזיגער גרופע, און אויב נישט קיין ארץ־ישראל — וואו און במשך וועלכער צייט וועט מען זיי לאָזען עמיגרירען פון פראַנקרייך?

איבערלעזענדיג די דאָזיגע מגילה און זעהענדיג די אַלע שאלות, פון וועלכע אַ טייל האָט געפאָדערט, כדי מען זאָל זיי קענען פאַרענטפערען, צו זיין כאָטש אַ מיטגליד פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, האָב איך תיכף דערקענט, אַז די „אונרא" האָט באַשלאָסען דעם פּראָיעקט צו שטערען. צום גליק האָב איך זיך אין בערלין פאַרזאָרגט מיט רעקאָמענדאַציעס פון אָפּיס פון פּאַליטישען ראַטגעבער מורפי צום זעלבען אָפּיס אין פראַנקפורט. דער בריף האָט עושה רושם געווען. עס האָט אויך צוגעהאָלפען דער אידישער ראַטגעבער ביי דער אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג, ריכטער שמעון ריפקינד. דער ענין איז אָנגעקומען צום שעף פון „אונרא" אין דייטשלאַנד, גענעראַל מאָרגאַן, און נאָך אַ פּאָר טעג וואַרטען אויף אונזער תשובה, האָט מיס פּאָלאַק איינגעלאַדען מיך און אַדוו. וואַרהאַפטיג און געפרעגט, פאַרוואָס מיר גיבען נישט קיין ענט־פער אויף די 10 קשיות. מיר האָבען געזאָגט, אַז דער בריף איז אַזוי סטילי־זירט אַלס אויסרייד אויף מבטל צו מאַכען דעם גאַנצען ענין, אַז עס איז אויף איהם פּשוט נישטאָ וואָס צו ענטפערען. דאַן האָט זי אונז דערקלעהרט, אַז מיר קענען ווייטער מאַכען די הכנות אויף אַריבערצופירען די קינדער, ווייל די „אונרא" וועט קאָאָפּערירען.

אויך די לעצטע, ווי עס האָט אויסגעוויזען, שטערונג איז אַלזאָ געוואָרען באַזייטיגט. אָבער ווען מיר האָבען, נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון דער „אונרא", זיך גענומען צום אויפזוכען די קינדער און צוזאַמענשטעלען דעם טראַנספּאָרט, איז פּלוצים נולד געוואָרען עפּעס נייעס.

* * *

מיר זיינען אַרויסגעפאָהרען קיין מינכען, וואו עס איז געווען דער זיץ פון „צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע אידען". אין שכנות פון מינכען האָבען זיך געפונען די גרעסטע לאַגערען, פון וואַנען מיר האָבען געדאַרפט אַרויסנעמען די קינדער.

אין מינכען האָט אונז די פאַרבינדונגס־שטעלע פון דער „אונרא" אַנט־קעגענגעבראַכט, באַלד ווי מיר האָבען נאָר באַוויזען אָנצוקניפען דעם ערשטען קאָנטאַקט, אַ בשורה: דער „צענטראַל־קאָמיטעט", וועלכער האָט שוין געהאַט געהערט פון אונזער אַקציע, האָט באַשלאָסען נישט צו דערלאָזען צום אַרויס־פאָרען פון די קינדער קיין פראַנקרייך. די באַפרייטע אידען, האָט מען אונז געזאָגט, זעהען פאַר זיך נאָר איין מעגליכקייט פון עמיגראַציע: קיין ארץ־

ישראל. אין אונזערע שמועסן מיט די פיהרער פון „צענטראל־קאָמיטעט" האָבען זיי אונז אָט דעם שטאַנדפּונקט און באַשלוס באַשטעטיגט.

מיר האָבען דאַן פאַרלאַנגט פון „אונרא"־אָפיס אין מינכען, אַז עס זאָל צו־זאַמענגערופען ווערען אַ בשותפות׳דיגע באַראַטונג פון פאַרשטעהער פון דער מיליטער־רעגירונג, „אונראַ", „דזשאָינט", צענטראַל־קאָמיטעט פון באַפרייטע אידען, מיט דער דעלעגאַציע פון אגודת הרבנים, כדי דעם ענין ענדגילטיג צו ערלעדיגען.

ביים אָנפאַנג פון דער זיצונג האָט גענומען דאָס וואָרט דער פאָרזיצער פון צענטראַל־קאָמיטעט, ד"ר גרינבערג. ער האָט ערקלערט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט האָט נאָך דעם 14־טען אָקטאָבער זיך באַראַטען וועגען דעם ענין און געקומען צום באַשלוס, אַז ווייטערדיגע צווישען־עטאַפּען אויפ׳ן וועג פון די קרעמאַטאָריעס און גאַז־קאַמערען וועלען נישט דערלאָזט ווערען. אָדער די קינדער וועלען געהן דאָרט וואו זיי דאַרפען און האָבען דאָס רעכט צו געהן: קיין ארץ־ישראל, אָדער זיי וועלען בלייבען אין די לאַגערען. אויב מען וועט זיי וועלען נעמען מיט געוואַלט, דאַן וועט די שארית הפליטה קעמפען.

ד"ר גרינבערג האָט דאַן פאָרגעלייענט דעם פאָלגענדען דאָקומענט:

„רעזאָלוציע פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע אידען אין דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־זאָנע וועגען דעם פאַרלאַנג פון אגודת הרבנים אין אַמעריקע און קאַנאַדע צו ברענגען 500 קינדער און 50 מחנכים קיין פראַנקרייך, פון וואַנען זיי דאַרפען עמיגרירען אין אַנדערע לענדער.

„שטיצענדיג זיך אויף אַ רעזאָלוציע, וואָס איז באַשלאָסען געוואָרען ביי אַ זיצונג פון ראַט פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע אידען אין דער אַמעריקאַנער אָקופּאַציע זאָנע דעם 14־טען אָקטאָבער 1945, גיבען מיר באַקאַנט דער וועלט אָט וואָס:

„די שארית הפליטה וויל נישט פאַרזעצען איר גלות־וועג אַלס געסט אין פרעמדע לענדער טראָץ דעם גרויסען באַגעהר צו פאַרלאָזען אַזוי שנעל ווי מעגליך דעם בלוטיגען באָדען פון דייטשלאַנד.

„די לעצטע סטאַציע פון אונזער יסורים־וועג איז מחוץ די גראַטעס פון די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערען און גאַז־קאַמערען. מיר וועלען דאָ וואַרטען מיט אַ פאַרביטערטער אויסדויער ביז די טויערען פון אונזער אַלט־נייעם היים־לאַנד וועלען זיך ווייט עפענען פאַר דעם רעשט פון אייראָפּעאישען אידענטום, ווייל נאָר דאָרט קענען מיר געפינען אַ פּערמאַנענטע היים פאַר אונז און פאַר די קומענדיגע דורות און נאָר אין דער אַטמאָספערע קענען די נאָך ווייט געעפענטע און בלוטיגע וואונדען ווערען געהיילט.

„מיר ערקלערען, אַז מיר וועלען זיך נישט לאָזען שטופען פון איין לאַנד צום צווייטען און אַז מיר האָבען באַשלאָסען צו פאַרבלייבען אין די לאַגערען אין דייטשלאַנד ביז דאָס געוויסען פון דער וועלט וועט שליסליך עפענען די טויערען פון ארץ־ישראל.

מיר אַנטזאַגען זיך צו שיקען די 500 קינדער און 50 מחנכים קיין פראַנקרייך".

נאָכדעם ווי ד״ר גרינבערג האָט געענדיגט צו לעזען זיין דעקלאַראַציע, האָט דער פאָרזיצער, אַ פאָרשטעהער פון דער אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג, געפרעגט צי מיר, די דעלעגאַטען פון אַגודת הרבנים, האָבען עפּעס צו זאָגען.

איך האָב דאָן ערקלערט:

— „נאָכ׳ן איבערקומען די גרעסטע שוועריגקייטען, בין איך מיט מיין חבר וואָרהאַפטיג געקומען נעמען די 500 אידישע קינדער, כדי צו פאַרבעסערען זייער שרעקליכע לאַגע, און זיי אַריבערפיהרען אין די צייטווייליגע היימען אין פראַנקרייך, וואָס זיינען צוגעגרייט געוואָרען. די קינדער פאַרדינען זיכער, נאָך די אונמענשליכע צרות, וואָס זיי האָבען דורכגעמאַכט, אַ שטיקעל אָפּרוה.

CENTRAL COMMITTEE OF LIBERATED JEWS
IN BAVARIA

Muncih,7.Nov.1945
Sieberstr,3

The resolution of the Central Commitee of Liberated Jews in the American Occupied Zone with regard to the demand of the UNION OF ORTHODOX RABBIS OF UNITED STATES AND CANADA to bring 5oo children and 5o educators to France from where they are intending to emigrate to other countries.

Resting upon the resolution which was passed at the meeting of the council of the Central Committee of Liberated Jews in the American Occupied Zone on 14,Oct.1945 we inform the world as following:

The Snarit Ha-Platah (Remnant of Israel) is not willing to continue his Galut-Way (Diaspora) as guests at strange countries in spite of the longing desire to leave as quick as possible the bloody earth of Germany.

The last station of our suffering way is behind the grates of Concentration Camps and behind the iron gates of Crematories and gas-chambers.We shall wait here with anbittered endurance until the gates of our old-new homeland will open wide to let emigrate the remainder of European Jewry,for only there can we find a permanent home for us and for the coming generations and only in that atmosphere could the still wide and bloody wounds healed.

We declare that we will not allow ourselves to be pushed from one country to an other and that we have decided to remain in the Camps of Germany until the councience of the world will at last open the gates of E R E Z I S R A E L.

We refuse to send the 5oo children and the 5o educators to France.



CENTRAL COMMITTEE

CENTRAL COMMITTEE OF LIBERATED JEWS
IN BAVARIA

München,den 7.Nov.1945.
Siebertstr.3

Resolution des Zentral Komitee's der befreiten Juden in der Amerikanischen Besatzungszone hinsichtlich der Forderung des Wand Hcazala,Emergency Committee,New York 132 Nassau St. 500 Kinder und 5o Erzieher für 6 Monate nach Frankreich zu bringen,won wo aus sie angeblich in andere Länder emigrieren sollen.

Sie stützend auf die Resolution,welche bei der letzten Sitzung am 14.Oktober 1945 des Rates der befreiten Juden in der Amerikanischen Besatzungszone gefasst wurde,teilen wir der Weltöffentlichkeit folgendes mit:

Die SHARITH HA-PLATAH (Remnant of Israel) in Europa ist nicht gewillt,trotz des schnsüchtigen Wunsches so schnell als möglich den blutigen Boden Deutschlands zu verlasseb,ihren Galut-Weg(Diaspora) weiter durch Wirtsvölker als Gastvolk mit dem Wanderstab in der Hand fortzusetzen.

Die letzte Station unseres Leidensweges befindet sich hinter den Gittern der Konzentrationslager und hinter den eisernen Toren der Krematorien und Gas-Kammern. Wir werden hier nicht mit verbitterter Ausdauer warten bis die Tore unserer Alt-neuen Heimat weit und breit geöffnet werden,damit der kleine Rest der Europäischen Judenheit dorthin frei einwandern können,denn nur dort können wir eine standige Heimatstatte für uns und kommende Generationen finden und nur in jener Atmosphäre können die noch jetzt weit klaffenden und blutenden Wunden vernarben.

Daher erklären wir,dass wir es nicht zulassen,weiter von ein Land ins andere geschoben zu werden und dass wir kategorisch entschlossen sind,so lange in den Lagern Deutschlands zu verbleiben,bis das Weltgewissen eventuell doch die Tore vom E R E Z I S R A E L öffnet.

Wir lehnen es daher ab die 500 Kinder und 5o Erzieher nach Frankreich zu senden

CENTRAL COMMITTEE



דער ענגלישער און דייטשער טעקסט פון דער רעזאָלוציע פון „צענטראַל־קאָמיטעט״ וועגען אָפּוואַרפען די באַוויליגונג וועגען אַרויספיהרען די 500 קינדער קיין פראַנקרייך.

אָבער נישט דער אגודת הרבנים און נישט אונז, אַלס איהרע שלוחים, איז איינגעפאַלען צו שטערען דער שארית הפליטה אין איהר גערעכטען קאַמף פאַר עפענען די טויערען פון ארץ־ישראל פאַר אַלע ליידענדע אידען.

איך פאַרשטעה די געפיהלען פון דער שארית הפליטה און פאַרבייג זיך מיט יראת הכבוד פאַר דער מסירת־נפש און העראָאיזם, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין באַשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט.

מיר ווילען די קינדער נישט נעמען און האָפען, אַז באַלד וועלען זיי צו־זאַמען מיט דער גאַנצער שארית הפליטה געפינען זייער וועג דירעקט אין הייליגען לאַנד פון אונזערע אבות, ארץ ישראל״.

---

# האָלאַנד

## 1

### ביי די רעשטלעך פון אידען אין אַמסטערדאַם

אַמסטערדאַם, 10־טען סעפּטעמבער, 1945.

האָלאַנד איז געווען די לעצטע מדינה אין אייראָפּע באַפרייט צו ווערען פון נאַצי־יאָך. אויסער אַ קליין שטיקעל לאַנד, וואָס די אַליאירטע האָבען געהאַט אַרויסגעריסען פון דער היטלער־בעסטיע מיט חדשים פאַר דער קאַפּיטולאַציע פון דייטשלאַנד, האָט גאַנץ האָלאַנד געמוזט וואַרטען ביז׳ן חודש מאַי 1945, כדי צו קענען פריי אָפּעטעמען.

אָט דעם פאַקט קען מען דאָ דערקענען אויף יעדען שריט. ווען איך בין נאָך אַרויס פון קליינעם „ר. ע. ף.״־ענסאָן־עראָפּלאַן אויפ׳ן האָאַגער פליה־פּלאַץ, וואָס האָט מיך געבראַכט פון בריסעל קיין האָלאַנד, האָט זיך תיכף גע־וואָרפען אין די אויגען דער חילוק צווישען בעלגיע און האָלאַנד. בעלגיע, גע־ניסט שוין אַ יאָהר אַלע פּריווילעגיעס פון פרייהייט און מאַכט דעריבער דעם איינדרוק פון אַ האַלבוועגס נאָרמאַל־לעבענדער מלוכה. האָלאַנד איז נאָך אינ־גאַנצען אויף אַ מלחמה׳דיגען פוס. די שוי־פענסטער אין האַאַג, צו אַמסטערדאַם זיינען ליידיג. מען באַקומט גאָרנישט. אַלץ איז שטרענג ראַציאָנירט: אפילו פרישע פירות און גרינס קען מען באַקומען נאָר אויף באָנס (פּאָינטס). די

באַפעלקערונג לעבט נאָך אונטער׳ן רושם פון דער נאַצישער אָקופּאַציע, וואָס איז ערשט מיט עטליכע חדשים צוריק פאַרענדיגט געוואָרען.

און אויב דאָס קען געזאָגט ווערען פון דער גאַנצער האָלענדישער באַפעלקערונג בכלל, טאָ על אחת כמה וכמה איז עס נוגע די אידען.

וויפיל אידען זיינען היינט דאָ אין האָלאַנד? אַ גענויע רעגיסטראַציע וואָס איז לעצטענס דורכגעפיהרט געוואָרען אין אַמסטערדאַם, ווייזט אויף איבער 21 טויזענט נעמען. דערביי זיינען נאָך אַ סך אידען נישט רעגיסטרירט געוואָרען. מען קען, ווי מיר דוכט זיך, דאַריבער אָננעמען, אַז פון די אַמאָליגע 130 טויזענט אידען אין האָלאַנד, זיינען פאַרבליבען אַן ערך דרייסיג טויזענט.

דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען יענע, וואָס האָבען זיך, לויט דער פּאָפּולערער באַצייכנונג דאָ, „אונטערגעטויכט״, ד. ה. האָבען זיך באַהאַלטען ביי גוים. ווען אַמסטערדאַם איז פון די נאַציס געוואָרען ערקלערט אַלס „אידענריין״, האָבען פונדעסטוועגען נאָך אַ היפּשע צאָהל אידען געוואוינט אין שטאָדט אויף די בוידעמס און קעלערען אונטער דער נאָז פון די „גרינע״ (אַזוי האָט מען דאָ גערופען די נאַצישע ס. ס.־מענער). נאַטירליך איז דאָס ניט געווען אין קיין שום פאַרהעלטעניש צו דער פאַר־מלחמה׳דיגער צאָהל פון די אידען אין אַמסטערדאַם (איבער 70 טויזענט), אָבער פונדעסטוועגען איז געלונגען עטליכע טויזענט מענשען זיך אויף אַן אָרט אויסצובאַהאַלטען. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין אַ רייהע אַנדערע האָלענדישע שטעדט. דערביי ווערען איבערגעגעבען ריהרענדע פאַקטען פון מסירת־נפש מצד האָלענדישע פאַמיליעס, וועלכע האָבען זיך איינגעשטעלט דאָס לעבען אָפט אָהן שום באַצאָהלונג, כדי צו ראַטעווען אידישע משפחות און זיי באַדינט און פאַרזאָרגט דורך לאַנגע חדשים מיט עסען (הגם אין האָלאַנד איז אין די לעצטע יאָהרען געווען ממש אַ הונגער). ווען אַ רעליגיעזער איד איז „אונטערגעטויכט״ געוואָרען, האָט איהם די האָלענדישע פאַמיליע זיך באַמיהט צו דערמעגליכען אפילו כשר צו עסען; מען האָט פאַר איהם געקאָכט אין באַזונדערע כלים א. אַ. וו. אַזעלכע פאַקטען האָב איך געהערט ניט בלויז פון היינטיגען אַמסטערדאַמער רב הכולל טאַל, (וואָס איז געווען אויסבאַהאַלטען ביי אַ פּראָפעסאָר), נאָר פון אַ גאַנצער רייהע אידען, וואָס האָבען נישט געהאַט גענוג ווערטער כדי אויסצולויבען זייערע רעטער. פאַר פילע אידען האָט באַצאָהלט די האָלענדישע „אַנדערגרונד״־באַוועגונג, כדי זיי זאָלען קענען איבערהאַלטען די שווערע צייט.

חוץ די „אונטערגעטויכטע״, וואָס האָבען זיך צוריק באַוויזען, זיינען צוריקגעקומען עטליכע טויזענט אידען פון די קעמפּס אין וועסטערבאָרק, בעלזען־בערגען א. אַ. דאָס איז היינט־צו־טאָג דאָס האָלענדישע אידענטום.

עס פעהלען די אידען, וואָס האָבען ביז צו דער מלחמה אָנגעפיהרט מיט׳ן

כּלל־לעבען. נישטאָ די אַמאָליגע רבנים און קהלה־פיהרער. דער אַמסטער־דאַמער רב ראשי סאַרלואי, איז געוואָרען „גענומען" באַלד אין אָנפאַנג, ווען די „ראַציאַ׳ס" האָבען זיך אָנגעהויבען, אין יולי, 1942, און פאַרשיקט מיט זיין גאַנצער משפחה ערגיץ־וואו. מען האָט זיך פאַר איהם נאַטירליך משתדל געווען, כּדי איהם צו באַפרייען, אָבער עס איז געווען אונמעגליך, ווייל זיין אַקט איז געוואָרען באַצייכענט אַלס „ס.־פאַל" (דאָס האָט געהייסען אַ שטראָף פאַל) צוליב דעם, וואָס מען האָט איהם חושד געווען אַז ער וויל אַנטלויפען. דאַגעגען עטליכע פון די אַמאָליגע פיהרער פון „אידען־ראַט" אין אַמסטערדאַם זיינען געבליבען, אָבער זיי זיינען קאָמפּראָמיטירט. מען קען זיי דאָ נישט מוחל זיין, פאַרוואָס זיי האָבען געליפערט די נאַציס אַלע אַדרעסען פון די אידען, אנשטאָט צו פאַרניכטען די רעגיסטערס און אויפצופאָדערען די אידען אַז זיי זאָלען זיך היטען.

מיט׳ן אידישען לעבען פיהרט היינט אָן אַ קערפּערשאַפט, וואָס ווערט גערופען מיט ראשי תיבות י. ק. ק., וואָס מיינט: „אידישע קאָאָרדינאַציע קאָמיסיע", דאָס איז אַ מין אידישער נאַציאָנאַל־ראַט, צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרשיידענע גרופען־רעפּרעזענטאַנטען, וואָס איז אָנערקענט אַלס אידישע פאַרטרעטונג. די אידישע קהלה איז ביז פאַר קורצען אינגאַנצען נישט געווען טעטיג. היינט איז זי שוין אויפגעוואַכט. פון די אַמאָליגע דרייסיג פּרנסים זיינען 8 פאַרבליבען. און עס פאַנגט זיך שוין אָן אַ קאַמף וועגען דעם, ווער עס זאָל רעדען אין נאָמען פון דעם אַמסטערדאַמער (גלייכצייטיג אויך האָלענדישען) אידענטום: די קהלה, וועלכע האָט עס געטאָן פאַר דער מלחמה, אָדער די קאָאָרדינאציע־קאָמיסיע, וואָס איז פּאָפּולער ביי אידען, אָבער האָט נישט דעם פעסטען, געזעצליכען און היסטאָרישען יסוד פון דער קהלה. שווער צו זאָגען, ווי דאָס וועט זיך ענדיגען, דערוויייל איז שטאַרקער די קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע, וועלכע האָט די אונטערשטיצונג פון „דזשאָינט". אַלע געלדער פון דעם „דזשאָינט" געהען דערווייל דורך דער קאַסע פון דער קאָאָרדינאַציע־קאָמיסיע.

די שטעלונג פון דער האָלענדישער רעגירונג איז ביז איצט געווען אַ פריינדליכע צו די אידען, וואָס זיינען פאַרבליבען אָדער וואָס קומען צוריק. (הגם מען מאַכט, לויידער, אַ חילוק צווישען האָלענדישע און „פרעמדע"). אינטערעסאַנט איז צ. ב. אַזאַ מין פאַקט: באַלד ווי די גלות־רעגירונג איז צוריקגעקומען קיין האַאג, איז אַרויס אַ פאַראָרדנונג, וועלכע האָט אָפּגענומען די גילטיקייט פון די גרעסערע האָלענדישע באנקנאָטען פון 1,000 און 500 גולדען. דער צוועק פון דער פאַראָרדנונג איז געווען, כּדי די האָלענדישע נאַ־ציס, וואָס האָבען זיך באַזאָרגט מיט די דאָזיגע באַנקנאָטען, זאָלען זיי נישט קע־נען געברויכען (די באַנק־קאָנטען זייערע זיינען נאַטירליך געוואָרען בלאָקירט).

האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַ געוויסע צאָהל פון די „אונטערגעטויכטע" אידען האָט ביי זיך געהאַט אַזעלכע נאָטען. האָט מען דעריבער באַשטימט, אַז פון אידען וועט מען די דאָזיגע נאָטען ווייטער אָננעמען אין דער מלוכה־באַנק!

נישט קלאָר איז די שטעלונג פון דער האָלענדישער רעגירונג בנוגע די אידישע קינדער, וואָס זיינען געווען באַהאַלטען ביי נישט־אידען. די „אַנדערגרונד"־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט די קינדער אויסבאַהאַלטען און זיי געשטיצט אין דער שווערער צייט, די אַזוי־גערופענע „אָ. פּ. ק." (ראשי תיבות: („אָרלאָכס פּלעך קינדערען", ד. ה. מלחמה־פּלעגע פון קינדער), האַלט זיך פאַר׳ן אַפּוטרופּוס פון די יתומים (זייער צאָהל איז איבער 3,000). די קאָאָרדינאַציע קאָמיסיע האַלט, אַז זי דאַרף איבערנעמען די פאַרזאָרגונג און ערציהונג פון די קינדער. לויט׳ן האָלענדישען געזעץ דאַרף מען אין יעדען פאַל באַזונדער באַשטימען אַן אַפּוטרופּוס, און דער מנהג איז געווען ביז צו דער מלחמה, אַז פאַר אַ אידיש קינד האָט מען באַשטימט אַ אידישען אַפּוט־רופּוס. וואָס וועט איצט געשעהן, איז דערוויל ניט באַוואוסט, און דאָס איז די גרעסטע זאָרג פון האָלענדישען אידענטום ביים היינטיגען טאָג.

ווייל עס געהט וועגען דער צוקונפט פון האָלענדישען אידישען ציבור. די צאָהל פאַרבליבענע קינדער, אויסער די וואָס געפינען זיך נאָך היינט אין רשות פון דער „א. פ. ק.", איז אַ קליינע. קיין תלמוד־תורה איז דערוויל נישטאָ. די 3,000 קינדער קענען ראַטעווען די צוקונפט.

דערוויל איז די שטימונג אַ געדריקטע. ווען איך האָב איןביידע ראש־השנה טעג באַזוכט די פאַרשיידענע מקומות קדושים, האָט זיך דערקענט אָט די שטימונג באַשיינפּערליך. עפּעס האָט דער עולם זיך ווי נאָך נישט געטרויט העכער צו שרייען אָדער צו וויינען. עס האָט אויסגעוויזן ווי מען וואָלט נאָך מורא געהאַט צי שטעהט נישט דרויסען אַ ס. ס.־מאַן מיט דער בייטש. דער קאָשמאַר פון די געשעהענישען אונטער די נאַציס האָט געהאַנגען איבער די שוהלען.

ווייניגער האָט זיך דאָס געוואָרפען אין די אויגען — און דאָס איז מערקווירדיג — ווען איך האָב די ערשטע נאַכט ראש השנה פאַרבראַכט צוזאַמען מיט די אידישע קינדער פון בעלזען־בערגען אין זייער היים אין א. ג. „יאָדסע אינוואַלידע". אַן ערך 40 זיסע, באַ׳חן׳טע אידישע קינדער האָבען זיך פאַרזאַמעלט מיט זייערע ערציער, כדי צו הערען קידוש און פאַרברענגען דעם ראש־השנה אָוונט מיט׳ן קאָמיטעט, וואָס זאָרגט פאַר זיי. די דאָזיגע קינדער האָבען לאַנגע חדשים געשוועבט צווישען טויט און לעבען, און מען וואָלט געקענט אפשר דערוואַרטען, אַז זיי וועלען נאָך שטעהן אונטער׳ן איינדרוק פון יענע שרעקליכע טעג און נעכט. אָבער צו מיין גרויסער

איבעררעשונג, און גליקלעכקייטיק שמחה, איז נישט געווען צו דערקענען ביי זיי קיין שפּור פון מורא. לוסטיק און לעבעדיק האָבן זיי פאַרבראַכט עטליכע שעה אין שעהנעם זאַל. איך בין געווען כמעט דער איינציגער, וואָס האָט געהאַט טרערן אין די אויגן, ווייל איך האָב געטראַכט וועגן יענע קינדער פון בעלזען־בערגען, וואָס זיינען נישטאָ אין צימער... זיי, די קינדער גופא, האָבן זיך וועגן גאָרניט געקימערט, נאָר מיט זייער זילבערנעם לאַכן אָנגעשלאָגען אַ נייעם טאָן אין דער גרויער אידישער ווירקליכקייט:

— עס געהט פאָראויס. די קאַטאַסטראָפע איז אַריבער. אויב מען וועט אַרבייטען, דאַן וועט זיך דאָס אידישע פאָלק ווידער אויפהויבען. דאָס לעבען שטעהט נישט, נאָר געהט מיט כח ווייטער און ווייטער...

(„מאָרגען זשורנאַל", כ"ח כסלו, תש"ו — 3 דעצעמבער, 1945)

## II

## דער כח פון אָרגאַניזאַציע

(אַ רייזע־עפּיזאָד)

עס איז געווען אין די ערשטע וואָכען נאָך דער באַפרייאונג פון אייראָפּע פון די נאַצי־האָרדעס.

די לופט איז נאָך געווען דורכגעטרענקט מיט מלחמה, אין פאַרשיידענע לענדער איז דער באָדען נאָך געווען ווייך פון באָמבען־עקספּלאָזיעס. די חורבות זיינען געווען פריש. עס איז געווען אַ תהו־ובהו. אַ פולשטענדיגער כאָאָס, אין די מדינות, פון וועלכע די וואַנדאַלען־אַרמיי איז נאָר וואָס געוואָרען פאַרטריבען.

כ'האָב באַשלאָסען צו פאָהרען קיין האָלאַנד, וואָס איז, אין זיין גרויסען טייל, געווען באַזעצט פון די דייטשען ביז דעם לעצטען טאָג פון זייער קאַפּי־טולאַציע. קיין באַהן־פאַרבינדונג איז נאָך דאַן נישט געווען מיט'ן דאָזיגען לאַנד. אַלע בריקען זיינען געווען געשפּרענגט צווישען בעלגיע און האָלאַנד, און מען האָט נאָך נישט געהאַט באַוויזען, אין דער קורצער צייט זינט די נאַציס זיינען אַוועק, זיי צו פאַרריכטען. איז פאַרבליבען נאָר איין וועג, ווי אַזוי אַהין צוצוקומען: די לופט. די ענגלישע „ראָיעל עיר פאָרס" האָט אָנגעהאַלטען אַ טעגליכע קאָמוניקאַציע פון בריסעל ביז האאַג. אַ קליינער „ענסאָן" עראָפּלאַן איז איינמאָל אין טאָג געפלויגען פון בריסעל קיין האאַג און צוריק. בסך־הכל זעקס מענשען האָבען געקענט געפינען אַן אָרט אין אַזאַ מאַשין. און אָט דער קליינער פויגעל איז געווען דער איינציגער מתווך

צווישען האָלאַנד און דער איבעריגער וועלט. פאַרשטעהט זיך, אַז עס איז נישט געווען לייכט צו באַקומען דאָרט אַ פּלאַץ. מען האָט געדאַרפט האָבען באַזונדערע זכותים, מיליטערישע דאָקומענטען פון העכסטען גראַד, כדי צו זיין איינער פון די זעקס פּאַסאַזשירען.

ווען איך האָב, צוליעב דער ספּעציעלער המלצה פון אַמעריקאַנער מלחמה־דעפּאַרטמענט אין וואשינגטאָן, באַקומען די מעגליכקייט צו פליהען קיין האָלאַנד, איז נאַטירליך נישט געווען צו ערוואַרטען, אַז איך וועל באַגעגענען אויפ'ן וועג עפּעס אַ באַקאַנטען. און באמת, ווען איך בין צוגעפאָהרען צום בריסעלער מיליטערישען פלוג־פּלאַץ, האָב איך דאָרט אָנגעטראָפען פיער הויכע מיליטער לייט און איין ציווילען פּאַסאַזשיר וואַרטענדיג אויף אָפּצופליהען קיין האַאג. דער ציווילער פּאַסאַזשיר איז געווען אַ האָלענדישער מיניסטער, וועלכער האָט זיך אומגעקעהרט צו זיך אַהיים פון אַ קאָנפערענץ מיט דער בעלגישער רעגירונג.

מיר האָבען געלאַנדעט אויף אַן אימפּראָוויזירטען מיליטערישען פלוג־פּלאַץ, היבשע עטליכע מייל פון האַאג. אַן אויטאָ האָט אונז פון דאָרט געבראַכט אין דער האָלענדישער רעזידענץ, וועלכע האָט נאָר וואָס געהאַט פון זיך אַראָפּגעוואָרפען די נאַצישע קייטען און זיך ווי אויפגעכאַפּט פון טיפען שלאָף צו אַ נייעם לעבען. יעדער איינער פון די זעקס רייזענדע איז דאָ אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. איך בין געפאָהרען קיין אַמסטערדאַם, כדי צו זוכען די פאַרבליבענע רעשטלעך פון האָלענדישען אידענטום.

פון דער אַמאָליגער פּראַכט פון דער אַמסטערדאַמער אידישער קהלה איז ווייניג וואָס ניצול געוואָרען. דער בליהענדער צענטער פון אידען און אידישקייט איז ליידער געווען טאָטאַל צעשטערט. אַלץ איז געלעגען אין חורבות. עס איז געווען פוסט אויף דער „יאָדען־ברעי־סטראַט" און אויפ'ן „יאָנאַס דאַניעל מאיער פּלעין", וואו עס פלעגט אַמאָל זיין אַ באַוועגונג פון טויזענטער אידען. און מען האָט געזעהן, אַז דעם חורבן האָט דאָ נישט אָנגעמאַכט די מלחמה. ניין; נישט קיין באָמבעס און נישט קיין טאַנקען זיינען געווען די פאַלשטרעקער פון אונטערגאַנג פון אַמסטערדאַמער אידענטום. עס איז געווען אַ קאַלטע ציל־באַוואוסטע מערדער־האַנט, וועלכע האָט געמאַכט דעם טויט־שניט. די פּראַכטפולע אשכנזי'שע שוהל איז געוואָרען פּלאַן־מעסיג צעשטערט; מען האָט איבערגעלאָזט די ווענט, און פון אינעווייניג פאַרניכטעט דעם היכל ה'. און נישט נאָר די צענדליגער טויזענטער אידען זיינען געווען אַ דאָרן אין אויג פון דער ברוטאַלער נאַצי־בעסטיע; אפילו די הייזער, וואו זיי האָבען געוואוינט, די טויטע הייזער, זיינען ניט געבליבען פאַרשוינט. מען האָט אַרויסגעריסען פון די ווענט אַלע הילצערנע טיילען: די טירען און די פענסטער, די בריקען, כדי צו האָבען הייץ־מאַטעריאַל. אַזוי זיינען געשטאַנען

פיל פּאַרוויסטע הייזער אין אידישען געגענד, ווי שטומע עדות פון זעיס־אינקוואַרט׳ס בלוטיגער רציחה.

האָב איך געקענט געפינען אין אַמסטערדאַם עפּעס אַ זכר פון דער רייכער און לעבענס־שפּרודעלענדער אגודת ישראל, וועלכע איך האָב געקענט פאַר דער מלחמה? פאַרשטעהט זיך, אַז נישט. עס זיינען, ווי דורך אַ נס, פאַרבליבען לעבען עטליכע יחידים, זעהר וועריטפולע יחידים, אָבער פאַר־שוואונדען איז די מאַסע, פאַרשוואונדען זיינען די שטאַרקע אָרטס־גרופּען, אַוועק זיינען אַלע שעהנע אינסטיטוציעס, וואָס אגודת ישראל האָט אויפגעבויט. נישט געווען מעהר, נאַטירליך, דאָס שעהנע אגודיסטישע וואָכענבלאַט. שטילקייט, טיפע בית־עולם שטילקייט, האָט זיך צעשפּרייט איבעראַל, וואו עס האָט ערשט ניט לאַנג צוריק געבליהט אַזאַ פאַרבען־רייך לעבען. און אין דער שווערער מיה און מאַטערניש, וועלכע איז מיר געווען באַשערט אין אַמסטערדאַם בשעת מיין קורצען אויפענטהאַלט דאָרט, אין געיעג פון איין אַמט צום צווייטען וועגען פאַרשיידענע וויכטיגע פראַגען פון רעליגיעזען ווידער־אויפבוי בכלל, בין איך מודה, איז מיר נישט אַמאָל געקומען אויפ׳ן געדאַנק די וואָגיגקייט און די באַדייטונג פון דער האָלענדישער אגודת ישראל. איך האָב זיך, ביים אָנבליק פון אַלגעמיינעם חורבן, נישט פאַרגעגענווערטיגט דעם כח, וועלכען אגודת ישראל אין האָלאַנד האָט פאָרגעשטעלט און געקענט ווייטער פאָרשטעלען — ביז...

עס האָט מיך וועגען דעם דערמאָנט, ווי מיט אַ זעץ פון אַ דונער, אַ געשעהעניש אויפ׳ן זעלבען האאַג׳ער פלוג־פּלאַץ, ווען איך האָב זיך געגרייט ווידער אַריינצוגעהן אינ׳ם קליינעם לופט־פויגעל, וואָס האָט געדאַרפט אָפּפליהען קיין בריסעל.

ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פון אויטאָ, וואָס האָט מיך געבראַכט צום מיליטערישען עיר־פּאָרט, זעה איך פאַר מיר ווידער עטליכע מיליטער־לייט און אויך אייניגע ציוויל־פּערזאָנען. טייל פון זיי זיינען געווען פּאַסאַזשירען וואָס האָבען געדאַרפט מיט מיר צוזאַמען פליהען קיין בריסעל, טייל זיינען געווען באַאַמטע פון דער „ר. ע. פ.“.

צו טרעפען דאָרט אַ באַקאַנטען — איז נאַטירליך געווען כמעט אויסגעשלאָסען.

איך בין געשטאַנען, פאַרזונקען אין געדאַנקען און בילדער פון די אָקאָרשט איבערגעלעבטע טעג האָבען גענומען דורכלויפען דורך מיין מח. ווען פּלוצים דערהער איך אַ קול:

— „האו איז אגודת ישראל אין האָלאַנד?“...

איך דרעה זיך אום און זוך אויף אַלע זייטען. ווער רעדט דאָס צו

מיר? ווער קען מיך דאָ, אויפ׳ן מיליטערישען פלוג־פּלאַץ? און וועמען פאַראינטערעסירט עס דאָ וועגען אגודת ישראל אין האָלאַנד?

נישט ווייט פון מיר שטעהט אַ ציוויל־געקליידעטער מאַן און קוקט מיר אין די אויגען. יאָ, ער האָט דאָס געפרעגט אויף ענגליש. ער איז עס, וואָס האָט מיך אויפגעוועקט.

איך באַטראַכט איהם איינמאָל און נאָך אַמאָל. האָב איך איהם ווען עס איז געזעהן? ווער איז ער? אָבער איך קען איהם בשום אופן נישט אידענטי־פיצירען. איך זעה נאָר, אַז דער מענש זעהט נישט אויס ווי ער וואָלט זיין אַ איד. אַן „אָריש" אויסזעהן. פרעג איך איהם:

— „אַר יו אינטערעסטעד אין אגודת ישראל? הו אַר יו?" (זייט איהר פאַראינטערעסירט אין אגודת ישראל? ווער זייט איהר?)

ענטפערט ער מיר מיט אַ שאלה, נאַטירליך ווידער אויף ענגליש:

— „איהר דערקענט מיך נישט?"

— „ניין, סער, איך דערקען אייך נישט, צום באַדויערען".

שמייכעלט ער און זאָגט:

— „איהר זייט אַמאָל ביי מיר געווען. מיט עטליכע חדשים צוריק האָט איהר מיך באַזוכט אין וואַשינגטאָן, אין סטייט דעפּאַרטמענט. מיין נאָמען איז גילפּאַטריק".

פאַלט מיר אַראָפּ דער שלייער פון די אויגען. יאָ, דאָס איז גילפּאַטריק, דער הויכער באַאַמטער פון סטייט־דעפּאַרטמענט, וועלכער האָט אין זיין האַנט געהאַט זעהר וויכטיגע ענינים בשעת דער מלחמה. איך בין ביי איהם געווען בעטען אַן ערלויבעניש צו שיקען הילף קיין בעלזען־בערגען. מיר האָבען געהערט, אַז אין בעלזען־בערגען שטאַרבט מען פאַר הונגער. איז אונז איינגעפאַלען צו פאָהרען צו גילפּאַטריק׳ן, אפשר וועט ער אונז געבען אַ מעגליכקייט צו שיקען שפּייז־פּאַקעטען דורכ׳ן רויטען קרייץ. ר׳ יעקב ראָזענהיים האָט געשריבען אַ בריוו אין סטייט דעפּאַרטמענט און איך בין געפאָהרען קיין וואַשינגטאָן זעהן גילפּאַטריק׳ן. אין זיין האַנט איז עס געלעגען און איך דערמאָן זיך מאָמענטאַל אין דעם לאַנגען שמועס, בעת וועלכען דער שטרענגער באַאַמטער האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס אַ פיינפיהלענדער מענש. איך האָב איהם דערצעהלט וועגען די שרעקליכע ליידען פון די אידען אין בערגען־בעלזען, די וועניגע, וואָס זיינען נאָך לעבען געבליבען, און ער האָט מסכים געווען צו געבען די אָפיציעלע ערלויבניש פאַר׳ן רויטען קרייץ צו איבערנעמען די פעקלעך און צו טראַנספּאָרטירען זיי אין שונא׳ס לאַנד.

גילפּאַטריק האָט, ווייזט אויס, דעם באַזוך גוט באַהאַלטען אין זכרון. ער האָט נישט פאַרגעסען קיין איינציגען פּרט, אפילו דאָס נישט, אַז איך בין געקומען צו איהם אַלס שליח פון דער אַלוועלטליכער אגודת ישראל. און

דערזעהענדיג מיך אין האאג, איז איהם אויסגעקומען גאַנץ פּשוט צו פרעגען, וואָס מאַכט עפּעס אגודת ישראל אין האָלאַנד. ער אַליין איז געפאָהרען דאַן, אין נאָמען פון סטייט דעפּאַרטמענט, אויף אַן אינספּעקציע־רייזע איבער פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער.

מיר זיינען שוין צוזאַמען געפלויגען קיין בריסעל. איך האָב איהם איבערגעגעבען וואָס איך האב געזעהן אין האָלאַנד. איך האָב איהם דערצעהלט פון שרעקליכען חורבן, וואָס איך האָב אָנגעטראָפען. און איך האָב איהם אויך איבערגעגעבען, אַז אידען אין אַמסטערדאַם, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון יענעם בערגען־בעלזען־לאַגער, וועגען וועלכען איך האָב איהם באַזוכט, האָבען דערצעהלט, אַז די פּעקלעך דורכ׳ן רויטען קרייץ זיינען צו זיי אָנגעקומען ממש אין לעצטען מאָמענט, ווען „כלו כל הקיצין״, ווען פילע זיינען געווען נאָהענט צום הונגער־טויט.

גילפּאַטריק איז דאַביי אויפגעשפּרונגען:

— „איצט וועלען זיי זיכער ווידער אויפבויען אייער אָרגאַניזאַציע! איהר האָט זיי דאָך געראַטעוועט דאָס לעבען!״

אין יענעם מאָמענט איז אויך מיר קלאָר געוואָרען, אַז אין דער מורא׳־דיגער צייט פון חורבן און אונטערגאַנג, ווען עס האָבען זיך אויסגעשעפּט אַלע כחות, איז פונדעסטוועגען געבליבען איין כח, וועלכער האָט אונטער־געהאַלטען די וואַקעלדיגע, וועלכער האָט צוזאַמענגעבונדען די שוואַכע און ליידענדע מיט דער דרויסענדיגער וועלט, — דער כח פון אָרגאַניזאַציע.

(„אידישע שטימע״, כסלו, תש״ז — דעצעמבער, 1946)

---

# בעלגיע

## בריסעל און אַנטווערפּען — די אַלט־נייע תורה צענטערס

**בשעת** מיין רייזע דורך מערב־אייראָפּע בין איך אָנגעקומען קיין בעלגיע פון האָלאַנד.

דער ערשטער איינדרוק, ווען איך בין נאָר פון פליה־פּאָרט פאָרפאָהרען אין בריסעל, די רוישיגע בעלגישע רעזידענץ, איז געווען דער קאָלאָ־סאַלער חילוק צווישען לעבענס־סטאַנדאַרט פון די ביידע שכנות׳דיגע לענדער: בעלגיע, אין אַ פולשטענדיגען געגענזאַץ צו האָלאַנד, האָט זיך שוין נאָרמאַלי־

זירט. אַלץ פונקציאָנירט דאָרט ווי עס באַדאַרף צו זיין. בריסעל איז די זעלביגע גביר'ישע מעטראָפּאָליע, ווי אַמאָל, די מלחמה זעהט זיך ביי איהר כמעט גאָר נישט אָן. ווען מען געהט איבער די באַרימטע בולוואַרען מאַקס, אָדער אַנספּאַך, נעבען דער „גאַר די נאָר" (צפון וואָקזאַל) צווישען די טויזענטער מענשען, וואָס פילען אָן די גאַסען, זעהט מען פאַר זיך אַ גוט־געקליידעט פובליקום, ווי אין אַמאָליגע יאָהרען.

די געשעפטען זיינען פול מיט סחורות. אמת, אויף פיל זאַכען פאָדערען זיך נאָך „פּאָינטס", אָבער מען קען באַלד זעהן, אַז אָט, אָט וועט בעלגיע פון זיך אַראָפּוואַרפען אויך די לעצטע רעשטלעך פון דער מלחמה־ווירטשאַפט. דאָס קומט בולט צום אויסדרוק אין דער פעסטיגקייט פון דער בעלגישער וואַלוטע פאַר די לעצטע חדשים — אין געגענזאַץ שוין ניט בלויז צו האָלאַנד, דעם קליינעם שכן פון צפון־זייט, נאָר אפילו צו דער גרויסער פראַנקרייך, בעלגיעס שכן פון דרום.

נישט קיין וואונדער דעריבער, וואָס פון די פּליטים־לאַגערען אין דייטשלאַנד, האָט זיך געלאָזט אַ שטראָם קיין בעלגיע. די דעפּאָרטירטע אין די לאַגערען זיינען געוואָהר געוואָרען, אַז אין בעלגיע זיינען נישט־קשה'דיגע לעבענס־באַדינגונגען, אַלענפאַלס בעסערע, ווי אין פיל אַנדערע מדינות. האָט מען זיך באַמיהט אַריינצוקומען אין לאַנד.

גלייך מוז געזאָגט ווערען, אַז אַ בעלגישע וויזע איז פונקט אַזוי אומדערגרייכבאַר, ווי אַ וויזע פון אַנדערע לענדער. פונדעסטוועגען געפינען זיך עטליכע טויזענט דעפּאָרטירטע אידען אין בעלגיע. ווי אַזוי? בעסער נישט צו פרעגען קיין קשיות. אַ דעפּאָרטירטער מענש גיט זיך אָפט לייכטער אַן עצה מיט פאַרשיידענע פּראָבלעמען, ווי אַ „געסעטעלטער" בירגער פון אַ „נאָרמאַל" לאַנד.

* * *

די פּליטים אין בעלגיע ווערען געשטיצט פון „דזשאָינט"־געלטער, דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ לאָקאַלער געזעלשאַפט, וואָס רופט זיך: „עיד אַז איזראַעליט וויקטים דע לאַ גער" (הילף פאַר אידען, וואָס זיינען קרבנות פון דער מלחמה), אָפּגעקירצט און פּאָפּולער גערופען: „עי־אי־ווי־זשי". אין בריסעל אַליין באַקומען דורך דער דאָזיגער געזעלשאַפט העכער 2,000 אידישע משפחות אַ חודש'ליכע שטיצע.ליידער, איז די דאָזיגע שטיצע גאָר אַ קליינע: אין דורכשניט עפּעס מעהר ווי 300 בעלגישע פראַנקען פאַר אַ מענש אַ חודש. לויט'ן אָפיציעלען קורס מאַכט דאָס אויס זיבען דאָלאַר אַ חודש. ליידער קען פון דעם אַ דעפּאָרטירטער נישט האָבען קיין חיונה. דאָס איז ווייניג אפילו בלויז אויף צו געפינען אַן אָרט וואו דעם קאָפּ אַנידערצולעגען.

עס איז דעריבער פאַרשטענדליך די פאַרביטערונג צווישען די אידען, וואָס זיינען פון די קאָמפּס געקומען אין בעלגיע און זעהען, אַז די וועלט בויט זיך ווידער אויף, נאָר זיי, די אומגליקליכסטע פון די אומגליקליכע, זיינען פאַרלאָזען און קריגען אפילו ניט קיין געהעריגע אונטערשטיצונג.

דאַביי איז די באַהאַנדלונג פון די דעפּאָרטירטע מצד געוויסע אָנגע־שטעלטע וויט פון צו זיין אידעאַל. די מענשען, וואָס האָבען מיטגעמאַכט דאָס גיהנום אין נאַצי־דייטשלאַנד, ווערען אָפט באַטראַכט ווי בעטלער, וואָס איז פאַר זיי ניט ווייניגער שמערצליך, ווי די פיזישע ליידען נישט לאַנג צוריק אין די נאַצי־לאַגערען.

ווען איך בין געווען אין בעלגיע האָט מען מיר איבערגעגעבען אַ שמערצליכען פאַקט פון אַזאַ נישט פיינער באַהאַנדלונג פון פליטים, וועלכען איך האָב אַליין חוקר־ודורש געווען: אַ באַוואוסטער פוילישער רבי, אפשר איינער פון די לעצטע צעהן אָדער צוועלף פוילישע רבנים און רביים, וועלכע האָבען איבערגעלעבט די פאַרניכטונג פון אידישען ציבור אין פוילען, איז פון בעלזען־בערגען לאַגער אָנגעקומען אין בעלגיע. ער האָט עטליכע מאָל באַקומען אַ קליינע מאַטעריעלע שטיצע פון דער „עי־אַי־ווי־זשי״. ווען ער האָט זיך, נאָך אַ געוויסער צייט, ווידער געווענדעט, אַז מען זאָל איהם אַרויס־העלפען, האָט איהם געשיקט רופען דער באַאַמטער פון קאָמיטעט, אַ געוויסער שוויינסבורג (וועלכער שטאַמט אַליין פון דייטשלאַנד), און אויף איהם אָנגעשריען, אַז מעהר וועט ער קיין שטיצע נישט באַקומען. ווען דער רב האָט מיט צער געפרעגט, פאַרוואָס קומט איהם דאָס, האָט ה׳ שוויינסבורג איהם גענומען זידלען, אַז ער, דער דעפּאָרטירטער רב הייסט עס, איז גאָר אַן עושר(?).

דער רב האָט פאַרזיכערט, אַז ליידער איז דאָס נישט דער פאַל, אַז מסתמא האָט דער באַאַמטער אַ שלעכטע אינפאָרמאַציע באַקומען. שוויינסבורג האָט אָבער צו זיך נישט געלאָזט רעדען און צום סוף, ווען דאָס בלויזע שרייען האָט געמוזט אויפהערען, אָנגערופען אַ נאָמען פון אַ איד, וועלכער ווייסט, אַז דער רב „איז אַן עושר״. גראָד איז דער דאָזיגער „עדות״ געווען אין פאַר־צימער פון קאָמיטעט. דער רב איז מיט׳ן עדות אַריין צו ה׳ שוויינסבורג, אָבער דאַן האָט יענער זיך שוין צעלאָזט אויפ׳ן רעכטען שטייגער און גענומען שרייען הויך אויפ׳ן קול און טאַקע אויף דייטש: „דאָס איזט איין אידישער דרעה! דאָס ווירד איהנען ניכט העלפען! זי בעקאָמען קיין געלד, ניין! איך וויל פאָן ניכטס וויסען!...״

דער רב איז אַוועק מיט בזיון און שברון לב.

איך האָב געזעהן אַ שריפטליכען דאָקומענט, אין וועלכען דער דאָזיגער פאַל איז געווען גענוי באַשריבען. אין דער האַנט האָט איהם געהאַט ה׳ מילער,

דער לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר סאָציאַלער הילף פון דער „עי־אי־ווי־זשי״. איך פערזענליך האָב וועגען דעם אויך אינטערוועניערט. וואָס עס איז אָבער געוואָרן דער סוף, ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז טראָץ די שריפטליכע אָנקלאַגע, וועלכע דער רב האָט אונטערגעשריבען, איז שוויינסבורג נאָך אַלץ אויף זיין שטעלע.

* * *

אין בריסעל און אין אַנטווערפּען זיינען דאָ פאָלקס־קיכען פאַר די פּליטים און דעפּאָרטירטע. איןביידע שטעדט פונקציאָנירען אויך כשר׳ע קיכען (אין בריסעל ווערען אַרויסגעגעבען איבער 600 כשר׳ע מיטאָגען יעדען טאָג, און אין אַנטווערפּען בערך 350).

עס ווערט אויך געזאָרגט פאַר די אידישע קינדער, וועלכע זיינען פאַרבליבען אין נישט־אידישע היימען, הגם מען קען נאָך פיל מעהר אויפטאָן אויף דעם געביט. דער קאָמיטעט פון „ועד ההצלה״, ווענדעט אָן אַלע כחות, כדי צו דערגרייכען וואָס מעהר קינדער. היימען ווערען פיבערהאַפט צוגעגרייט. די „אגודת ישראל״ און דער „מזרחי״ אין בעלגיע האָבען גרויסע פאַרדינסטען אויף דעם געביט.

* * *

אַ באַזונדער קאַפּיטעל איז אַנטווערפּען. הגם די אַלטע אַנטווערפּענער, וואָס געדענקען גוט די פאַר־מלחמה׳דיגע פּראַכט פון אַט דער אידישער רעזידענץ, דערמאָנען מיט וועהטאָג די פאַרגאַנגענהייט און זאָגען, אַז „עס איז אפילו קיין זכר ניט געבליבען פון אונזער אַנטווערפּען״ — מוז איך, אַלס גאַסט, ערקלערען, אַז אַנטווערפּען איז ווייטער אַ שעהנער אידישער צענטער. און איך מיין נישט בלויז דאָס אויסערליכע בילד פון דער פּעליקאַן־גאַס, וואו מען זעהט ווייטער ווי אידען לויפען, האַנדלען און וואַנדלען. דאָס מיינט נישט פיל. אויך אין די מקומות־קדושים געהט אָן אַ שטאַרק אידיש לעבען. די גרויסע שוהלען זיינען, ליידער, פאַרניכטעט, אָבער די קליינע מקומות־קדושים זיינען אין אַ „פולער באַוועגונג״. וואו איך בין אַריינגעקומען, האָב איך געטראָפען נישט בלויז מנינים אידען דאַוונען בציבור, נאָר אויך — שיעורים, ביי וועלכע קינדער און אַלטע זיינען געזעסען פאַרטיפט איבער אַ בלאַט גמרא.

יאָ, אין אַנטווערפּען לערענט מען ווייטער תורה. די מלחמה־הפסקה איז אין דער באַציהונג פאַרענדיגט געוואָרען. עס פעהלען ליידער צעהנער טויזענטער אידען, וואָס זיינען פון די היטלער־רוצחים פאַרשלעפּט געוואָרען קיין אוישוויץ אָדער אַנדערע טויט־לאַגערען. אָבער דעם גייסט פון אַנטווערפּענער אידענטום האָט די נאַצי־בעסטיע דאָך נישט גובר געווען. ער לעבט.

און מערקווירדיג: „הבא לטהר מסייעין אותו״. ווייל אַנטווערפּענער אידען האָבען באַוויזען אַזוי שנעל אויפצולעבען דעם אַלטען אידישען גייסט. „שיקט״ מען זיי כסדר צו... אָט, ווען איך בין געזעסען אין אַנטווערפּענער ראַבינאַט און גערעדט מיט די חשובי־העיר וועגען זייערע באַדערפענישען און צוקונפט־פּלענער, מעלדעט מען אונז פּלוצים, אַז פאַר דער געביידע האָבען זיך אין גאַס אָפּגעשטעלט צוויי טראָקס אָנגעלאָדען מיט ספרים. מיר זיינען אַלע געוואָרען נייגעריג. באַלד האָט זיך עס אויפגעקלערט. אין צימער איז אַריין אַן אַמעריקאַנער מיידזשאָר. דאָס איז געווען טשעפּלעין סאנדהאוז, וועלכער האָט דערצעהלט אָט־וואָס: ערגיץ אין בעלגיע איז ער פאַרביי־געפאָהרען אַ פאַבריק, וואו עס זיינען געווען אָנגעוואָרפען גאַנצע בערג מיט אַלט פּאַפּיר. נעהענטער זיך צוקוקענדיג האָט ער דערזעהן אידישע ספרים. ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען באַטראַכטען די בערג מיט פּאַפּיר, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָרט ליגען טויזענטער אידישע ספרים, וואָס די דייטשען האָבען זיי אַהין געבראַכט, ווייזט אויס, כדי צו פאַרווענדען פאַר פּאַק־פּאַפּיר. מיידזשאָר סאנדהאוז האָט נישט פיל געקלערט, נאָר זיך זאָפאָרט באַזאָרגט מיט צוויי גרויסע טראָקס, אָנגעלאָדען אויף זיי די ספרים און געבראַכט אַלץ צופיהרען אין אַנטווערפּענער ראַבינאַט.

מיר זיינען אַרויס אין גאַס און זיך שטום באַגריסט מיט די מאַרטירער־ספרים, וואָס זיינען על־פּי־נס ניצול געוואָרען פון אונטערגאַנג. איצט וועלען זיי געפינען, אַ דאַנק אַ טיכטיגען אַמעריקאַנער אידישען טשעפּלעין, זייער תיקון. ווייל אין אַנטווערפּענער ראַבינאַט וועלען זיי נישט זיין אַ בלויזע דעקאָראַציע. ניין, אין אַנטווערפּען ווערט מען מיט זיי „אַרבייטען״!

* * *

נישט בלויז געראַטעוועטע ספרים האָב איך געזעהן אין אַנטווערפּען. דאָרט האָב איך זיך אויך געטראָפען מיט אידישע קינדער, וואָס זיינען אַנטרינען פון טויט און גייסטיגען שמד צוגלייך. אין מאַריאַבורג, ביי אַנט־ווערפּען, איז געעפענט געוואָרען דורכ'ן „ועד ההצלה״ די ערשטע היים פאַר אַזעלכע קינדער. אין דער דאָזיגער היים האָב איך פאַרבראַכט עטליכע שעה. דאָרט, אין דער פּראַכטפולער און געמיטליכער היים, האָב איך ווידער געהערט דאָס זילבערנע לאַכען פון אידישע קינדער. די קליינע יתומים זיינען ווידער ביי אידען, זיינען ווידער אין אַ אידישער אַטמאָספערע און — זיינען גליקליך.

און נישט נאָר זיי. ווען זיי האָבען אַזוי גליקליך געלאַכט און זיך געשפּילט אין שעהנעם גאָרטען, האָט מיר אויסגעוויזען, אַז איבער זיי שוועבט דער גייסט פון זייערע עלטערען, די קדושים. אויך די קדושים זיינען אין

יענעם מאָמענט געווען מיט אונז און צוגעקוקט, ווי דאָס וואָס איז נאָך זיי פאַרבליבען. — די יתומים — איז צוריק אריין אין אַלטען אידישען פאָלקס־פאַרבאַנד.

ליידיגע פלעצער זיינען אויסגעפילט געוואָרען.

(„מאָרגען זשורנאַל״, ל׳ אדר א׳, תש״ו — 3 מערץ, 1946)

# שווייץ

## 1

### צווישען פליטים

אין די לעצטע יאָהרען האָט דער נאָמען שווייץ געהאַט אַ באַזונדערען קלאַנג אין דער אידישער וועלט. בשעת די היטלער־מגפה האָט זיך געהאַט צושפרייט איבער אייראָפּע און אין אידישער צענטער נאָכ׳ן אַנדערען איז אַריינגעפאַלען אין די נאַצישע רוצחים־הענט, זיינען אַלע אויגען פון אידישע עסקנים אין אַמעריקע, ענגלאַנד, ארץ ישראל, געווען געווענדעט קיין ציריך, בערן אָדער זשענעווע, וואו געצעהלטע אידישע פיהרער האָבען פּרובירט צו ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך.

אין די יאָהרען 1945־1941, איז אין שווייץ אָרגאַניזירט געוואָרען דער אידישער „אונטער־גרונד״ פון אייראָפּע. דאָ איז געווען דער וויכטיגסטער פונקט, פון וואַנען הילף האָט געקאָנט ווערען דיריגירט אין די נאַצי־אָקופּירטע לענדער. שלוחים זיינען געלאָפען אהין און זיינען געקומען צוריק. מען האָט געאַרבייט פיבערהאַפט, כדי אַרויסצורייסען וואָס מעהר אידען פון היטלער׳ס נעגעל. ליידער איז דער רעזולטאַט געווען אַ קליינער אין פּראָפּאָרציע צו די אויסגעמאָרדעטע מיליאָנען אידען. אָבער, פונדעסטוועגען, איז אין שווייץ געטאָן געוואָרען אַ וואונדערבאַרע אַרבייט, וואָס וועט אַריין אין דער אידישער געשיכטע.

ווען איך האָב גערעדט אין פאַרשיידענע שווייצער שטעדט מיט אידישע עסקנים און אויך מיט אַ רייהע געראַטעוועטע אידען, וואָס זיינען דאָ מיט נסים אַנגעקומען בשעת דער מלחמה, האָט מיר דאָס האַרץ געשניטען פאַר צער און וועהטאָג איבער די באַגרענעצטע פינאַנציעלע מעגלעכקייטען, וואָס

זיינען געווען אין שווייץ — ביי די אידען, נאַטירליך — אין די לעצטע יאָהרען. מאַנכע פון די געראַטעוועטע זיינען פּשוט נישט אימשטאַנד זיך נאָך צו באַרוהיגען. זיי זעהען פאַר זיך דעם קאָשמאַר פון דער פאַרניכטונג, וואָס זיי האָבען דורכגעלעבט און, פון דער אַנדערער זייט, ווייסען זיי גוט, וועלכע געוואַלדיגע מעגליכקייטען פון רעטונג זיינען געווען אין אַלע לענדער.

— „נישטאָ קיין פאַרענטפערונג — זאָגט מיר הרב מיכאל בער ווייס־מאַנדעל, פון ניטרא, סלאָוואַקיע, וועלכער האָט פאַרלוירען זיין גאַנצע משפחה און איז געבליבען איינער אַליין, נאָכדעם ווי ער איז אַרויסגעשפרונגען פון אַ דעפּאָרטאַציע־צוג — פרובירט נישט צו פאַרענטפערען די אידען אין די פרייע לענדער, ווייל דאָס איז נישט מעגליך! מיט געלט האָבען מיר געקענט ראַטעווען נישט צעהנדליגער, נאָר הונדערטער טויזענטער אידען פון אונטערגאַנג!"

— ווי אַזוי?

— „גאַנץ פּשוט: היטלער האָט טאַקע געגעבען אַ באַפעהל אויסצו־מאָרדען די אידען, אָבער די אויספיהרונג פון באַפעהל איז געלעגען אין די הענט פון די קלענערע באַאַמטע. זיי האָבען צום ביישפּיל, געקענט אָוועקשיקען אַ דעפּאָרטאַציע־צוג יעדע עטליכע שעה פונקט אַזוי גוט, ווי זיי האָבען דאָס געקענט טאָן איינמאָל אין אַ וואָך אָדער אפילו אין עטליכע וואָכען. דאָס טעמפּאָ פון דער „אויסזידלונג" איז געלעגען אין די הענט פון די נידעריגערע אינסטאַנצען און זיי האָט מען לייכט געקענט איבערקויפען!"

הרב ווייסמאַנדעל איז געשטאַנען ביי דער אַרבייט און האָט געפונען וועגען, ווי אַזוי אויפצוהאַלטען די דעפּאָרטירונג פון סלאָוואַקישען אידענטום. אָבער דאָס האָט פאַרשלונגען אַלץ, וואָס די סלאָוואַקישע אידען האָבען געהאַט אין זייער פאַרמעגען און מען האָט אָנגעפאַנגען צו שטורמען אין שווייץ נאָך הילף. ער האָט געשריבען בריוו, וואָס זיינען געווען ווי פייערדיגע באַמבעס. ליידער, בחנם. די אויערען זיינען קודם־כל געווען טויב, און ווען מען האָט שוין אָנגעהויבען צו הערען, איז געוואָרען שפּעט. די סלאָוואַקישע אידישע פיהרער האָבען נישט געקענט נאָכקומען זייערע התחייבות'ן לגבי די נאַציס, און די דעפּאָרטאַציעס האָבען זיך ווידער באַנייט. דורך געלט איז חרוב געוואָרען אָט דער שעהנער קיבוץ, דורך געלט און נאָכאַמאָל געלט*). איז זיך צו וואונדערען, אַז הרב ווייסמאַנדעל טראָגט אין זיין האַרץ אַ שרעק־

---

*) פּרטים וועגען דעם, אויך אַ פאָטאָסטאַטישע קאָפּיע פון אַ בריף, וואָס איז געווען אונטערגעשריבען דורך הרב ווייסמאַנדעל צוזאַמען מיט ד"ר אבא פריעדער פון בראַטיסלאַוואַ, און איז אָנגעקומען אין אַמעריקע (דורך דער שווייץ) אין יאָהר 1942, געפינען זיך אין דעם בוך אויף זייט 170־171.

ליכע פאַרביטערונג געגען אַלע אידען אין די פרייע לענדער? פאַרוואָס האָבען זיי נישט געשיקט דאָס געלט, ווען עס איז נאָך געווען צייט?

איך האָב גערעדט מיט פאַרשידענע געראַטעוועטע אידען פון די שרעקליכע לאַגערען פון טערעזיענשטאָט און בעלזען־בערגען, וועלכע זיינען אָנגעקומען אין שווייץ, אַ דאַנק דער אַרבייט פון „ועד ההצלה" און „אגודת ישראל". אַלע זיינען, נאַטירליך, דאַנקבאַר פאַר זייער רעטונג, אָבער אַ טיפע מרה שחורה איז אויסגעדריקט אויף זייערע פנימער. זיי האָבען געזעהן די טויזענטער אידען, וואָס זיינען פאַרבליבען אין די לאַגערען און יענע האָבען זיי געפרעגט: פאַרוואָס מוזען מיר שטאַרבען? פאַרוואָס ווערען מיר אויך נישט אויסגעקויפט? האָבען מיר דען אַ קלענער רעכט צו לעבען ווי איהר, די גליקליכע?

זיי, די „גליקליכע", וועלען שוין זייער רוה נישט צוריק געווינען. דאָס איז פאַרפאַלען. די בילדער פון די לאַגערען וועלען נישט אויסגעמעקט ווערען פון זייער זכרון.

דאָס לעבען זייערס איז אַריינגעצוואונגען געוואָרען אין די ראַמען פון די פליטים־לאַגערען און דאָס, נאַטירליך, האָט אויך געוויסע פסיכישע קאָנסעקווענצען. אָבער אויב מען באַקענט זיך מיט דער לאַגע, מוז מען זאָגען, אַז בדרך כלל זיינען די פליטים אין שווייץ, פאַרזאָרגט. אָט איז דאָס בילד, למשל, פון די רעליגיעזע אידישע פליטים:

די קרוב פינף טויזענט אידישע רעליגיעזע פליטים געפינען זיך אָדער אין די אַרבייטס־לאַגערען פון דער אַזוי־גערופענער „צ. ל." (ראשי־תיבות: צענטראַל לייטונג) — אין די שטעט ראַראָן, שאַלוע און בוריניאָן — אָדער אין די פליטים־היימען אין מאָרזשען, שאמפערי, קאָרביער, שאמבי און בעאַטענבערג, (דאָ איז דאָ אַן אייגענע מקוה און אַ ישיבה). די טערעזיענ־שטאַדט־באַפרייטע געפינען זיך אין האלדימאַוטה, און די בערגען־בעלזער אין קאָ (ביי מאָנטרע).

דער „פאַרבאַנד שווייצער אידישער פליכטלינגס הילפע", וואָס פאַר־נעמט זיך מיט דער הילפס־אַרבייט, האָט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר רעליגיע, וואָס אין איהר שפּיץ שטעהט הרב ד"ר שלמה עהרמאַן. דעם לעצטען פסח האָבען פונקציאָנירט 48 אידישע כשר'ע קיכען.

אַ באַזונדער קאַפּיטעל זיינען די קינדער־היימען (צ. ב. אין די שטעדט, גרוב, בע, טאַוואַן, שווענדיבאַך א. א.).

דאָ דאַרף מען בעיקר אונטערשטרייכען די שעהנע עליה־היים אין ענגעלבערג, ביי לוצערן, דאָרט זיינען דאָ לערך 80 קינדער. זיי גרייטען זיך צו פאַר ארץ ישראל, באַאַרבייטען אַ פעלד און אַ גאָרטען און דערביי לערנען זיי אַ גאַנצען טאָג, ווען זיי האָבען נאָר צייט. נישטאָ דאָרט קיין אָנגעשטעלטע.

אַלץ ווערט געטאָן דורך די הכשר׳יסטען גופא. באַזונדערע מדריכים זיינען דאָ אין דאָזיגען היים, וועלכע גיבען די קינדער געגויע אָנווייזונגען ווי אַזוי זיך צוצוגרייטען פאַר ארץ ישראל. אַן אַנדער עהנליכע היים איז דאָ אין קראַטינגען.

לעצטענס האָט די שווייץ אַריינגענומען אַביסעל אידישע קינדער פון בוכענוואַלד. די רעליגיעזע געפינען זיך אין ריינפעלדען, ביי באַזעל, און אין וועאן מארקיס.

בכלל איז אָבער די לאַגע פון די אידישע פליטים־קינדער אין דער שווייץ אַ גאַנץ טראַגישע. אַ גרויסע צאָהל פון זיי איז דאָ אין נישט־אידישע הייזער. און די אידישע אָרגאַניזאַציעס קענען נישט צומאָל זייערע נעמען, אַלץ איז „פאַרקאָנפיסקירט״. דערביי וויל די שווייץ פטור ווערען פון אַט די אידישע קינדער וואָס גיכער. און די שווייצער אידען קענען בשום אופן נישט פארשטעהן פאַרוואָס די אידישע קינדער, וועלכע מען וויל גאָרנישט מאַכען פאַר קיין שווייצער, זאָלען אַנטפרעמדעט ווערען. עס וואָלט אַוודאי געווען אַ יושר, אַז זיי זאָלען איבערגעגעבען ווערען צו אַ אידישער דערציאונג, אַז מען זאָל זיי צוריקברענגען צו זייער פאָלק, אַז זיי זאָלען בלייבען אמת אמת׳דיגע אידען. אָבער, ליידער, איז דער יושר שטאַרק געשלאָגען בנוגע די אידישע פליטים־קינדער אין דער שווייץ.

(„די וואָכענצייטונג״, לאָנדאָן, ה׳ חשון, תש״ו — 12 אָקטאָבער, 1945)

## II

## היעפּס — די מערקווירדיגסטע הילפס־אָרגאַניזאַציע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

עס איז נאָך נישטאָ צווישען אונז דער ירמיהו פון דער היינטיגער צייט, וועלכער זאָל קענען אָנשלאָגען דעם איכה־טאָן פאַר׳ן גרעסטען אידישען חורבן פון אַלע דורות. נישטאָ נאָך דער מייסטער פון וואָרט, וועלכער זאָל קענען קליידען אין אַ געשריבענער צורה דעם וועהטאָג און צער, פון אונזער טראַגעדיע. לויזע קלאָג־טענער הערען זיך פון צייט צו צייט, אָבער ווי ווייט איז עס פון געבען אפילו אַ קליינעם באַגריף פון דעם, וואָס עס שפירט אַ אידישע נשמה אין אָנבליק פון דער מורא׳דיגער קאַטאַסטראָפע פון אונזער פאָלק!

דער היסטאָריקער, וואָס וועט מיט בלוט פון זיין האַרץ שרייבען די געשיכטע פון די אידישע ליידען אין די לעצטע יאָהרען, וועט דאַרפען האָבען

אַ באַזונדערע „סייעתא דשמיא״, כדי ער זאָל ניט אַראָפּ פון זינען. דער „עמק הבכא״ פון ר׳ יוסף הכהן אָדער „יון מצולה״ פון ר׳ נטע האַנאָווער זיינען דאָך לייכטע „מעשה־ביכלעך״ אין פאַרגלייך צו דעם, וואָס עס וועט מיט זיך פאַרשטעלען די געשיכטע פון אידישען מאַרטירערטום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה!

אָבער מיר האָבען צו פאַרצייכענען ניט בלויז חורבן. מיר האָבען אויך צו פאַרצייכענען הילף און רעטונג, און אין דעם קאַפּיטעל פון הילף און רעטונג אין די לעצטע יאָהרען, וועלען געוויס פיגורירען צוויי מענשען, אַ אידיש פּאָר־פּאָלק אין דער שווייץ, וועלכע האָבען „פון דער לופט״ אַליין אויפגעבויט אַן אָרגאַניזאַציע צו ראַטעווען און העלפען אידען.

אָט די אָרגאַניזאַציע הייסט „היעפּס״, און איז דאָס קינד פון ר׳ יצחק און פרוי רעכא שטערנבוך, פון מאָנטרע, שווייץ.

* * *

אָנגעהויבען האָט זיך עס פון שאַנכאַי. ווען עטליכע הונדערט ישיבה־לייט זיינען אין 1941 אָנגעקומען פון ווילנע, איבער סיביר, קיין יאַפּאַן, האָט זיי לכתחילה געשטיצט און אויסגעהאַלטען דער „ועד ההצלה״ אין ניו יאָרק. אָבער עס איז געקומען פּירל־האַרבאָר און אַמעריקע איז געוואָרען אָפּגעשניטען. האָבען די ישיבה־לייט אַלאַרמירט די שווייץ. טעלעגראַמעס זיינען געפלויגען פון שאַנכאַי קיין ציריך. איין טעלעגראַמע האָט געלויטעט: „ראַטעוועט אונז פון הונגער־טויט!״ אויף דעם האָט זיך באַוויזען אין די שווייצער שוהלען אַ קליינער געדרוקטער אויפרוף מיט פאָלגענדען טעקסט:

„כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא״. 400 בחורים, 26 רבנישע משפחות פון מיר, טעלז און לובלין, זיינען געבליבען שטעקען אין שאַנכאַי, אויפ׳ן וועג קיין אַמעריקע, און לערנען דאָרט תורה. זייער לעצטע טעלעגראַמע לויטעט: „ראַטעוועט אונז פון הונגער־טויט!״ קיין אידיש האַרץ דאַרף און וועט זיך דאָ ניט פאַרשליסען. ראַטעוועט אונזערע הונגעריגע ברידער אין שאַנכאַי! יעדע נדבה ביי קריאת התורה פאַר אָט דעם צוועק, איז אַ ביישטייער צום דערהאַלטען פון איידעלסטען אידישען מענשען־לעבען״.

אונטערגעשריבען איז געווען: „הילפס־פאַראיין פאַר אידישע פליכט־לינגע אין שאַנכאַי. סעקרעטאַריאַט: רעכא שטערנבוך, מאָנטרע״.

אַזוי איז געבוירען געוואָרען „היעפּס״, וואָס איהרע ראשי־תיבות מיינען: „הילפס פאַראיין פאַר אידישע פליכטלינגע — שאַנכאַי״.

ביי דער גרינדונג פון „היעפּס״, האָט פרוי שטערנבוך שוין געהאַט אַ נאָמען. זי איז שוין געהאַט געזעסען אין תפיסה און געהאַט אויף זיך אַ שווערען פּראָצעס.

כל המקיים נפש אחת מישראל כאלו קיים עולם מלא

**400 Bachurim, 26 Rabbinerfamilien**
aus Mir, Telschi und Lublin

sind auf dem Wege nach Amerika in
**Schanghai (China)**
stecken geblieben und setzen dort ihr Studium fort.

Ihr letztes **Telegramm** lautet:

# „Rettet uns vor dem Verhungern!"

Kein jüdisches Herz darf und wird sich da verschliessen.
**Rettet unsere hungernden Brüder in Schanghai!**

Jede **Spende** an der offenen **Thora** für diesen Zweck, ist ein
**Beitrag zur Erhaltung edelsten jüd. Menschenlebens.**

Hilfsverein für jüd. Flüchtlinge in Schanghai

Sekretariat: Recha Sternbuch, Montreux.

דער גרינדונגס־אויפרוף פון „היעפס".

מען האָט זי אַרעסטירט אין מאַי 1939, פאַר'ן חטא פון אַריינפיהרען אין שווייץ אויף אַ נישט־לעגאלען אופן אידישע פליטים פון דייטשלאַנד. זי איז כסדר געפאָהרען קיין דייטשלאַנד, אָפּגעזוכט אידען, וואָס זיינען געווען אין סכנה און געלאָפען צו דער שווייצער גרעניץ, באַצאָהלט די געסטאַפּאָ־לייט, כדי זיי זאָלען פאַרמאַכען די אויגען, ווען די אידען וועלען האַלטען ביים דורכגעהן דעם גרעניץ. דאַן האָט זי גענומען די אידען צו זיך אין הויז און זיי שפּעטער געשיקט ווייטער. דאָס איז אָנגעגאַנגען ביז די שווייצער פּאָליציי האָט זי געפּאַקט און אַריינגעזעצט אין טורמע.

מען האָט פון איהר, נאָכ'ן פאַרשפאַרען זי אין תפיסה, געוואָלט אַרויסבאַקומען נאָר איין זאַך: ווער זיינען איהרע מיטהעלפער, און בעיקר ווער איז דער שאָפער, וואָס האָט פאַר איהר געבראַכט די אידען איבער'ן גרעניץ?

אָבער דאָ האָט מען זיך אָנגעשטויסען אויף גראַניט. זי האָט געענטפערט צום פּראָטאָקאָל: „איהר קענט מיך האַלטען אין תפיסה ווי לאַנג איהר ווילט. קיין נאָמען וועל איך ניט אַרויסגעבען. ווילט איהר

אפשר איינפיהרען אין שווייץ — האָט זי געפרעגט — די געסטאַפּאָ מעטאָדען?״.

מען האָט זי באַפרייט פון תפיסה און, נאָך צוויי יאָהר פּראָצעסירען, בטל געמאַכט די קלאָגע. און ווען אַ שווייצער אַדוואָקאַט מיט׳ן נאָמען ד״ר אימהאָף, אַ פּרעזידענט פון אַ שווייצער פּאָליטישער פּאַרטיי, האָט זיך באַקאַנט מיט׳ן פּראָצעס, האָט ער אַריינגעשיקט הונדערט פראַנק פאַר דער אידישער פּליטים־הילף, אַלס צייכען פון פאַרעהרונג פאַר׳ן כאַראַקטער פון דער אידישער פרוי, וואָס האָט זיך אַזוי געהאַלטען ביי דער אויספאָרשונג.

דאָס איז געווען די ערשטע „סעקרעטאַרין״ פון „היעפּס״. עס איז נישט געווען דער כח, וואָס זאָל קענען ברעכען דעם כאַראַקטער פון אָט דער אידישער פרוי, ווען אין קאָן איז געשטאַנען די רעטונג פון אידישע לעבענס.

* * *

דאַן זיינען געקומען די שוואַרצע יאָהרען 1942 און 1943. די אידישע וועלט איז אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. היטלער׳ס רוצחים האָבען אָנגעהויבען צו מאָרדען מיליאָנען אידען.

די נייטראַלע שווייץ איז געווען דאָס איינציגע לאַנד, וואוהין עס זיינען אָנגעקומען די גענויע ידיעות, און וואו מען האָט געקענט עפּעס טאָן, כדי צו ראַטעווען אַביסעל אידען. האָבען די שטערנבוך׳ס און זייער „היעפּס״ אָנגעפאַנגען צו אַלאַרמירען די וועלט. איך קען עדות זאָגען, אַז יצחק שטערנבוך איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איבערגעשיקט קיין אַמעריקע די ידיעה, אַז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די ליקווידאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. די ידיעה איז געגאַנגען אין דער פאָרם פון אַ שיפרירטער טעלעגראַמע, וועלכע איז דורך אַ געוויסען דיפּלאָמאַטישען קאַנאַל אין ניו יאָרק מיר איבערגעגעבען געוואָרען, דעם צווייטען סעפּטעמבער 1942. צוויי טעג שפּעטער, איז פאָרגעקומען די ערשטע אסיפה אין דער אגודת הרבנים, וואו שטערנבוך׳ס טעלעגראַמע איז געוואָרען פאָרגעלייענט, און עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבען די מאָביליזאַציע פון די כוחות פון אַמעריקאַנער אידענטום דורכ׳ן „ועד ההצלה״ פאַר הצלת ישראל, — אַ קאַפּיטעל, וואָס דאַרף אַמאָל באַזונדערס באַשריבען ווערען, אָבער וואָס שטעהט כסדר אין אַן ענגער באַציאונג צו דער „היעפּס״ און די שטערנבוך׳ס *).

די שטערנבוך׳ס האָבען נישט גערוהט. זיי האָבען זיך געשאַפען גרויסע רעטונגס־מעגליכקייטען דורך פאַרשידענע דיפּלאָמאַטען, דורכ׳ן

*) זעה „חורבן אייראָפּע״ (ניו יאָרק תש״ח), זייט 134 און 288.

פּויפּסטליכען נונציוס אין בערן, דורך כל מיני אַגענטען און פאַרמיטלער. זיי האָבען אַלאַרמירט צוזאַמען מיט׳ן „ועד ההצלה" וועגען ראַטעווען אידען מיט פּאַספּאָרטען פון דרום־אַמעריקאַנער לענדער. הגם דערמיט איז פאַר־בונדען די טראַגעדיע פון וויטעל, איז אָבער דער פּועל־יוצא געווען די רעטונג פון טויזענטער מענשען אין פאַרשיידענע לאַגערען און מדינות אונטער׳ן נאַצי־יאָך.

ביז עס איז געקומען צו דער אַקציע פון מוסי, דעם שווייצער אַלט־בונדעס־ראַט, וואָס איז אויף דער איניציאַטיוו פון יצחק און רעכא שטערנ־בוך געפאָהרען צו הימלער׳ן און איינמאָל געבראַכט אַ צוג מיט 1,200 אידען פון טערעזיענשטאַדט. די וועלט האָט דאַן אויפגעציטערט. אַמעריקע איז געוואָרען געשטעלט אויף די פיס: דאָס, וואָס מען האָט געהאַלטען פאַר אונמעגליך אונטער אַלע אומשטענדען — אַז די נאַצי־חיות זאָלען פרייוויליג אַרויסגעבען אידען פון זייערע טייוועלס־הענט — איז געוואָרען דורכגעזעצט דורך די שטערנבוך׳ס. לײדער צו שפּעט. ווייל זעקס מיליאָן אידען זיינען שוין געווען אויסגעמאָרדעט. אָבער דאָך האָט זיך געוויזען, אין לעצטען מאָמענט, אַ שאַנס פון הצלה פאַר׳ן איבערגעבליבענעם הייפעל. אַ וואונדער איז געשעהן.

די „היעפּס" אַרבייט דאַן פיבערהאַפט. דער „רויטער קרייץ" ווערט אנגאַזשירט. לעבענס־מיטלען ווערען געשיקט אין די קעמפּס. עס ברענט די אַרבייט. אַלץ ווערט פאַרגעסען, עס עקזיסטירט נאָר איין פּראָבלעם: הצלה.

* * *

די מלחמה האָט זיך געענדיגט. עטליכע צעהנדליג טויזענט אידען זיינען פאַרבליבען אין די קעמפּס. הונדערטער טויזענטער אין צענטראַל אייראָפּע זיינען אין באַוועגונג, מען לויפט. קיינער ווייסט נישט, וואָס צו טאָן. איז ווידער די „היעפּס" אויפ׳ן פּלאַץ. זי איז שוין די אָפיציעלע עקספּאָזיטור פון „אגודת הרבנים" און „ועד ההצלה". זי האָט שוין די נויטיגע אויטאָריטעט און געלט־מיטלען.

שטעלט זיך דער גרויסער פּראָבלעם פון ראַטעווען די פאַרבליבענע אידישע קינדער פון שמד. ביי גוים און באַזונדערס ביי גלחים, אין פאַר־שידענע לענדער, זיינען נאָך דאָ טויזענטער אידישע קינדער. ווי נעמט מען זיי אַרויס? אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס מאַטערען זיך, מען זוכט אַ וועג.

און פּלוצים קומט פרוי שטערנבוך צו דער וועלט מיט אַ פאַרטיגער זאַך: דער פראַנצויזישער „קאָזאַר", די מעכטיגע און גרויסע אונטערגרונד

**C. O. S. O. R.**
COMITÉ DES ŒUVRES SOCIALES
DE LA RÉSISTANCE

93, Boulevard Haussmann
PARIS (8e)

Tél. : ANJou 71-70 (3 lignes groupées)

PARIS, le 19 JUIN 1945

Entre les soussignés :

- 1°) le C.O.S.O.R. dont le siège est à PARIS, 93 Boulevard Haussmann, représenté aux fins des présentes par son Président, le R.P. CHAILLET,

- 2°) Vaad Hatzala American Emergency Committee -Union of orthodox Rabbis of the United States of America and Canada-représenté par Madame Recha STERNBUCH, membre de l'Oeuvre de Secours pour les Enfants Juifs en Europe, et mandataire en vertu d'une procuration du 20 Juin 1945,

Il a été exposé ce qui suit :

L'OEUVRE DE SECOURS POUR LES ENFANTS JUIFS EN EUROPE soucieuse d'aider au regroupement, à l'éducation matérielle, morale et religieuse des enfants de confession israëlite en France, victimes de la persécution, a offert au C.O.S.O.R. qui l'accepte, de lui apporter son concours matériel en vue de l'organisation de maisons destinées à l'hébergement et à l'éducation desdits enfants, dans le cadre de leurs traditions et de la communauté française.

A cet effet, il a été convenu ce qui suit :

- I. Le C.O.S.O.R. s'engage, avec le concours de l'OEUVRE DE SECOURS POUR LES ENFANTS JUIFS EN EUROPE, à administrer les établissements destinés à ces enfants.

- II. L'OEUVRE DE SECOURS POUR LES ENFANTS JUIFS EN EUROPE s'engage, aussi longtemps que fonctionneront les établissements prévus à ladite convention, à verser au C.O.S.O.R. les dépenses de toute nature afférentes au bon fonctionnement de ces établissements. Le budget sera arrêté tous les trois mois par la convention d'administration ci-dessous prévue. L'Oeuvre versera une provision trimestrielle calculée pour les trois mois à venir, à concurrence de Soixante Quinze Francs par jour et par enfant. Cette somme sera réajustée à la fin du trimestre, sur la base des dépenses officiellement réalisées. Une nouvelle provision sera versée chaque trimestre, sur les mêmes bases.



L'administration des établissements sera assurée sous la haute direction du C.O.S.O.R. par une Commission d'Administration composée de deux représentants du C.O.S.O.R. et de deux représentants de l'Oeuvre. Cette commission devra se réunir autant de fois qu'il sera nécessaire et, au minimum, une fois par mois. Elle assurera d'une manière générale le fonctionnement des établissements, sanctionnera le recrutement du personnel, procèdera à des inspections régulières de chaque établissement, suggèrera les modifications à apporter dans chaque cas particulier et s'assurera d'une manière plus spéciale de l'éducation générale donnée aux enfants.

III. - La présente convention portera ses effets entre les parties aussi longtemps que par leur âge, les enfants devront être hébergés dans les établissements ci-dessus prévus. Sans autre préavis de la part de l'OEUVRE DE SECOURS POUR LES ENFANTS JUIFS EN EUROPE, le présent accord se renouvellera automatiquement, d'année en année, par tacite reconduction.

IV. - En cas de difficulté quelconque entre les parties sur l'application des présentes, les parties s'engagent à recourir à l'arbitrage amiable ou compositeur. Chaque partie nommera un arbitre et les arbitres s'entendront entre eux pour choisir un super arbitre, s'il y a lieu.

Fait à Paris, le dix neuf juin mil neuf cent quarante cinq.

LE PRESIDENT DU C.O.S.O.R.,

P. Chaillet

Recha Sternbuch

VAAD HATZALA
AMERICAN EMERGENCY COMMITTEE

באַוועגונג, האָט פון אַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען פון איהר געוואָלט באקומען די אידישע קינדער, אויסגעקליבען די „היעפּס״... גלח שאיע, דער ראַפינירטער מלוכה־מאַן, האָט געוואונען צוטרוי צו מאַדאַם שטערנבוך. און זי קומט אַראָפּ קיין פּאַריז און „איבערנעמט״ דאָס פּראַנצויזישע אויסערן־מיניסטעריום. וואָס זי וויל, טהוט זי. וועלכע טיר זי וויל, עפּענט זי. די פראַנצויזישע מיניסטאָרען פאַרבייגען זך מיט רעספּעקט פאַר אָט דער באַשיידענער אידישער פרוי, דער רבנישער טאכטער וואָס ווייסט איצט נאָר פון איין זאַך: ראַטעווען אידישע קינדער פון גייסטיגען אונטערגאַנג.

* * *

אין דער שווייץ איז אויך דאָ אַ קינדער־פּראָבלעם. עטליכע הונדערט אידישע קינדער זיינען ביי נישט־אידען און עס דראָהט זיי פולשטענדיגע אַסימילאַציע. ר׳ יצחק שטערנבוך קען נישט רוהען. דער „ועד ההצלה״ און „היעפּס״ שטעלען אַלע געלדער פון „ועד ההצלה״ צו פאַרפיגונג, כדי די קינדער אויסצולייזען און זיי אויסהאַלטען אין אידישע היימען. עס נוצט נישט. ווערט שטערנבוך אויפגערעגט ביז גאָר. ער קאָנפערירט, ער פאַר־האַנדעלט. ער זעצט הימעל און ערד אין באַוועגונג.

מיר איז אויסגעקומען צו באַזוכען, צוזאַמען מיט פרוי שטערנבוך, עטליכע מאָל דעם פּרעזידענט פון דער שווייצער פּאָליציי, וועגען אָט דעם ענין. די פּאָליציי־מאַכט האָט פאַרשטאַנען די עוולה, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרען דעם אידישען פאָלק, וועלכעס האָט געליטען אַזעלכע שרעקליכע פאַרלוסטען. מען האָט זיך דאָרט אָפּגעגעבען דין וחשבון דאַפון, אַז אידישע קינדער געהערען צום אידישען פאָלק. דאָס איז געווען קלאָר פאַר דער שווייצער מאַכט. אָבער — די קינדער זיינען דערוויל געבליבען ביי די נישט־אידען. פאַרוואָס? ווייל — די ערציהונג וואָס „היעפּס״ און די שטערנבוך׳ס ווילען זיי געבען, איז אַ רעליגיעזע . . . מען ווינשט זיך ניט ביי די „אָפיציעלע״ אידישע קרייזען אין שווייץ, האָט דער פּאָליציי־פּרעזי־דענט מיר ערקלערט, אַז די יתומים זאָלען באַקומען אַ רעליגיעזע ערציהונג פון דער ריכטונג, וואָס איז פאַרטראָטען דורך מאַדאַם שטערנבוך . . .

דאָס איז ביי דער שרעקליכער טראַגעדיע און דעם פאַרברעכען, וואָס שווייצער „אָפיציעלע״ אידען טהוען לגבי די עטליכע הונדערט פאַרלאָזענע יתומים, אַ גרויסע אָנערקענונג פאַר „היעפּס״ און פאַר איהרע גרינדער, יצחק און רעכאַ שטערנבוך. זיי פאַרקערפּערן היינט אַ ריכטונג — די ריכטונג פון ישראל סבא. און „לאו כל אדם זוכה״, אַז מען זאָל איהם באַטראַכטען אַלס טרעגער פון אַ ריכטונג...

* * *

מען האָט מיר אין איראָפּע געזאָגט, אַז די אַרבייט פון „היעפּס״ איז אַ כאַאָטישע. עס פעהלט אין איהר סדר. עס פעהלט אין איהר געלאַסענ־קייט, אויסגערעכענטקייט. מען וואָלט פילע זאַכען געקאָנט בעסער טאָן, זאָגען די געגנער פון „היעפּס״.

קריטיקירען קען מען אַלץ אין דער וועלט. דאָס איז זעלבסט־פאַרשטענדליך. אָבער וואָס איז דאָ אין דער אַרבייט פון דער „היעפּס״ — דאָס איז אידיש האַרץ, דאָס איז דער ברען און די התלהבות צו העלפען. דאָס קען קיינער ניט אָפּלייקענען.

(„מאָרגען זשורנאַל״, ב׳ אדר א׳, תש״ו — 3 פעברואַר, 1946)

פרייז 20 פעניג

# LANDSBERGER LAGER-CAJTUNG

Arojsgegebn fun Komitet fun gewezene jidisze politisze gefangene

Numer 15 (27) | Frajtik, 3 Maj, 1946 | 2-ter jorgang

Dr. Jicchok Lewin

## Dem mufti's rol in di nacisze mord-plener

### (Sensacjoneler, biz-ict umbakanter dokument)

Wen es iz mit a kurcer cajt curik gekumen di jedije, az dem mufti's a kuzin iz derlojbt geworn curikcukumen kejn Erec-Jisroel, fun wanen er iz gewen arojsgeszikt far zajne pogrem aktiwitetn kegn jidn un heces kegn englender, iz ojsgeluftert geworn ojf dosnaj di gance geszichte in szajches mit ot dem parszojn un ojch mit zajn kuzin, dem gewezenem mufti.

Der bakanter amerikaner zurnalist Edgar Maurer, hot in szajches mit dem gehat farefntlecht sensacjonele faktn, bazirt ojf an derklerung fun Dr. Rudolf Kassner in Genewe, wegn dem mufti's farbrecherisze tetikajtn.

In zajn derklerung git iber Dr. Kassner, wos iz nonter mitarbeter fun dem "gestapo-specjalist" far jidisze injonim, Eichmann, wemens nomen iz von Wiszleczeni, hot dercejlt im, Kassnern, un cwej andere jidn, Inz. Sztajner un horaw Michoel Ber Wajsmandel, wegn dem mufti's szendleche rol. Von Wiszliczeni hot nemlech dercejlt, az der mufti hot merere mol forgelejgt far Hitler'n, Himmler'n un Ribentrop'n ojscurotn dem europejiszn jidntum, kdej azoj arum cu "lejzn" di frage wegn Erec-Jisroel.

Der mufti, hejst es, hot cuzamen mit Eichman'en bazucht di gazkamern in Oswiencim, kdej zich cu ibercajgn, wi grindlech di farnichtung fun di jidn wert durchgefirt. Eichman hot gezogt cu Kassner'n in Budapest, dem 4-tn juni 1944: "ich bin a perzenlecher frajnt fun mufti. Mir hobn im cugezogt, az kejn europejiszer jid wet nyt arajn kejn Erec-Jisroel".

Ot di derklerung fun Dr. Kassner iz zejer wichtik. Edgar Maurer cijt fun im di geherike konsekwencn. Er fodert, az der mufti zol farnemen zajn plac ojf der onklagebank cuzamen mit zajne szutfim, di nacy-banditn, wos hobn ojsgefirt dem mord-plan. Der mufti iz etleche mol ofn arojsgetrotn far di nacys, un zej cugezogt di untersztICung fun di araber. Onsztot ober cu rufn im hajnt cu farantwortlechkajt, hot men im gegebn a szajne wille in Frankrajch un men macht noch bamijungen, cu derlojbn im curikcukern kejn Jeruszalajim.

Halt ich do far wichtik cucugebn cu der geszichte, wos Maurer hot farefentlecht, folgendn zejere charakteristiszn fakt:

In di lecte chadoszim fun der milchome zajnen gefirt geworn unterhandlungen cwiszn a szolijch fun Waad Hacale un Himmler'n, wi ojch andere hojche gestapo baamte, wegn arojslozn di lecte jidn lebedike fun di nacysze lagern in neutrale lender. Di geszichte fun di dozike farhandlungen un dos iberszikn zej kejn Amerike iz ejne fun di szpanendste "untergrund" majses fun der milchome, un ich wel es noch baszrajbn ojfn jesod fun autentisze materjaln, welche ich hob baj zich.

Beszaas di dozike farhandlungen un ojch frijer, wen men hot geredt wegn ratewen jidn in gewise lender, iz geworn batont micad di nacys, az ojb men wet di jidn arojslozn fun nacy-baherszte gebit, dan muz men far di bafrajte hobn cugegrejte plecer, wu zej zoln zich kenen bazecn. Di Szwajc oder Szpanjen, "men hot geredt fun di cwej lender als unmitlbare ojfnam-plecer far di jidn" kenen di jidn baj zich nyt bahaltn ojf tomid, un afile wen zej woltn nyt farlangt kejn garantjes, az di jidn weln hobn wu cu gejn — muzn di nacys azelche farzicherungen bakumen.

Der Waad Hacala-szoliach hot gefregt: culib wos muz men dos farzichern far der nacy-regirung, az di jidn weln fun di europejisze lender awek? Welchn interes hot zi in dem?

Hot men lechatchile ojf dem geentfert zachlech, nor gezogt, az "azoj muz es zajn".

Di sztelung fun der gestapo iz gewen zer misterjez. Ojfgeklert hot zich es ober in a kurcer cajt arum.

Der szoliach fun Waad Hacala hot gebracht far di nacys a konkretn forszlag, az di jidn wos men wet bafrajen un arojslozn, weln hobn ale certifikatn ojf bazecn zich in Erec-Jisroel.

Ojf dem iz momental gekumen a reakcje: nejn! Dos kumt nyt in batracht: iberal jo, nor kejn Erec-Jisroel nyt. Farkert: men muz hobn wizes kejn Amerike, kdej es zol lepoches zajn a warszejnlechkajt, az fun di naje plecer weln di jidn nyt forn kejn Erec-Jisroel.

Ot di sztelung iz gewen a grojse iberraszung. Men hot dawke gewust, az di nacys hobn a klejne col jidn bemeszech der milchome ojsgetojszt ojf Erec-Jisroel'dike dajczn, hot men deriber derwart, az zej weln zich onchapn on dem forszlag, az di bafrajte jidn zoln ale gejn kejn Erec-Jisroel. Farwos iz alzo Erec-Jisroel plucim geworn trejf baj di nacys?

Iz dan szojn klor geworn, az di nacys hobn epes a gehejme farflichtung nyt cuculozn kejn grecere jidisze imigracje kejn Erec-Jisroel. Di jidn, wos zajnen ojsgetojszt geworn kegn Erec-Jisroel nacys, — dos iz natirlech a ganc ander injen. Do hobn di nacys gemuzt "bacoln" mit jidn far Erec-Jisroel dajczn. Ober dos bild iz fulsztendik farendert, wen der prajz iz nyt gewen kejn palestinenziszer nacy.

Dos hischajwes legabej dem mufti iz, wajzt ojs, gewen azoj sztark un azoj farflichtend, az wen men hot afile gewolt, culib gewise sibes, opszteln dem baszlosenem mord-proces legabej di noch dan lebedike jidn — hot men nyt gekent kukn ojf ot der hischajwes. Men hot noch alc badarft zajn "in ordnung" legabej dem szutef, oder beser gezogt: dem inspirator cum mord. Men hot gewolt blajbn "korekt" legabej Amin-El-Husejnen. Mir hobn zich mischajew gewen cu hargenen di jidn, kdej zej zoln nyt kumen kejn Erec-Jisroel. Ojb dos bisl jidn wet gejn kejn Amerike, weln zej ober zich nyt bazecn in Erec-Jisroel, deriber zajnen mir "in ordnung"! ...

Horaw Michoel Ber Wajsmandel un Icchok Szternbuch in der Szwajc, hobn dan ongefangn cu alarmirn wegn amerikaner pasportn, kdej cu bafridikn dem blut-dursztikn gestapo'nik. In Amerike iz dan natirlech nyt gewen bawust, az di dozike dokumentn zajnen di ejncike retungsmeglechkajt, wajl in Berlin oder ergec-wu in Dajczland hot gelebt der mufti Amin-El-Husejni un hot prezentirt far der gestapo a hischajwes, az kejn jidiszer plejtim-sztrom wet nyt derlozt wern kejn Erec-Jisroel. Di "banditn-ere" fun di nacys hot zej nyt derlojbt cu brechn zejer wort afile wen zej hobn szojn gezen dem sof. Di "ere" fun arabiszn nacy derlojbt im ober cu bahaltn zich hajnt ergec in Frankrajch un nyt arojskumen mit an derklerung, az er hot mitgeholfn in dem mord fun miljonen europejisze jidn, kdej "opcuwendn" di sakone fun a jidisz Erec-Jisroel ...

Wet es take gelungen wajter cu bahaltn dem emes? Iz nyt endlech gekumen di cajt cu farejnikn dem ganen antisemitiszn internacjonal, di jidn-merder Streicher un Amin-El-Husejni, mit ale andere szutfim, un zej gegebn dem psak-din, welche zej fardinen?

Di szajle szteln mir efentlech. Dos gewisn fun der welt, ojb es ekzistirt noch, fodert a klore tszuwe!

—o—

## Derklerung fun premjer Atlee

London. Premjer-minister Attlee hot opgegebn a derklerung in unterhojz wegn dem baricht fun der E.-J.-komisje. Premjer Attlee hot gezogt:

Di ojsfirungen fun der Erec-Jisroel-komisje lejgn arojf ojf unz a zofortike un langdojernde farflichtung. Di britisze regirung muz fesztsteln, in welcher mos Amerike iz grejt zich cu batejlikn in Erec-Jisroel, hen militerisz, hen materjel. Premjer Attlee hot wajter derklert, az di komisje hot ojfmerkzam gemacht ojf der ciwiler un priwater armej in Erec-Jisroel, welche ken badroen dem welt-szolem. Jidn un araber muzn dos gewer aniderlejgn. Di britisze regirung zet for, dos di Jidisze Agenc darf cuhelfn un ojffordern di terorisztn dos gewer aniderculejgn. Di araber wern ojch ojfgefodert dos zelbe cu ton.

Di britisze regirung hoft, dos di jidn un araber weln zich bazinen un mit geduld wartn, biz di frage wet wern antgiltik gelejzt.

Wos onbalangt der propozicje fun der komisje wegn 100.000 sertifikatn, derklert Attlee, az kol-zman di umlegale armej wet nyt aniderlejgn di wofn ken dos nyt kumen in batracht. Praktisz iz Erec-Jisroel nyt cugegrejt ojfcunemen zofort aza grojse col jidn.

אַ אידי׳שע צייטונג, געדרוקט אין אַ דייטשען לאַגער אין יאָהר 1946 (דער אַרטיקעל געפינט זיך אין דאָזיגען בוך אויף זייט 178—182).

# „יציאת פוילען"

## I

## פ ר אַ ג

פּראַג, 30 יולי, 1946.

אין די לעצטע צוויי וואָכען, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין עסטרייך און אין טשעכאָסלאָוואַקיי, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז עס איז ווידער סעפּטעמבער, 1939, ביים אָנפאַנג פון צווייטען וועלט־קריג.

פונקט ווי דאַמאָלס, האָב איך געזעהן פאַר זיך מאַסען פאַרצווייפעלטע מענשען, צעבראָכענע פון לאַנגע וואַנדערונגען, אויסגעהענדיגע פון מידקייט,



אַ טראַנספּאָרט אידען נאָכ'ן אַריבערגעהען די „גרינע גרעניץ" צווישען פוילען און טשעכאָסלאָוואַקיי.

וועמענס פּנים׳ער און קליידער האָבען אַ סך דערצעהלט וועגען זייערע שרעקליכע איבערלעבענישען. דער אידישער וואַנדערער מיט׳ן פּעקעל אין דער האַנט, דער איד, וואָס לויפט דאָרט, וואו די אויגען טראָגען איהם, איז ווידער אויף דער סצענע, און דאָס מאָל ניט אַלס יחיד, נאָר אויסשליסליך אַלס נאַציאָנאַלע ערשיינונג. אין סעפּטעמבער 1939, ווען די נאַצי־האָרדען זיינען באַפאַלען פּוילען, זיינען אידען געלאָפען צוזאַמען מיט פּאָליאַקען קיין מזרח. היינט, ווען עס קומט פאָר „יציאת פּוילען״, ווען די לעצטע אידען פאַרלאָזען דאָס לאַנד, וואו אין משך פון טויזענט יאָהר האָט געבליהט אַן אייגענאַרטיגע אידישע קולטור, איז עס בלויז אַ אידישע „פעלקער־וואַנדע־רונג״, אָבער אין אַ מאָס און אַ פאָרנעם, וואָס איבערשטייגט יעדע פאָרשטעלונג, וואָס מען קען פון דערוויטענס וועגען דעם האָבען.

אין דעם אַזוי־גערופענעם ראָטשילד־שפּיטאָל אין נייטען באַצירק פון וויען, איז איינגעאָרדענט געוואָרען אַן אויפנאַמס־צענטער פאַר די אידישע פּליטים פון פּוילען. די געביידע האָט אַ געוואַלדיגען פאָרנעם. אָבער זי איז ווייט ניט גענוג, כדי צו געבען אַ מעגלעכקייט פון אָפּרוה פאַר די טויזענטער מענשען, וואָס שטראָמען אַריין ממש טאָג נאָך טאָג. צוויי וויטערע געביידעס זיינען שוין באַשטימט געוואָרען. אָבער עס ווייזט זיך אַרויס, אַז עס איז אַלץ ניט גענוג. דערביי דאַרף גענומען ווערען אין באַטראַכט, אַז דער פּליטים־



די אידען מאַרשירען דורך אַ טשעכישע שטאָדט נעבען גרעניץ.

שטראָם געהט דורך וויען בלויז ווי דורך אַ דורכגאַנגס־סטאַציע. די וואַנדערער פאַרבלייבען אין וויען ניט מעהר ווי 24 שעה, העכסטענס צוויי טעג. דאַן געהען זיי ווייטער. אָבער דער אימפּעט פון דער לויפענדער מענשען־מאַסע איז אַזוי גרויס, אַז מען קען זי אָפט ניט אַריינפּאַסען אין די טעכנישע ראַהמען, וועלכע זיינען אָנגעצייכענט געוואָרען.



אידישע קינדער און פרויען נאָכ׳ן אָנקומען אין „ראָטשילד״־שפּיטאָל אין וויען.

איך האָב געזעהן פרויען מיט קליינע קינדער אויף דער האַנט, וועלכע זיינען שפּעט אין דער נאַכט געזעסען אויף די האַרטע שטיינערנע פּאָדלאָגעס און געוואַרט מיט געוויין אויף זייער רייה, אויפגענומען צו ווערען פון דאָקטאָר, וואָס אַרבייט ביים דעזינפעקצירען די פּליטים 12 שעה דורכאַנאַנד, און טיילמאָל נאָך מעהר. די יללות פון די קליינע עופה׳לעך האָבען זיך געטראָגען ווייט ווייט, און איך האָב זיך געפרעגט: ווי לאַנג וועט דאָס נאָך אַזוי אָנגעהן מיט אונזערע ליידען? וועט טאַקע ניט נעהמען קיין עק דערצו?

דערביי מוז מען מיט גרעסטער אנערקענונג אונטערשטרייכען די לייסטונגען פון דער „אונררא״ און פון „דזשאָינט״ אויפ׳ן געביט פון הילף פאַר די דאָזיגע פּליטים. אויב עס איז נאָך דאָ אַזוי פיל מענשליך לייד ביי דער וויענער סטאַציע פון דער אידישער „פעלקער־וואַנדערונג״ פון יאָהר

1946, איז עס צוליב דער גיגאַנטישקייט פון פּראָבלעם. מען קען פּשוט אין ערשטען מאָמענט ניט באַהערשען דעם שטראָם. אָבער עס איז דאָ דער שטאַרקער ווילען ניט צו לאָזען די מענשען ליידען מעהר ווי עס איז אומבאַדינגט אומפאַרמיידליך.



אידישע פּליטים־קינדער „רוהען זיך אויס" אין „ראָטשילד־שפּיטאָל אין וויען.

פאַר די רעליגיעזע פּליטים ווערט געזאָרגט דורך אַ כשר׳ער קיך אין ראָטשילד־שפּיטאָל און דורך אַ בית־המדרש, וועלכע זיינען איצט איינגעאָר־דענט געוואָרען. ליידער, איז נאָך נישטאָ קיין עס־זאָל פאַר די הונדערטער אידען, וועלכע געניסען טאָג־טעגליך פון דער כשר׳ער קיך, אַזוי, אַז זיי מוזען עסען שטעהענדיגערהייט אין קיך אָדער, אין בעסטען פאַל, נעהמען זיך ערגעץ דאָס עסען אין די קעלער־קאָרידאָרען. אָבער, ווי מען האָט מיר פאַרזיכערט — וועט עס באַלד ווערען פאַרגרעסערט.

דער „דזשאָינט" האָט אין וויען אַן אויסגעצייכענט פונקציאָנירענדע ביוראָ. דער „דזשאָינט" דערגענצט די „אונרראַ", הגם זיין אַרבייט איז בעיקר געווידמעט די וויענער אידען, ד. ה. די אידען, וועלכע געפינען זיך אין וויען (אַלטע וויענער אידען פון די אַמאָליגע צייטען זיינען דאָ זעהר ווייניג, אָבער עטליכע טויזענט „נייע" האָבען זיך באַזעצט אין וויען).

פון אַ היסטאָרישען פאַרנעהם איז די לייסטונג פון דעם „ועד ההצלה", כדי דעם שטראָם פון די פליטים צו ריכטען אויף אַ לעגאַלען באַזיס. דער טאָג פון 28־טען יולי 1946, איז אייגענטליך אַ ווענדע־פּונקט, אין אַ געוויסען זין, אין דער איצטיגער אידישער וואַנדערונג. ווייל אָט אין דעם טאָג איז אָנגעקומען קיין פּראַג אויפ'ן ווילסאָן וואָקזאַל, די ערשטע גרופּע פון די לעגאַלע אידישע אויסוואַנדערער פון פּוילען. וואָס דאָס באַדייט פּראַקטיש — דאַרף מען, דוכט זיך, ניט אונטערשטרייכען. אנשטאָט אַ געפערליכער וואַנדערונג צו־פוס איבער בערג און טאָלען, מיינט עס אַ נסיעה מיט'ן עקספּרעס־צוג וואַרשאַ־פּראַג. און הגם, ווען איך בין געשטאַנען אויפ'ן ווילסאָן־וואָקזאַל אין פּראַג דעם 28־טען יולי און געזעהן די מאַסע „לעגאַלע" אויסוואַנדערער פון פּוילען מיט'ן גאַנצען ביסעל אָרימקייט, וואָס זיי פאַרמאָגען, איז דאָס עלענד ניט געווען פיל קלענער ווי אין ראָטשילד־שפּיטאָל אין וויען, אָבער דאָך איז געווען אַ חילוק. עס איז געווען אַ סדר, עס איז געווען „אָרדנונג"...

אָט די לעגאַלע אויסוואַנדערונג פון אידען פון פּוילען, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 28־טען יולי, איז דער רעזולטאַט פון די וואָכען־לאַנגע באַמיהונגען פון דער אייראָפּעאישער „ועד ההצלה" פאַרטרעטונג. די רעפּרעזענטאַנטין פון „ועד הצלה", פרוי שטערנבוך פון דער שווייץ, איז געזעסען במשך די לעצטע פינף חדשים כמעט כסדר אין פּוילען און זי האָט זיך פאַרשאַפט אַ צוטריט צו אַלע אינסטאַנצען פון פּוילישען מלוכה־אַפּאַראַט, וועלכע באַשטימט וועגען עמיגראַציע. זי האָט פאַרזאָרגט די נויטיגע וויזעס, וואָס אויף זייער סמך האָט מען אָנגעפאַנגען צו געבען מאַסענהאַפט פּאַספּאָרטען די אידען אין פּוילען, אַזוי אַז אין די נאָהענסטע טעג ווערט דערוואַרט אַ גאָר גרויסע צאָל לעגאַלע אויסוואַנדערער, דאַרונטער קרוב צו טויזענט קינדער.

אין די לעצטע וואָכען האָט אין פּוילען פאַרבראַכט הרב אליעזר סילווער פון אַמעריקע, און זיין באַזוך האָט, ווי עס גיבען מיר איבער די אַריבערגעקומענע אידען, געמאַכט אַן אויסערגעוועהנליכען רושם. הרב סילווער האָט באַזוכט צעהנדליגער שטעדט, וואו אידען געפינען זיך, און זיי מחזק געווען מיט וואָרט און טהאַט. ער האָט אויך אָפּגעהאַלטען קאָנפערענצען מיט די העכסטע רעגירונגס־פאַקטאָרען, מיט אַ רייה מיניסטאָרען און מיט'ן מלוכה־פּרעזידענט, פון וועלכען ער האָט געקראָגען אַ וויכטיגען צוזאָג (אַז שחיטה וועט צוריק ווערען דערלויבט, און וועגען נאָך אַנדערע ענינים). די מסירת־נפש וועלכע הרב אליעזר סילווער האָט אַרויסגעוויזען, איז באמת צום באַוואונדערען. ער איז עטליכע מאָל אַליין געווען אין אַ גרויסער סכנה, אָבער דאָס האָט איהם ניט אָפּגעשראָקען פון דער ווייטערער טעטיגקייט.

ווען די ערשטע פליטים־גרופּע, וואָס פרוי שטערנבוך פון „ועד ההצלה" האָט אין פּוילען אָרגאַניזירט, איז דעם 28־טען יולי אָנגעקומען אין

פראַג, איז הרב סילווער געווען דער „הויפט־קאָמאַנדאַנט" אויף דער סטאַציע. ער האָט דאָן אין די צוויי האָטעלן, וועלכע דער פראַגער „ועד־ההצלה" קאָמיטעט מיט הרב פארהאַנד בראש האָט צוגעגרייט, פּאַנאַנדערגעטיילט פערזענליך די צימערען. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען די דאַנקבאַרקייט פון די געראַטעוועטע מענשען.

וואָס זיי פיהלען, דריקט צום בעסטען אויס די תשובה, וועלכע איך האָב באַקומען פון אַ אידישער פרוי פון לאָדז. ווען איך האָב זי געפרעגט, צי זי איז צופרידען, האָט זי זיך פשוט „באַליידיגט" און געזאָגט:

— ווי קאָנט איהר פרעגען אַזאַ זאַך? איז דען מעגליך איבערהויפּט צו זיין ניט צופרידען? מיר זיינען דאָך ערשט ווידער געוואָרען מענשען...

דערביי מוז מען נעמען אין באַטראַכט, אז די נייע אויסוואַנדערער פון פוילען טראָגען נאָך אויף זייערע שיך דעם שטויב פון סאַמאַרקאַנד, צי פון די אוראַל־בערג, ווייל דאָס זיינען עפּ״י רוב די רעפּאַטריאירטע פוילישע אידען, וועלכע זיינען אָקאָרשט צוריקגעקומען פון טיף־רוסלאַנד אין זייערע אַמאָליגע היימען. דאָ האָבען זיי פאַר זיך דערזעהן ניט נאָר די גאַנצע גרויזאַמע טראַגע־דיע פון אידישען חורבן אין פוילען, נאָר גלייכצייטיג אויך די פּאָגראָם־סכנה, וואָס האָט אויף זיי געלויערט פון אַלע ווינקעלעך. פאַר די דאָזיגע מענשען איז עס געווען אַ מורא׳דיגער „שאָק", ווען זיי האָבען ווידער געדאַרפט נעמען דעם וואַנדער־שטעקען אין האַנט. זיי האָבען פּלוצים דערזעהן זיך ווידער הענגענדיג אין דער לופט. איז נאַטירליך, אַז די פערזענליכע קאַטאַסטראָפע פון יעדען איינעם איז פיל קלענער, ווען די ווייטערדיגע שטאַפּעל פון גלות־וועג איז על־כל־פּנים אַ לעגאַלע.

אָבער סאַי ווי האָט זיך די מלחמה פאַר די אידען פון פוילען נאָך ניט געענדיגט. דער מורא׳דיגער שטורם, וואָס האָט אַזוי פיל מיליאָנען קרבנות פאַרשלונגען, האַלט נאָך ווייטער אָן.

(„מאָרגען זשורנאַל", י״ח אב, תש״ו — 9 אויגוסט, 1946)

## II

## פּרעשבורג

בראַטיסלאַוואַ, 1־טער אויגוסט, 1946.

ווען מען פאָהרט היינט־צו־טאָג איבער אייראָפּע און מ׳קומט אין פאַרבינדונג מיט די פאַרבליבענע אידישע קיבוצים, דאַן לעבט מען נאָכ־אַמאָל אַדורך דעם מורא׳דיגען אידישען חורבן פון די לעצטע יאָהרען. דאָס,

וואָס איז היינט נאָך דאָ אין אייראָפּע פון דער פאַר־מלחמה׳דיגער אידישער פּראַכט, איז אַזוי אָרים, אַזוי קליין, אַזוי שוואַך, אַז מען וואונדערט זיך אַפּט אַליין, ווי אַזוי דאָס קען נאָך אַנהאַלטען.

דעריבער בין איך געוואָרען ערשטוינט, ווען איך בין אָנגעקומען אין בראַטיסלאַוואַ, די אַמאָליגע פּרעשבורג, און דערזעהן פאַר זיך אַ לעבעדיגען זכר פון דער אַלטער „עיר ואם בישראל״.

אין גרויסען בית המדרש האָבען אידען געשמאַק געדאַווענט און איין מנין האָט נאָכגעפאָלגט דעם צווייטען. אין „יסודי התורה״ אויפ׳ן שוהל־הויף האָבען כיתות אינגלעך געלערענט מיט חשק גמרא. אויף דער „זשידאָווסקאַ״־גאַס זיינען אידען געלאָפען מיט פעקלעך אין די הענט... מיט איין וואָרט: עס האָט פאַר מיר אויפגעטויכט דאָס בילד פון יענע צייטען, ווען מיר האָבען נאָך פאַרמאָגט מיליאָנען אידען אין אייראָפּע מיט שטאַרקע אידישע צענטערס, מיט אַן אייגענאַרטיג אידיש לעבען. עס האָט זיך דערמאָנט פון דער תקופה, וואָס איז אַזוי געוואַלטזאַם אָפּגעהאַקט געוואָרען, און נאָך וועלכער מיר בענקען אַזוי שטאַרק...

די פּרעשבורגער, וועלכע געדענקען די אַלטע מעטראָפּאָליע בעסער פאַר מיר, זיינען נאַטירליך ווייניגער באַגייסטערט. ווייל אָט האָבען אין בית המדרש, ביז צו דער לעצטער מלחמה נאָך געלערענט 200 בחורים, היינט לערנען קוים פופצען אָדער צוואַנציג. אין די צייטען פון „חתם סופר״ זיינען אין דער ישיבה געווען ביז 400 בחורים, טאָ וואָס איז אייגענטליך פאַרבליבען? אָבער איך פיהל אַנדערש. איך זעה פאַר זיך אין פּרעשבורג אַ לעבעדיג רעשטעל, וואָס קען וואַקסען און אַנטוויקלען זיך, בשעת אין פילע אַנדערע שטעדט זיינען, ליידער, פאַראַן נאָר טויטע אָדער האַלב־טויטע, אונטערגעהענדיגע רעשטלעך.

די באַ׳חנ׳טע אידישע אינגעלעך, וועלכע האָבען געלערענט מסכת „ביצה״ אין דער תלמוד־תורה, וועלען זיכער פאַרשטאַרקען די רייהען פון די ישיבה־בחורים אין דער צוקונפט. זיי האָבען אַזוי גוט פאַרשטאַנען די סוגיא — טראָץ זייער עלטער (מייסטענס זיינען זיי געווען 10 ביז 12 יאָהר אַלט) — אַז איך וואָלט מאַנכע פון זיי שוין פאַררעכענט פאַר קליינע „עלויים״...

עס בלייבט אָבער די שאלה: איז טאַקע דאָ אַ צוקונפט פאַר׳ן פּרעשבורגער אידענטום? וועט זיך דאָס וואָס איז פאַרבליבען, ווייטער אַנטוויקלען אָדער פונקט אַזוי אונטערגעהן, ווי עס געהט אונטער צום ביישפּיל, דאָס אידישע פּוילען?

מען קען אַזוי לייכט אויף דעם נישט ענטפערען. עס הענגט אָפּ זעהר פיל פון אומשטענדען.

אָט האָב איך באַזוכט דעם רעליגיעזען קיבוץ פון „בנות אגודת ישראל״

אויף דער שרייבעראָווא־גאַס. דער דאָזיגער קיבוץ איז אַ פעסטונג פון אידישקייט. זעלטען ווען מ׳קען טרעפען אַזאַ גוט אָרגאַניזירטען מיידלעך־קיבוץ. און דאָס איז נישט קיין קליינע אינסטיטוציע. 86 אידישע קינדער פון פוילען זיינען געווען אין קיבוץ בשעת איך האָב איהם באַזוכט, אַ גרויסער טייל פון זיי גאָר קליינע, מאַנכע אפילו אָהן נעמען (איין אינגעל, וואָס אַ גוי האָט אָפּגעגעבען, האָט מען אַ נאָמען געגעבען „יאַנקעלע״, קיינער ווייסט נאַטירליך נישט פאַרוואָס, אָבער אָט אַזוי ווערען געבוירען אידישע נעמען...). 44 פולשטענדיגע יתומים פון דער סלאָוואַקיי האָבען זיך דאָרט אויך געפונען. אַ קורס פאַר 25 מדריכות איז דאָרט געוואָרען איינגעאָרדענט, וועלכער שטעהט אויף אַ גאָר הויכער מדרגה. די לייטערינס, מלכה זיידעל און יהודית גאָלד־שטיין, פאַרדינען באמת די גרעסטע אָנערקענונג.

און אידישקייט האָט מען אין דער אינסטיטוציע אויף שרייבעראָוואַ־גאַס געקענט ממש אָנטאַפּען מיט די הענט. יעדעס קינד דאָרט איז געווען אַן אוצר: אָט קומט צו מיר צו אַ מיידעלע מיט׳ן נאָמען רחל ראַבינאָוויטש און דערצעהלט מיר, אַז זי איז אַן אייניקעל פון באַריהמטען פּאָלטאַוועער רב ר׳ עקיבא ראַבינאָוויטש. יונג ווי זי איז, דאָך דערקענט מען אין איהר באַלד די מוטיגקייט און קעמפערישקייט פון גרויסען זיידען... אָט שטעלט מען מיר פאָר קינדער, וועלכע שטאַמען פון דער באַריהמטער ריזשינער דינאַסטיע. אָט זיינען אייניקלעך פון צאַנז...

אָבער דאָס אַלץ איז נישט מעהר דאָ אין פּרעשבורג! דער טאָג, וועלכען איך האָב מיט זיי פאַרבראַכט, איז געווען דער לעצטער פון דער דאָזיגער גרופּע אין דער סלאָוואַקישער מעטראָפּאָליע פּרעשבורג. עטליכע שטונדען שפּעטער, האָבען זיי גענומען דעם וואַנדער־שטעקען און זיך געלאָזט ווייטער אין דער וועלט...

קיין ארץ ישראל? ניין. די טויערען זיינען דאָך נאָך געשלאָסען. קיין ארץ ישראל וואָלטען זיי געגאַנגען מיט חשק, און מיר וואָלט דאַן נישט וועה געטאָן דאָס האַרץ, וואָס פּרעשבורג איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען מיט אַזאַ שטאַרקען אידישען פונקט. אָבער דער קיבוץ איז אַוועק פון בראַטיסלאַוואַ אין אַ פיל ערגערען פּלאַץ, אין אַ צייטווייליגען מקום מקלט, אויס אַ פּשוט׳ן, זעהר פּראָזאַאישען גרונד: ווייל עס האָט געפעהלט געלט צו קאָכען אַ מיטאָג. ווייל די חובות־לאַסט איז נישט מעהר געווען צו דערטראָגען (אויף אַמעריקאַ־נער געלט גאָר נישט אַזוי פיל, אַן ערך צעהן טויזענט דאָלאַר).

טאָ פרעגט זיך: איז דאָס וועלט־אידענטום אין אָרדנונג מיט זיין געוויסען, אויב אידישע קינדער ווערען געטריבען פון פּרעשבורג — פון דער פיינער אידישער פּרעשבורג — אין דער ווייטער וועלט (דערווייל נ י ש ט קיין ארץ ישראל) צוליב הונגער, צוליב גויט? וואָלט נישט געווען פיל גלייכער,

װען אַזעלכע אינסטיטוציעס זאָלן קענען פאַרבלײבן אין פּרעשבורג כּל־זמן זײ געהען נישט קײן ארץ ישׂראל? װאָלט מען נישט געדאַרפט ביד רחבה צושטעלן די פינאַנציעלע מיטל דערפאַר? װאָלט דאָס נישט געדיענט גלײכצײטיג פאַר צ װ ײ צװעקן: פאַר געבן אַ צײטװײליגן אָפּרוה־אָרט די געפּלאָגטע און װאַנדערונגס־מידע אידישע קינדער — און פאַר אױסבױען צוריק די אַלטע תּורה־פעסטונג פּרעשבורג?

* * *

איך האָב באַזוכט דעם גרינדער פון דער דאָזיגער פעסטונג. װײל צו זײן אין בראַטיסלאַװאַ און נישט מתפּלל זײן אױפ׳ן קבר פון „חתם סופר" — איז דאָך פּשוט אוממעגליך. און באַזונדער איז מיר געלעגען אױפ׳ן האַרץ אַ קוק צו געבן, צי אונזערע באַמיהונגען אין אַמעריקע, צו דערהאַלטען דאָס דאָזיגע קבר בשעת דער נאַצי־הערשאַפט אין סלאָװאַקײ, זײנען נישט געװען אומזיסט. עס פלעגען אָנקומען טעלעגראַמעס: שיקט געלט, כּדי אױסצוקױפען דעם „חתם סופר"! מיר האָבען דאַן נישט געגנוי פאַרשטאַנען, װאָס דאָס מײנט: צי װילען באמת פאַראומרײניגען די נאַצי־בעסטיעס אױך דאָס דאָזיגע פאַרהײליגטע קבר, אָדער מײנט מען עפּעס אַנדערש?

איך האָב איצט געזעהען, אַז די כּוונה פון די חיות רעות איז געװען טאַקע מחלל צו זײן דעם לעצטען רוה־אָרט פון גרױסען פּרעשבורגער גאון. װײל דאָס אַלטע בית־החיים אין פּרעשבורג עקזיסטירט שױן מעהר נישט. אַלץ איז פאַרשװאונדען. און בלױז דאָס קבר פון „חתם סופר" מיט אפשר צעהן אָדער פופצעהן אַרומיגע קברים זײנען געבליבען. אַ האָלצערנע סוכּה איז געװאָרען אױפגעשטעלט אױף דעם פּלאַץ און זי דעקט צו די קברים. אפשר אױך אַ סימבאָל: װער װײסט װי לאַנג מען װעט נאָך איבערלאָזען אָט די הײליגע עצמות אױפ׳ן דאָזיגען אָרט? אפשר איז עס טאַקע איצט נישט מעהר װי אַ „דירת ארעי"?

די נאַציס האָבען כּסדר געסטראַשעט די רעשטלעך פון פּרעשבורגער אידענטום: „גיט איהר געלט — דאַן בלײבען נאָך די פּאָר קברים; אױב נישט — דאַן װערען זײ זאָפאָרט פאַרניכטעט..." און די געטרײע תּלמידים פון „חתם סופר" האָבען אױעקגעגעבען דאָס לעצטע, כּדי דער רבי זאָל נישט װערען געשטערט אין זײן רוה. ביז עס האָט געפּלאַצט דאָס „מלכות הרשעה" און די געפאַהר פון חילול־הקודש איז באַזײטיגט געװאָרען.

* * *

אָבער דעם סם פון אַנטיסעמיטיזם, װאָס די דײטשע היטלער־בעסטיע האָט דאָ אײנגעפּלאַנצט, איז נישט פאַרשװאונדען צוזאַמען מיט דער דײטשער אָקופּאַציע. די סלאָװאַקען האָבען זיך גיך אױסגעלערענט בשעת דער נאַצי־

הערשאַפט די אַנטיסעמיטישע תורה און קענען זי אַזוי לייכט ניט פאַרגעסען. באַלד נאָך דער באַפרייאונג זיינען, ווי באַוואוסט, נאָך פאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף אידען אין דער סלאָוואַקישער פּראָווינץ. דאַן האָט זיך עס אַביסעל געשטילט. איצט געהט דורך בראַטיסלאַוואַ אַ גרויסער טייל פון די אידישע עמיגראַנטען פון פּוילען. און דאָס רופט אַרויס „קנאה" ביי די סלאָוואַקען. איך האָב געזעהן פלוג־בלעטער, אין וועלכע מען האָט אַזוי גערעדט צו די סלאָוואַקען: „זעהט ווי גוט די פּאָליאַקען לייזען די אידען־פּראַגע! באַלד וועט שוין קיין איינציגער איד מעהר נישט זיין אין פּוילען. טאָ לאָמיר דאָס וואָס גיכער נאָכמאַכען ביי אונז אין סלאָוואַקיי. מיר זיינען דאָך אַ ברודער־פאָלק צו די פּאָליאַקען!..."

ווען איך האָב געהאַלטען אין האַנט אָט דאָס פלוג־בלעטעל, האָב איך פּלוצים וויי־יקער אַנגעפאַנגען צו באַדויערען דאָס אַוועקלויפען פון רעליגיעזען קיבוץ. אָבער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער האָט געעגבערט דעם מח די שאלה, וואָס איז היינט־צו־טאָג די ברענענדסטע ביי אַלע אידען פון אייראָפּע:

— לאָן? וואוהין זאָל מען לויפען?...

## III

## לינץ

לינץ איז לעצטענס געוואָרען אַ וויכטיגער פּונקט אויפ׳ן אידישען וואַנדערונגס־וועג.

דער שטראָם פון פּליטים, וועלכער לויפט פון מזרח, האָט פאַרשידענע פאַראַנקערונגס־פּונקטען. עס וועט נאָך קומען די צייט, ווען פּרטים פון דער נייער אידישער „אָדיסייע" וועלען דאַרפען ווערען איבערגעגעבען. איצט קען מען נאָר זאָגען, אַז דער ערשטער אָרט, וואו דער וואולקאַן־אַרטיגער עמיגראַנטען־צוג שטעלט זיך אָפּ אויף אַ לענגערע ווייל, איז — לינץ. די פריהערדיגע סטאַציעס זיינען נאָר מאָמענטאַלע, אויף ווינציגע שעה׳ן כדי דער וואַנדערער זאָל „איבערנעכטיגען". אין לינץ דאַגעגען דאַרף מען שוין זיך אַביסעל „איינאָרדענען".

ווי דאָס דאָזיגע איינאָרדנען זיך זעהט אויס, איז נאַטירליך אַ פּראַגע, וואָס אינטערעסירט גאָר שטאַרק די אידישע וועלט, וועלכע קוקט איצט מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם אויף דער „יציאת פּוילען" אָדער אפשר גאָר „יציאת אייראָפּע".

קודם־כל לאָמיר פעסטשטעלען, אַז לינץ מיינט היינט־צוטאָג נישט

איינער נאָר גאַנצע ד ר י י אידישע לאַגערן: בינדערמיכעל, וועגשייד און קליין־מינכען.

בינדערמיכעל (אָדער, ווי אידען רופען עס אין שפּאַס: „בין דיר מוחל") איז די צענטראַלע, „די רעזידענץ". פון די אַנדערע צוויי לאַגערן פאָהרט מען קיין בינדערמיכעל, ווי מען איז, למשל, אין אַלטע צייטען געפאָהרען פון גער אָדער אָטוואָצק קיין וואַרשע, אָדער פון גלאָוונאָ צי זגיערזש קיין לאָדז. וויל מען הערען עפּעס נייעס אָדער זיך פאַרבינדען מיט דער וועלט — דאַן פאָהרט מען קיין בינדערמיכעל.

דאַביי איז די דאָזיגע „עיר הבירה" גאָר ניט די גרעסטע אין דער אומגעגענד, אויב מען מעסט לויט די אידישע מאַסען, וועלכע געפינען זיך דאָרט. זי פאַרמאָגט אַן ערך 2,500 אידען, בשעת וועגשייד האָט שוין היינט קרוב צו 8,000 און וועט באַלד האָבען צוועלף טויזענט אידען. אָבער בינדער־מיכעל איז דער „עלטסטער" אידישער לאַגער אין דער סביבה (שוין מעהר ווי אַ יאָהר אַלט!) און, וואָס דער עיקר, ער איז אַ „סטאַבילער"; דאַגעגען די אַנדערע צוויי זיינען „דורכרייזע־לאַגערן" („טראַנזיט־קעמפּס"). אָט די צייטווייליגקייט פון וועגשייד און קליין־מינכען איז הויפּטזעכליך גורם, אַז זיי ווערען באַטראַכט, און באַטראַכטען זיך אַליין, אַלס „טעכטער" פון בינדערמיכעל.

אַלע דריי לאַגערן צוזאַמען מיט זייערע קרוב צוואַנציג טויזענט אידען פאַרנעהמען אַ שטח, וואָס איז זיכער קלענער ווי עטליכע גאַסען פון מינדעסטען פּוילישען אָדער ליטווישען שטעדטעל. וואָס מען האָט פאַר אַלעם אויסגעלערענט די אידען אין היינטיגען אייראָפּע, איז דער „סוד הצמצום". מען האָט זיי אויסגעלערענט זיך אַזוי צוזאַמענצוקוועטשען, אַז זיי וואוינען ממש בנס. ווייל אויף אַ נאַטירליכען אופן קען מען, דוכט זיך, גאָר נישט פאַרשטעהן אַזאַ פאַקט, ווי דעם, וואָס איך האָב נאָר־וואָס געזעהן אין וועגשייד, אַז אין א י י ן שטוב זאָלען זיך קענען איינאָרדענען 74 (פיר און זיבעציג) מענשען! יאָ, אַ גאַנצער קיבוץ האָט פאַרנומען די דאָזיגע איינע שטוב אין וועגשייד. אמת, אַ גרויסע שטוב. דאָס וויל איך גאָר נישט לייקענען. אָבער פונדעסטוועגען שלאָפען דאָרט פיער מענשען אין איין בעט.

אין דער סטאַטעטשנער „צענטראַלע" בינדערמיכעל איז, נאַטירליך, פיל פיל בעסער. מען וואוינט מענשליך. מען דריקט זיך נישט. מען איז שוין ווי עס איז — „איינגעאָרדענט".

די רעליגיעזע לאַגע איז גאַנץ צופרידענשטעלענד. בינדערמיכעל איז איינער פון די ווייניגע לאַגערן, וואו אַלע אידען עסען כשר. דאָס הייסט, אַז אין בינדערמיכעל קען מען נישט באַקומען קיין אַנדער פלייש, ווי נאָר כשר'עס. וועט איהר פרעגען: ווי אַזוי? איז דער תירוץ גאַנץ פּשוט: אַלע

אידען באַקומען דאָ צוגעטיילט פריש פלייש (נישט קיין קאָנסערוועו), וואָס שטאַמט פון אַ כשר׳ער שחיטה.

דאַביי איז דער רוב פון די לאַגער־אידען גאָר ניט אָרגאַניזירט אין די רעליגיעזע גרופּירונגען. וואָס מעהר: אין דער לאַגער־פאַרוואַלטונג פון בינדערמיכעל זיצט ניט קיין איינציגער אגודיסט אָדער מזרחיסט! לויטער „פרייע". פאַרוואָס? ווייל ביי די וואַהלען צו דער לאַגער־פאַרוואַלטונג זיינען די רעליגיעזע אידען, וואָס האָבען קאַנדידירט, אַלע דורכגעפאַלען. קיין איינציגער איז ניט אויסגעקליבען געוואָרען, הגם זיי, די רעליגיעזע אידען, זיינען זיכער על־כל־פנים אַ באַדייטענדע מינאָריטעט. און געשעהן איז עס צוליב אַ מאָדנעם, צוויי־שטופיגען וואַהל־סיסטעם. יעדע גרויסע געביידע — בלאָק — האָט קודם־כל אויסגעוועהלט אַן „עלעקטאָר". אַזעלכע עלעקטאָרען זיינען געווען זעכציג און זיי האָבען מיט אַ געוועהנליכען רוב דעות דאַן אויסגעוועהלט די פאַרוואַלטונג, וואָס באַשטעהט פון אַכט פּערזאָן. די אגודת ישראל האָט אויסגעקעמפט 15 עלעקטאָרען, דער מזרחי אויך אַ באַדייטענדע צאָל, אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפען. דער רעליגיעזער מיעוט איז צוויי מאָל מאַיאָריזירט געוואָרען: אין אַ רייהע בלאָקען און דאַן פולשטענדיג אין עלעקטאָרען־קאָלעגיום.

פונדעסטוועגען האָט בינדערמיכעל אַלע סימנים פון אַ „פרום" אידיש שטעדטעל. דער שבת ווערט אָפּגעהיט אפילו פון דער „פרייער" לאַגער־פאַרוואַלטונג (אין געגענזאַץ צו אַנדערע לאַגערען, ווי צ. ב. אין פעלדאַפינג אין דייטשלאַנד, וואו איך האָב געזעהן אָפענעם חילול־שבת מצד דער דאָרטי־גער פאַרוואַלטונג) עס איז אויפגעשטעלט געוואָרען אַ חדר, וואו עס לערנען קרוב צו הונדערט אידישע קינדער. עס עקזיסטירט אַ „בית יעקב"־שול. עס איז אויפגעבויט געוואָרען אַ היגיענישע מקוה. עס זיינען דאָ עטליכע בתי־מדרשים, וועלכע זיינען כסדר פול מיט מתפללים א. אַ. וו.

וואָס עס פעלט אין די אויגען אויף שריט און טריט אין בינדערמיכעל — טראָץ די פאַרהעלטעניסמעסיג „גוטע" צושטענדען — איז די מידקייט פון די אידען מיט זייער צושטאַנד. שוין אַ יאָהר צייט, ווי זיי זיינען דאָ אין לאַגער און מען זעהט נישט קיין סוף. נאָך ערגער: עס פעהלט באַשעפטיגונג. מען געהט אַרום „פוסט און פּאַס". מען האָט מיר איבערגעגעבען אין „אונראַ"־הויפּט־קוואַרטיר, אַז פילע איינוואוינער אין בינדערמיכעל שטעהען אויף צוועלף אַזייגער בייטאָג. קיין וואונדער: דער טאָג איז אַזוי לאַנג, און אַז מען האָט ניט וואָס צו טאָן, פאַרוואָס זאָל מען ניט פאַרשלאָפען נאָך עטליכע שעה?

עס נעמט אָן אַ פחד, אויב מען פאַרטראַכט זיך איבער אָט דעם פאַקט. איך בין אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסען פון בינדערמיכעל און באַטראַכט די פאַרדאַגה׳טע, פאַר מרה־שחורה׳דיגע פנימער פון די אידען. און בשעת

מעשה האָט מיר געעגבערט דעם מח דער געדאַנק: וויפיל מענשליכע ענערגיע געהט פאַרלאָרען יעדען טאָג אין אַזאַ קיבוץ פון אידען! אַלע רייסען זיך צו דער אַרבייט, אַלע וואָלטען געוועז גליקליך, ווען מען קען זיך שוין נעמען צו עפּעס אַ תכלית, און דאָ לויפען וואָכען נאָך וואָכען, חדשים נאָך חדשים, און — גאָר נישט...

דאַריבער איז דער פּסיכישער צושטאַנד פון די נ י י ע לאַגער־אידען וואָס זיינען אָקאָרשט אָנגעקומען אין וועגשייד אָדער קליין־מינכען פון פּוילען אָדער אַנדערשוואו — אַ בעסערער. ווי שטוינענד דאָס זאָל אין ערשטען מאָמענט ניט קלינגען, דאָך איז עס אַ פאַקט. די פרישע לאַגריסטען זיינען טאַקע פיזיש מעהר ערשעפּט, אָבער דערפאַר גייסטיג שטאַרקער. ווייל זיי לעבען נאָך אונטערן איינדרוק פון דעם, אַז זיי האָבען עפּעס „אויפגעטאָן" עפּעס דערגרייכט! זיי זיינען נאָר וואָס „ניצול" געוואָרען. און דאָס גיט זיי, על־כל־פּנים אויף אַ קורצע ווייל, אַ מאָראַלישע שטיצע.

און זיי נעמען פאַר ליב די שווערע באַדינגונגען אין וועלכע זיי געפינען זיך. איך האָב שוין דערמאָנט דעם קיבוץ, וועלכער האָט פאַר זיינע 74 חברים באַקומען איין שטוב. דאָך האָב איך אין יענער שטוב ניט געהערט צו־פיל מתרעם זיין. מען טראָגט דעם קאָפּ הויך און מען זינגט זיך גאָר אונטער.

נאַטירליך, זיינען נישט איבעראַל אַזעלכע שווערע באַדינגונגען. פון „זכות הצמצום" געניסען הויפּטזעכליך די ר ע ל י ג י ע ז ע קיבוצים פון „אגודת ישראל" און „מזרחי". איך האָב אין וועגשייד באַזוכט צוויי קיבוצים פון „מזרחי" און דריי פון „אגודת ישראל" און איבעראַל געטראָפען כמעט די זעלבע „צמצום"־באַדינגונגען. אין „מזרחי"־קיבוץ, בלאָק נומער 12, האָט נאָך צו די אַלע „גליקען" געפעהלט ליכט. מיר זיינען געזעסען כמעט אין דער טונקעל און זיך דורכגערעדט וועגען די לעבענס־באַדינגונגען, געשמועסט וועגען דער געגענוואַרט און די אויסזיכטען אויף דער צוקונפט. קיין פאַרצווייפלונג האָב איך נישט באַמערקט. בין איך שוין געוועז נוטה צו קלעהרען, אַז אפשר האָט די לאַגער־פאַרוואַלטונג פון וועגשייד עפּעס באַזונדער אויסגעצייכענט דעם „מזרחי"־קיבוץ מיט אַ טונקעלער שטוב. אָבער באַלד בין איך אַוועק אין איינעם פון די אגודה־קיבוצים און דאָרט איז געוועז נאָך טונקעלער. אויפ'ן טיש האָט קוים געצאַנקט אַ קליין ליכטעלע... איז פאַר מיר תיכף קלאָר געוואָרען, אַז מען מאַכט דאָ נישט, חלילה, קיין חילוק צווישען אגודת ישראל און מזרחי;ביידע זיינען פולקאָם „גלייכבאַרעכטיגט" אין וועגשייד.

אין אגודה־קיבוץ האָט, ביים קליינעם ליכטעלע, אויך געהערשט אַ מוטיגע שטימונג, אַזוי אַז איך האָב, נישט ווילענדיג זיך אָפּגערופען צום

עולם: ביי אייך איז טאַקע פינסטער אין שטוב, אָבער, ווייזט אויס, ליכטיג אין הארץ!״...

קיין איבעריגע סיבות צו זיין צופרידען איז גראַד אין וועגשייד נישט געווען. ווייל אין דעם טאָג האָט מען ווידער רעדוצירט די „ריישאַנס״ עסען. איך זאָג „ווידער״, ווייל לעצטענס איז אין וועגשייד געגאַנגען „פוחת והולך״ כמעט טאָג נאָך טאָג. אָנגעפאַנגען האָט מען ביי 2200 קאַלאָריעס אַ טאָג און געהאַלטען האָט מען שוין ביי 1,600. אויף צומאָרגענס זאָל זיין ווידער הונדערט קאַלאָריעס ווייניגער.

די 1600 קאַלאָריעס האָבען זיך פאַנאַנדערגעטיילט, לויט׳ן אָפיציעלען „מעניו״, אַזוי:

צום פרישטיק האָט יעדער מענש באַקומען 200 גראַם ברויט (וואָס מאכט אויס 500 קאַלאָריעס), 15 גראַם פוטער (גלייך 133 קאַלאָריעס) און 10 גראַם צוקער (40 קאַלאָריעס). חוץ דעם קאווע (אָהן אַ קאַלאָריע־ווערט).

צום מיטאָג: 54 גראַם פלייש (150 קאַלאָריעס), 60 גראַם מעהל (180 קאַלאָריעס), 10 גראַם אייער־פּאודער (57 קאַלאָריעס) און 50 גראַם פאַסאָליעס (150 קאַלאָריעס).

צום נאַכט־עסען: 130 גראַם ברויט (413 קאַלאָריעס) און 100 גראַם עפּעל (32 קאַלאָריעס).

דער סך־הכל איז 1605 קאַלאָריעס. צי מען קען פון דעם זאַט ווערען איז נאַטירליך אַ שאלה. איך גיב עס איבער אַזוי גענוי, ווייל אפשר וועט אימיצער וועלען אויספּרובירען ביי זיך.

אויף צו להכעיס אַלע שונאי ישראל קומען פאָר אין בינדערמיכעל פילע חתונות. ווען איך בין אַהין אָנגעקומען אַרום עלף דעם זייגער ביינאַכט, האָט מיר אין פלוג אויסגעוויזען, אַז עס קומט פאָר עפּעס אַ מאַסען־מיטינג אונטער׳ן פרייען הימעל. מענשען זיינען געשטאַנען געפּרעסט אין גאַס. אָבער באַלד בין איך דערגאַנגען, אַז מען פראַוועט דאָ חתונות. צוויי פּאָרלעך זיינען געגאַנגען אונטער דער חופּה.

עס האָבען נישט געפעהלט קיין ריהרענדע מאָמענטען. ווען מען האָט פאַר׳ן סידור קידושין געמאַכט אַ „מלא״ פאַר די עלטערען פון חתן־כלה, האָבען זיך ביי אַלעמען באַוויזען טרערען אין די אויגען. אָבער דאָס ווייגען האָט נישט לאַנג געדויערט. די סעודה איז געווען אַ פרעהליכע. און פּלוצים איז צו די חתנים צוגעקומען אַ פרישער בעל־שמחה: מען האָט גענומען לייענען „תנאים״ פון אַ פריש־געשלאָסענעם שידוך.

ווי דער שטייגער איז, זיינען געהאַלטען געוואָרען רעדעס און דרשות. אין לייט־מאָטיוו האָט זיך דורכגעשלינגעלט איבעראַל: דאָס אידישע פאָלק

גיט זיך קיינמאָל נישט אונטער. עס געהט ווייטער זיין וועג. עס פאַרפלאָנצט זיך אויפסניי. מען מוז בויען די צוקונפט.

און — גלויבט עס אָדער ניט — מען בויט זי. בינדערמיכעל, וועג־שייד, קליין ־ מינכען — דאָס זיינען קליינע בוי ־ שטיינער, באַוועגליכע ציגעל, וואָס וועלען נאָך אָריינגעפּאַסט ווערען אין דער מאָנומענטאַלער געביידע פון דער אידישער צוקונפט.

(„מאָרגען זשורנאַל״, ט׳ אלול, תש״ו — 5 סעפּטעמבער, 1946)

# די אידען אין די עסטרייכישע לאַגערען

## 1

### די טרויעריגע ווירקליכקייט און די פאַלשע פאָרשטעלונג אין לאָנדאָן

דעם 27־טען אָקטאָבער, 1946.

די לעצטע פּיער חדשים, וועלכע איך האָב פאַרבראַכט אין איראָפּע, געהערען צו די שווערסטע פון מיין לעבען.

ס׳איז ביי מיר אין דער צייט געוואָרען פולשטענדיג קלאָר, אַז מיר געפינען זיך ווייטער א י ן מ י ט ע ן פון פאַרניכטונגס־פּראָצעס פון איראָפּעאישען אידענטום. דער „שארית הפליטה״, וואָס איז פאַרבליבען פון די קאַלך־אויוועגס, קרעמאַטאָריומס און עקסטערמינאַציע לאַגערען, ראַנגעלט זיך מיט די לעצטע כוחות כדי ניט דערטרונקען צו ווערען אין ים פון צרות. סצענעס, וועלכע איך האָב געזעהן מיט מיינע אויגען, דערמאָנען אין די שטורמישע טעג פון דער מלחמה, ווען מענשען זיינען געלאָפען ווי בלינדע, אָהן אַ ציל און אהן אַ פּלאַן, כדי נאָר צו ראַטעווען דאָס נאַקעטע לעבען.

פאַר די אידען אין צענטראַל־איראָפּע איז די צווייטע וועלט־מלחמה אַ נאָך נישט פאַרענדיגטע. איך האָב עס געזאָגט דעם גענעראַל מאַרק קלאַרק אין ווין, און ער האָט מיר נישט געלייקענט. ווייל יעדער וואָס פאָהרט היינט אויף די באַהנען אין עסטרייך, למשל, און זעהט די אומצעהליגע צוגען מיט אידען אין לאַסט־וואַגאָנען, וועלכע ווערען טראַנספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד; יעדער וואָס זעהט זייער מצב, ווען זיי קומען אָן קיין ווין, לינץ, זאַלצבורג

אָדער מינכען; יעדער וואָס באַזוכט די לאַגערען, אין וועלכע זיי דאַרפען לעבען — דער ווערט דערשיטערט און מוז זיך פרעגען: וואו האַלטען מיר ערגיץ אין דער וועלט? וואָס געהט דאָ פאָר? האַלט טאַקע די מלחמה ווייטער אָן?

דערביי איז נאָך טראַגישער, וואָס די אידען אין די פרייע לענדער ווערען נישט אינפאָרמירט, אָדער — לאָמיר עס אָנרופען ביים נאָמען — ווערען פאַלש אינפאָרמירט וועגען דער אמת׳דיגער לאַגע.

איך האָב געהאַט אַ מעגליכקייט זיך צו איבערצייגען פון דעם אויף מיין רייזע צוריק קיין אַמעריקע. איך האָב זיך אויפגעהאַלטען אין לאָנדאָן עטליכע טעג, און אין אַ שעהנעם מאָרגען באַקומען אַן איינלאַדונג זיך צו באַטייליגען אין אַ זיצונג פון אַ פאַראייניגטען אידישען קאָמיטעט פאַר די פליטים אין אייראָפּעאישע לאַגערען. דער דאָזיגער קאָמיטעט, פון וועמענס עקזיסטענץ איך האָב לכתחילה גאָרניט געהאַט געוואוסט, איז צוזאַמענגעשטעלט פון פאַרטרעטער פון „באָארד אָוו דעפּיוטיס״, „אידישען וועלט־קאָנגרעס״, ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פון ענגלאַנד, „אגודת ישראל״, „מזרחי״, „אַנגלאָ דזשואיש אַסאָסיאיישאָן״ און אפשר נאָך אַנדערע. דער צוועק זיינער איז צו קאָאָרדינירען די אַרבייט פאַר די לאַגער־אידען און העלפען זיי אויף אַלע מעגליכע אופנים.

אויף דער באַראַטונג זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען צוויי באַריכטען פון וויכטיגע עסקנים, וועלכע האָבען דערצעהלט וואָס עס טוט זיך מיט די אידישע פּליטים אין די לאַגערען. פון די באַריכטען איז אַרויסגעגאַנגען איין קלאָרע מסקנא: אַז במשך דער לעצטער צייט האָט זיך די לאַגע פון די אידען אין דייטשלאַנד און עסטרייך באַדייטענד פ אַ ר ב ע ס ע ר ט. ווי אַזוי? אָט האָט מען פאַר זיי געעפענט ערגיץ וואו אַ נייע פאַך־שול און אין איין פלאַץ האָט מען אפילו זיך באַמיהט צו פאַרזאָרגען, אַז עס זאָל קומען אַהין פון ענגלאַנד אַ רעפאָרם־ראַביי, כדי די נישט־אָרטאָדאָקסען זאָלען נישט מוזען ווערען, געגען זייער ווילען, אָרטאָדאָקסיש! הכלל, ס׳איז „לעילא ולעילא״... דער פאָרזיצער, פּראָפעסאָר בראָדעצקי, האָט דאַן ביידע רעפערענטען געשטעלט איין פראַגע, נאָכדעם ווי זיי האָבען איבערגעגעבען זייערע ידיעות וועגען געוויסע פאַר־בעסערונגען אין די איינצעלנע לאַגערען:

— קען מען, לויט אייער מיינונג אָננעהמען, אַז די סיטואַציע אין די לאַגערען האָט זיך, בדרך כלל, פאַרבעסערט?

דער ענטפער איז געווען:

— „יאָ!״

איך בין געזעסען, נאָר וואָס זייענדיג אָנגעקומען פון ווין קיין לאָנדאָן,

און דאָס בלוט האָט אין מיר אָנגעפּאַנגען זידען. איך האָב נאַטירליך געמוזט זאָפאָרט צושטערען די „אידיליע".

איך האָב גענומען אַ וואָרט און דערצעהלט דאָס, וואָס איך האָב געזעהען במשך פון די לעצטע דריי חדשים. איך האָב פאַנאַדערגעוויקעלט דאָס קאָשמאַר־בילד פון דער אידישער טראַגעדיע, דעם גיהנום פון דער וואַנדערונג פון צעהנדליגער טויזענטער אידען היינט, — אַ יאָהר און אַ פערטעל נאָך דער באַפרייאונג פון נאַצי־יאָך. אַ וואַנדערונג ביי די שרעקליכסטע באַדינגונגען און אָהן אַ דירעקטען ציל (ווייל הגם דער ווייטער ציל איז אַ גאַנץ זיכערער — ארץ ישראל — איז אָבער פאַר די מאַסען וואַנדערער פולשטענדיג קלאָר, אַז פאַרלויפיג ווייסען זיי ניט וואו זיי לויפען).

די פאַרזאַמעלטע פאַרטרעטער פון די ענגליש־אידישע אָרגאַניזאַציעס זיינען געוואָרען אַרויסגעבראַכט פון זייער רוה. דאָס געוויסען האָט אָנגעפּאַנגען צו מאָהנען. מען האָט געזעהן, אַז עס איז עפּעס ניט אין אָרדנונג. און איך האָב געהערט פאַרשידענע תירוצים, אַז „מען האָט ניט געוואוסט ווי די לאַגע זעהט באמת אויס", אַז „די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען אייגענטליך מאַכטלאָז, און די הילפס־אָרגאַניזאַציעס זיינען פאַרפליכטעט צו לינדערען די נויט". עהנליכע ווערטער האָב איך שוין געהערט אָפט ביי אַזעלכע געלעגענהייטען. אָבער מיר שיינט, אַז פונדעסטוועגען וועט איצט שוין אַ געוויסער דרוק ווערען אויסגעאיבט אויף יענע קערפּערשאַפטען אין ענגלאַנד, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט הילף און מען וועט זיך מעהר ניט באַנוגענען מיט'ן עפענען אַ נייע פאַך־שול, אָדער אַרויסשיקען אַ רעפאָרם־ראַבאַי פאַר יענע פּליטים, וועלכע פיהלען זיך טיף „אומגליקליך", כלומר'שט, ווייל זיי קענען ניט פאַרטראָגען דעם אָרטאָדאָקסישען סדר־התפלה... (אגב: איך האָב במשך מיינע חדשים־לאַנגע באַזוכען אין די לאַגערען אין פאַרגאַנגענעם יאָהר און אויך היי־יאָהר ניט אָנגעטראָפען אויף אַזאַ מין פּליט!).

איז אין אַמעריקע דאָ אַן אַנדער פאַרשטעלונג וועגען דער לאַגע פון שארית הפליטה? איך האָב מורא, אַז מען גיט זיך דאָ אויך ניט אָפּ גענוג דין־וחשבון דערפון, ווי דראַהענד, ווי אָנגעצויגען די דאָזיגע לאַגע איז.

מען דאַרף, קודם־כל, נעמען אין באַטראַכט דעם אומשטאַנד, אַז אויפ'ן נאַטירליכסטען אופן, אָהן ווייטערדיגע סיבות, מוז די לאַגע זיך כסדר פאַרשאַרפען צוליב דעם, וואָס אָהן אויפהער קומען פרישע אידען קיין עסטרייך און דייטשלאַנד. אין חודש סעפּטעמבער, 1946, אַליין, זיינען אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד אָנגעקומען נייע 28 טויזענט פּליטים. דאָס איז אַ ציפער, וועלכע איז אָנגעגעבען פון דער אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג אָפיציעל. לויט מיין השערה, זיינען אין עסטרייך פאַרבליבען היבשע עטליכע טויזענט פּליטים פון די ניי־אָנגעקומענע. און ווי זיי זעהען אויס,

ווען זיי קומען אָן אויף זייער ערשטען עטאַפּ אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, קען מען זיך מאַכען אַ בילד פון עטליכע פאָטאָגראַפיעס, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין וויען, אין דעם ראָטשילד־שפּיטאָל, וואו די פּליטים־טראַנספּאָרטען ווערען צוערשט אויפגענומען. עס איז זעהר אָפט אַ פּחד אָנצוקוקען דעם מצב פון די פּליטים. מען ווערט פּשוט דערציטערט.

און דאָן, ווען עס קומט צו דער טאָג־טעגלעכער באַשפּייזונג פון איבער 200,000 מענשען, ווערט דער פּראָבלעם ממש אומלייזבאַר. דער מינימום פון 1200 קאַלאָריעס אַ טאָג ווערט געגעבען אויפ׳ן פּאַרלאַנג פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. דאָס איז אַזוי ווייניג, אַז ווען דער פּליט וואָלט זיך געדאַרפט מיט דעם באַנוגענען, וואָלט איהם אויסגעקומען איינפאַך צו הונגערען. דאַרף מען אָנקומען צו די הילפס־אָרגאַניזאַציעס. איז אָבער, ליידער, ניטאָ די נויטיגע צוגרייטונג צו אַזאַ מאַסען־פּראָבלעם.

עס פעהלט שפּייז, עס פעהלט קליידונג. און עס פעהלט אַ גוטע אָרגאַניזאַטאָרישע האַנט, וואָס זאָל קענען באַהערשען די לאַגע.

עס ווייזט פּשוט אויס, ווי די אידען אין די עסטרייכישע לאַגערען וואָלטען געוועזען פאַרקוקט און פאַרנאַכלעסיגט. מען גיט זיך מיט זיי אָפּ אַ סך ווייניגער ווי מיט אַנדערע.

פאַרוואָס ווייס איך ניט. און דעריבער איז איצט מיין אויפגאַבע צו באַקאַנען דעם אידישען עולם מיט דער לאַגע פון די אידען אין עסטרייך. עס איז אַ פליכט, וואָס מיר האָבען צו די אידען דאָרט און צו זיך אַליין.

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ב כסלו, תש״ז — 5 דעצעמבער, 1946)

## II

## גניגל

מען קען אָננעמען, אַז ביים היינטיגען טאָג, געפינען זיך אַן ערך 50,000 אידישע פּליטים אין עסטרייך. וויען, די הויפּט־שטאָדט פון עסטרייך, איז נישט אין חשבון. וועגען דעם וועל איך שרייבען באַזונדער.

פון וואַנען נעמט זיך די ציפער פון 50,000 אידישע פּליטים? אָט איז אַ גענויע צעגלידערונג.

אין דער אַמעריקאַנער זאָנע פון עסטרייך, געפינען זיך פאָלגענדע לאַגערען:

בינדערמיכעל, מיט 2500 אידען. וועגשייד מיט 9000 אידען. קליין־מינכען, מיט 5000 אידען. ענס, מיט 2500 אידען. האיד, מיט 4000 אידען. שטייער, מיט 3000 אידען.

די אַלע זעקס לאַגערען זיינען אין שכנות פון לינץ.

עבענזעע מיט 3000 אידען. בראונאו, 1000 אידען. באַד אישל, 500 אידען. באַד גאסטיין, 1500 אידען. זאַלצבורג (ניו פּאַלעסטיין), 500 אידען. רידענבורג, 2000 אידען. בעקשטיין, 1800 אידען. „בית ביאַליק״, 2500 אידען. גניגל („בית טרומפּעלדאָר״), 1300 אידען. מולן 300 אידען. ״פראַנץ יאָזעף קאַסערן״, 1200 אידען.

(די דאָזיגע לאַגערען זיינען אין שכנות פון זאַלצבורג).

אין דער ענגלישער זאָנע פון עסטרייך, געפינען זיך ביי 5000 אידען; אין דער פראַנצויזישער — ביי 3000 אידען.

וועגען אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון די לאַגערען, דאַרף מען זאָגען אַט־וואָס: אַ חוץ די „אַלטע״ לאַגערען אין „ניו פּאַלעסטיין״ ביי זאַלצבורג, בינדערמיכעל ביי לינץ, באַד גאַסטיין, זיינען כמעט אַלע איבעריגע נייע דורכגאַנגס־לאַגערען, וואו עס געפינען זיך די פרישע פּליטים פון פּוילען.

איך האָב באַזוכט, צום טייל צוזאַמען מיט הרב סילווער פון סינסינעטי, אַ רייה פון די נייע לאַגערען. מיר האָבען גערעדט מיט די מענשען, וואָס געפינען זיך אין די דאָזיגע פּלעצער, און געזעהען, וואָס עס טוט זיך דאָרט.

דאָס בילד איז אַזוי שוידערהאַפט, אַזוי שרעקליך, אַז עס איבערשטייגט אַלע פאָרשטעלונגען. מיר זיינען אַוועק פון די לאַגערען פולשטענדיג צו־בראָכען.

לאָמיר נעמען, אַלס ביישפּיל, דעם לאַגער אין גניגל, וועלכער רופט זיך איצט מיט׳ן שעהנעם נאָמען „בית טרומפּעלדאָר״. איך בין דאָרט געווען צוזאַמען מיט הרב סילווער.

דער לאַגער איז אַרומגערינגעלט מיט שטעכענדיגען דראָט. ווען דער טויער האָט זיך געעפענט, האָבען מיר דערזעהן, אויף אַ מרחק פון פופציג פוס, אַ צווייטען טויער. נאָך דעם דורכגעהן פון צווייטען טויער זיינען מיר שוין געווען אין לאַגער גופא.

קליינע הייזלעך זיינען געשטאַנען נאָהענט איינע צו די אַנדערע און אין זיי זיינען געווען אויסגעשטעלט בעטלעך, איינס נעבען צווייטען. פון די דעכער האָט אַריינגערעגענט (עס איז גראָד געווען אַ שלעכט וועטער). אויף די בעטען זיינען געלעגען, כמעט באַוועגונגסלאָז, קראַנקע מענשען. אין די צימערען איז געווען פינסטער (ווייל אין דרויסען איז געגאַנגען אַ רעגען און עס איז געווען שוין שפּעט נאָכמיטאָג). קיין באַלייכטונג איז ניט געווען.

ווען מיר זיינען אַריין אין די „צימערען", און די מענשען האָבען דערזעהן אימיצען „פון דרויסען", איז געוואָרען אַ יללה:

— דערבאַרימט אייך, שיקט אונז עסען!

— מיר זיינען הונגעריג!

— מיין קינד געהט אויס!

— ראַטעוועט אונז!

אַזעלכע קולות האָבען זיך געהערט פון אַלע זייטען. עס איז געווען אַזאַ יאָמער, אַז די אויגען האָבען נישט געקענט קוקען, די אויערען האָבען נישט געקענט הערען.

מיר זיינען אַוועק אין קיך.

אין דרויסען, אין שלאַגס־רעגען, זיינען געשטאַנען אידען מיט טעפּלעך. זיי האָבען געציטערט פאַר קעלט און נעץ, און דורך אַ פענסטער האָט מען זיי אַרויסדערלאַנגט אַבסעל עסען, וואָס איז באַשטאַנען פון אַביסעל געקאָכטע מעהרען.

דער קוכער האָט דערקלערט, אַז גראַד איז עס אַ „גליקליכער" טאָג. ער האָט ערגיץ אַרויסבאַקומען אַביסעל מעהרען און האָט דעריבער געקענט עפּעס קאָכען.

אַ פרוי איז צו אונז צוגעלאָפען מיט אַ קליין קראַנק קינד אויף דער האַנט:

— מיין קינד מוז האָבען אַביסעל מילך. איך האָב גאָרנישט פאַר איהם. דער מאַן איז געשטאָרבען אין וועג. דאָס קינד איז מיר געבליבען, אָבער איך קען נישט שטילען זיין הונגער. העלפט מיר!

אַן אַנדערע פרוי האָט געטראָגען אויף איהרע הענט אַ אינגעלע פון אַ יאָהר זיבען אָדער אַכט. דאָס קינד האָט ניט געקענט געהן. די פיסלעך זיינען געווען געשוואָלען. דאָס קינד האָט אויסגעזעהן ווי אין גסיסה־צושטאַנד.

— גיט מיר ברויט! — האָט געשריען די פאַרצווייפעלטע פרוי — איך קען עס מעהר ניט איבערטראָגען.

דאָס בילד פון די מענשען איז געווען אומבאַשרייבליך. צעריסענע קליידער, שיך, וואָס צעפאַלען זיך. אַ צושטאַנד פון נויט, פאַר וועלכען איך האָב נישט געפונען קיין גלייכען.

ווען מיר זיינען אַוועק אין אַן אַנדערען לאַגער, ביי זאַלצבורג, אין דער „פראַנץ יאָזעף קאַסערן", האָט זיך דאָס בילד פון גניגל איבערגע'חזר'ט.

אַ מאַסע מענשען איז אויף אונז אַנגעשטאַנען און געשריען:

— ברויט! ברויט! ברויט!

אַן אַלטע פרוי האָט זיך ביטער צעוויינט:
— איך בין הונגעריג! גיט מיר צו עסען!...
די אידען, כמעט אַלע, זיינען געקומען פון טיף רוסלאַנד קיין פוילען און פון דאָרט אַנטלאָפען מיט'ן לעבען. זיי באַזיצען גאָרנישט. זיי זיינען אויסגעמאַטערט און ערשעפּט פון זעקס שווערע יאָהר, וועלכע זיי האָבען פאַרבראַכט אין סיביר. איצט האָבען זיי פּלוצים דערזעהן, אַז „דאָרט" איז געווען גוט.
פיל ווילען לויפען צוריק קיין פוילען. עס איז אַ מצב פון האַלבער משוגעת.
הרב סילווער האָט פאַראָרדענט, אַז מען זאָל ביינאַכט באַקען ברויט פאַר'ן לאַגער אין גניגל. מען איז אַרומגעלאָפען צו די בעקער, געצאָהלט וויפיל זיי האָבען פאַרלאַנגט, כדי עס זאָל זיין אויף־צו־מאָרגענס, אַ שטיקעל ברויט.
אָבער דער פּראָבלעם איז נישט נאָר פון גניגל און נישט נאָר פון איין טאָג.
עס קומען כסדר צו נייע גניגל'ס. דער שטראָם פון פליטים האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. ער איז לעצטענס שוואַכער געוואָרען, אָבער ער האַלט אָן.
מיט אמת'ער דאַנקבאַרקייט, מוז מען זאָגען, אַז אָהן דעם, וואָס די אַמעריקאַנער אַרמיי גיט די פליטים, וואָלט דער טויט שוין לאַנג געווען אַוועקגעשניטען אַ סך פון דער פאַרבליבענער אידישער מחנה. די אַמעריקאַנער אַרמיי נעמט אויף די אומגליקליכע פליטים, פאַרזיכערט פאַר זיי דאָס רעכט צו בלייבען אויף דער דאָזיגער ערד, און זי שפּייזט זיי מיט 1200 קאַלאָריעס אַ טאָג, אָבער — — —
די אידען זיינען הונגעריג, נאַקעט און באָרוועס!
עס קומט שוין דער ווינטער. אויב די הילף פון אַמעריקאַנער אידענטום וועט ב אַ ל ד ניט געשיקט ווערען — דאַן וועלען צו די זעקס מיליאָן קרבנות פון היטלער'ן צוקומען, היינטיגען ווינטער, נייע צענדליגער טויזענטער.
אויב מען וועט ניט שיקען שפּייז — דאַן וועט מען מוזען שיקען תכריכים!
איך בין, נאָך מיין באַזוך אין גניגל אין דער „פראַנץ יאָזעף קאַסערן", אַריין אין אָפיס פון „דזשאָינט" אין זאַלצבורג און געפרעגט: היתכן? פאַרוואָס איז ניטאָ קיין גענוג הילף מצד דעם „דזשאָינט"?
עס זיינען געווען פאַרשידענע דערקלערונגען. די אידען אין די לאַגערען זיינען זיך אַנגעלאָפען צו־פּלוצלונג, ממש אומגעריכט. באַמיהונגען ווערען געמאַכט און די לאגע וועט געוויס בעסער ווערען. אָבער דערווייל: דאָס בילד פון הונגער און נויט.
אידען שרייען נאָך ברויט!

(„מאָרגען זשורנאַל", י"ט כסלו, תש"ז — 12 דעצעמבער, 1946)

## III

## עבענזעע

איינער פון די שעהנסטע אויטאָ־וועגען אין מיטעל־אייראָפּע איז דער וועג פון לינץ קיין עבענזעע.

אין אַ זוניגען פריה־מאָרגען בין איך אַרויסגעפאָהרען אויף אָט דעם וועג, מיט אַן אויטאָ, פון לינץ. דאָס וועטער איז געווען אַנגענעהם. די מילדע שטראַלען פון דער סעפּטעמבער־זון האָבען זיך צעגאָסען. אַ לייכט ווינטעל האָט צוגעגעבען לעבען צו דער גרינער נאַטור, וואָס האָט ממש געבלענדעט די אויגען מיט איהר פּראַכט. די פּאַנאָראַמע האָט זיך כסדר געביטען. אָט זיינען געווען פעלדער מיט תבואה, וועלכע האָט זיך לאַנגזאַם און בכבוד׳יג געשאָקעלט אין ווינט. אָט זיינען געווען סעדער מיט פּרוכט־בוימער, אויף וועלכע עס איז געלעגען דעם הימעל׳ס ברכה: רייפע פּירות אָהן אַ צאָהל. אָט זיינען מיר געפאָהרען דורך געדיכטע וועלדער, פון וועלכע עס האָט אַרויס־געאָטעמט די סאַמע קערענדיגע פרישקייט. אָט האָבען זיך פון דער ווייטענס די שניי־באַדעקטע אַלפּען־בערג אַרויסגעגליטשט פון אַ נעפּעל־שלייער...

פלוצים האָט זיך געוויזען אַ נייער עלעמענט אויפ׳ן האָריזאָנט: וואַסער. מיר זיינען אָנגעקומען קיין גמונדען און דערזעהן פאַר זיך דעם וואונדערבאַרען טורן־זעע.

צווישען הויכע בערג האָט זיך געצומען פונאַנדערשפּרייטען אַ טונקעל־בלויע אָזערע. קליינע שיפלעך האָבען זיך געיאָגט אויפ׳ן וואַסער. מיר זיינען געפאָהרען ממש ביים ברעג. פון איין זייט האָבען מיר אויף די שלענגעלענדיגע וועגען געהאַט אַן אָפּגעהאַקטע וואַנט פון אַ פעלז, און פון דער אַנדערער זייט פון וואָגען האָט זיך שוין די זון געשפּיגעלט אין די בלויע וואַסערען מיט טויזענטער פאַרבען. פון קעגען־איבער האָבען אויף אונז געקוקט מיט ווירדע און געלאַסענקייט די הויכע בערג, וואָס האָבען אַרומגעצוימט דעם טורן־זעע און זיינען געווען אַזוי פיין אַריינגעפּאַסט איינער אין צווייטען, אַז זיי האָבען דערמאָנט אַ קונסטפולע ברילּיאַנט־בראָש, וועלכע פאַראייניגט פאַרשיידען־געשליפענע עדעל־שטיינער אין אַ האַרמאָניש בילד. עס האָט זיך געוואָלט אויסשרייען: „מה רבו מעשיך ד׳!" עס האָט זיך דאָ בולט דערקענט אין דער נאַטור די געטליכע אַרכיטעקטען־האַנט...

אָבער דאָס האַרץ האָט נישט געלאָזט זיך פרעהען מיט׳ן פּראַכטפולען אַנבליק. איך האָב ביי דער נסיעה געהאַט אַלס ציל צו באַזוכען אַ אידישען לאַגער אין דער געגענד און עס האָט מיר אויסגעוויזען, ווי אימיצער וואָלט

מיר כסדר אַריינגעמורמעלט אין אויער: וואַרט, וואַרט אַ ווייל, עס קומט עפּעס גאָר אַנדערש!...

און אָט דאָס פאַר־געפיהל האָט מיך טאַקע ניט אָפּגענאַרט.

איך בין פאַרפאָהרען אין שטעדטעל עבענזעע און באַלד געגומען זוכען דאָרט דעם אידישען לאַגער. דאָן זיינען ערגעץ פאַרשוואונדען די הייזלעך, וואָס זיינען געווען מאַלעריש פאַרשפּרייט ביי דער אָזערע. עפּעס אַ קרומער וועג האָט זיך פאַרקירעוועט אין אַ זייט. מיט איין מאָל האָט זיך פאַר אונז געעפענט אַ טויער, און מיר זיינען געשטאַנען אויף אַ ברייטען פּלאַץ. נידעריגע באַראַקען האָבען איהם אַרומגערינגעלט.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין די באַראַקען און עס האָט מיר געגומען שווינדלען פאַר די אויגען.

איך בין געשטאַנען פּנים־אל־פּנים מיט דער גרעסטער אידישער נויט, וואָס מען קען זיך פאַרשטעלען. אָרימקייט, עלענדקייט, צער, הונגער, קראַנקהייט — האָבען אַ זעץ געטאָן אין פּנים אַריין ביים אָנבליק פון די פּוילישע און ליטווישע אידען אין עבענזעע.

די אידען האָבען אויסגעזעהן ווי לעבעדיגע שאָטענס. ווען זיי האָבען מיר דערצעהלט פון זייערע ליידען, בין איך געוואָרען ווי פאַרגליווערט.

מען האָט מיר געוויזען די שטיקלעך ברויט, וואָס זיי באַקומען אין דער פריה אויף אַ גאַנצען טאָג צום לעבען. אַ פאַרציע דאַרף וועגען 250 גראַם, אָבער ס׳האָט מיר עפּעס נישט אויסגעוויזען צו זיין אַזוי „שווער״. צו דעם באַקומען די אידען צום פרישטיק אַ טעפּעל שוואַרצע קאַווע, אָהן צוקער און אָהן מילך. צום נאַכטמאָל ווידער אַזאַ שוואַרצע און ביטערע קאַווע, אָבער אָהן ברויט, ווייל דאָס ברויט פון דער פריה דאַרף קלעקען פאַר אַ גאַנצען טאָג.

און דער מיטאָג? וועגען דעם איז בעסער נישט צו רעדען. געוועהנליך באַשטעהט דאָס עסען פון אַ זופּ מיט אַ ביסעל גרינס. דעם טאָג, ווען איך בין געווען אין עבענזעע, האָט געזאָלט זיין אַ קאַשע. אָבער זי האָט געהאַט אַזאַ טעם, אַז עס איז נישט מעגליך געווען די דאָזיגע קאַשע אין מויל צו נעמען. אויפזעהער פון דער קיך האָבען באַשלאָסען אַרויסצוואַרפען די קאַשע. מילא, אָהן אַ מיטאָג. נאָך אַ ביסעל הונגערען.

שוין באַלד נישטאָ וואָס צו פאַרלירען אין עבענזעע. ווייל אויב די סיטואַציע וועט זיך נישט תיכף ראַדיקאַל ענדערען — דאַן וועלען די עטליכע טויזענט אידען אין דעם לאַגער אויסשטאַרבען ווי פליגען.

איין טויט־פאַל איז פאַרגעקומען בשעת איך בין דאָרט געווען. אַ קינד פון זיבען חדשים האָט אויסגעהויכט דאָס נשמה׳לע, נאָך אַ קורצער קראַנקהייט.

און דער פאָטער איז מיך געקומען בעטען אַ גרויסע טובה: איך זאָל איהם העלפען, אַז דאָס קינד זאָל וואָס גיכער באַגראָבען ווערען.

ביז איך, פאַרשטעהט זיך, תיכף אַוועק צום מיליטערישען קאָמאַנדאַנט, אַ מיידזשאַר, און איהם איבערגעבען די בקשה פון אומגליקליכען פאָטער. עס האָט אויך געפעהלט תכריכים. דער מיידזשאַר האָט אויסגעאַרבעט אַ שטיקעל לייווענט און בשעת מען איז אַוועק נעהען די תכריכים, זיינען מיר ביידע געפאָהרען זוכען די פאַרשיידענע עסטרייכישע באַאַמטע, וועלכע האָבען געדאַרפט באַשטעטיגען דאָס איינאָרדענען פון דער לויה. אין עבענזעע איז קיין אידישער בית־עולם נישטאָ. דאָס פאַרשטאָרבענע קינד האָט מען געדאַרפט פיהרען אין גמונדען, כדי עס זאָל קומען צו קבר ישראל.

דערפאַר פאַרמאָגט אָבער עבענזעע עפּעס אַנדערש: אַ קרעמאַטאָריום. ספּעציעל געמאַכט פאַר אידען! ווייל עבענזעע איז נישט בלויז איצט אַ לאַגער. ניין, שוין פריהער האָט מען דאָ געהאַלטען אידען. און די נאַציס האָבען דאָרט אויפגעבויט אַ קרעמאַטאָריום, שטעהט עס נאָך עד היום אַלס אָנדענק פון יענע צייטען. אַ גרויס קרייץ זאָגט עדות, אַז אַש פון פאַרברענטע מתים ליגט באַגראָבען אין עבענזעע. קיין מגן דוד האָב איך נישט געזעהען!...

ווי דאָס ווירקט אויף די הונגעריגע און ליידענדע פּליטים — קען מען זיך לייכט משער זיין!

האָבען מיך טאַקע די אידען געבעטען, מיט טרערען אין די אויגען, און מיט אַ געדערכטען כעס אויף זייערע ליפּען:

— נעמט אונז אַוועק פון דאַנען! טוט וואָס איהר קענט, אַז מיר זאָלען דאָ קיין טאָג נישט בלייבען! מיר קענען דאָך נישט קוקען אויף דעם אָרט, וואו עס זיינען לעבעדיגערהייט פאַרברענט געוואָרען אונזערע ברידער און שוועסטער!

אין עבענזעע ווערען אידען דורך נאָך עפּעס דערמאָנט אין „יענע" צייטען: זיי ווערען געכאַפּט צו דער אַרבייט. עס קומט אַ באַפעהל אַז מען דאַרף האָבען אַ צאָהל אַרבייטער, דאַן הויבט זיך אָן די „יאַגד". מען לויפט זיך באַהאַלטען, ווייל די אַרבייט איז אַ שווערע — בויען וועגען — און מען האָט נאָך זעקס צי זיבען יאָהר מאַטערנישען נישט קיין כח צו בויען וועגען אין עסטרייך. אָבער סוף־סוף ווערט מען געכאַפּט.

דעם לעצטען שבת, איידער איך בין דאָרט געוועזען, האָט מען אויך געדאַרפט צושטעלען אַרבייטער. און די רעליגיעזע אידען האָבען געשריגען, אַז שבת וועלען זיי שוין אויף קיין פאַל נישט געהן אַרבייטען. בחנם. עס האָט אָבער נישט געהאָלפען.

איך האָב די זאַך אויפגענומען מיט דעם מיידזשאַר. האָט ער מיר ערקלערט, אַז מען מוז צוגרייטען דעם לאַגער פאַר׳ן ווינטער, דעריבער מוז

מען אַרבייטען. וועגען שבת האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז געווען נאָר „איין מאָל", ווייל עס האָט גראָד דאַמאָלס געפעהלט אַרבייטער. מכאן ולהבא וועט מען נאָר אַרבייטען פינף טעג אין דער וואָך, ממילא וועט שבת זיין פריי פון אַרבייט פאַר יעדען.

איך האָב איהם אויף דעם געפרעגט:

— אויב די אידען דאַרפען אַרבייטען, לויט אייער מיינונג, נאָר פאַר דער פאַרבעסערונג פון לאַגער, טאָ פאַרוואָס האָט איהר זיי לעצטענס גראָד געשיקט צו פאַרריכטען די שאָסייען?

די תשובה איז געווען:

— ווייל די עסטרייכער האָבען ווייניג אַרבייטס־קרעפטען. זיי טוען וואָס זיי קענען. זיי שטעלען אונז צו שאָפערען (דרייווערס) און אַנדערע אַזעלכע אַרבייטער. די שאָסיי, וועלכע איז פאַרריכט געוואָרען דורך די אידען, איז וויכטיג פאַר'ן לאַגער גופא, ווייל דורך דער שאָסיי פיהרט מען עסענוואַרג אין לאַגער...

לויט דער דאָזיגער לאָגיק וועט מען דאַרפען נעמען די עבענזעע־אידען צו אַלע מעגלעכע אַרבייטען אין דער וועלט, ווייל סוף־סוף קען נאָך זיי אַרויסקומען אַ „טובה" דערפון און דעריבער זיינען זיי מחויב אַלץ צו טאָן.

דערביי דערקלערט דער דאָזיגער קאָמאַנדאַנט, אַז ער האָט די גרעסטע „סימפּאַטיע" פאַר די אידען אין עבענזעע. ער האָט באַשטימט אַ אידישען קאָמיטעט, וואָס באַשטעהט פון די לייטער פון די ניי־געקומענע אידען, און זיי דאַרפען איהם וועגען אַלץ מעלדען, וואָס דאַרף פאַר די אידען געמאַכט ווערען. זיי דאַרפען אויך צושטעלען זיינע באַפעהלען צו די לאַגער־אידען.

ווי דורך אַ צופאַל האָב איך זיך דערמאָנט אין דער פאַראָרדנונג וועגען די „יודענראַטען" אין „גענעראַל־גאָווערנעמענט פוילען", וועלכע איך האָב שטודירט בשעת'ן שרייבען מיין טייל פון „שוואַרצען בוך פון פוילישען אידענטום". אין יענער פאַראָרדנונג איז געשטאַנען, אַז די „יודענראַטען" דאַרפען אויספאָלגען די באַפעהלען פון דער מאַכט. — פאַרוואָס איך האָב זיך גראָד אין עבענזעע וועגען דעם דערמאָנט, ווייס איך נישט. ווייזט אויס, עפּעס דורך אַ צופאַל...

דער לאַגער־דירעקטאָר מצד דער „אונררא" איז אַ איד. איך האָב ליידער נישט געקענט מיט איהם רעדען, ווייל ווען איך האָב באַזוכט דעם לאַגער, איז ער נישט געווען בנמצא. די אידען קענען אויך זעהר שווער צו איהם אָנקומען. ווען איך בין געזעסען אין מיידזשאָר'ס קאַבינעט, איז ער אָנגעקומען אין הויז, אָבער נישט אַריין צו אונז אין צימער. מען האָט מיר איבערגעגעבען, אַז ווי נאָר ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין ביים קאָמאַנדאַנט, האָט ער זיך אַ דרעה געגעבען צוריק און געזאָגט, אַז ער מוז אין אַ

דרינגענדען ענין תיכף אַוועקפאָהרען מחוץ לעיר. ער קען נישט צוריקקומען דעם זעלבען טאָג, ערשט אויף צומאָרגענס.

וועגען דאָזיגען באַאַמטען קורסירען אין לאַגער זעהר נישט קיין גינסטיגע קלאַנגען. נאַטירליך שווער צו דערגעהן דעם אמת, אָבער איינס איז זיכער: אַז די אידען אין עבענזעע האָבען איהם פיינט תכלית שנאה...

און קיין וואונדער, וואָס זיי פאַרשטעהען זיך נישט. ער געהערט צו אַן אַנדערער וועלט ווי זיי.

אין עבענזעע זעהט מען, אַז עס זיינען נאָך אַלץ דאָ צוויי פאַרשיידענע וועלטען: איינע, אַ „העכערע", וואָס האָט רעכט צו געניסען פון שעהנעם לעבען, פון דער פּראַכטפולער נאַטור, פון אַלעם גוטען — און אַ צווייטע, אַ כלמר'שט שפּל'דיגע, וואָס דאַרף געהן אַרבייטען אויף די שאָסייען, וואָס באַלאַנגט צום פאַרבליבענעם קרעמאַטאָריום, וואָס מוז הונגערען.

די אידען געהערען צו דער צווייטער וועלט. און דעריבער קען איך ניט געדענקען אין דער שעהנקייט פון „זאַלץ־קאַמער־גוט", איך זעה פאָר זיך נאָר דעם עלענד פון שארית הפליטה און כסדר הער איך זייער געשריי:

— ווי לאַנג וועלען מיר נאָך ליידען?

„מאָרגען זשורנאַל", כ"ו כסלו, תש"ז — 19 דעצעמבער, 1946)

## IV

## ווערגשייד

עס איז שוין צייט, אַז ס'זאָל געמאַכט ווערען אַ סוף צום בלבול, וועלכען פאַרשידענע באַזוכער פון די לאַגערען האָבען אַרויסגעלאָזט, נעמליך — אַז די אידען ווילען נישט אַרבייטען. אַ רעפּאָרט וואָס איז לעצטענס צוגעשטעלט געוואָרען צו דער „וואָר אינוועסטיגיישאַן קאָמיטע" אין וואַשינגטאָן חזר'ט אויך איבער דעם דאָזיגען בלבול. דאָס מוז נאַטירליך געטאָן ווערען אין ליכט פון פאַקטען, וועלכע מען קען נאָר מיט מיה צונויפזאַמלען. ווען אַ „דעלעגאַט" קומט אויף אַכט אָדער פערצעהן טעג קיין דייטשלאַנד אָדער עסטרייך און פליהט איבעראַל אַרום, ווייסט ער געוועהנליך זעהר ווייניג פון דעם, וואָס געהט באמת פאָר אין די לאַגערען. מען טוט אַ שטאַרקען אומרעכט די אידען דאָרט, אויב מען וואַרפט אויף זיי אַזעלכע גרונדלאָזע באַשולדיגונגען.

קודם־כל אַ פּאָר־באַמערקונג:

אַרבייטען אין די לאַגערען הייסט פאַקטיש אַרבייטען אָהן אַ באַלוינונג. דער אַרבייטער באַקומט בעסער עסען, מעהר קאַלאָריעס, און דאָס דאַרף איהם דערזעצען דעם לוין, וועלכען איבעראַל אין דער וועלט אַרבייט ברענגט מיט

זיך. געלט. דאָס הייסט די מאַרק אין דייטשלאַנד און דער שילינג אין עסטרייך, האָט, אגב, אַ קנאַפּען ווערט, אַזוי אַז אַ לוין אין געלט וואָלט דעם אַרבייטער אין די לאַגערען אויך נישט באַפרידיגט.

זעהר אַן אינטערעסאַנטע איינריכטונג האָב איך אָנגעטראָפען, בנוגע אַרבייטס־לוין, אין אַ גרויסען אידישען לאַגער אין עסטרייך, וואו עס זיינען דאָ צייטענווייז בערך צעהן טויזענט אידען. דאָס איז דער לאַגער פון וועגשייד, ביי לינץ.

אין וועגשייד באַקומט יעדער אַרבייטער דעם אָפּצאָל פאַר זיין אַרבייט אין „פּונקטען", וועלכע ווערען פאַרטיילט וועכענטליך. די פּונקטען באַשטעהען פון אַסיגנאַציעס, וועלכע דער אַרבייטער באַקומט פון לאַגער־פיהרער און וועלכע באַרעכטיגען איהם צו קויפען דערמיט פאַרשיידענע אַרטיקלען אין דער לאַגער־קאַנטינע. די דאָזיגע אַרטיקלען קען מען נישט קויפען פאַר געלט, נאָר פאַר „פּונקטען".

פראַקטיש זעהט די זאַך אויס אַזוי: דורכשניטליך באַקומט אַן אַרבייטער אין וועגשייד 100 „פּונקטען" וועכענטליך. ער געהט אין קאַנטינע און דאָרט קען ער באַקומען:

אַ פּעקעל אַמעריקאַנער סיגאַרעטען פאַר 25 פּונקטען; אַ פּעקעל זייף פאַר 30 פּונקטען; אַ פּעקעל שאָקאָלאַד פאַר 5 פּונקטען, א. אַ. וו.

ווי מיר זעהען, איז דער לוין נישט צו גרויס. פאַר אַ וואָך אַרבייט 4 פּעקלעך סיגאַרעטען אָדער 3 שטיקלעך זייף, דאָס איז גאָר נישט קיין אָנציהענדער לוין.

דאָביי איז דאָ אין וועגשייד זעהר אַן אינטערעסאַנטע ערשיינונג. וואָס מעהר די מענשען האָבען דאָרט אָנגעפאַנגען צו אַרבייטען, אַלץ מעהר איז געשטיגען דער פּונקטען־ווערט פון די סחורות אין דער קאַנטינע, ד. ה. אַלץ ווייניגער האָבען זיי פאַרדינט. לכתחילה האָט מען פאַר אַ פאָר זוילען צו שיך באַצאָהלט מיט 30 „פּונקטען", באַלד איז דער „פּרייז" געהעכערט געוואָרען אויף 100 „פּונקטען". דער גרונד איז געווען אַ פּשוט'ער: עס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט ביי די מענשען אין לאַגער די אַסיגנאַציעס אויף פּונקטען און די לאַגער־לייטונג האָט געזעהן, אַז זי האָט נישט גענוג סחורה אויף אַוועקצוגעבען; דעריבער האָט מען אויפגעשרויפט דעם פּרייז, אָדער מען האָט אַריינגעשטעלט אין דער ליסטע פון די אַרטיקלען אַזעלכע סחורות, וואָס מען פלעגט פריהער געבען יעדען לאַגער־איינוואוינער אינגאַנצען אומזיסט (צ. ב. זייף האָט מען אורשפּרינגליך יעדען געגעבען, דאַן האָט מען אויפגעהערט און פאַרלאַנגט דערפאַר 30 פּונקטען).

עס איז קלאָר, אַז אויף אַזאַ אופן האָט מען די מענשען ענטמוטיגט פון

אַרבייטען, ווייל מען האָט זיי געוויזען, אַז זייער אַרבייט איז וואָס אַמאָל וויינינגער ווערט געוואָרען.

פונדעסטוועגען האָבען אין וועגשייד, וואו עס זיינען געווען מייסטענס קיבוצים פון פוילען, געאַרבייט דורכשניטליך 25 פּראָצענט מענשען. אין די קיבוצים האָט זיך געפיהרט, אַז אַלע פּאַרדינטע פונקטען פלעגען אַריינגעהן אין דער געמיינזאַמער קאַסע, און מען פלעגט אַלעמען געבען אַ צוגאָב צו דער באַשפּייזונג. פאַר די סיגאַרעטען האָט מען באַקומען אויסגעטוישט „אויפ׳ן פרייעם מאַרק" קאַרטאָפּעל, אָדער אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען, און דאָס האָט באמת פיל געהאָלפען צו לינדערען די סיטואַציע. אָבער וואָס האָט דער אַרבייטער געהאַט פאַר זיין אַרבייט? עס איז אויסגעקומען פאַר איהם בסך־הכל 25 פונקטען אַ וואָך, ווייל זיינע שווער פאַרהאָרעוועטע 100 פונקטען זיינען געגאַנגען פאַר איהם מיט נאָך 3 אַנדערע, נישט אַרבייטס־פעהיגע מענשען (קינדער, עלטערע, קראַנקע, א. אַ. וו).

אגב, איז אינטערעסאַנט צו איבערגעבען די פּאַנאַנדערטיילונג פון די קיבוצים אין אַזאַ לאַגער ווי וועגשייד, בשעת איך בין דאָרט געווען. אין „איחוד"־קיבוץ זיינען געווען בערך 1000 מענשען; „דרור" — 700; „גורדוניה" — 700; „אגודת ישראל" — 400; „מזרחי" — 400; „ביתר" — 400; פּ"ח (דאָס זיינען ראשי־תיבות פאַר „פּאַרטיזאַנען־חלוצים", די ריכטונג אַ לינקע, נאָהענט צו מפא"י) — 100; „השומר הצעיר" — 500; האַלב־אָרגאַניזירטע רעליגיעזע סניפים בערך 1500.

פון די דאָזיגע ציפערען קען מען זעהן, אַז דער וועגשייד־לאַגער איז געווען גוט אָרגאַניזירט. דאַגעגען איז דער שכנות׳דיגער לאַגער, וואָס האָט זיך גערופען „קליין־מינכען", געווען כמעט ווי נישט אָרגאַניזירט. דאָרט זיינען אויך געווען תמיד בערך 7000 פּליטים, און בשעת מיין באַזוך זיינען דאָרט געווען נישט מעהר ווי 4 קיבוצים פון „איחוד" מיט 300 מענשען (דאַרונטער זיינען געווען 30 פּאַרוואונדעטע פון קיעלצער פּאָגראָם, וועלכע זיינען נאָר וואָס געהאַט אַריבערגעקומען פון פוילען), „דרור" — 100; אגודת ישראל — 100; מזרחי — 50; ביתר — 50; השומר הצעיר — 50. דער געזונדהייטס־צושטאַנד פון אַלע איז געווען נישט גוט. עס האָט געהערשט דעזינטעריע און אַנדערע קראַנקהייטען. די מעדיצינישע הילף איז געווען ווייט נישט קיין גענוגענדע, אַזוי אַז דער דירעקטאָר פון ביידע לאַגערען, ה׳ טריפּיע, האָט זיך ביי מיר געבעטען רחמים צו געפינען פאַר איהם אין וויען עטליכע פּליטים־דאָקטוירים, וואָס זאָלען וועלען אַרבייטען אין וועגשייד אָדער קליין־מינכען. איך האָב ליידער קיין קאַנדידאַטען דאַרויף אין וויען נישט געפונען.

נעמט מען אין באַטראַכט די אַלע פאַקטאָרען — די פראַגע פון אַרבייטס־

לויז, דעם אַלגעמיינעם געזונדהייטס־צושטאַנד, די פיזישע ערשעפּפונג פון די מענשען נאָך זייערע איבערלעבענישען און וואַנדערונגען, די גרויסע צאָל פון שוואַכע און קראַנקע — דאָן איז דער דורכשניטליכער ציפער פון 25 פּראָצענט אַרבייטער אין אַ לאַגער, אַ גאַנץ הויכער. ווען עס וואָלטען געווען בעסערע באַדינגונגען, וואָלט דער דאָזיגער פּראָצענט זיכער געשטיגען.

ווי זעהט אויס די לאַגע ביי די קינדער?

אין יעדען לאַגער אין עסטרייך איז געווען אַ געוויסע צאָהל פון קינדער, וועלכע זיינען אַריבערגעקומען פון פּוילען, מייסטענס אין געשלאָסענע גרופּען. אין חודש סעפּטעמבער, זיינען אין אַלע אידישע לאַגערען אין עסטרייך געווען צוזאַמען בערך 1,500 קינדער. אַ טייל איז גלייך אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין בייערן, וואו עס זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען ספּעציעלע קינדער־לאַגערען (צ. ב. אין באַד רייכענהאַלל, אין ראָזענהיים, אולם א. אַ. וו.).

פון אונגאַרן זיינען אַריבערגעקומען גאַנצע ישיבות, ווי צ. ב. די ישיבה פון שאָמבאַטהעלי (מיט די רבנים און ראשי־ישיבות).

די קינדער־ערציהונג איז, ליידער, געווען פאַרנאַכלעסיגט. אין די סטאַבילע לאַגערען ווי בינדערמיכעל, ניו־פאַלעסטיק, באַד־גאַסטיין, איז געווען פיל בעסער. איבעראַל האָט מען זיך באַמיהט, דורך לאָקאַלע טהוער צו שאַפען א יסוד פאַר אַ אידישען שול־וועזען. עז זיינען געווען פאַרטראָטען פאַרשידענע טיפּען שולען, קודם־כל רעליגיעזע (תלמוד תורה׳ס און בית־יעקב־שולען).

דער „וועד־ההצלה“ האָט געעפענט אַ זעהר שעהנע קינדער־היים אין אולם (בייערן). די לייטערין, רחל שאַנצער, איז אַן ערשט־קלאַסיגע קראַפט, וועלכע האָט אויסגעצייכענט באַהערשט די לאַגע. די היים איז געעפענט געוואָרען מיט בערך 50 קינדער; צוויי וואָכען נאָך דער עפענונג זיינען שוין געווען 170 קינדער און וויי־טערע 100 קינדער האָבען דאָרט נאָך געדאַרפט קומען. די אָרטיגע „אונררא“־אָפּטיילונג האָט אַרויסגעוויזען פולע פאַרשטענ־דעניש פאַר דער רעליגיעזער קינדער־היים און צוגעהאָלפען צום אויפבוי.

ווען איך האָב די היים באַזיכטיגט, איז מיר באַזונדער אויפגעפאַלען, אַז די היים איז אונטער אַ שמירה פון עפּעס אַ נייעם סאָרט פּאָליציי. שעהנע בלויע מונדירען, וועלכע איך האָב אין אַנדערע לאַגערען נישט געזעהן. צוקוקענדיג זיך נעהענטער, דערזעה איך אויף די עפּאָלעטען די אויפשריפט פון זייער „רעגימענט“: פּועלי אגודת ישראל.

איך גיב דאָ איבער די נעמען פון די ערשטע 5 סאָלדאַטען פון דער דאָזיגער אַרמיי פון בנימין מינץ, וועלכע איך האָב דאָרט באַגעגענט: דוד האָלענדער, מרדכי אָזשעל, ישראל רובינסקי, מרדכי פרידמאַן און יחזקאל שעהנפעלד. אַלע, באַזונדער דער ערשטער, שפּרודלען מיט׳ן פייער פון

באַגייסטערונג פאַר תורה און ארץ ישראל. אַלע האָבען אַ גרויסען אַנטייל, ווי עס האָט מיר ערקלערט רחל שאַנצער, אין דער שעהנער קינדער־היים, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרען מיט'ן פיין און שוויס פון אַ קליינער צאָל אידעאַליסטען.

אין אולם האָט אויך געזאָלט זיין אַ גרויסע ישיבה, וואָס דער „ועד ההצלה" האָט אָרגאַניזירט פאַר די ניי־אָנגעקומענע בני־תורה פון פוילען. איך האָב אַ צאָהל פון זיי געטראָפען אין דער אַזוי־גערופענער „סעדאַן"־קאַסערען, אין אולם, פון וואַנען זיי זיינען דאַן אַוועק אין ווינדסהיים, דייטשלאַנד. דאָרט איז היינט־צו־טאָג אַ גרויסער קיבוץ פון ישיבה־לייט, וועלכע וואַרטען אויף עמיגראַציע־מעגליכקייטען, און פאַרברענגען דערווייל די צייט ביי דער גמרא. דער „ועד הצלה" זאָרגט פאַר זיי מאַטעריעל; די גרופּע האָט אויך די סימפּאַטיע פון די אַמעריקאַנער מיליטער אויטאָריטעטען, וועלכע ווייסען צו ווירדיגען דעם שארית־הפליטה פון די בני תורה אין פוילען און ליטע.

(„מאָרגען זשורנאַל", י' טבת, תש"ז — 2 יאַנואַר, 1947)

## V

## וויען

די אַלטע עסטרייכישע הויפּט־שטאָדט וויען איז היינט געוואָרען איינער פון די גרעסטע אידישע דורכגאַנגס־צענטערס. „יציאת פוילען" קומט פאַר בעיקר דורך וויען. דאָס איז די ערשטע וויכטיגע סטאַציע אויפ'ן וואַנדער־וועג פון פּוילישען איד: קיין וויען קומען אָן די טראַנספּאָרטען דירעקט פון גרעניץ און פון וויען געהען זיי שנעל ווייטער.

אָפט ווייסען נישט צומאָל די פּליטים אויפ'ן וועג, וואוהין דער צוג פיהרט זיי פון גרעניץ. פּלוצים כאַפּען זיי זיך, אַז זיי זיינען אין וויען.

די יעניגע, וועלכע האָבען געוואוינט אַמאָל אין גאַליציע, וואָס האָט ביז'ן יאָהר 1918 געהערט צו עסטרייך, פיהלען זיך אין ערשטען מאָמענט אַביסעל היימיש. דער גאַליציאַנער איד האָט געהאַט אַ סענטימענט פאַר וויען, ווייל עס האָט דערמאָנט די אַלטע עסטרייכישע קייזער־טראַדיציע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט ליבעראַליזם און טאָלעראַנץ לגבי די אידען. אַ גאַליציאַנער אידישער כלל־טוהער אָדער סתם אַן עושר פלעגט אין אַלטע צייטען זיך אַריבערכאַפּען אַמאָל קיין וויען, כדי צו דערליידיגען געוויסע ענינים אין די מיניסטעריומס א. אַ. וו. פון אָט דעם האָט זיך גענומען אַ געוויסע פּאָפּולאַריטעט פון וויען ביי גאַליצישע אידען. חוץ דעם האָט

וויען פאַרמאָגט ביז צום „אנשלוס״ אין יאָהר 1938, אַ גרויסע צאָהל פוילישע אידען, וועלכע זיינען דאָרט פאַרבליבען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און זיך געפיהרט און געפיהלט ווי ביי זיך אין דער היים. זיי האָבען געוואוינט אין צווייטען באַצירק, אין „לעאָפּאָלד־שטאָדט״, געהאַט זייער „פוילישע שוהל״ אויף דער „לעאָפּאָלד־גאַס״ און פילע קלויזען און מנינים. דורך דעם, ווען פוילישע פליטים קומען היינט אַן קיין וויען, וועקט זיך ביי זיי אין ערשטען אויגענבליק עפּעס אַן אנגענעהמע ערינערונג. מען גלויבט, אַז מען וועט אפשר געפינען אַ שפּור פון יענע אַלטע צייטען.

אָבער ליידער וואַרט זיי אַלע אַן אַנטוישונג. פון אַמאָליגען אידישען וויען איז אפילו קיין זכר נישט געבליבען. דער צווייטער באַצירק איז בכלל חרוב, ווייל דאָרט זיינען פאָרגעקומען שלאַכטען צווישען די דייטשען און די רוסען, און עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער שאָדען. חוץ דעם האָבען די נאַצי־עסטרייכער זיך געוויזען „פּויפּסטליכער ווי דער פּויפּסט״ און אָפּט איבערשטיגען אין אכזריות לגבי אידען זייערע דייטשע מייסטער. די וויענער שוהלען זיינען צום ביישפּיל, אין יענעם באַקאַנטען נאָוועמבער 1938, נאָך „ספּאָנטאַנער״ פאַרניכטעט געוואָרען ווי אין דייטשלאַנד גופא. און ביז׳ן היינטיגען טאָג שטעהען די חורבות אין אַ מורא׳דיגען פאַרוואָרלאָזטען צושטאַנד. אויפ׳ן הויף, וואו עס איז אַמאָל געשטאַנען די באַריהמטע „שיפשוהל״ וואַקסט היינט גראָז, אָבער דערביי שטעהט אויפ׳ן דאָזיגען גראָז נאָך אַ רעשטעל פון „בעלעמער״, וואָס מאַכט אַ שרעקליכען איינדרוק. וואו עס איז געווען די „פוילישע שוהל״ איז פאַרבליבען אַ שטיקעל מויער, און הינטער דעם מויער איז אַ לאַגער פון אַלטען אייזען. דורכגעהענדיג אין גאַס דאַנעבען, גיט עס אַ זעץ אין האַרצען.

די אויפנאַמס־פּונקטען פאַר די אָנקומענדיגע פליטים זיינען נישט אין צווייטען באַצירק. זיי זיינען אין דער אַמעריקאַנער און פראַנצויזישער זאָנע פון וויען, וואָס איז בכלל איינגעטיילט אין פיער זאָנען: אַ רוסישע, אַן אַמעריקאַנער, אַן ענגלישע און אַ פראַנצויזישע. חוץ דעם איז דאָ איין געמיינזאַמע זאָנע — דער ערשטער באַצירק פון וויען — וואָס ווערט פאַרוואַלטעט פון די פיער אַליאירטע שותפים צוזאַמען. דער צווייטער באַצירק, דאָס הייסט, דער אַמאָליגער אידישער צענטער, איז אין דער רוסישער זאָנע. די צוויי איצטיגע אופנאַמס־פּונקטען זיינען: איינער אין אַמאָליגען ראָטשילד־שפּיטאָל, וואָס איז אין נייגטען באַצירק, און דער צווייטער אויף ארצבערגער שטראָסע נומער 2, אין זיבעצענטען באַצירק; דער ערשטער איז אין דער אַמעריקאַנער, און דער צווייטער אין דער פראַנצויזישער זאָנע. דערביי איז די קאָמוניקאַציע צווישען די זאָנעס אַ פרייע; מען קען זיך אין גאַנץ וויען פריי באַוועגען.

אָבער דער דורכשניטליכער פּליט פאַרבלייבט אין וויען נישט לענגער ווי איין טאָג. ער ווערט באַלד געשיקט ווייטער — קיין לינץ, זאַלצבורג אָדער מינכען.

און דאָן הויבט זיך אָן די אמת'ע טראַגעדיע.

די פּליטים קומען קיין וויען געוועהנליך נאָך אין אַ גוטען פּסיכישען צושטאַנד. יעדער איינער גלויבט לכתחילה, אַז ער האָט געוואונען אַ „הויפּט טרעפער" אויף דער לאָטעריע. ווייל עס איז דאָך געלונגען צו ראַטעווען דאָס לעבען.

אַ טייל פון די פּליטים האָט ביי זיך „אַפידעוויטס" פון אַמעריקע. זיי שטעלען זיך פאָר, אַז אַזוי ווי זיי ווילען נאָר אָנקומען אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין עסטרייך אָדער דייטשלאַנד, וואַרט אויף זיי די וויזע אין די פאַראייניגטע שטאַטען. דער אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין וואַרשע גיט נאָך דערוויילבכלל נישט קיין אימיגראַציע־וויזעס, און דעריבער האָבען אידען אין פּוילען געגלויבט, אַז אויף צו באַקומען די אַמעריקאַנער וויזע איז דאָ איין סגולה: צו לויפען קיין דייטשלאַנד אָדער עסטרייך.

קומענדיג קיין וויען, וואו עס איז שוין דאָ אַן אַמעריקאַנער קאָנסולאַט, ווערט מען געוואָהר, אַז עס הויבט זיך גאָר נישט אָן. קיינער פון די פּליטים האָט נישט אַמאָל דאָס רעכט צו בעטען אַן אַמעריקאַנער וויזע, און דאָס נישט נאָר אין וויען, נאָר איבערהויפּט נישט אין גאַנץ עסטרייך און אין גאַנץ דייטשלאַנד. ווייל סיי אין דייטשלאַנד, סיי אין עסטרייך, — אין די אַמעריקאַנער זאָנעס, נאַטירליך, — ווערען אָנגענומען אַפּליקאַציעס אויף אַמעריקאַנער וויזעס נאָר אויב מען באַהויפּטעט, אַז מען איז שוין דאָרט געווען פאַר'ן 22־טען דעצעמבער 1945, דאָס הייסט, פאַר'ן טאָג, ווען עס איז אַרויס פּרעזידענט טרומאַן'ס פאַראָרדנונג וועגען געבען אַמעריקאַנער וויזעס צו פּליטים אין די אַמעריקאַנער זאָנעס אין דייטשלאַנד און עסטרייך. בלויז אין דער שטאָדט וויען האָט מען געמאַכט אַ קליינע אויסנאַם און באַשטימט, אַז אויך מענשען, וואָס וואוינען אין ענגלישען סעקטאָר פון וויען קענען מאַכען אַן אַפּליקאַציע אויף אַ וויזע. דאָס איז געווען נויטיג צוליב דעם, ווייל עס איז אויסגעקומען, אַז מענשען, וועלכע האָבען געוואוינט אויף איין זייט גאַס, וועלכע האָט געהערט צו דער אַמעריקאַנער זאָנע, זיינען געווען באַרעכטיגט צו בעטען אַ וויזע, בשעת די, וואָס האָבען געוואוינט אויף דער אַנדערער זייט, וועלכע האָט געהערט שוין צו דער ענגלישער זאָנע, האָבען דאָס דאָזיגע רעכט נישט געהאַט. אָבער פאַר אַלע איז געבליבען אַלס „חוק ולא יעבור" דער „שטיך־טאָג" פון 22־טען דעצעמבער 1945, דאָס הייסט, מען מוז באַווייזען מיט אַן אָפיציעלען דאָקומענט, אַז מען איז געווען אויפ'ן אָרט פאַר דעם דאָזיגען טאָג. פאַרשטעהט זיך, אַז דאָס באַדייט פאַר די נייע פּליטים, וועלכע לויפען פון

פוילען, אַז זיי זיינען לכתחילה אויסגעשלאָסען, און ממילא ווערען קיין בקשות אויף אַמעריקאַנער וויזעס פון זיי לגמרי נישט אָנגענומען.

מען קען זיך קוים פאַרשטעלען דעם צער פון די מענשען, וועלכע זיינען אַריבערגעלאָפען דעם גרעניץ מיט דער האָפנונג, אַז אָט אָט וועלען זיי קומען צו די קרובים אין אַמעריקע, ווען זיי דערזעהען דעם ביטערען אמת, אַז די „אפידעוויטס״, וועלכע מען האָט געהאַלטען ווי אַ טייערען אוצר, זיינען פולשטענדיג ווערטלאָז. עס האָט מיר ממש געבראָכען דאָס האַרץ ביים רעדען מיט די דאָזיגע מענשען, וועלכע האָבען מיט געוויין געפרעגט:

— „וואָס וועט איצט זיין מיט אונז? ארץ ישראל איז פאַרמאַכט און די אַמעריקאַנער וויזע איז אויך אוממעגליך, טאָ וואָס זאָלען מיר טאָן?״

די לאַגע פון די פּאָטענציעלע קאַנדידאַטען אויף אַמעריקע איז, אין גרונד גענומען, נאָך ערגער ווי פון יענע, וועלכע האָבען לכתחילה נישט געקלערט וועגען אַמעריקע. ווייל נעמענדיג דעם וואַנדער־שטעקען אין האַנט, איידער מען האָט פאַרלאָזט פוילען, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דער וועג קיין ארץ ישראל איז אַ לאַנגער. דעריבער איז דער מוט ביי די דאָזיגע מענשען — און זיי זיינען דער גרויסער רוב פון די נייע פליטים — נאָך נישט געבראָכען בשעת זיי קומען אָן אין וויען. דאַגעגען די, וואָס האָבען מיט זיך געפיהרט די



אידען, וואָס זיינען אָנגעקומען קיין וויען . . .

„פּאַפּירען אויף אַמעריקע" (אַזוי רופט מען די אַפידעוויטס, ווי ס'וואָלט שוין געווען אַ האַלבע וויזע!), דערפיהלען באַלד אין וויען די שטאַרקסטע ענטוישונג און ברעכען אָפּט צוזאַמען.



אַ אידישע משפחה אין וויען.

וואָס איז מכח דעם מצב פון די פליטים אין וויען אין „גשמיות"?

דער טאָג, וועלכען דער פליט פאַרברענגט אין וויען נאָך זיין אָנקומען, איז נישט אַזוי טראַגיש, ווי די נאַכט. מייסטענס קומען די טראַנספּאָרטען אָן נאָכמיטאָג אָדער אין אָוונט. דויערט עס געווג לאַנג, ביז דער דאָקטאָר אונטערזוכט אַלעמען; ביז צו דעם מאָמענט ווערט מען אָבער נישט איינקוואַר־טירט און די מענשען, אָהן אונטערשיד צי מענער צי פרויען, צי יונגע צי אַלטע, מוזען וואַרטען אָדער אין הויף, אָדער אין קעלער פון ראָטשילד־שפּיטאָל. דאָס בילד איז דאַבֵיי אַ מורא'דיגעס: די קליינע קינדער וויינען, אַלע זיינען ערשעפּט פון דער וויטער נסיעה. עס איז אַ שרעקליכער טומעל, וואָס שטערט אָבער נישט פילע מענשען פון שלאָפען אויף דער ערד אָדער אויף אַ טשעמאָדאַן; זיי קענען פשוט ניט מעהר זיך האַלטען אויף די פיס. עס איז גענוג איינמאָל אָנצוקוקען אַזאַ טראַנספּאָרט אין ראָטשילד־שפּיטאָל, כדי צו ווערען גרוי און אַלט!..

דערביי ווערט געזאָרגט, אַז די מענשען זאָלען נישט זיין הונגעריג, און דעריבער איז דער טאָג, וואָס קומט נאָך יענער ערשטער נאַכט, אַ דערלייזונג.

עס איז אויך דאָ אַ כשר׳ע קיך אין ראָטשילד־שפּיטאָל און אַ קליין בית־מדרש׳ל, וואָס איז אָבער אָפּט פאַרנומען מיט פּליטים. איך האָב זיך שטאַרק באַמיהט, אַז אין דער ארצבערגער שטראָסע זאָל אויך איינגעאָרדענט ווערען אַ כשר׳ע קיך, אָבער ביז צו מיין אָוועקפאָהרען איז געווען נויטיג יעדען טאָג צו פיהרען דאָס כשר׳ע עסען מיט אַ וואָגען פון ראָטשילד־שפּיטאָל.

דער ענין כשרות בכלל איז אין וויען אָוועקגעשטעלט גאָר שוואַך. פאַר אַלע אָרטאָדאָקסישע אידען פון וויען, וועלכע וואוינען דאָרט סטאַביל, האָט די „קולטוס־געמיינדע״ איינגעאָרדענט אַ כשר׳ע קיך אין צווייטען באַצירק, אין דער האיד־גאַססע. דאָרט עסען בערך 200 מענשען טעגליך, אָבער פילע באַצווייפלען דאָס כשרות אין דער דאָזיגער קיך און האַלטען זיך צוריק פון געניסען דאָס עסען אין דער האיד־גאַססע. דאַביי איז אין דער דאָזיגער קיך איינגעפיהרט אַ סיסטעם פון פשוט׳ן טעראָר. מען לאָזט קיינעם זיך נישט באַקלאָגען, און אויב עס איז דאָ אויף װעמען אַ חשד, זאָגט מען איהם באַלד אָפּ.



אידען נאָכ׳ן אָנקומען קיין וויען . . .

איך האָב אַליין מיטגעמאַכט פאָלגענדען פאַל: בשעת איך האָב באַזיכטיגט די קיך אין באַגלייטונג פון אַ פאָרשטעהער פון „דזשאָינט“, איז צו מיר צוגעקומען איינער פון די מענשען, וועלכע האָבען גראַד געגעסען מיטאָג. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס פרעזידענט פון וויענער „מזרחי“ און געבעטען צו האָבען מיט מיר אַ געשפּרעך. איך האָב נאַטירליך זאָפאָרט באַשטימט פאַר איהם אַ צייט, נאָך דעם זעלבען אָוונט, ביי מיר אין האָטעל. אָבער צו מיין ערשטוינונג איז ער נישט געקומען. עטליכע טעג שפּעטער בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז זאָפאָרט נאָך מיין פאַרלאָזען די קיך האָט מען דעם דאָזיגען איד פאַרוויזען פון קיך. מען האָט איהם אפילו שריפטליך צוגעשטעלט דעם פאַרבאָט. און דער מאָטיוו איז געווען, אַז ער „וואָגט צו באַלעסטיגען די געסט, וועלכע קומען אַריין צו באַזיכטיגען די קיך“. איך האָב שאַרף געגען דעם פּראָטעסטירט ביי אַלע אינסטאַנצען. איך האָב באַקומען פון דעם „אַמטס-לייטער“ פון דער קולטוס-געמיינדע, ה בראַווער, די פאַרזיכערונג, אַז מען וועט דעם איד וויטער נישט אָפּזאָגען דאָס עסען, ווייל ער קאָן פּשוט אין ערגיץ קיין כשר'ע שפּייז נישט באַקומען, אָבער סוף כל סוף בין איך דערגאַנגען, אַז מען האַלט בלויז דאָס ערשטע וואָרט, דאָס הייסט, דעם פאַרבאָט צו געבען דעם איד דאָס עסען. עס איז נישט פאַרבליבען קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו גרינדען אַ נייע כשר'ע קיך, וואָס זאָל זיין נישט אָפּהענגיג פון דער אַלטער לייטונג; דאָס איז אָבער געווען פאַרבונדען מיט קאָלאָסאַלע שוועריגקייטען, ווייל אין וויען איז היינט-צו-טאָג נישט קיין לייכטע זאַך צו באַקומען אַן אַנטשפּרעכענדען לאָקאַל און די נויטיגע כלים.

דער „דזשאָינט“ און דער „ועד הצלה“ האָבען צוגעזאָגט הילף פאַר דער נייער קיך. דאַן האָט די „קולטוס-געמיינדע“ ערקלערט, אַז זי „גיט איבער“ די קיך פון דער האיד-גאַססע. אָבער למעשה איז עס נישט פאַרווירק־ליכט געוואָרען.

(„מאָרגען זשורנאַל“, ג' טבת, תש"ז — 26 דעצעמבער, 1946)

---

# די נייע קהלה פון פּוילישע אידען אין בערלין

**ווען** איך בין געפאָהרען קיין בערלין אויף אַ קאָנפערענץ מיט'ן אַמעריקאַנער פּאָליטישען ראַטגעבער פאַר דייטשלאַנד, אַמבאַסאַדאָר ראָבערט מורפי, וועגען געוויסע ענינים פון „שארית הפליטה“, איז מיר אפילו אויפ'ן געדאַנק נישט געקומען, אַז איך וועל דאָרט אָנטרעפען אַ גוט-אָרגאַניזירטע פּויליש-אידישע קהלה.

מיט אַ יאָהר צוריק, בשעת מיין ערשטען באַזוך אין בערלין, זיינען אין דער אַמאָליגער נאַצי־רעזידענץ געווען מייסטענס „וואש־עכטע" דייטשע אידען, אָדער צוריקגעקומענע פון טערעזיענשטאַט, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבען זיך געהאַט אין בערלין גופא אויסבאַהאַלטען ביי אַרישע פריינט. האָט אימיצען געקאָנט איינפאַלען, אַז בערלין וועט נאָך ווערען אַ אידישער צענטער, וואו עס זאָל אָנגעהן אַ אידיש לעבען אויפ'ן באַקאַנטען אַלטען שטייגער פון פוילען אָדער ליטע?

און דאָך איז עס אַזוי. בערלין פאַרמאָגט היינט, חוץ איהרע 8,000 אַלט־געזעסענע אידען, נאָך 10,000 אידען, וואָס זיינען קוים מיט עטליכע וואָכען צוריק אַריבערגעקומען פון פוילען, און האָבען באַלד פאַרשטאַנען איינצוואָרדנען אַן אייגען „מלוכה'לע".

אייגענטליך ניט איין מלוכה'לע, נאָר גאַנצע צוויי. אין בערלין, אין אַמעריקאַנער סעקטאָר, עקזיסטירען צוויי אידישע פּליטים־לאַגערען, איינער ווערט גערופען „דיפּעל־סענטער", און געפינט זיך אין „שלאַכטענזעע"־דיסטריקט, דער צווייטער הייסט היינט „מאַריענדאָרף־ביאַליק", און געפינט זיך אין דער „טעמפּעלהאָף"־געגענד, ניט ווייט פון באַריהמטען פלוג־פּלאַץ. דער „דיפּעל־סענטער"־לאַגער איז דער עלטערער, און האָט דעם כאַראַקטער פון אַ „מוטער"־קהלה, דער אַנדערער איז אַנטשטאַנען צוליב דער איבערפילונג פון „דיפּעל סענטער" און איז אונטער זיין השגחה, און דאָס איז דעריבער אַ מין „טאָכטער"־קהלה. בסך־הכל איז די „מוטער" היינט אַלט אַן ערך צעהן, און די „טאָכטער" אַרום אַכט חדשים.

דער „פאָטער" פון ביידע לאַגערען איז אַן אַמעריקאַנער איד, וואָס רופט זיך העראָלד פישביין. דאָס איז דער „אונררא"־דירעקטאָר פון „דיפּעל־סענטער" און פון „מאַריענדאָרף־ביאַליק" צוגלייך. איך מוז זאָגען, אַז עס איז נישטאָ אין דייטשלאַנד נאָך איין לאַגער, וואו דאָס פאַרהעלטעניש צווישען דירעקטאָר און די לאַגער־איינוואוינער זאָל זיין אַזוי האַרציג און אַזוי אינטים, ווי אין בערלין. די אידען אין שלאכטענזעע און טעמפעלהאָף האָבען אין פישביין'ען אַן אוהב נאמן, וואָס פאַרשטעהט זיי, וואָס איז צוגענגליך צו זיי, און וואָס לעבט מיט זיי און פאַר זיי. אין בערלין קאָן מען באַשיינפּערליך זעהן, וואָס מען קען ביי די שווערסטע באַדינגונגען אויפטאָן מיט גוטען ווילען און אַנטשפּרעכענדע פעהיגקייטען.

קודם־כל מוז געזאָגט ווערען, אַז די 10,000 אידען אין די צוויי בערלינער לאַגערען הונגערען ב י ש ט. זיי באַקומען שפּייז פון 2200 קאַלאָריען טעגליך, חוץ די צוגאַבען פון „דזשאָינט", וועלכע זיינען אויך ביש'קשה'דיג, ווייל אויך דער „דזשאָינט" האָט אין בערלין איינעם פון זיינע בעסטע באַאַמטע, אלי ראָק, און ער פאַרשטעהט זיין אויפגאַבע.

די דירות איןביידע בערלינער לאַגערען זיינען אומפאַרגלייכליך בעסער ווי אין אַנדערע שטעדט, וואָס האָבען אויפגענומען אידישע פּליטים. די קיכען זיינען זויבער און גוט. עס זיינען דאָ שעהנע שוהלען פאַר קינדער. עס איז דאָ אַ שפּיטאָל פאַר קראַנקע. עס זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען, במשך אַ גאַנץ קורצער צייט, ווערקשטאַטען, וואו פּליטים אַרבייטען פאַר פּליטים. עס איז דאָ אַ ביבליאָטעק און אַ לעזע־זאַל, וואו איך האָב אָנגעטראָפען די מענשען, פאַרברענגענדיג געמיטליך זייער צייט ביי ארץ ישראל׳דיגע און אַמעריקאַנער אידישע צייטונגען. עס איז דאָ אַ אידיש טעאַטער. עס געהט אַרויס אַ אידישע צייטונג — „אונזער לעבען" הייסט זי — און אַט די צייטונג איז אַליין אַ שטיקעל „יש מאין", ווייל זי ווערט געדרוקט אויף אידיש, אבער אָהן אַ אידישען לינאָטייפּ און אָהן אידישע זעץ־מאַשינען . . . זי ווערט געשריבען אויף אַ אידישער שרייב־מאַשין און דאַן פאַרפילפעלטיגט.

אין ביידע לאַגערען האָט מען איינגעאָרדענט אַ סך קורסען, וואו מען קען זיך אויסלערנען פאַרשידענע פּראָפעסיעס: שאָופערען, ראַדיאָ־טעלע־גראַפיסטען, צושניידער, פפלעגערינס א. אַ. וו. אויף דעם אופן ווערט געזאָרגט פאַר דער פּראָדוקטיוויזירונג פון די פּליטים.

מיט איין וואָרט: עס פעהלט אין די בערלינער לאַגערען ניט קיין זאַך, וועלכע עס פאַרמאָגען — אָדער בעסער געזאָגט, וועלכע עס פאַרמאָגען נ אָ ך נ י ט — די „אַלטע" אידישע לאַגערען אין דייטשלאַנד, און וועלכע וואָלט געדאַרפט זיין איבעראַל, כדי די אידען, וואָס קומען צולויפען קיין דייטשלאַנד, נאָך וואַנדערונגען איבער פעלדער און וועלדער דורך לאַנגע יאָהרען, זאָלען קענען אַביסעל אָפּאָטעמען.

עס פעהלט אין שלאַכטענזעע אפילו ניט די מאָדערנסטע איינריכטונג: אַן אייגענער ראַדיאָ צענטער. ווען איך בין איינמאָל דורכגעגאַנגען איבער׳ן לאַגער 4 אַ זייגער נאָכמיטאָג, דערהער איך פּלוצים אויף אידיש אַ קלינגענדיגע שטימע פון ראַדיאָ־אַנאָנסער:

— „האַללאָ, האַללאָ! דאָ רעדט בערלין־שלאַכטענזעע. מיר גיבען איבער די לעצטע ידיעות".

עס האָבען זיך תיכף פאַרזאַמעלט גרופּקעלעך אידען און צוגעהערט צו די לעצטע טעלעגראַמעס. מען האָט דערצעהלט דעם עולם, וואָס געהט פאָר אויף דער וועלט, וואָס הערט זיך אין ארץ ישראל, וואָס מאַכען די אידען אין אַמעריקע. מען האָט גראָד איבערגעגעבען דעם אינהאַלט פון אַ רעדע, וואָס עס האָט ערגעץ־וואו געהאַלטען „בירנעס", דער אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער (דער ראַדיאָ אָנזאָגער איז דאָך, סוף־סוף, ניט מחויב צו וויסען, אַז אין ענגליש קען מען טאַקע שרייבען „בירנעס", אָבער אויסשפּרעכען טהוט מען אַביסעל אַנדערש . . .).

אַ שעהנע ערפאהרונג איז פאַר מיר געווען, ווען דירעקטאָר פישביין האָט מיך אַריינגעפיהרט אין דער בית־דין־שטוב פון שלאַכטענזעע. איך האָב פאַר זיך דערזעהן דאָס אַלט־געוואוינטע, און לײדער גאַנץ פאַרשוואונדענע בילד פון אַ פוילישען ראַבינאַט. די רבנים האָבען גראָד פאַרהאַנדעלט אַ קאָמפּליצירטע דין־תורה, מען איז געזעסען איבער די געעפענטע שולחן־ערוך׳ס און הייס דיסקוטירט דעם פּראָבלעם. די אָרטיגע תלמידי־חכמים זיינען צוגעצויגען געוואָרען צו דער באַראַטונג. עס האָט אויף א וויל פאַר מיר אויפגעלעבט די אַלטע וועלט, וויל פילע פון די אידען, זיינען גוט־באַקאַנטע, דער שארית פון שארית־הפליטה, וועלכען עס דערזעהט יעדער פוילישער אָדער ליטווישער איד, וואַנדערענדיג איבער די לאַגערען אין דייטשלאַנד.

פון דער באַשריבענער סיטואַציע איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז איןביידע לאַגערען זיינען פאַראַן כשר׳ע קיכען, וואו אַ גרויסע צאָהל פליטים ווערט באַשפייזט. וואָס עס דאַרף אָבער יאָ אונטערגעשטראָכען ווערען, איז, אַז אין „מאַריענדאָרף־ביאַליק" איז געעפענט געוואָרען אַ ישיבה! בחורים, וועלכע האָבען אַמאָל געלערענט אין דער מיר, אין קאַמיניץ, אין לובלין, און אין דער וואַרשעווער „מתיבתא" אָדער אין נאָוואָראָדאָק, זיצען צוזאַמען אין אַ שעהנעם צימער, וואָס די לאַגער־פאַרוואַלטונג האָט פאַר דעם צוועק אָפּגעטיילט, און פיהרען הייסע דעבאַטען ניט וועגען דער פּאָליטישער לאַגע, ניט וועגען בעווין אָדער מאָלאָטאָוו, נאָר וועגען „קדושה ראשונה קידשה לשעתה ולעתיד לבוא", אָדער וועגען אַנדערע עהנליכע פּראָבלעמען... עס זיינען אין דער בערלינער אימפּראָוויזירטער ישיבה פאַרשוואונדען די ניואַנסען צווישען דער ליטווישער און פוילישער ריכטונג, צווישען מפלפלים אָדער מוסר׳ניקעס; מען זיצט פאַראייניגט און מען לערענט. אויב עס איז דאָ אַ „טעכנישע" פראַגע אין דער בערלינער ישיבה, וואָס איז נוגע דעם סדר־הלימוד, דאַן האָט זי אַ גאַנץ אַנדערען כאַראַקטער, ווי אַמאָל. די פראַגע איז: וואו נעמט מען גמרות? מען האָט זיך ביי מיר געבעטען רחמים: שיקט אונז גמרות! און ווען איך האָב, אַן ערשטוינטער, דערצעהלט, אַז אין אויגסבורג האָט מען אָקאָרשט געדרוקט די גמרא „בבא מציעא", און אַז אין קורצען ווערט פאַרטיג די גמרא „קידושין", וועלכע הרב שניעג גיט אַרויס אין מינכען, איז געוואָרען אַ שמחה. מען האָט זיך באַלד געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אויגסבורג און מיט מינכען. אָבער ווער ווייסט, צי דער מאַנגעל אין גמרות איז שוין אין בערלין באַזייטיגט. וויל די פאַרבינדונג צווישען בערלין און די אַנדערע שטעדט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד איז ניט קיין לייכטע.

מ׳דאַרף צוגעבען, אַז עס איז אין בערלין ניט נאָר געשאַפען געוואָרען אַ ישיבה, נאָר אויך אַ „בית יעקב" סעמינאַר. איך שטרייך אונטער: אַ

סעמינאַר! דאָס מיינט צו זאָגען, אַז ניט בלויז קליינע מיידלעך האָבען זייער „בית־יעקב״־שול, נאָר אַז די אַביסעל עלטערע ווערען אויסגעשולט אַלס קינפטיגע לעהרערינס. און ווידער דאָס זעלבע פּראָבלעם: ניטאָ קיין לערן־ביכער. מען דאַרף האָבען ביכער און ביכער. קען דען זיין אַ סעמינאַר אָהן ביכער?

די לייטונג פון לאַגער האָט אנערקענט סיי די ישיבה־לייט, סיי די שילערינס פון סעמינאַר, פאַר אַרבייטער. און דאָס האָט אין בערלין אַ גרויסע באַדייטונג. וויל אַן אַרבייטער באַקומט אין די ביידע לאַגערען גאַנצע 1100 קאַלאָריען מעהר טעגליך, ווי דער דורכשניטליכער פּליט (אנשטאָט די אַלגעמיינע 2200 קאַלאָריען האָט דער אַרבייטער 3300 קאַלאָריען). דאָס, וואָס דער „דזשאָינט״ גיט צו פאַר יעדען — סיי אַרבייטער, סיי ניט אַרבייטער — מאַכט אויס דורכשניטליך 300 קאַלאָריען אַ טאָג.

זעהר טיכטיג אַרבייט דער אידישער קאָמיטעט. אין לאַגער איז איינ־געפיהרט געוואָרען אַ דעמאָקראַטישע אָרדנונג, און די פּליטים האָבען, דורך זייער געוועהלטע פאָרשטעהערשאַפט, אַ דעה אין אַלע ענינים פון זייער טאָג־טעגליכען לעבען. עס פיהרט זיך אויך, אַז די סאַמע וויכטיגסטע פּראָבלעמען ווערען געבראַכט ניט בלויז צום קאָמיטעט, נאָר עס ווערען איינבאַרופען מאַסען־פאַרזאַמלונגען, וואו די טויזענטער פּליטים הערען אַליין אַלץ. דער ריזיגער פּלאַץ פאַר׳ן ראַדיאָ־צענטער אין שלאַכטענזעע איז ווי געשאַפען פאַר דעם צוועק.

דער רעליגיעזער ציבור איז געאייניגט. קאָמפּען צווישען „מזרחי״ און „אגודת ישראל״ זיינען אין בערלין געוואָרען אָפּגעשטעלט. עס איז דאָ אַ פאַראייניגטער רעליגיעזער קאָמיטעט, וועלכער פיהרט אָן אַ ברייט־פאַר־צווייגטע טעטיגקייט, ניט בלויז אין ענינים פון חינוך און כשרות, נאָר אויך אויפ׳ן סתם־סאָציאַלען געביט, ווי צ. ב. „ביקור חולים״, אָדער העלפען איינאָרדענען חתונות. דער נאַטירליכער צוואוואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג אין שלאַכטענזעע און טעמפּעלהאָף איז אַ גאַנץ שעהנער. עס קומען פאָר פילע ברית׳ן, און ביי אַלע, אָהן אויסנאַהם, ווערט איינגעלאַדען אַלס סנדק דער לאַגער־דירעקטאָר ה׳ פישביין. ער צעהלט כסדר נאָך „זיינע״ קינדערלעך, און פאַר קיין געלט אין דער וועלט וואָלט ער אייך ניט אָפּגעטראָטען אַ סנדקאות! דער העכסטער כבוד, וואָס מ׳קאָן אין בערלין געבען ביי אַ ברית, איז דעריבער אַ „קוואַטערשאַפט״, וויל אויף די סנדקאות׳ן האָט אַן אומבאַשטרייטבאַרען מאָנאָפּאָל ה׳ פישביין...

בכלל איז בערלין היינט עפּעס אַ מאָדנער אָאַזיס אין דעם ים פון אידישע צרות, וועלכער רופט זיך „דייטשע לאַגערען״. נאָר ווער ווייסט, ווי לאַנג אָט דער „קקיון דיונה״ וועט אָנהאַלטען? מען האָט דעם איינדרוק ווי

אַלץ וואָלט דאָרט געהאַנגען אין דער לופט. איין שטאַרקער ווינט קען, דוכט זיך, אַלץ אַוועקבלאָזן. און אין בערלין בלאָזן דוקא נישׁ׳קשה׳דיגע ווינטען...

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ״ד טבת, תש״ז — 16 יאַנואַר, 1947)

---

# דער דראַנג צו רעליגיע ביי די אידען אין די אייראָפּעישע לאַגערען

איינע פון די מערקווירדיגקייטען פון היינטיגען לעבען פון די אידען אין דייטשלאַנד און עסטרייך איז דער דראַנג צו אידישקייט, וואָס רייסט זיך פון זייערע פאַרוועהטאָגטע נשמות, און קומט טיילמאָל אַרויס אויף דער אויבערפלאַך מיט אַ גרויסען אימפּעט.

די אידען, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט דאָס גיהנום אויף דער ערד, וועלכע האָבען געזעהן דעם טויט אונצעהליגע מאָל פאַר זייערע אויגען, וועלכע האָבען פאַרלאָרען יעדען אָנהאַלט אין לעבען, האָבען דערשפּירט פּלוצלונג, אַז פון זייער גאַנצער פאַרגאַנגענהייט איז זיי נאָר געבליבען דאָס פּינטעלע איד. די אונמענשליכע רדיפות און ליידען, וואָס זיי האָבען מיטגעמאַכט, זיינען געווען געצילט געגען זיי נאָר צוליב דעם, וואָס זיי זיינען אידען. די בעסטיאַליטעטען פון די נאַציס זיינען זעהר אָפט געקומען צום אויסדרוק אין די ברוטאַלסטע מיס־האַנדלונגען פון אידישע רעליגיעזע הייליגטימער: ספרי־תורה, טליתים, תפילין. אידען זיינען פאַר׳ן טויט געווען די קרבנות פון נידעריגסטער פאַראומרייניגונג מצד די נאַצי־קאַניבאַלען; מען פלעגט זיי הייסען אָנטאָן טלית און תפילין, און די בעסטיעס האָבען זיך „משמח״ געווען דורך שיסען אין די תפילין אָדער דורך צוזאַמענבינדען די אידען מיט די רצועות און יאָגען זיי דאַן מיט נאַגאַיקעס. ווער קען דען אויסרעכענען די אַלע ווילדע שאַנד־טאַטען פון די דייטשע „קולטור־טרעגער״ איבער דער אידישער רעליגיע און די הילפלאָזע אידען?

די אידען וואָס זיינען געבליבען לעבען, געדענקען דאָס. פילע פון די, וואָס געפינען זיך היינט אין די לאַגערען, זיינען געווען עדות פון די שרעקליכע געשעהענישען, און דאָס געדענקט זיך אייביג. צוזאַמען מיט דער גרעניצלאָזער שנאה און פאַראַכטונג צו די פאַרפאָלגער, וועלכע האָט זיך אין אַזעלכע מאָמענטען ביי זיי אויסגעבילדעט, איז גלייכצייטיג אַנטשטאַנען נאָך אַ געפיהל, וואָס שלומערט טיילמאָל ביי זיי אין אונטער־באַוואוסטזיין: די ליבשאַפט און

פאַרעהרונג פאַר יענע ווערטען, וועלכע דער שונא האָט אַזוי ברוטאַל פאַר־געוואַלטיגט. דאָס איז אַ נאַטירליכע רעאַקציע. „אויב די נאַצי־בעסטיע האָט אַזוי פאַרפאָלגט די אידישע רעליגיע, דאַן איז זי דאָך אונזער גרעסטער אוצר, דאַן מוז מען זי דוקא היטען" — אָט, וואָס עס דערהערט אָפט ביי זיך אַ אידישער לאַגעריסט, ווי אַ געבאָט פון אייגענעם געוויסען. און דאָס לאָזט איהם נישט רוהען.

אפילו יענע, וואָס זיינען פאַר דער מלחמה ניט געווען פרום, האָבען דערשפירט ביי זיך עפּעס אַ פּסיכישען איבערברוך. דאָס ליכט פון אידישקייט האָט אויפגעשיינט פאַר פילע, וועלכע האָבען ביז דאַן געוואַנדערט אין דער פינסטערניש.

נאַטירליך, דאַרף דאָס נישט פאַראַלגעמיינערט ווערען און פיהרען צו דער מסקנא, אַז אַלע אידען אין די לאַגערען זיינען „צדיקים" און היטען אָפּ אַלע תרי"ג מצוות. אַזוי איז עס ניט. אָבער וואָס איז אַ פאַקט, איז דער אַלגעמיינער דרך־ארץ, אפילו ביי די ניט־פרומע, פאַר טראַדיציאָנעלער אידישקייט. אין די כשר׳ע קיכען עסען אויך פילע „ניט־פרומע" אידען און אין אַ סך לאַגערען זיינען דאָ טענדענצען, אַז אַלע קיכען פאַר אידען זאָלען זיין כשר׳ע. אָפט איז די איינציגע סיבה, וואָס אַ אידישע קיך איז ניט כשר, דער מאַנגעל אין אַ קליינער הילף אויף איינצואָרדענען די קיך און אין סובווענציאָנירען זי כדי צו דעקען די דיפערענץ צווישען כשר׳ע און ניט־כשר׳ע שפּייז.

און בעיקר דער שבת. דער שבת אין די לאַגערען האָט אַן אויסער־געוועהנליכע קדושה. מען טאַפּט איהם אָן אין די גאַסען. מען שפירט איהם אין דער לופט. אין די לאַגערען האָב איך געאָטעמט שבת עפּעס מיט אַ באַזונדערען גייסט, אין וועלכען עס האָט זיך אַנטפּלעקט די אַלטע אידישע אצילות, וואָס איז גערייניגט און געלויטערט געוואָרען דורכ׳ן ביישפּיללאָזען מאַרטירערטום פון די לאַגער־אידען.

ניטאָ קיין גלייכען צו דער התלהבות פון אַ שבת׳דיגען דאַווענען אין לאַגער. עס איז אין איהם דאָ דער אָפּקלאַנג פון די מיליאָנען געמאָרדעטע אידען, דער צער פון די געפּייניגטע, דער וויי־געשריי פון די לעבעדיג־געברענטע, און דאָך דאָמינירט דער טאָן פון האָפנונג, דער קלאַנג פון פעסטיגקייט. וואו נאָך קענען אידען פיהלען דעם אמת׳דיגען באַדייט פון דעם „לכה דודי", וואו ס׳רעדט זיך פון „קומי צאי מתוך ההפיכה, רב לך שבת בעמק הבכא", אויב ניט אין אַ לאגער אין דייטשלאַנד? קיין וואונדער, אַז בשעת מען זינגט אָט די ווערטער אין לאַנדסבערג אָדער פעלדאַפינג, דאַן ווערט אין זיי אַריינגעגאָסען די גאַנצע טראַגיק פון דער געגענוואַרט, דאַן הילכט אין זיי אָפּ דאָס אומשולדיג פאַרגאָסענע אידישע בלוט. אָבער ווען דער

לאַגער־איד פאַרענדיגט מיט „והוא יחמול עליך חמלה״, דאַן שפּירט מען זיין אונגעבראָכענעם בטחון. ער געהט ווייטער. ער גיט זיך ניט אונטער...

כדי צו אילוסטרירען, אויף וואָס מען פאַרמעסט זיך מיט שמירת־שבת אין לאַגער, וויל איך איבערגעבען דעם אויפרוף, וואָס דער „ועד הרבנים״ אין לאַנדסבערג האָט אַרויסגעלאָזט כ׳ סיון תש״ו:

„זכור את יום השבת לקדשו!״

מיר מאַכען באַקאַנט דער אידישער באַפעלקערונג, דאָס אין הסכם מיט דער פאַרוואַלטונג און אונרא זיינען מיר צוגעטראָטען צו רעאַליזירען די אונטערגענומענע אַקציע למען שמירת השבת.

לאַנדסבערג אַלס ריין־אידישער לאַגער זאָל אין דעם טאָג פון שבת האָבען דעם אויסזעהן פון אַ פולשטענדיגען רוה־טאָג, ווי עס איז, אַפּיציעל, אין תל־אָביב.

צו דעם צוועק בעטען מיר זיך צוצופאַסען צו דער נייעסטער פאַראָרדנונג פון פאַרוואַלטונג, אַז דער פאַרקעהר פון יעדען אַרט ווערט אינגאַנצען אָפּגעשטעלט אין די גאַסען פון לאַגער במשך דעם שבת׳דיגען טאָג.

אויך דאָס איינאָרדנען פון אויספאָהרען און ספּאָרט־מעטשען אויפ׳ן שטח פון לאַגער ווערט דערמיט פאַרבאָטען. באַזונדער איז אויך אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג דער באַשלוס, דאָס די קיכען קאָכען מעהר ניט אום שבת.

ווייטער ווערט געבעטען פון יעדען איינעם אין אַלגעמיין אויסצומיידען יעדען עפענטליכען חילול־שבת, ווי האַנדלען אויף דער גאַס, רויכערען פּאַפּיראָסען, א. אַ. וו.

יעדען ערב־שבת, און ערב־יום־טוב, 10 מינוט פאַר׳ן זמן פון הדלקת הנר, וועט די אידישע באַפעלקערונג פאַרשטענדיגט ווערען דורך אַ סיגנאַל פון אַ סירענע.

אין זכות פון דערהויבען דעם כבוד השבת, וועלען מיר זוכה זיין צו דער ווידער־אויפלעבונג פון אידישען פאָלק און צו שיבת ציון וירושלים, אמן!

„ועד הרבנים אין לאַנדסבערג״

פּשוט׳ע ווערטער, אין וועלכע עס ווערט קורץ און שאַרף פאָרמולירט די פאַרבינדליכקייט פון שבת פאַר׳ן באַפרייטען איד. און ווי באַצייכענענד איז דער פאַרגלייך מיט תל־אָביב! לאַנדסבערג און תל־אָביב, צוויי ריין־אידישע שטעדט, נאָר איינע אין האָרץ פון ארץ ישראל, און די אַנדערע אין מיטען פון עמק־הבכא. דאָ און דאָרט — אַ סיגנאַל פון אַ סירענע, וואָס אַנאָנסירט דעם אָנקום פון דער פּרינצעסין שבת. דאָ און דאָרט — טאָר קיין עפענטליכער חילול־שבת ניט פאָרקומען. ווי פאַרשטענדליך ווערט אונז איצט דער טאָן־וועקסעל אין דער שבת׳דיגער סימפאָניע פון לאַנדסבערג: „רב לך שבת בעמק הבכא — והוא יחמול עליך חמלה״. „חמלה״ — דאָס איז, ווייזט אויס, אַ רמז אויף תל־אביב! דער לאַנדסבערגער איד ערוואַרט אַ „חמלה״ ביי זיין אַרויסגעהן פון „עמק הבכא״ און מיינט ער דען עפּעס אַנדערש ווי „תל־אָביב״, ווי די אַנדערע ריין־אידישע שטאָדט, אָבער שוין אין ריין־אידישען לאַנד?

צוויי וואָכען נאָכדעם, ווי עס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען דער „שבת־דעקרעט" אין לאַנדסבערג, האָט זיך אויף די מויערען פון לאַגער באַוויזען אַ נייע פראָקלאַמאַציע מיט פאָלגענדען וואָרט־לויט:

„די אַקציע למען השבת!"

מיט גרויס צופרידענהייט איז אויפגענומען געוואָרען די אַקציע למען השבת. אַלע לאַנדסבערגער אידען זיינען פאַר היטען שבת.

דעם לעצטען שבת האָט זיך אין די גאַסען פון לאַנדסבערגער לאַגער וויניג באַמערקט חילול שבת בפרהסיא. הרב הורוויץ שליט"א זאָגט:

שמירת שבת איז אַ נאַציאָנאַלער כבוד.

שמירת שבת קודש באַדייט כבוד האומה הקדושה.

דעריבער ווענדען מיר זיך צו די אידען אין לאַנדסבערג ניט צו נעמען אויף זיך די אחריות פון חילול כבוד האומה הקדושה.

„מיר רופען אַלע אידען אונטערצוּוואַרפען זיך די פאַראָרדנונג פון ועד הרבנים און פאַרוואַלטונג, ניט אַרומצופאַהרען אום שבת אין די גאַסען פון לאַגער, ווי אויך ניט

# זכור את יום השבת לקדשו!

„אַקציע למעו שמירת־השבת".

א פולשטענדיקו רו־טאָג,

דער ראד־פאַרקער פון יעדן אָרט ווערט איז גאַנצן אָפּגעשטעלט אין די גאַסן פון לאַגער במשך דעם שבתדיקן טאָג.

יעדן עפנטלעכן חילול־שבת,

ועד הרבנים אין לאַנדסבערג.

כ' סיון, תש"ו

Druck der Landsberger Verlagsanstalt Martin Neumayer

ב"ה

# די אַקציע למען השבת!

מיט גרויס צופרידנהייט איז אויפגענומען געוואָרן די אַקציע למען השבת. אַלע לאַנדסבערגער יידן זיינען פאַר היטן שבת.

דעם לעצטן שבת האָט זיך אין די גאַסן פון לאַנדסבערגער לאַגער וויניק באַמערקט חילול שבת בפרהסיא. הרב הורוויץ שליט"א זאָגט:

„שמירת שבת איז אַ נאַציאָנאַלער כבוד"

„שמירת שבת קודש באַדייט כבוד האומה הקדושה"

דעריבער ווענדן מיר זיך צו די יידן אין לאַנדסבערג ניט צו נעמען אויף זיך די אחריות פון חילול כבוד האומה הקדושה!

מיר רופן אַלע יידן אונטערצוּוואַרפן זיך די פאַראָרדנונג פון ועד הרבנים און פאַרוואַלטונג ניט אַרומצופאָרן אום שבת אין די גאַסן פון לאַגער, ווי אויך ניט רייכערן און האַנדלען אום שבת אין די גאַסן פון לאַגער און בכלל אויסצומיידן יעדן חלול שבת בפרהסיא.

דאָס הייבן דעם כבוד השבת באַדייט הייבן דעם כבוד פון דער אומה הישראלית.

ועד למען השבת

לאַנדסבערג, ד' תמוז, תש"ו

די אויפרופען וועגען שמירת שבת אין לאַנדסבערג.

רויכערען און האַנדלען אום שבת אין די גאַסען פון לאַגער און בכלל אויסצומיידען יעדען חילול־שבת בפרהסיא.

דאָס הויבען דעם כבוד השבת באַדייט הויבען דעם כבוד פון דער אומה ישראלית.

ועד למען השבת״

איהר הערט די ווערטער? דער ענין פון שמירת שבת איז אַ פראַגע פון כבוד פאַר׳ן אידישען פאָלק. וואו נאָך קען מען אָנווענדען אַזעלכע אַרגומענטען ביי אידען? זיי, די מיט בלאָטע באַוואַרפענע, מיט די נאַצישע שטיוועל געטרעטענע אידען, זיי זיינען גאַר שטאַרק עמפפינדליך — אויף אידישען כבוד! זיי טראָגען הויך די פאָהן פון דער טויזענט־יאָהריגער אמונה אונזערער, און פאַר זיי איז שמירת שבת אויך אַ פרעסטיזש־פראַגע. זאָל די וועלט זעהן, אַז די כנסת ישראל האָט זיך ווידער פאַראייניגט מיט איהר אַלטען בן־זוג...

ווען צוויי וויכטיגע וואָכען זיינען פאַרביי, האָט מען אויף די גאַסען פון לאַנדסבערג צוקלעפּט אַ באַזונדערען רוף צו דער אידישער פרוי, וועלכער האָט אויך אָנגעשלאָגען נייע טענער:

„טייערע שוועסטער!

אין דיין האַנד ליגט דאָס פאַראידישען די שטוב דורך שמירת שבת.

גיב אָפּ כבוד דיינע טראַגיש אומגעקומענע עלטערען אויף קדושת השם מיט איינפירען אין דיין שטוב דעם שבת.

געדענק, אַז ווען דו שטעלסט דיך אַוועק מיט דיין צוגעדעקטען קאָפּ און צינדסט אָן די ליכט לכבוד שבת, ווערט דיין שטוב דורכגענומען מיט דער קדושה פונ׳ם שבת.

שטעל דיך אין די רייהען פון דיינע חברות, וועלכע האַלטען העלדיש אויס ביים היטען דעם שבת.

נאָר דו קענסט ווירקען אויף דיין מאַן איינצוהאַלטען ווי געהעריג דעם שבת.

גרייט זיך צו צו בויען דיין נחת׳דיג הויז אין ארץ ישראל נאָר אין זכות פון היטען דעם שבת.

ועד למען השבת״

די האַרציגקייט פון דאָזיגען שבת־רוף צו דער אידישער פרוי אין לאַגער־איד פאַרענדיגט מיט „והוא יחמול עליך חמלה״, דאַן שפּירט מען זיין מענשען, וועלכע קומען פון אוישוויץ, און וועלכע האָבען געזעהן אויפגעהן אין פייער פון די גאַז־קאַמערען זייערע נאָהענטע און ליבסטע. דאָ הערט זיך דער געזאַנג פון קידוש־השם. און ווידער ווערט געמאָלען דאָס אויסגע׳חלומ׳טע בילד פון „נחת׳דיגען הויז אין ארץ ישראל״, אַלס העכסטער פּרייז פאַר שמירת־שבת...

האָט זיך שוין אַן אַנדער פאָלק דערהויבען צו אַזאַ גייסטיגער אדעלקייט — און דוקא אין אַ תקופה פון „איש את רעהו חיים בלעו״?

(„מאָרגען זשורנאַל״, ב׳ שבט, תש״ז — 23 יאַנואַר, 1947)

TREASURY DEPARTMENT
Foreign Funds Control

Date: January 22, 1944

**L I C E N S E**

(GRANTED UNDER THE AUTHORITY OF EXECUTIVE ORDER NO. 8389 OF APRIL 10, 1940, AS AMENDED, AND THE REGULATIONS ISSUED THEREUNDER)

To Union of Orthodox Rabbis of the United States and Canada
(Name of licensee)

132 Nassau Street, New York, N. Y.
(Address of licensee)

Sirs:

1. In order to arrange for the evacuation to places of safety or relative safety as shall be selected by your representatives of persons in enemy or enemy-occupied territory whose lives are in imminent danger and, pending possible evacuation, to sustain and safeguard the lives of such persons, your representatives in Switzerland (including such agents as they may appoint) are hereby licensed notwithstanding the provisions of General Ruling No. 11 to communicate with persons in enemy or enemy-occupied territory in any manner they deem necessary or expedient and to take all other appropriate action, including the acquisition of necessary funds, goods or services from persons in enemy or enemy-occupied territory against payment in accordance with the terms of this license. The necessary funds to finance such operations may be obtained by any of the following methods:

(a) The first method is the purchase of currency or exchange of the country in which the operations are to be effected from persons in Switzerland who your representatives, after consulting with the United States Legation in Bern when feasible, are reasonably certain have held such currency or exchange since prior to the freezing of such country by the United States, or have since acquired such currency or exchange in such manner as has not benefited the enemy. The sellers of such currency or exchange may be reimbursed therefor in Swiss francs at the prevailing unofficial rates of exchange in Switzerland.

(b) The second method is the acquisition of local currencies or exchange from persons in enemy or enemy-occupied territories for which reimbursement will not be made until after the war. In order to insure reimbursement after the war to the persons supplying such currencies or exchange, blocked accounts may be established on your books in the United States, or in a bank in the United States or a bank in Switzerland. No payments may be made from any such blocked account without the specific approval of the Treasury Department and no assignments may be made of any interest in such blocked account without such approval.

(c) The third method should not be used if it is feasible to obtain the local funds by either of the first two methods. The third method is the acquisition of the necessary local funds, goods or services from persons in enemy or enemy-occupied territory against payment in free exchange or free currency notes. Your representatives should take reasonable steps to avoid such foreign exchange or free currency notes being paid to persons who will make it available to the enemy.

2. The total amount of dollars or Swiss francs paid out or set up in blocked accounts or otherwise obligated under the terms of this license shall not exceed 430,000 Swiss francs, or the dollar equivalent thereof, during the six months' period beginning January 1, 1944.

3. Your representatives should keep the American Legation in Switzerland fully informed with respect to the financial transactions effected under this license. In so far as feasible your representatives should make certain that the persons from whom the local currencies or exchange are purchased are acceptable to the Legation. Your representatives should satisfy themselves that payments to such persons will not benefit the enemy.

4. Periodic reports with regard to any operations engaged in under this license should be filed with the Treasury Department by your representatives through the United States Legation in Bern.

5. This license is granted upon the statements and representations filed with the Treasury Department, and is subject to the condition, among others, that you will comply in all respects with Executive Order No. 8389 of April 10, 1940, as amended, and the regulations issued thereunder and the terms of this license.

6. This license is not transferable, is subject to the provisions of Executive Order No. 8389 of April 10, 1940, as amended, and the regulations issued thereunder and may be revoked, modified, or declared void at any time at the discretion of the Secretary of the Treasury acting directly or through the agency through which the license was issued, or any other agency designated by the Secretary of the Treasury.

J W Pehle
J. W. Pehle
Assistant to the Secretary

די ערשטע לייסענס, וואס די אגודת הרבנים האט באקומען, אויף צו שיקען אפיציעל געלד אין שווייץ פאר הצלה־צוועקען (זעה זייט 160).

# דאָס וואַנדאַלען־קבר פון ליצמאַנשטאַט*)

די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג" פון 5־טען מאַי 1940 דערצעהלט: אין דאָרף רעטקין, וואָס געפינט זיך ביי ליצמאַנשטאַט (אַמאָל האָט די שטאָט געהייסען לאָדז), האָט מען געפינען אַ גאָר וויכטיגען קבר. מען האָט אויסגעגראָבען דעם געביין פון אַ וואַנדאַלישער מלכה פון 4־טען יאָהרהונדערט. חוץ די עצמות האָט מען נאָך געפינען איהר זילבערנעם און גילדענעם צירונג, קייטלעך, פּערל וכדומה. און כאָטש מען ווייסט נישט דעם נאָמען פון דער מלכה און מען קען וועגען איהר דערוייל גאָר נישט נעהענטערס זאָגען, איז אָבער פעסט און זיכער איינס: אַז זי איז געווען אַ וואַנדאַלישע פירשטין. אָט דאָס אונטערליגט, לויט דער „דייטשער אַלגעמיינער צייטונג" פון 5־טען מאַי 1940, קיין שום ספק נישט. און ווידער איז קלאָר, אַז די וואַנדאַלען זיינען געווען — גערמאַנען. דאָס איז אויך זיכער אויף פולע הונדערט פּראָצענט. קומט אויס, אַז די וואַנדאַלען־גערמאַנען זיינען געווען ריכטיגע בעלי־בתים אויף דער כלומר'שט פּוילישער ערד שוין מיט אַזויפיל יאָהרהונדערטער צוריק. אוודאי און אוודאי, נישט ווי די פּוילישע וויסענשאַפט האָט ביז היינט געפּרואווט לייקענען. ניין; איצט וועט דאָס מעהר נישט זיין מעגליך מכחיש צו זיין. די דייטשע וויסענשאַפט, שרייבט די „ד.א.צ." פון 5־טען מאַי 1940 ווייטער, וועט מיט דער הילף פון די אויסגעגראָבענע עצמות פון דער וואַנדאַלישער מלכה שוין קלאָר באַווייזען דעם שטאַרקען צוזאַמענהאַנג צווישען די גערמאַנען און דעם לאַנד אַרום דער ווייסעל.

נו, אַזוי־ווי דאָס קבר פון רעטקין ביי לאָדז — ענטשולדיגט: ביי ליצמאַנשטאַט — האָט בליץ־אַרטיג אַנטשידען אַ פּראָבלעם פון אַ יאָהרטויזענט, לוינט זיך איצט, אפשר, צו פאַרטראַכטען, וויאַזוי עס האָט דאָרט אויסגעזעהן דער דאָזינער וואַנדאַלען־רעזשים בשעת די מלכה האָט געלעבט. ס'איז אַן אומשולדיגע היסטאָרישע באַטראַכטונג.

* * *

*) דער דאָזיגער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען אין ווילנאָ, אין חודש מאַי 1940, פאַר א אידישער צייטונג אין קאָוונא. אָבער ער איז נישט געדרוקט געוואָרען, ווייל די רעדאַקציע פון דער צייטונג האָט מורא געהאַט איהם צו פאַרעפענטליכען. די דייטשען זיינען געווען צו נאָהענט. דער אַרטיקעל ווערט דאָ געגעבען אָהן ענדערונגען, אַזוי ווי ער איז געשריבען געוואָרען אין דער אַטמאָספערע פון יאָהר 1940 אין ווילנא.

noch Tschechisch und Slowakisch.
hat zwei Südost-Sprachen als Pflichtfächer ... 
Ausländer brauchen nur eine Südost-Sprache zu erlernen.

Alfred Mayerhofer

## Das Grab der vandalischen Fürstin

**Bei Litzmannstadt (Lodsch)**

Ein für die Geschichte der Ostgermanen höchst bedeutsamer Fund wurde kürzlich im Dorfe **Rettinia**, nahe Litzmannstadt (Lodsch) gemacht. Beim Kiesgraben wurde ein Grab angeschnitten, das sich bei der wissenschaftlichen Untersuchung der Beigaben als das Grab einer germanischen Fürstin vom Stamme der Vandalen erwies. Neben einer Anzahl von Tongefäßen wurde der außerordentlich schöne Schmuck der Toten gefunden. Er bestand aus mehreren sehr fein gearbeiteten silbernen und goldenen Gewandspangen (Fibeln), mehreren silbernen und einem goldenen Anhänger, die einst eine Halskette geschmückt haben mögen, einem Halsschmuck aus Bernsteinperlen und mosaikartigen Glasperlen.

Die Bedeutung dieses Fundes liegt zunächst darin, daß die Schmuckstücke, insbesondere die Fibeln und Kettenanhänger, den berühmten Schmuckstücken aus den vandalischen Fürstengräbern von Sacrau (Schlesien) gleichen und wie diese aus dem 4. Jahrhundert, also aus einer Zeit stammen, ... vor ein Großteil der Vandalen nach Spanien und später nach Afrika auswanderte.

Die Vandalen gliederten sich in mehrere Unterstämme, von denen die Silingen und die Hasdingen die geschichtlich bekanntesten sind. Die Hasdingen eroberten im 2. Jahrhundert einen Teil des heutigen Ungarn; die Silingen gaben Schlesien den Namen; sie wurden später im Kampf mit den Westgoten in Spanien nahezu aufgerieben. Wie die Fürstengräber von Sacrau östlich Breslau erkennen lassen, hat dort eines der vandalischen Fürstengeschlechter seinen Sitz gehabt, wahrscheinlich das, das die Führung der „Silingen" hatte. Der neue Fund bei Litzmannstadt macht es wahrscheinlich, daß dort ein anderes Fürstengeschlecht über einen anderen Unterstamm der Vandalen herrschte.

Die Bedeutung des neuen Fundes ist jedoch als ein Beweis dafür, daß die Vandalen jahrhundertelang den größten Teil des ehemaligen Polen in Besitz hatten, besonders wesentlich. Die polnischen Forscher hatten aus politischen Gründen behauptet, daß die germanischen Funde, die sie nicht leugnen konnten, von umherschweifenden Germanen stammten, die nur „zu Raubzwecken" auf slawischem Boden geweilt hätten. Die Gräberfelder der Vandalen, die sich jedoch in diesem Gebiet fanden, bewiesen, daß die Vandalen und vor ihnen die germanischen Bastarner im Weichselraum **beheimatet** gewesen waren. Das Grab der vandalischen Fürsten bei Litzmannstadt ist hierfür ein neuer Beweis. Es steht zu erwarten, daß die deutsche Forschung sehr bald die von den polnischen Forschern bewußt gelassene Lücke der Bodenfunde ausfüllen wird, und daß damit der ganze Umfang der rund ein Jahrtausend andauernden Besiedlung des Weichselraumes durch germanische Stämme bis in Einzelheiten erkennbar und nachweisbar wird. —oi.

אויסשניט פון דער „דייטשער אַלגעמיינע צייטונג" וועגן וואַנדאַלען־קבר אין ליצמאַנשטאַט.

די שטאָט איז געווען אַ שטאַרקער אינדוסטריעלער צענטער. פון טויזענטער קוימענס האָט זיך ווייט געטראָגן דער רויך. די מענשען האָבען געאַרבייט פון פריה־מאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט. דערהויפּט האָבען צום פונאַנדערבליהען פון דער שטאָט בייגעטראָגן די זיהן פון אַ געוויסען

פאָלק, וואָס זייענדיג נאָהענט צו די פעניציער, האָבען זיי אויך געהאַט אַ ספּעציעלען טאַלאַנט צום מסחר. זיי האָבען אַוועקגעלייגט אָהן־אַ־שיעור כוחות, כדי אַרויסצובאַקומען וואָס שנעלער און וואָס בעסערע סחורות פון די מאַשינען, וואָס זיי האָבען פאַר טייער געלט באַצויגען פון ווייטע מדינות. און מען מוז זאָגען, אַז איבערגעבליבענע רעשטלעך פון די לאָדזער פאַבריקאַטען פון פאַר זעכצעהן־הונדערט יאָהר זיינען עדות, אַז זיי האָבען דעם ענין פאַבריקאַציע געבראַכט ביי זיך צו אַ גאָר הויכער מדרגה. דערביי האָבען זיי נישט געקאַרגט קיין געלד אויף כלל־זאַכען. מען האָט געבויט שפּיטאָלען, מושב־זקנים׳ס, יתומים־הייזער, שול־בנינים, הערליכע מקומות־קדושים א.א.וו. עס האָט פּולסירט אַ שטאַרק לעבען. אמת, ס׳איז געווען געגנוג אומצופרידענע אויך. אָבער דאָס איז דאָך אייגענטליך זעלבסטפאַר־שטענדליך ביי אַזאַ צאָהלרייכען מענשען־קיבוץ.

מאַכט זיך אַ מעשה און עס קומען אָן די וואַנדאַלען. מיר ווייסען אפילו נישט גענוי, צי די מלכה, וואָס איהר געביין האָט מען איצט אויסגעגראָבען, איז אַליין געווען די אָנפיהרערין, צי אפשר איהר מאַן אָדער ליבהאָבער. אָבער זיי זיינען געקומען. אין איין שיינעם פריה־מאָרגען זיינען זיי אָנגערוקט אויף דער פּיעטרקאָווער גאַס. מיט שרעק האָט די באַפעלקערונג זיך צוגעקוקט צו זייער אַריינמאַרשירען, ווייל מען האָט שוין פריהער געהאַט געהערט פון די נאָבעלע מעשים פון די וואַנדאַלען. אָבער מען האָט שטיל געהאָפט, אפשר וועלען זיי פּאָרט אַביסעל ריקזיכט נעמען אויף דער אַרבייטס־שטאָט און זי נישט חרוב מאַכען.

די וואַנדאַלען זיינען נאַטירליך ניט געווען גרייט מוותר צו זיין אפילו אויף איין פּינטעלע פון זייער פּראָגראַם. זיי זיינען געווען, ווי באַקאַנט, זעהר קאָנסעקווענט און גענוי ביים דורכפיהרען פון זייערע חורבן־פּלענער. און זיי האָבען זיך באַלד גענומען צו דער אַרבייט.

קודם־כל האָבען זיי פונאַנדערגענומען די נישט־נויטיגע מאַשינען. זיי קענען בעסער פאַרווענדען דעם שטאָהל און דאָס אייזען, האָבען זיי דערקלערט. אין ווינציגע טעג איז פון די שיינע פאַבריקען געוואָרען אַ תל־עולם.

דאַן האָט מען גענומען אַרויסיאָגען די מענשען פון די דירות. מען האָט זיי געטריבען ווי די הינט. הויפּטזעכלעך יענע, וואָס האָבען געהערט צום שטאַם, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט אין מסחר. אין מיטען־נאַכט האָט מען זיי געשלעפּט מיט די קליינע קינדער און פאַרשיקט ווייט, נאַקעטע און באָרוועסע. זאָלען זיי אויסגעהן פאַר קעלט און הונגער וואָס גיכער, וועט מען פּטור ווערען פון אַן איבעריגער דאגה, וויאַזוי זיי דאָך אַ סוף צו מאַכען!

מען האָט באַגאָסען מיט נאַפט און אונטערגעצינדען די שיינע הייזער,

וואו מענשען פלעגען קומען און אויסגיסען זייער הארץ פאַר גאָט. ווייענדיג האָבען די שטאָדט־באַוואוינער צוגעקוקט, ווי פייער־צינגער פאַרניכטען די טייערע בנינים. לעשען האָט מען נישט געטאָרט, ווייל די וואַנדאַלען וואָלטען זיך באַלד אַן עצה געגעבען מיט די ווידערשפעניגע.

דאַן האָט מען גענומען הענגען די מענשען אויף די לאַמטערן־סלופעס. „זאָלען זיי מורא האָבען פאַר אונז״ — האָבען זיך געטראַכט די וואַנדאַלען. אַלץ וואָלט נאָך געווען אַ מינדעסטער ספק, אַז אַלע ציטערען פאַר זיי אימת־מות.

מען האָט געמאַכט „אָרדנונג״ אין שטאָדט. ווייל סוף־סוף אַלע באַוואוי־נער אויסהרג׳ענען אָדער פאַרטרייבען, האָבען אפילו די וואַנדאַלען תיכף נישט געקענט. האָט מען מתקן געווען, ווער עס מעג וואוינען דאָ און ווער דאָרט. ווער וואָלט געווען צו דעם יעניגען, וואָס וואָלט דערטאַפּט געוואָרען ביים עובר זיין אויף דער דאָזיגער תקנה!

מען האָט אַרומגענומען מיט שטעכעדיגע דראָהטען עטליכע געסלעך און געהייסען זיך אַריינציהען אַהין אַלע זיהן פון פאָלק, וואָס האָט אַ טאַלאַנט צו מסחר. אפשר וועט דאָרט אַריינכאַפּען זיך אַ עפּידעמיע און זיי וועלען אויסשטאַרבען אַליין, וועט מען פאַרשפּאָרען ווייטערדיגע מיה און אַרבייט.

און כדי מען זאָל דערקענען, ווער עס געהערט צו אָט דעם פאָלק און ס׳זאָל חלילה קיינמאָל קיין טעות ניט אַנטשטעהן בנוגע וועמען פון די מענשען, האָט מען פאַראָרדענט, אַז אַלע מוזען טראָגען אַ ספּעציעלע לאַטע אויף זייערע מלבושים. אפילו קליינע קינדער פון דעם פאָלקס־שטאַם האָבען געמוזט טראָגען אַזאַ לאַטע אויף די הענטלעך.

מען האָט גוזר געווען, אַז די מענשען טאָרען נישט האַנדלען. זאָלען זיי נישט האָבען פון וואַנען צו לעבען, וועלען זיי דאָך ממילא שטאַרבען.

און אפשר האָט ווער נאָך עטוואָס פון פריהער, טאָ מוז ער עס תיכף אָפּגעבען — אַזוי האָט מען גע׳פּסק׳עט מיט דער גאַנצער וואַנדאַלישער שטרענגקייט. גאָלד, זילבער, איידעלע־שטיינער, פּערל — דאָס אַלץ געהערט צו די וואַנדאַלען. (פון אָט דעם גאָלד נעמען זיך אַוודאי די ציהרונג־חפצים פון דער מלכה אין איצט אויפגעגראָבענעם קבר. אַזוי דאַכט זיך לפּחות דעם שרייבער פון די דאָזיגע שורות. ווייל אויב ניט, טאָ פון וואַנען אַזאַ פעסטיגקייט צו באַהויפּטען, אַז דאָס איז דוקא אַ וואַנדאַלישער שמוק? מן־הסתם זענען דאָרט דאָ צייכען, אַז זיי האָבען געהערט צו וועמען אַנדערש און מען האָט עס אַוועקגענומען. דעריבער איז די זאַך אַזוי זיכער!)

מען האָט פאַרפולט די תפיסות און ווייל עס האָט אויסגעפעהלט פּלאַץ אָדער ווייל די תפיסות זיינען נאָך געווען צו גוט פאַר די פאַרברעכערישע לאָדזער, האָט מען איינגעאָרדענט באַזונדערע לאַגערען, וואו מען האָט גע־

קווילט צום טויט די מענשען, אויף וועלכע ס׳איז געווען דער מינדסטער חשד, אַז זיי זיינען נאָך ניט געוואָרען קיין איבערצייגטע אָנהענגער פון וואַנדאַלען־רעזשים.

מען האָט געברענט, גע׳הרג׳עט, גע׳רודפ׳ט אומשולדיגע. מען האָט אַלץ געטאָן, כדי צו באַרעכטיגען דעם נאָמען „וואַנדאַלען״, וועלכען מען האָט מיט אַזויפיעל שטאָלץ געטראָגען. ביים אַקאָמפּאַניאַמענט פון די פאַר־צווייפעלטע געשרייען און געוויינען פון אַלמנות און יתומים האָט מען אויפ־געבויט די מאַכט. בלוט און טרערען האָבען זיך געגאָסען איימער־ווייז און ווייך געמאַכט די ערד. און אָט ביי די אומשטענדען האָט זיך פעסט, גאָר פעסט פאַראַנקערט די מאַכט פון וואַנדאַלען־שבט אין דער שטאָדט לאָדז מיט זעכצעהן־הונדערט יאָהר צוריק . . .

* * *

אַז איהר ווילט וויסען דעם אמת, רבותי, טאָ גלויב איך, אַז אפילו אָהן דעם איצט אויפגעגראָבענעם קבר פון דער וואַנדאַלישער מלכה אין רעטקין ביי ליצמאַנשטאַט וואָלט קיין שום מענש נישט געוואַגט צו באַצווייפלען דעם היסטאָרישען פאַקט, אַז אָט דער שבט האָט אַמאָל געוועלטיגט איבער לאָדז.

ווען די „דייטשע אַלגעמיינע צייטונג״ וואָלט, צום ביישפּיל, געמאַכט וועגען דעם אַן אַנקעטע צווישען די לאָדזער אויף גאָר דער וועלט, דאַן וואָלט זי זיך לייכט איבערצייגט, ווי פעסט אַלע גלויבען אין דער וואַנדאַלען־הערשאַפט פון לאָדז.

פאַרוואָס איז אפילו שווער צו זאָגען. אָבער, סוף־סוף, זאָגען אויף דעם עדות אויך אַנדערע קברים . . .

---

# דער ערשטער דאָקומענט וועגען נאַצישען מאָרד־פּלאַן

## 1

עס ליגט פאַר מיר אַ דאָקומענט, וועלכען איך האָב אָקאָרשט קאָפּירט, זייענדיג אין פראַנקפורט־אַם־מאַין: אַ געהיימער צירקולאַר פון דער הויפּט־קאָמאַנדע פון דער געסטאַפּאָ אין בערלין, דאַטירט דעם 21־טען סעפּטעמבער, 1939. דער דאָקומענט, וואָס רופט זיך אויף דייטש: „שנעל

בריף אַן די שעפס אַללער איינזאַץ־טרופּען דער זיכערהייטס־פּאָליציי״, איז אונטערגעשריבען פון היידריך׳ן, דעם צווייטען הויפּט פון דער געסטאַפּאָ, און ער באַהאַנדעלט — ווי עס ווערט אָנגעגעבען — „די אידען־פראַגע אין באַזעצטען געביט״, פוילען. דער נומער פון דאָקומענט איז 288/39.

לעזענדיג אָט דעם דאָקומענט, ווערט דאָס בלוט פאַרגליווערט אין די אָדערען. מען זעהט, ווי די מערדער־באַנדע אין בערלין האָט באַלד אין עטליכע טעג נאָכ׳ן באַזעצען פוילען, אויסגעאַרבייט אַ דעטאַלירטען פּלאַן ווי אַזוי צו פאַרניכטען דעם דריי־מיליאָניגען אידישען קיבוץ. מיט „דייטשער פּינקטליכקייט״ האָט מען אַלץ אויסגערעכענט און מסדר געווען. מען האָט זיך גענומען מאַכען די נויטיגע הכנות צו דער טייוולאָנישער אַרבייט, און אַזוי אינסטרואירט די פיהרער פון די באַטרעפענדע געסטאַפּאָ־אָפּטיילונגען, וואָס זיי דאַרפען טאָן, כדי דער גרעסטער מאַסען־מאָרד אין דער וועלט־געשיכטע זאָל קענען דורכגעפיהרט ווערען.

דאַביי דאַרף מען באַמערקען, אַז היידריך באַרופט זיך אויף אַ געשפּרעך, וועלכער איז דעם זעלבען טאָג, דעם 21־טען סעפּטעמבער, 1939 פאַרגעקומען אין הויפּט־קוואַרטיר פון דער געסטאַפּאָ, וואו עס זיינען אָנגענומען געוואָרען די געהעריגע באַשלוסען. ביים סוף פון דאָקומענט ווערט אָנגעוויזען, אַז אַ קאָפּיע פון איהם האָבען באַקומען: 1) די אויבער־קאָמאַנדאָ פון דייטשען מיליטער; 2) דער באַויפטראַגטער פאַר׳ן פיער־יאָהר־פּלאַן; 3) דער מיניסטער פאַר אינערליכע ענינים; 4) דער מיניסטער פאַר דערנעהרונג אוןווירטשאַפט; און 5) די ציוויל־פאַרוואַלטונג פון באַזעצטען פּוילישען געביט. דריי נעמען ווערען דאַביי אָנגעגעבען: 1) דער שטאַאטס־סעקרעטאַר ניימאַן (באַאויפטראגט פאר׳ן פיער־יאָהר־פּלאַן); 2) שטאַאַטס־סעקרעטאַר שטוקאַרט (אין מיניסטעריום פון אינערן); 3) שטאַאַטס־סעקרעטאַר לאַנדפריד (אין מיניסטעריום פאַר דערנעהרונג און ווירטשאַפט).

אָט דאָס איז די ליסטע פון די פאַרברעכער, וואָס האָבען היידריך׳ען און פראַנק׳ען געהאָלפען אויסאַרבייטען דעם מאָרד־פּלאַן. און ווען ביז היינט איז נישט געווען מעגליך צו באַווייזען, אַז שוין פון ערשטען אויגענבליק האָט די נאַצי־מערדער־באַנדע קאַלטבלוטיג אויסגעאַרבייט איהר באַרבאַרישען פּלאַן, איז איצט — אין ליכט פון אָט דעם געהיימען דאָקומענט — דער ענין פולשטענדיג קלאָר. ליידער הערען מיר גאָרנישט דערפון, אַז ניימאַן, שטוקארט און לאַנדפריד זאָלען ערגיץ זיצען אויף אַן אָנקלאגע־באַנק, נישט אין נירענבערג און נישט אַנדערשוואו.

וואָס זאָגט דער דאָקומענט נומער 288/39?

קודם־כל, זאָגט היידריך (דער דאָזיגער נאַצי־רוצח איז, ווי באַוואוסט, דערשאָסען געוואָרען בשעת דער מלחמה אין פּראָג), מוז מען מאַכען אַ חילוק

צווישען דעם „ע נ ד ־ צ י ל“ פון דער אַקציע געגען די אידען (וואָס דאָס דורכצופיהרען מוז נעמען אַ געוויסע צייט), און די תיכף׳דיגע שריט, וועלכע קענען און דאַרפען געמאַכט ווערען אָהן וועלכען עס איז אָפּהאַלט, כדי צו קענען שפּעטער דערגרייכען דעם ענד־ציל.

עס ווערט נישט געזאָגט בפירוש, וואָס דער ענד־ציל איז. אָבער פון די הכנות, פון די תיכף׳דיגע שריט, ווערט פולשטענדיג קלאָר, וואָס די באַנדע האָט דעם 21־טען סעפּטעמבער, 1939, געפּלאַנט: — אַ פאַרניכטונג פון אַלע אידען, — וואָס מען האָט טאַקע דורכגעפיהרט צוויי יאָהר שפּעטער, נאָכדעם ווי די הכנות זיינען „פּלאַן־מעסיג“ פאַרענדיגט געוואָרען.

אַלס ערשטען שריט צו דער דערגרייכונג פון „ענד־ציל“ רופט אָן דער געהיימער צירקולאַר פון 21־טען סעפּטעמבער, 1939 — די קאָנצענטרירונג פון די אידען אין די גרויסע שטעדט. מען דאַרף וואָס גיכער, זאָגט דער רוצח היידריך, אַרויסטרייבען די אידען פון אַלע קלענערע שטעדט און דערפער און אַלעמען ברענגען אין די גרעסערע שטעדט, וואָס זיינען באַהן־צענטערען, אָדער וואָס ליגען על־כל־פּנים ביי די באַהן־ליניעס.

דער מאָטיוו פון דאָזיגען ערשטען שריט איז קלאָר. מען האָט שוין דאַן געהאַט פאַר די אויגען די שפּעטערע טראַנספּאָרטען אין די טויטען־לאַגערען און גאַז־קאַמערען. צו דעם צוועק האָט מען די אידען געמוזט האָבען פאַרזאַמעלט אין גרויסע צענטערען, ווי וואַרשע, לאָדז, ראדאָם, טשענסטאָכאָוו און אַ. וו. ווען מען וואָלט געדאַרפט אָט די טראַנספּאָרטען קאָמאַנדירען פון קליינע שטעדטלעך, וואָלט עס די מאָרד־פּראָצעדור באַשווערט. אַ סך אידען וואָלטען נאָך געקענט אַנטרינען. דעריבער האָט מען ביי דער באַראַטונג אין בערלין קודם־כל באַשלאָסען: צו זאַמלען אַלע אידען אין גרעסערע צענטערען. דאַביי האָט מען פּאָלגענדעס באַשטימט:

די קליינע קהלות, וואָס צעהלען ווינציגער ווי 500 נפשות, מוזען אומבאַדינגט אויפגעלייזט ווערען. אַ געוויסער טייל פון פּוילען — דער מערב׳־דיגער — מוז אינגאַנצען ווערען „אידען־ריין“ (מען האָט אין צירקולאַר אָנגערופען פיער פּראָווינצען, וואָס מען דאַרף פון זיי אַרויסשיקען אַלע אידען: דאַנציג, מערב־פּרייסען, פּויזען און מזרח־אויבער־שלעזיע). אין איבעריגען פּוילען זאָל מען איינאָרדענען „וואָס ווינציגער“ קאָנצענטרירונגס־פּונקטען פאַר אידען, כדי — ווי דער טייוולישער דאָקומענט דריקט זיך אויס — „די שפּעטערדיגע שריט זאָלען פאַרלייכטערט ווערען“!

דאָ זעהט שוין ממש אַ בלינדער, צו וואָס די קאָנצענטרירונג אין די גרויסע שטעדט האָט געצילט!

טרעבלינקאַ, מאַידאַנעק און אוישוויץ זיינען — אפשר ניט מיט די נעמען, אָבער זיכער, „אין פּרינציפּ“ — באַשטימט געוואָרען דעם 21־טען

סעפּטעמבער, 1939, ביי דער באַראַטונג אין געסטאַפּאָ הויפּט־קוואַרטיר אין בערלין. די באַהויפּטונג וואָס ווערט אַלץ געמאַכט, אַז די נאַציס האָבן לכתחילה נישט געהאַט בדעה אויסצומאָרדן די אידען, נאָר ערשט שפּעטער איז אָט דער בעסטיאַלישער באַשלוס רייף געוואָרען — שטעלט זיך אַרויס אין ליכט פון דאָקומענט אַלס פּשוטע זייפען־בלאָזען. אַלץ איז געוואָרען געפּלאַנט לכתחילה, און פאַראַנטוואָרטליך איז נישט בלויז דער „שגעון" פון היטלער'ן — ווי מאַנכע ווילען אונז איינרעדען — נאָר די גאַנצע געסטאַפּאָ, מעהר נאָך: די אַרמיי־הויפּט־קאָמאַנדע, די מיניסטעריומס פון אינערען אוןווירטשאַפט, ווי אויך דער אַמט פאַר'ן פיער־יאָהר־פּלאַן. זיי אַלע, צוזאַמען מיט דער פאַר־וואַלטונג פון באַזעצטען פּוילען, זיינען געווען שותפים צום מאָרד־פּלאַן.

דאָס דאַרף איצט ווערען באַטראַכט אַלס ענדגילטיג באַוויזען. דער דאָקומענט נומער 288/39, רעכענט ציניש אויס אַלע באַטייליגטע און מען קען היידריך'ן (ימח שמו) גלויבען, אַז ער האָט נישט אַנגערופען קיין פאַלשע נעמען.

דאַביי איז אינטערעסאַנט, אַז דער געהיימער צירקולאַר באַמערקט באַלד אין אָנפאַנג, אַז די קאָנצענטרירונג פון די אידען אין די גרויסע שטעדט און די תיכף'דיגע ליקווידירונג פון די קליינע קהלות — דאַרף דערווייל ניט פאָרקומען אויף אַ קליינעם שטח, צו מזרח פון קראָקא, וואָס זיינע גרעניצען זיינען: פאַלאַניעץ (דער דייטשער טעקסט האָט דעם נאָמען „פּאַלאַנצא", וואָס מיינט דאָס גאַליצישע שטעדטעלע פּאָלאַניעץ), יאַראָסלאַוו, די „נייע דעמאַר־קאַציע־ליניע" (דאָס הייסט די דעמאָלט פעסטגעזעצטע רוסיש־דייטשע גרעניץ ביים טייך סאַן) און, שליסליך, די אַלטע פּויליש־סלאָוואַקישע גרעניץ. אויף אָט דעם געביט זאָל מען דערווייל נאָר מאַכען אַ „אידען־צעהלונג", זאָגט דער היידריך־דעקרעט. פאַרוואָס האָט מען דאָ געמאַכט אַן אויסנאַם, איז אין אַקט גופא נישט דערקלערט. אפשר האָט מען דאָרט געוואָלט גאָר איינריכטען דעם „אידען־רעזערוואַט", אָדער אפשר האָט ניט געטויגט דאָרט צו מאַכען אַ גערודער, ווייל די אידען האָבן דאָך געהאַט די מעגליכקייט צו לויפען איבער די גרעניצען. אין יעדען פאַל איז אַזאַ אויסנאַם, לפי שעה, געוואָרען באַשלאָסען און, ווי מיר ווייסען, איז אין יענעם טייל פון גאַליציע, צו מזרח פון קראָקא, דער אידישער ישוב אַמלענגסטען געבליבען דערהאַלטען, און דאָרט אַרום, דורך דער סלאָוואַקישער גרעניץ, איז אַ צייט לאַנג טאַקע געגאַנגען אַ שטראָם פון פּליטים קיין אונגאַרן, ביז מען האָט אויך דאָרט אַלץ ליקווידירט.

בכלל גיט דער צירקולאַר פון היידריך'ן כמעט אַ פאָטאָגראַפישע אויפ־נאַמע פון די געשעהענישען, אין דער ערשטער צוויי־יאָהריגער תקופה פון דער נאַצי־אָקופּאַציע אין פּוילען. ווייל אַלץ איז געוואָרען, ווי מיר זעהען עס איצט, דורכגעפיהרט לויט דעם דאָזיגען טייוועל'ס־פּלאַן. וואָס איז געשעהן

במשך די צוויי יאָהר, ביז טרעבלינקע און אוישוויץ זיינען געוואָרען אויסגעבויט, — האָט אנטשפּראָכען דעם „ערלאַס" נומער 288.

## II

אין צירקולאַר פון 21־טען סעפּטעמבער, 1939, האָט היידריך זיך באַזונדער געניי אָפּגעשטעלט אויף דער ראָל, וואָס עס האָבען געדאַרפט שפּילען אין דער אויספיהרונג פון זיינע פּלענער אויסצוראָטען דאָס פּוילישע אידענטום, די „אידען־ראַטען". ער רופט זיי נאָך נישט מיט דעם נאָמען; זיי הייסען ביי איהם: „אידישע עלטעסטען־רעטע". דער נאָמען „יודענראַט" איז אַ קיצור און קומט אַלס אַזעלכער אויף פאַר אין צירקולאַר נומער 288.

וועגען דער צוזאַמענשטעלונג פון אָט די יודען־ראַטען זאָגט היידריך פאָלגענדעס: מען זאָל זיי שאַפען פון די פאַרבליבענע אידישע פערזענליכ־קייטען און רבנים אין יעדער קהלה. לויט דער גרויס פון דער לאָקאַלער אידישער באַפעלקערונג זאָל מען איהם באַשטימען ביז צו דער צאָל פון 24 אידישע מענער.

מען דאַרף די דאָזיגע ראַטען פאַראַנטוואָרטליך מאַכען פאַר דעם געגנויעם און צייטליכען דורכפיהרען פון אַלע באַפעהלען; אויב זיי זאָלען זיך צו דעם נישט צופּאַסען, און סאַבאָטירען די באַפעהלען, דאַן זאָל מען געגען זיי נעמען די שאַרפסטע שריט.

אַלס ערשטע און וויכטיגסטע פונקציעס פון די „יודען ־ ראַטען" באַשטימט דער היידריך־צירקולאַר: 1) דאָס דורכפיהרען פון אַ צעהלונג פון די אידען אין יעדער קהלה (לויט דעם געשלעכט און עלטער אין דריי גרופּען — ביז 16 יאָהר, פון 16 ביז 20 יאָהר, און העכער; חוץ דעם לויט די באַרופען). 2) דאָס איינאָרדענען פון אַריבערפיהרען די אידען פון די קלענערע אין די גרעסערע שטעדט.

די צווייטע פונקציע איז געווען אַנדערש באַשטימט פאַר די „יודען־ראַטען" אין די גרויסע שטעדט און אַנדערש אין די קלענערע שטעדטלעך; אין די קלענערע ערטער האָט מען געדאַרפט צו וויסען געבען די „יודען־ראַטען", ווען די אידען אין זייער שטאָדט האָבען צו פאַרלאָזען און מיט וועלכען וועג זיי האָבען צו געהן. אין די גרעסערע שטעדט האָבען די „יודען ראַטען" געדאַרפט איבערנעמען די אידען. אין ביידע פאַלען האָבען די מיטגלידער פון „יודענראַט" געדאַרפט זיין פערזענליך פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם פּינקטליכען דורכפיהרען פון באַפעהל.

דאַביי זאָגט אָן היידריך, וואָס פאַר אַ מאָטיוו מען זאָל אָנגעבען פאַר דער שרעקליכער פאַראָרדנונג: מען זאָל עס באַגרינדען מיט דעם, וואָס די אידען האָבען זיך באַטייליגט אין איבערפאַלען און רויב־אַקציעס, אַלזאָ מוז מען זיי אַרויסטרייבען פון די קלענערע ערטער!

ער זאָגט באַלד אויך, אַז אין די גרויסע שטעדט וועט מען די אידען נישט לאָזען וואוינען איבעראַל, נאָר אין באַזונדערע געטאָס, פון וועלכע זיי וועלען נישט טאָרען אַרויסגעהן און וואו זיי וועלען נאָך אַ באַשטימטער שעה נישט טאָרען זיך באַווייזען אין גאַס.

די נאַצי־בעסטיע זאָגט אָן די נאצישע פונקציאָנערען, אַז זיי זאָלען נישט שטערען די אידען מיטצונעמען מיט זיך, ביים פאַרלאָזען די קלענערע שטעדט, זייער באַוועגליך פאַרמעגען „אויף ווי ווייט דאָס איז טעכניש מעגליך״. מען זעהט גאַנץ בולט, אַז ער וויל די משרתים זיינע געבען צו פאַרשטעהן: לאָזט זיי נעמען, וואָס זיי קענען, עס איז נישט אויף לאַנג...

וואָס זאָל מען טאָן אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אַ געוויסע צאָל אידען איז נויטיג אין זייערע ביז־איצטיגע פלעצער צוליבווירטשאַפטליכע טעמים?

דאָ שטעלט היידריך דעם טראָפּ אויף די באַדערפענישען פון מיליטער. מען וועט נישט קענען אויסמיידען אין דער ערשטער צייט, אַז „דאָ און דאָרט״ זאָלען צוריקבלייבען „האַנדעלס־יודען״, וועלכע זיינען נויטיג פאַר דער באַשפּייזונג פון די דייטשע סאָלדאַטען. דאָס זעלבע בנוגע אידישע אונטער־נעמונגען, וואָס זיינען וויכטיג פאַר דער מלחמה, אָדער דעם פיער־יאָהר־פּלאַן. מען זאָל זיך אָבער באַמיהען, זאָגט דער צירקולאַר פון געסטאַפּאָ־שעף, וואָס שנעלער צו „אַריזירען״ די דאָזיגע אידישע אונטערנעמונגען און צו פאַרשנעלערען די אויסוואַנדערונג פון יענע אידען.

אידישע לאַנדווירטשאַפטליכע גיטער זאָל מען איבערגעבען קאָמיסאַ־ריש צו שכנות׳דיגע דייטשען אָדער אפילו פּאָליאַקען, כדי צו פאַרזיכערען דעם שניט פון דער תבואה און דעם פרישען אנבוי. אַלץ דאַרף געשעהן אין הסכם מיט דער לאָקאַלער דייטשער ציוויל־פאַרוואַלטונג. דאָרט, וואו אַזאַ הסכם צווישען דער געסטאַפּאָ און דער ציוויל־פאַרוואַלטונג קען נישט דערגרייכט ווערען, דאַרף מען דעם ענין תיכף פאָלייגען איהם אַליין, היידריך׳ן, און ער וועט פסק׳ענען, ווער עס איז גערעכט.

אַלע אָפּטיילונגס־פיהרער פון דער געסטאַפּאָ דאַרפען כסדר שיקען ראַפּאָרטען אין דער הויפּט קאָמאַנדע וועגען פאָלגענדע ענינים: 1) וויפיל אידען עס געפינען זיך אויף זייערע שטחים (סעפּאַראַט אָנצוגעבען, וויפיל מען האָט שוין פאַרטריבען פון די קלענערע ערטער און וויפיל עס זיינען דאָ אין די שטעדט); 2) וועלכע פלעצער האָט מען אויסגעזוכט אַלס קאָנצענטרי־רונגס־פונקטען; 3) וועלכע צייט־טערמינען האָט מען געגעבען די אידען פאַר

זייער אויסוואַנדערונג אין די שטעדט; 4) וועלכע אידישע אונטערנעמונגען זיינען וויכטיג פאַר דער מלחמה אָדער פאַר דעם פיער־יאָהר־פּלאַן.

דערביי האָט מען געדאַרפט פעסטשטעלען: 1) פון וואָס פאַר אַ סאָרט איז די באַטרעפענדע וויכטיגע אידישע אונטערנעמונג און ווי שנעל קען מען זי אַריזירען? 2) אויף וועלכען אופן זאָל מען זי אַריזירען — דורך איבערגעבען צו דייטשען אָדער צו פּאָליאַקען? (דאָ האָט היידריך צוגעגעבען: דאָס איז אָפּהענגיג פון דער וויכטיגקייט פון דער אונטערנעמונג, דאָס הייסט, אַז נאָר אויב זי איז נישט אַזוי וויכטיג, קען מען זי באַדינען מיט פּאָליאַקען!). 3) וויפיל אידען זיינען באַשעפטיגט אין די דאָזיגע אונטערנעמונגען בכלל און אויף לייטענדע פּאָזיציעס בפרט? 4) קען די אונטערנעמונג עקזיסטירען נאָך דעם פאַרטרייבען פון די אידען, אָדער מוז מען שיקען פון דער פרעמד דייטשע אָדער פּוילישע אַרבייטער, ווייל עס איז ניטאָ גענוג לאָקאַלע פאַכלייט זיי צו דערזעצען?

ביי דעם דאָזיגען פּרט איז פאַראַן אין היידריך׳ס צירקולאַר אַ ציניש̈ע עצה פאַר זיינע משרתים: אויב מען מוז שיקען פּוילישע אַרבייטער, טאָ זאָל מען עס טאָן פון די אַמאָליגע דייטשע פּראָווינצען (דאָס הייסט, פון פּויזען, צי דאַנציג), כדי מען זאָל אין איינוועגס שוין אויך העלפען, אַז דער פּוילישער עלעמענט זאָל דאָרט אָפּגעשוואַכט ווערען (אויף דייטש קלינגט עס נאָך ציניש̈ער: „זאָ דאַסס דאַס פּאָלענטום דאָרט בערייטס איינע אויפלאָקערונג ערפעהרט").

די געסטאַפּאָ האָט אַזוי וויט אויף יענער באַראַטונג דעם 21־טען סעפּטעמבער, 1939, אין בערלין, אויסגעאַרבייט דעם טייוועלס פּלאַן, אַז מען האָט אפילו באַרעכענט וועלכען נוצען מען זאָל זיך פאַרזיכערען אויב מען זאָל דאַרפען פאַרבייטען די אידישע פאַך־אַרבייטער דורך פרעמדע פּוילישע — טאָ זאָל מען דאַביי אין איינוועגס אַרויספיהרען אַביסעל פּאָליאַקען פון די מערב־פּוילישע געביטען!...

היידריך זאָגט, נאָך דעם ווי ער האָט אַזוי גענוי געשילדערט די נעקסטע אויפגאַבע בנוגע דער „אידען־פראַגע אין דעם באַזעצטען געביט", אַז ער דערוואַרט, אַז אַלע כוחות פון דער „זיכערהייטס פּאָליציי" און פון „זיכערהייטס דיענסט" וועלען זיך שטעלען פול אין קאַמף (אויף דייטש הייסט עס: „רעסט־לאָז") צום אויספיהרען פון די צילען. ער פאַרלאַנגט, אַז די פיהרער פון די שכנות׳דיגע אָפּטיילונגען זאָלען זיך תיכף ומיד פאַרבינדען, כדי מען זאָל נישט לאָזען קיין שפּעלטעלע, וואָס זאָל נישט ווערען אַרומגענומען פון דער פאַראָרדנונג.

דער גאַנצער צירקולאַר איז אויפגעבויט מיט אַזאַ בעסטיאַלישער פּינקטליכקייט און מיט אַזאַ אכזריות, ווי עס וואָלט זיך דאָרט גאָרנישט

גערעדט וועגען מיליאָנען אומשולדיגע מענשען, נאָר וועגען אַריינטרייבען אין געוויסע פּלעצער סטאַדעס פון שאָף.

דער דאָקומענט איז אַזוי ברוטאַל רעדאַגירט, אַז לייענענדיג איהם קען קיין שום ספק נישט אַנטשטעהן צו וועלכען „ענד־ציל" די באַראַטונג אונטער היידריך׳ס פאָרזיץ האָט געשטרעבט: — ליידער צו דעם, וואָס איז רעאַליזירט געוואָרען קנאַפּע צוויי יאָהר שפּעטער, ווען די צוגרייטונגען זיינען שוין געווען דורכגעפיהרט.

דער געהיימער געסטאַפּאָ צירקולאַר, נומער 288, פון יאָהר 1939, באַווייזט איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַז דער מאָרד־פּלאַן געגען דריי און אַ האַלבען מיליאָן פּוילישע אידען איז געוואָרען באַשלאָסען דעם איין־און־צוואַנציגסטען טאָג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער פּלאַן איז געוואָרען במשך צוויי יאָהר דורכגעפיהרט פון אַלע פיהרער פון די געסטאַפּאָ אָפּטיילונגען אין פּוילען צוזאמען מיט אַלע אָרגאַנען פון דער דייטשער ציוויל - און - מיליטער פאַרוואַלטונג.

דאָס איז פולשטענדיג קלאָר און עס קען וועגען דעם מעהר קיין ספק נישט זיין.

(„מאָרגען זשורנאַל", כ"ט שבט און י' אדר א׳, תש"ו — 31 יאַנואַר און 11 פעברואַר, 1946)

---

# אונטערערדישע פאַרזוכען צו ראַטעווען אידען בעת׳ן חורבן*)

בשעת איך האָב, אַלס שליח פונ׳ם רעהאַביליטאַציע־קאָמיטעט ביי דער אגודת הרבנים אין אַמעריקע, געמאַכט, זומער 1945, דעם ערשטען פּערזענליכען קאָנטאַקט מיט די לעבען געבליבענע אידען אין אייראָפּע, האָב איך פון זיי כסדר געהערט איין פראַגע: זיינען באמת די אידען אין די אַזוי־גערופענע פרייע לענדער געווען אַזוי גלייכגילטיג צו דער מורא׳דיגער טראַגעדיע פון אייראָפּעאישען אידענטום, ווי דאָס האָט אויסגעוויזען דאָרט, אין עמק הבכא, אונטער׳ן יאָך פון היטלער׳ן?

די אידען, וועלכע איך האָב גלייך נאָך דער פאַרענדיגונג פון דער מלחמה געטראָפען אין דייטשלאַנד, דער שארית הפליטה פון דאַכאַו, בוכענוואַלד, בערגען־בעלזען און אַנדערע לאַגערען, האָבען אין זייערע נשמות

*) רעפעראַט ביי דער עפענונג פון דער 23־יאָהריגער קאָנפערענץ פון אידישען וויסענשאַפטליכען אינסטיטוט („איוו"א") אין ניו־יאָרק, דעם 15־טען יאַנואַר, 1949.

געהאַט טיף איינגעקריצט אַ געפיהל פון מורא׳דיגען פאַרדרוס געגען יענעם טייל פון אידישען פאָלק, וואָס האָט ניט געטרונקען פון ביטערען בעכער פון לייד און פּיין און איז ניט געווען אויסגעזעצט אויף די שרעקליכע נאַצי־פאַר־פאָלגונגען.

און עס איז באמת נויטיג אויפצורייסען אָט די וואונד אויף אונזער נאַציאָנאַלען גוף און אַוועקשטעלען פאַר דער געשיכטע קלאָר און דייטליך דעם פּראָבלעם: האָט דאָס אידישע פאָלק אין די יאָהרען 1942—1945, ווען די אידען זיינען געמאָרדעט געוואָרען אין די מיליאָנען דורך די היטלער־רוצחים, געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אָדער ניט? און אונטער שטעלען ווידער־שטאַנד פאַרשטעהען מירביידע פאָרמען: סאַי דאָרט, אויפ׳ן אָרט פון דער טראַגעדיע, מיט וואָפען אין דער האַנט אָדער אָהן זיי — סאַי אין די פרייע לענדער, וואו דער געזונטער נאַציאָנאַלער חוש האָט דיקטירט מעשים פאַר רעטונג, ניט געקוקט אויף דעם, צי זיי זיינען געווען לעגאַל אָדער ניט.

וועגען אַקטיווען ווידערשטאַנד אין די געטאָס, באַזונדערס אין וואַרשעווער געטאָ, איז שוין געשריבען געוואָרען. וועגען אַקטיווען ווידער־שטאַנד אין די פרייע לענדער, ד. ה. וועגען די פּרואוון צוצוקומען מיט רעטונג צו די ליידענדע אידען בשעת דער מלחמה, אויסמיידענדיג דעם קאָנטראָל פון די רעגירונגען, דאַרף מען איצט שרייבען און דערצעהלען.

מיר וועלען זיך אָבער דערווייל באַשרענקען אויף דער אַרבייט, וואָס איז געטהאָן געוואָרען דורכן רעליגיעזען אידענטום, ווייל נאָר דאָס מאַטעריאַל, וואָס איז נוגע אָט דעם אָפּשניט פון דער רעטונגס־אַרבייט, איז פאַר מיר איצט צוגענגליך. דאָס, וואָס איך וועל דאָ איבערגעבען, איז אַ מין הקדמה־קאַפּיטעל פון אַ בוך, וואָס דאַרף הייסען: די רעטונגס־אַרבייט פון רעליגיעזען אידענטום בשעת׳ן חורבן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

* * *

אַלס ערשטע שוועריגקייט ביי דער רעטונגס־אַקציע פאַר אייראָפּעאישע אידען אין יאָהר 1942, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די מאָרד־כוואַליע, האָט זיך אין אַמעריקע אַרויסגעשטעלט די פולשטענדיגע אוממעגליכקייט פון שטעלען זיך אין פאַרבינדונג ניט נאָר מיט פּוילען און אַנדערע פון דייטשלאַנד באַזעצטע געביטען, נאָר אויך מיט די נייטראַלע לענדער, בעיקר מיט דער שווייץ. די אַמעריקאַנער צענזור האָט פאַרנומען כמעט אַלע בריוו און טעלעגראַמעס. זי האָט געהאַלטען, אַז יעדע ידיעה, וואָס האָט אַ שייכות צו דייטשלאַנד און די פון איהר אָקופּירטע טעריטאָריעס קען האָבען אַ מיליטער־רישע באַדייטונג, און „בעסער צו פאַרהאַלטען 10 אומשולדיגע ידיעות, ווי אַדורכלאָזען איינע, וואָס קען ברענגען נוצען דעם שונא“.

דער דאָזיגער כלל, וואָס איז געווען, אַבסטראַקט גענומען, גאַנץ ריכטיג, האָט לכתחילה אוממעגליך געמאַכט אפילו צו טראַכטען וועגען אַן אונטער־ערדישער רעטונגס־אַקציע אין אַמעריקע, ווייל צו דעם האָבען זיך געפאָדערט צוויי זאַכען: 1) אַ כסדר׳דיגער שנעלער קאָנטאַקט מיט פאַרטרויענס־מענשען אין די באַזעצטע געביטען דורך אַ פאַרבינדונגס־שטעלע אין אַ נייטראַלען לאַנד; 2) די מעגליכקייט פון שיקען אַהין געלט, ווידער דורך אַ נייטראַלען לאַנד, כדי צו קענען פינאַנסירען דאָס אַריבערברענגען פון מענשען דורך די גרענעצען, כדי צו שטיצען יענע, וואָס זיינען געווען באַהאַלטען ביי די קריסטען און האָבען פאַר דעם געמוזט צאָהלען א. א. וו.

ווען עס איז דעם 23־טען יאַנואַר 1944 געשאַפען געוואָרען דער „וואָר רעפיודזשי באָארד״, איז די דאָזיגע שוועריגקייט באַזייטיגט געוואָרען, אָבער אויך נאָר צום טייל. דער „וואָר רעפיודזשי באָארד״ האָט געהאַט אין זיין רשות די אָפיציעלע קאַנאַלען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, כדי זיך צו קענען פאַרשטענדיגען מיט׳ן אויסלאַנד, און איז דאַריבער ניט געווען אונטער־געוואָרפען דער צענזור. ער האָט פאַרמיטעלט ביים אַריבערשיקען געוויסע ידיעות פון און קיין שווייץ, שוועדען, טערקיי אָדער פּאָרטוגאַל, אויך פאַר פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, ווי, למשל, דער „ועד ההצלה״ אָדער דער „אידישער וועלט־קאָנגרעס״. אָבער עס איז קלאָהר, אַז דער „וואָר רעפיודזשי באָארד״ אַלס אָפיציעלע רעגירונגס־קערפּערשאַפט האָט אויך ניט געטאָרט אַלץ וויסען. די ריכטיגע אונטערערדישע אַרבייט האָט געקענט געמאַכט ווערען נאָר אַלס פולשטענדיגער סוד. דערביי האָט געמוזט זיין אַ מעגליכקייט צו קענען אַריבערשיקען ידיעות אָהן דעם וויסען פון „וואָר רעפיודזשי באָארד״, כדי צו קענען קאָנטראָלירען און באַאיינפלוסען דעם „באָארד״ גופא. חוץ דעם איז די אונטערערדישע רעטונגס־אַרבייט עלטער ווי די געבוירען־דאַטע פון „וואָר רעפיודזשי באָארד״ מיט מעהר ווי אַ גאַנץ יאָהר. דאָס גאַנצע יאָהר 1943 און אַ טייל פון 1942 איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע קאָמוניקאַציע פון אַמעריקע מיט דער שווייץ וועגען רעטונגס־ענינים. ווי איז דאָס געווען מעגליך?

די צענזור איז געוואָרען אויסגעמיטען דורך דעם, וואָס עס איז געלונגען צו פאַרזיכערען די קאָאָפּעראַציע פון די פּוילישע קאָנסולאַטען אין ניו יאָרק און אין בערן ביים פאַרמיטלען די ידיעות. דער פּוילישער גענעראַל־קאָנסול אין ניו יאָרק, סילווין סטראַקאַטש, און דער פּוילישער געזאַנדטער אין בערן, לאַדאָש, האָבען זיך דאָ פאַרשריבען אַ שעהן בלאַט אין די מיט אַזוי פיעל בלוט דורכגעזאַפּטע אַנאַלען פון דער אידישער רעטונגס־אַרבייט אין די יאָהרען 1942־1945. זיי האָבען געשטעלט אין אונזער רשות דעם דיפּלאָמאַטישען שיפר פון דער פּוילישער רעגירונג און אָוועקגעשיקט אַלס אָפיציעלע

רעגירונגס־טעלעגראַמעס די ידיעות וועגען דער רעטונגס־אַרבייט. אַזוי אַרום איז מעגליך געווען אין אַ פאַרהעלטעניסמעסיג שנעלען טעמפּאָ זיך צו קאָמוניקירען פון אַמעריקע מיט דער שווייץ. באַאמטע פון די צוויי קאָנסולאַטען זיינען געזעסען לאַנגע שטונדען, אַמאָל גאַנצע נעכט, ביים שיפרירען און אויס־שיפרירען די לאַנגע טעלעגראַמעס. די קאָמוניקאַציע איז געווען אַ קאָסטבאַרע, ווייל שיפרירטע טעלעגראַמעס האָבען ניט געקענט געשיקט ווערען מיט וועלכען עס איז הנחה־אָפּצאָהל (צ. ב. אַלס „בריף־טעלעגראַמעס"). דערביי זיינען אָפט די אַזוי אויך גענוג לאַנגע ידיעות זיך נאָך שטאַרק צואוואַקסען, ווען זיי האָבען זיך פאַרביטען אויף גרופּעס פון צאָהלען אין דער שיפרירטער שפּראַך. די אַקציע האָט אָפּגעקאָסט טויזענטער דאָלאַרען יעדען חודש בלויז אַלס אָפּצאָהל פאַר טעלעגראַמעס.

די הומאַניטאַרע מיט־אַרבייט פון די פּוילישע קאָנסולאַטען איז געגאַנגען נאָך ווייטער. ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס איז דרינגענד נויטיג צו שיקען געלט אין דער שווייץ און מען האָט אויף דעם פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט באַקומען קיין אָפיציעלע באַווילליגונג, האָט די פינאַנץ־אָפּטיילונג פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן עטליכע מאָל במשך דעם יאָהר 1943 אַרויסבאַקומען אַ „לייסענס" אויף איהר נאָמען, כדי צו שיקען געלט, כלומר׳שט פאַר פּוילישע רעגירונגס־צוועקען, פון אַמעריקע אין שווייץ. די דאָזיגע לייסענס איז געוואָרען פאַרנוצט, כדי צו שיקען געלט פון „ועד ההצלה" צו זיין פאַרטרעטער אין שווייץ (קודם ר׳ חיים ישראל אייז אין ציריך און, נאָך זיין טויט, ה יצחק שטערנבוך אין מאָנטרע). די אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן האָט נאָך יעדען אַוועקשיקען פון די געלט־סכומים פון „ועד ההצלה" נאָכגעשיקט אַ שיפרירטע טעלעגראַמע קיין בערן, אין וועלכער מען האָט אויפגעקלערט ווער מען איבערצוגעבען דאָס געלט און אויך ספּעציפיצירט דעם צוועק, אויף וועלכען דאָס געלט האָט געדאַרפט ווערען באַנוצט (צ. ב. אויף קויפען פּאַספּאָרטען א. א. וו.). דערביי איז געווען אַ גרויסער היזק, ווייל אפילו די פּוילישע אַמבאַסאַדע האָט ניט געקענט באַקומען די שווייצער פראַנקען צום אָפיציעלען קורס פון 4,20 פראַנק פאַר אַ דאָלאַר. מען האָט געמוזט קויפען אַזוי־גערופענע „פרייע פראַנקען" אין די בענק כדי צו קענען אויף אַ פּראַקטישען אופן אויסנוצען די לייסענס. דער היזק האָט באַטראָפען פון 25 ביז 35 פּראָצענט. אָבער סוף סוף איז דאָך געווען מעגליך כאָטש עפּעס איבערצושיקען.

אין אָנהויב פון יאָהר 1944 האָט זיך די לאַגע אין דער דאָזיגער באַציהונג פאַרבעסערט, ווייל די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט אָנגעהויבען צו געבען „לייסענס" צו אידישע אָרגאַניזאַציעס דירעקט אויף אַריבערצושיקען געלט פאַר זייערע רעטונגס אַקציעס און האָט זיי אפילו אַליין באַזאָרגט די

שווייצער פראַנקען צום אָפיציעלען (ד. ה. ביליגען) קורס. אין די „לייסענס״ איז אָבער געווען אַ קלאַוזולע, אַז הגם דאָס געלט מעג ווערען פאַרנוצט אויף צו ראַטעווען מענשען אין די פון שונא באַזעצטע געביטען, דאַך מוז וועגען אַלעם ווערען אינפאָרמירט די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין בערן *). ס׳איז דאַריבער אויך שפּעטער פון צייט צו צייט געווען נויטיג צו שיקען געלט אין שווייץ מיט׳ן אויסמיידען פון יעדען קאָנטראָל, ד. ה. דורך דער געהיימער פאַרמיטלונג פון די פוילישע קאָנסולאַטען, כדי ניט צו מוזען אָפּגעבען אַ דין־וחשבון פון אַלע שריט דער אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין בערן.

אין וואַשינגטאָן איז מען טיילמאָל געווען דערשטוינט און אויפגערעגט צוליב דעם, וואָס דער „ועד ההצלה״ האָט געהאַט שנעלערע און גענויערע ידיעות וועגען געוויסע רעטונגס־שריט פון „וואָר רעפּיודזשי באָארד״ גופא. די באַאַמטע פון „באָארד״ האָבען מיט דער צייט אויסגעפונען דעם געהיימען קאַנאַל צווישען אַמעריקע און דער שווייץ, און פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל מעהר נישט ווערען באַנוצט. אָבער די געהיימע קאָמוניקאַציע איז אַנגעגאַנגען ביז׳ן סאַמע סוף פון דער מלחמה.

אין באַזונדער וויכטיגע מאָמענטען האָט דער פוילישער קאָנסול אין ניו יאָרק איבערגעגעבען די ידיעה מיט אַ געוויסען אָפיציעלען שטעמפּעל. די געוועהנליכע פּראָצעדור איז געווען, אַז די שיפרירטע טעלעגראַמע איז געוואָרען אַנגעשריבען אויף אַ שטיקעל פּאַפּיר אָהן אַ פירמע, כדי דער קאָנ־ספּיראַטיווער כאַראַקטער זאָל בלייבען באַוואָרענט. אָבער ווען מען האָט די ידיעה געדאַרפט אויסנוצען לגבי געוויסע אינסטאַנצען, האָט דער פוילישער קאָנסול זי איבערגעגעבען אין אַן ענגלישען בריף, אַדרעסירט צו מיר, מיט דער באַצייכענונג נאַטירליך אַלס „שטרענג געהיים״. די ידיעה האָט דאַן געמאַכט דעם איינדרוק ווי זי וואָלט געווען פון פוילישע רעגירונגס אינפאָרמאַטאָרען אין אויסלאַנד. מען האָט זי געקאָנט ווייזען געוויסע פּערזאָנען אין וואַשינגטאָן און קיינער האָט שוין ניט געקענט צווייפלען אין דער אויטענ־טישקייט פון דער ידיעה, ווייל דער בריף איז געווען געשריבען אויפ׳ן אָפיציעלען בריף־פּאַפּיר פון קאָנסולאַט און געטראָגען די אונטערשריפט פון גענעראַל־קאָנסול.

אויף אַזאַ אופן איז צושטאַנד געקומען די אַקציע צו ראַטעווען אידען מיט דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען, די אַקציע צו ברענגען פוילישע אידען איבער דער אונגאַרישער גרעניץ אויסמיידענדיג די געסטאַפּאָ אין יענעם לאַנד, די אַקציע אויפצוהאַלטען די דעפּאָרטאַציעס בכלל (וואָס איז ניט געלונגען דורכ׳ן פּעהלען פון געלט), דאָס אויסקויפען דעם אונגאַרישען טראַנספּאָרט פון בעלזען־בערגען, די פאַרהאַנדלונגען מיט הימלער׳ן דורך

*) זעה דעם פאַטאָסטאַט פון דער ערשטער „לייסענס״ זייט 144.

דער פאַרמיטלונג פון שווייצער בונדעסראַט מוסי און דאָס ארויספיהרען די גרופּע פון 1,200 אידען פון טערעזיענשטאַדט *).

*) ביישפּיל פון אַ שיפרירטער טעלעגראַמע דורכ׳ן פוילישען קאָנסולאַט:

**TAJNE**

Telegram od p.Sternbucha z Berna, z dn.28.sierpnia b.r.

"Ungar donosi, że nadal trwają na Węgrzech deportacje pod naciskiem Gestapo. Dla przykładu komunikuje, że dnia 26.sierpnia wywieziono 12 tysięcy Żydów do Oświęcimia.

By przynajmniej narazie zahamować deportacje aż do wyjaśnienia sytuacji gorąca prośba o bombardowanie odnośnych węzłów kolejowych: Galanta, Leopoldów, Wrutka, Zilina, Cadca, Kaschau, Presov, Sillein, Graz.

W tej sprawie zwracamy się do poselstw brytyjskiego, i amerykańskiego w Bernie. Proszę poprzeć wobec tych rządów."

---

TELEGRAM Z BERNA Z DNIA 13-GO WRZEŚNIA 1944.

"Poselstwo amerykańskie w Bernie otrzymało telegraficzną informację od sztabu generalnego, że odnośne bombardowania są niemożliwe.

"Prosimy jak najspieszniej jeszcze raz interwenjować, wskazując podane przez nas uprzednio odcinki w Słowacji oraz Oświęcim."

אידישע איבערזעצונג:

געהיים. — טעלעגראַמע פון ה׳ שטערנבוך פון בערן פון 28־טען אויגוסט (1944):

„אונגאַר איז מודיע, אַז אין אונגאַרן האַלטען ווייטער אָן די דעפּאָרטאַציעס אונטער׳ן דרוק פון דער געסטאַפּאָ. אַלס ביישפּיל גיט ער אָן, אַז דעם 26־טען אויגוסט האָט מען אַרויסגעפיהרט 12 טויזענט אידען קיין אוישוויץ.

כדי על־כל־פּנים צייטווייליג אָפּצושטעלען די דעפּאָרטאַציע, ביז די סיטואַציע וועט זיך אויפקלערען, ווערט דרינגענד געבעטען, אַז מען זאָל באָמבאַרדירען די באַטרעפענדע באַהן־פאַרבינדונגס־פונקטען: גאַלאַנטאַ, לעאָפּאָלדאָף, ווראָטקאַ, זילינאַ, צאַדקאַ, קאַשאַו, פּרעסאָוו, סילעיאַן, גראַץ.

מיר ווענדען זיך אין דער דאָזיגער אנגעלעגענהייט צו דער בריטישער און אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין בערן. בעט צו אונטערשטיצען ביי די דאָזיגע רעגירונגען".

---

טעלעגראַמע פון בערן פון 13־טען סעפּטעמבער, 1944.

„די אַמעריקאַנער געזאַנדשאַפט אין בערן האָט באַקומען אַ טעלעגראַפישע אינפאָרמאַציע פון גענעראַל־שטאַב, אַז די באַטרעפענדע באָמבאַרדירונגען זיינען אונמעגליך.

מיר בעטען גאַר שנעל נאָכאַמאָל צו אינטערווענירען, אָנווייזענדיג די פונקטען אין דער סלאָוואַקיי, וואָס מיר האָבען פריהער אָנגעגעבען, ווי אויך אָשוויענצים" (אוישוויץ).

## ב.

דער אונטערערדישער קאָנספּיראַטיווער קאָנטאַקט האָט זיך אָנגעהויבן דעם 3־טען סעפּטעמבער 1942, ווען דער פּוילישער קאָנסולאַט אין ניו יאָרק האָט דערהאַלטען און איבערגעגעבען די פאָלגענדע ידיעה פון ה׳ יצחק שטערנבוך אין מאָנטרע, וואָס איז געווען אַדרעסירט צום פּרעזידענט פון דער אַלוועלטליכער אגודת ישראל רבי יעקב ראָזענהיים אין ניו יאָרק:

לויט לעצטענס דערהאַלטענע צאָהלרייכע אויטענטישע ידיעות, האָט די דייטשע מאַכט לעצטענס אויסגעליידיגט די וואַרשעווער געטאָ, אויסמאָרדענדיג בעסטיאַליש אַרום 100,000 אידען. די מאַסען־מאָרדען האַלטען אָן. פון די קערפּער פון די דערמאָרדעטע ווערט אויסגעאַרבייט זייף און קינסטליכע באַמיסטיגונג. דעפּאָרטירטע פון פאַרשיידענע אָקופּירטע לענדער וועלען האָבען דעם זעלבען גורל. מען דאַרף אָננעהמען, אַז נאָר ענערגישע רעפּרעסיעס מצד אַמעריקע קענען אויפהאַלטען די פאַרפאָלגונגען. טהוט תיכף וואָס איז נאָר מעגליך, כדי שנעל אַרויסצורופען אַזאַ רעאַקציע, אויפשטורמענדיג מלוכה־מענער, די פּרעסע און די געזעלשאַפט. פאַרשטענדיגט וועגען דעם: וויז׳ן, סילווער׳ן, לובאוויטשער׳ן, איינשטיינ׳ען, קלאַצקינ׳ען, גאָלדמאַנ׳ען, טאָמאַס מאַן און אַנדערע. דערמאָנט נישט מיין נאָמען. איך בעט צו באַשטעטיגען די קבלה פון דער דאָזיגער טעלעגראַמע *).

נאָכדעם ווי די ידיעה האָט אויפגעשטורעמט געוויסע קרייזען אין אַמעריקע — מען האָט זיך צו איהר לכתחילה באַצויגען מיט סקעפּטיציזם, ווייל עס האָט אויסגעוויזען אומגלויבליך, אַז אפילו נאַציס זאָלען זיין פעהיג אויף אַזאַ מאַסען־מאָרד פון אומשולדיגע מענשען — האָט דער קאָנטאַקט דורך די פּוילישע קאָנסולאַטען אין ניו יאָרק און בערן זיך אָנגעהויבען צו אַנטוויקלען.

דעם 14־טען דעצעמבער 1942 האָט דער גענעראַל־קאָנסול סטראַקאַטש איבערגעגעבען פאָלגענדע ידיעה:

שטערנבוך בעט צו פאַרשטענדיגען די בעלגישע קאָלאָניע, אַז אַכציג פּראָצענט פון די בעלגישע אידען זיינען געוואָרען דעפּאָרטירט. זייערע אַדרעסען זיינען מייסטענס באַקאַנט. אויב עס אָנקומען געלט, קען מען זיי שיקען פּעקלעך. אין דער שווייץ געפינען זיך בערך 4,000 אידען פון בעלגיע, דאַרונטער 2,500 פּוילישע אידען. שטערנבוך בעט צו געבען אָנטשפּרעכענדע פינאַנציעלע גוואַראַנציעס דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן, וואָס וועט מעגליך מאַכען דאָס איינאָרדענען פון 700 קינדער איז היימען אונטער׳ן שוץ פון דער פּוילישער געזאַנדשאַפט אין בערן. עס ווערט געבעטען אַ טעלעגראַפישער ענטפער.

---

*) אַ פאָטאָסטאַט פון דער דאָזיגער טעלעגראַמע געפינט זיך אין מיין בוך „חורבן אייראָפּע", זייט 134.

KONSULAT GENERALNY
RZECZYPOSPOLITEJ POLSKIEJ
W NEW YORK'U
149-151 EAST 67-th STREET

dnia 14-go grudnia 1942

POUFNE

Dr. Isaac Levin
1452 Broadway, Room 501
New York, N. Y.

Szanowny Panie Doktorze:

Podaję uprzejmie poniżej treść telegramu otrzymanego przez Ambasadę R.P. w Waszyngtonie za pośrednictwem Poselstwa R.P. w Bernie dla p. Jakóba Rosenhaima.

Telegram ten został już poprzednio podany Panu Doktorowi w drodze telefonicznej:

"P. Sternbuch prosi o zawiadomienie Belgijskiej kolonji, że 80% Żydów z Belgji zostało deportowanych. Adresy ich są przeważnie znane. O ile nadejdą fundusze, można im wysyłać paczki. W Szwajcarji jest około 4,000 żydów z Belgji w tym 2,500 Żydów polskich. Są oni rozmieszczeni w obozach oddzielnych dla kobiet i mężczyzn. P. Sternbuch prosi o złożenie odpowiednich gwarancji finansowych w Ambasadzie Polskiej w Waszyngtonie, co umożliwi umieszczenie 700 dzieci w schroniskach pod opieką Poselstwa Polskiego w Bernie. Pan Sternbuch prosi o telegraficzną odpowiedź."

Proszę Pana Doktora o przyjęcie wyrazów mego wysokiego szacunku i poważania.

Sylwin Strakacs

Sylwin Strakacs
Minister Pełnomocny
Konsul Generalny R.P.

פאָטאָסטאַט פון דער ידיעה פון 14־טען דעצעמבער, 1942.

די דאָזיגע ידיעה האָט געוויזען דעם וועג פאַר שיקען געלט אין דער שווייץ. אנשטאט אָבער צו געבען פינאַנציעלע פאַרזיכערונגען האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר צוועקמעסיגער צו שיקען דאָס געלט אויפ׳ן יסוד פון אַ דיפּלאָמאַטישער „לייסענס״, בפרט אַז עס זיינען אָנגעקומען וויטערדיגע ידיעות, וועלכע האָבען דערצעהלט, אַז מען קען ראַטעווען מענשען אין די אָקופּירטע געביטען דורך פאַרזיכערען פאַר זיי פּאַספּאָרטען פון דרום־אַמעריקאַנער מלוכות, און צו דעם האָט זיך געפאָדערט געלט. די קינדער־אַקציע איז נישט צושטאַנד געקומען צוליב אַ סיבה, וועלכע מיר וועלען באַלד איבערגעבען.

ווי אַזוי איז געגאַנגען די רעטונג מיט דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען? אָנגעפאַנגען האָט זיך די מעשה גאָר אין סאָוועט־רוסלאַנד. ווען די סאָוועטישע אַרמייען האָבען, סעפּטעמבער 1939, פאַרנומען דעם מזרח׳דיגען טייל פון פּוילען און עס איז געוואָרען שווער פאַר געוויסע מענשען צו באַקומען אַז

אויסרייזע־באַוויליגונג, האָבען זייערע פריינד אָדער קרובים אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער זיי געשיקט פּאַספּאָרטען פון דרום־אַמעריקאַנער לענדער, כדי זיי זאָלען אויף דעם סמך קענען אַרויספאָהרען. די דאָזיגע פּאַספּאָרטען זיינען נישט געווען געפעלשטע דאָקומענטען; עס האָט זיי אַרויסגעגעבען אַן אויטאָריזירטער קאָנסול, אָבער נאַטירליך אָהן אַ רעכטליכען יסוד. אָבער אַזאַ דאָקומענט האָט געקענט ווערען אָפּגעפרעגט נאָר דורך דער העכערער מאַכט פון באַטרעפענדען לאַנד גופא. לגבי אַנדערע מלוכות איז ער געווען פול־ווערטיג.

ווען די נאַציס זיינען באַפאַלען דעם סאָוועטען־פאַרבאַנד, יוני 1941, האָבען זיי אין די באַזעצטע געביטען פון פוילען און ליטע אַנגעטראָפען אויף אַ געוויסע צאָהל מענשען, וואָס האָבען ביי זיך געהאַט אַזעלכע דרום־אַמערי־קאַנער פּאַספּאָרטען. די דאָקומענטען זיינען על־פּי־רוב געוואָרען לכתחילה רעספּעקטירט. די באַזיצער האָבען נישט געמוזט טראָגען דאָס „יודען־צייכען" און געקענט וואוינען מחוץ די געטאָס. ווען ידיעות דערוועגען זיינען אָנגעקומען אין שווייץ, האָט מען פון דאָרט אָנגעפאַנגען שיקען נייע דאָקומענ־טען פון דעם מין, בעיקר אויסגעשטעלט פון קאָנסול פון פּאַראַגוואַי אין בערן. שפּעטער אויך פון אַנדערע לענדער ווי סאַלוואַדאָר, א. אַ. וו. דער דאָקומענט איז באַשטאַנען פון אַ פאָרמעלען פּאַספּאָרט, צו וועלכען עס איז געווען צוגעלעגט אַ בריף מיט פאָלגנדען אינהאַלט:

חשוב׳ער הער,

איך האָב דעם כבוד אייך מודיע צו זיין, אַז אויפ׳ן יסוד פון די באַמיהונגען פון אייערע קרובים, האָט איהר, אייער פרוי און אייערע קינדער באַקומען אָנערקענט די בירגערשאַפט פון פּאַראַגוואַי.

בייגעשלאָסען דערהאַלט איהר דעם פּאַספּאָרט פאַר דער משפּחה, וואָס איז גילטיג ביז׳ן יאָהר 1945. אַזוי ווי מיר האָבען נישט געהאַט אייערע פאָטאָגראַפיעס, ווערט איהר געבעטען צו לאָזען אַריינקלעבען זיי שפּעטער ביי אַ נאָטאַר און דאָס לאָזען פון איהם באַשטעטיגען.

פאַרשטענדיגט וועגען דעם די צושטענדיגע בעהערדען.

אונטערגעשריבען:

דער קאָנסול פון פּאַראַגוואַי אין בערן.

דער בריף האָט פאַר זיך אַליין געהאַט אַ באַדייטונג, ווייל די געסטאַפּאָ האָט קודם־כל אויפגעהאַלטען די דעפּאָרטאַציע פון מענשען, וועלכע האָבען געוויזען אַזעלכע בריף. עס האָבען אָנגעהויבען צו קומען אין שווייץ כסדר אַלאַרם־רופען פון פוילען און אַנדערע נאַצי־אָקופּירטע לענדער וועגען צושטעלען דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען אָדער, על־כל־פּנים, בריף פון

**PASSEPORT** Nº 205/B/43

AU NOM DE LA RÈPUBLIQUE DE PARAGUAY

x) LES QUATRE ENFANTS
1) CHAIM NÉ 1916
2) LEA NÉE 1919
3) JAKOB NÉ 1921
4) JSRAEL NÉ 1923

## LE CONSUL
### DE LA RÉPUBLIQUE DE PARAGUAY
### À BERNE

**SIGNALEMENT**

Âgé de 1897 / 1896
Profession RABBIN
Taille MOYENNE / MOYENNE
Nez NORMAL / NORMAL
Cheveux GRIS / FONCÉS
Yeux FONCÉS / FONCÉS
Bouche NORMAL / NORMAL
Dentier NORMAL / NORMAL
Visage OVALE / OVALE

Signes particuliers:

Signature du porteur:

Invite par les présentes toutes les autorités et les employés chargés du maintien de l'ordre public et de la sûreté générale de laisser passer librement et sans obstacles le porteur de la présente: MONSIEUR JUDA LEIB ORLEAN AVEC SON EPOUSE CECILIA ET SES QUATRE ENFANTS x)

originaire de PARAGUAY

allant EN EUROPE ET EN OUTRE-MER

Le porteur est recommandé à la protection et aux bons offices des autorités.

Le présent passeport délivré est valable pour 3/TROIS/ANS

Donné à Berne sous notre sceau le 2/DEUX/JANVIER

du mois JANVIER 1943/TROIS

Le Consul:
R. Hügli








פאָטאָגראַפיע פון אַ דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרט, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דער שווייץ פאַר ר׳ יהודה לייב ארלעאן און זיין משפחה, הי״ד.

אַ דרום־אַמעריקאַנער קאָנסולאַט מיט׳ן אינהאַלט, אַז די בירגעשאַפט איז געוואָרען אָנערקענט פאַר דער באַטרעפענדער משפחה און דער אָריגינעלער פּאַספּאָרט וועט איהר ווערען אויסגעשטעלט שפּעטער. פּראַקטיש האָט דאָס באַדייט פאַר די יעניגע, וואָס האָבען די אַקציע אונטערנומען — אין שווייץ און אין אַמעריקע — אַ גרויסען חילוק, ווייל אַ בריף האָט געקאָסט ביליגער ווי אַ פּאַספּאָרט. אין אַמעריקע האָט מען דאַן באַרעכענט די קאָסטען פון אַ פּאַספּאָרט מיט 400 דאָלאַר. אַזוי ווי די אַקציע איז געווען אַ פולקאָם קאָנספּי־ראַטיווע און דאָצו זיינען די רעזולטאַטען דורכאויס נישט געווען זיכער, — ווייל קיינער האָט דאָך נישט געוואוסט ווי לאַנג די געסטאַפּאָ וועט רעספּעק־טירען די דאָקומענטען — איז אַ פאַרהעלטעניסמעסיג נישט באַדייטענדע צאָהל פּאַספּאָרטען אַוועקגעשיקט געוואָרען, פּשוט צוליב דעם, ווייל עס איז נישט געווען גענוג געלט צו פאַרפיגונג. דאָך האָבען הונדערטער משפחות אין פּוילען, בעלגיע, האָלאַנד, אין אָנפאַנג פון יאָהר 1943 שוין געהאַט דרום־אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען אָדער בריף פון די קאָנסולאַטען אין זייערע הענט. די געסטאַפּאָ האָט די באַזיצער פון די דאָקומענטען אינטערנירט און, נאָך אַ צייט, אַוועקגעשיקט אין באַזונדערע לאַגערען, ווי צ. ב. אין וויטעל, (פראַנקרייך), טיטמאָנינג (באַיערן), לויפען אָדער בעלזען־בערגען. צייטווייליג זיינען די מענשען געווען געראַטעוועט. אָבער, לײדער, נאָר צייטווייליג, ווייל נאָך אַן אויפהאַלט פון העכער אַ יאָהר אין די לאַגערען האָט די געסטאַפּאָ כמעט אַלע באַזיצער פון די דרום־אַמעריקאַנער דאָקומענטען אַוועקגעשיקט קיין אוישוויץ. עס האָבען נישט געהאָלפען די שטאַרקסטע אינטערווענצען פון אַמעריקאַנער סטעיט דעפּאַרטמענט ביי די רעגירונגען פון פּאַראַגוואַי, טשילע, האָנדוראַס, ניקאַראַגואַ, קאָסטאַריקאַ, סאַלוואַדאָר א. אַ., אַז זיי זאָלען לגבי דייטשלאַנד אַנערקענען די פּאַספּאָרטען אַלס פולשטענדיג עכטע. הגם די באַטרעפענדע רעגירונגען האָבען דאָס געטהון, איז עס אָבער געקומען צו שפּעט. דער שפּאַנישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין, וואָס האָט פאַרטראָטען די אינטערעסען פון רוב פון די דערמאָנטע לענדער אין דייטשלאַנד, האָט לכתחילה געהאַט דערקלערט, אַז די פּאַספּאָרטען זיינען געפעלשטע און הגם ער האָט שפּעטער, אונטער׳ן דרוק פון די אינטערווענצען פון וואַשינגטאָן ביי די דרום־אַמעריקאַנער רעגירונגען, געמוזט צוריקציהען די באַוואָרענישען, איז שוין געווען אוממעגליך אַרויסצורייסען די גרופּען „דרום־אַמעריקאַנער" אין וויטעל, טיטמאָנינג, בעלזען־בערגען פון רשות פון דער געסטאַפּאָ.

די אַקציע צו ראַטעווען יענע גרופּען האָט געהאַט דראַמאַטישע מאָמענ־טען. קאָרדעל האַל, הענרי מאָרגענטאַו, דאַמאַלס מיטגליד פון פּרעזידענט רוזוועלט׳ס קאַבינעט, האָבען — אויף שטורמישע, פּרעצעדענטלאָזע פאַרלאַנגען פון רבנ׳ישע דעלעגאַציעס אין נאָמען פון „ועד ההצלה" — אונטערגענומען

די שטאַרקסטע שריט, כדי צו פאַרזיכערען די אָנערקענונג פון די פּאַספּאָרטען דורך די באַטרעפענדע רעגירונגען. הענרי וואַלאַס, דער דעמאָלדיגער וויצע־פּרעזידענט פון די פאַראייניגטע שטאַטען, האָט בעת זיין וויזיט אין דרום־אַמעריקע, אין מערץ 1943, אויפגענומען דעם ענין פּערזענליך מיט געוויסע רעגירונגען. אָבער אַלע באַמיהונגען זיינען אין לעצטען רעזולטאַט נישט געווען דערפאָלגרייך. פון די דרום־אַמעריקאַנער גרופּען אין די דייטשע לאַגערען איז נאָר אַ גאַנץ קליינע צאָהל מענשען פאַרבליבען לעבען, עס האָט אפילו ניט גענוצט, וואָס מען האָט דערגרייכט ביים סטייט דעפּאַרטמענט, אז מען האָט אָפיציעל פאַרשטענדיגט די דייטשע רעגירונג, אַז די באַזיצער פון די דרום־אַמעריקאַנער דאָקומענטען קענען באַטראַכט ווערען אַלס קאַנדידאַטען אויף ווערען אויסגעטוישט געגען דייטשען אין די אַליאירטע לענדער. סוף אַפּריל 1944 זיינען 163 „דרום־אַמעריקאַנער" געוואָרען אַרויסגעפיהרט פון וויטעל אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. ווען דער שווייצער געזאַנדטער אין בערלין האָט — אַלס רעפּרעזענטאַנט פון געוויסע לענדער — וועגען דעם אינטערווענירט, האָט ער דעם 11־טען מאַי דערהאַלטען אַ תשובה, אַז די אַרויסגעפיהרטע גרופּע איז אין רשות פון דער געסטאַפּאָ, אָבער די אַנדערע באַזיצער פון דרום־אַמעריקאַנער דאָקומענטען וועלען ווערען אָנערקענט און אויסגעטוישט. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פאַרצווייפעלטע באַמיהונג אויס־צוגעפינען די פאַרשיקטע, אָהן וועלכען רעזולטאַט, ווייל די גרופּע איז, דורך דעם דורכגאַנגס־לאַגער אין דראַנסי ביי פּאַריז, אַוועקגעשיקט געוואָרען קיין אוישוויץ. דער זעלבער גורל האָט געטראָפען וויטעלדיגע גרופּען פון אַנדערע לאַגערען, וואָס זיינען מיט דער צייט אַוועקגעשיקט געוואָרען אין די גאַז־קאַמערען פון אוישוויץ. *)

ג.

די רעטונגס אַקציע וועגען קינדער, וועגען וועלכער עס האָט זיך גע־רעדט אין דער שיפרירטער טעלעגראַמע, וואָס איז אָנגעקומען אין ניו־יאָרק דעם 14־טען דעצעמבער 1942, איז אַ באַזונדער שמערצליך קאַפּיטעל. מיר ווילען דאָס נישט פאַרשווייגען, ווייל אין אַ געשיכטליכען איבערבליק דאַרף פאַרצייכענט ווערען אַלץ, וואָס קען באַווייזען ווערען, נישט קוקענדיג אויף דעם, צי עס איז גינסטיג אָדער נישט פאַר דעם אָדער יענעם אידישען ציבור.

בשעת איך האָב, קורץ נאָך דער מלחמה, אין יאָהר 1945, באַזוכט די שווייץ און געהאַט אַ געשפּרעך מיט'ן פּרעזידענט פון שווייצער „איזראַעליטי־

*) זעה וועגען דעם: „די טראַגעדיע וויטעל" אין מיין בוך „חורבן אייראָפּע", זייט 172.

שען געמיינדע־בונד״ סאלי ברוינשוויג, האָט ער דערמאָנט, אַז אין יאָהר 1942 איז געווען אַ מעגליכקייט צו באַקומען אַ באַווילליגונג פון דער שווייצער רעגירונג אויף אַריינצובורענגען אידישע קינדער פון פראַנקרייך אין דער שווייץ, בתנאי, אַז די קינדער וועלען ווערען אויפגענומען דורך די שווייצער אידען צווישען זיך. ה ברוינשוויג האָט צוגעגעבען, אַז דער דאָזיגער פאָר־שלאַג פון דער שווייצער רעגירונגס־שטעלע איז געוואָרען אָפּגעוואָרפען, ווייל דער „שווייצער איזראַעליטישער געמיינדע־בונד״ האָט נישט געקאָנט אָדער ניט געוואָלט אויף זיך נעמען די פינאַנציעלע אחריות פאַר׳ן אויסהאַלטען די קינדער אין דער שווייץ. ביים געשפּרעך זיינען געווען אַנוועזענד צוויי ציריכער אידען.

ווען איך האָב דאָן, נאָכ׳ן צוריקקומען קיין אַמעריקע, אין אַן עפענט־ליכער פאַרזאַמלונג דערצעהלט די שרעקליכע, ממש אומגלויבליכע געשיכטע, האָט דער „אידישער וועלט־קאָנגרעס״ דורך זיין פאַרטרעטער אין דער שווייץ אָנגעפרעגט דעם „געמיינדע־בונד״ וועגען דער זאַך. דער פּרעזידענט פון „געמיינדע־בונד״ ברוינשוויג איז אָבער אין דער צווישענצייט געהאַט גע־שטאָרבען, און דער געמיינדע־בונד האָט געלייקענט, אַז אַזעלכעס זאָל האָבען פּאַרגעקומען.

אָבער אין אָפיציעלען בריף פון „שווייצער איזראַעליטישען געמיינדע־בונד״ צו דער עקזעקוטיווע פון „אידישען וועלט־קאָנגרעס״, וואָס איז דאַטירט פון ציריך דעם 8־טען אַפּריל 1946 ווערט פעסטגעשטעלט פאָלגענדעס:

די שווייצער רעגירונג האָט זיך אין יאָהר 1942 נישט געוואָנדען צום שווייצער איזראַעליטישען געמיינדע־בונד וועגען אויפנעמען אידישע קינדער. דאַגעגען זיינען מיר געוואָרען פאַרשטענדיגט דעם 25־טען נאָוועמבער 1943 פון דער צושטענדיגער רעגירונגס־שטעלע, אַז עס ווערט געגומען אין באַטראַכט די מעגליכקייט צו ראַטעווען אין דער שווייץ 1000 ביז 1500 קינדער, וואָס געפינען זיך אין פראַנקרייך אין קינדערהיימען אָדער זיינען ערגיץ וואו באַהאַלטען. אַלס באַדינגונג פאַר׳ן אַריינלאָזען זיי אין שווייץ איז, אַז די שווייצער אידען זאָלען זיי ביי זיך אויפנעהמען. דער אונטערגעשריבענער אויף דער רעכטער זייט, וואָס צו איהם האָט מען צוגעשטעלט די ערשטע אָנפראַגע, האָט ספּאָנטאַן דערקלערט, אַז לויט זיין איבערצייגונג איז פּראַקטיש נישט מעגליך צו איינקוואַרטירען די דאָזיגע 1500 קינדער אויסשליסליך ביי אידישע משפחות, ווייל אַלע קהלות, וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אין שווייצער איזראַעליטישען געמיינדע־בונד, ציילען בערך 3000 משפחות, וואָס אַ סך פון זיי האָבען שוין אויפגענומען ביי זיך קינדער אָדער קרובים.

דער דאָזיגער בריף איז געווען אונטערגעשריבען דורך צוויי פּערזאָנען: פון דער לינקער זייט דורך ד״ר זשאָרזש ברוינשוויג און פון דער רעכטער זייט דורך סילווען ס. גוגענהיים. דעם לעצטען קען דעריבער צושרייבען דעם „כבוד״ צו האָבען ספּאָנטאַן אָפּגעוואָרפען דעם 25־טען נאָוועמבער 1943 אַ פאָרשלאָג פון דער שווייצער רעגירונג אַריינצולאָזען און ראַטעווען פון אַ

זיכערן טויט 1500 אידישע קינדער פון פראַנקרייך בתנאי אַז די שווייצער אידען זאָלען צווישען זיך אויפנעהמען. אַזוי ווי דער בריף צום אידישען וועלט קאָנגרעס איז דורך יענעם ה׳ גוגענהיים אַליין אונטערגעשריבען, האָט דער פאַקט דאָ געדאַרפט פאַרנאָטירט ווערען אַלס היסטאָרישער אמת. ער קלערט אויף, פאַרוואָס אַזוי ווייניג, אין פאַרהעלטעניס, אידישע קינדער זיינען געראַטעוועט געוואָרען פון פראַנקרייך איבער דער פראַנצויזיש־שווייצאַרישער גרעניץ.

ד.

גלייכצייטיג מיט דער פאַספּאָרטען אַקציע, איז ביים סוף פון יאָהר 1942 אָנגעגאַנגען אַ פּיבערהאַפטע טעטיקייט, כדי צו דערגרייכען ניט נאָר די רעטונג פון יחידים, נאָר אַן אַלגעמיינע פאַרגרינגערונג פון דער אידישער לאַגע אין די נאַצי־אָקופּירטע לענדער.

איז בכלל געווען מעגליך אפילו וועגען דעם צו טראַכטען? — וועט מען, מיט רעכט, פרעגען איצט, ווען דער מאַסען־מאָרד פון 6 מיליאָן אידען דורך די נאַציס איז אַ פאַקט. אָבער עס שטעלט זיך אַרויס, אַז עס זיינען געווען וועגען, די קאַטאַסטראָפע קלענער צו מאַכען.

אין חודש נאָוועמבער 1941 האָבען פיהרער פון די אידען אין דער סלאָוואַקיי אָנגעהויבען צו פאַרהאַנדלען מיט פאָן ווישליצעני, אַ נאַצי־אַגענט, וואָס האָט דאָרט רעפּרעזענטירט דעם באַפולמעכטיגטען פאַר אידישע ענינים אין דייטשלאַנד, אייכמאַן, וועגען הנחות פאַר סלאָוואַקישע אידען. די דעפּאָר־טאַציע איז געוואָרען פלוצים אָפּגעשטעלט. און עס האָט זיך געוויזען אַ קלאָרע מעגליכקייט צו דערגרייכען הנחות אויך בנוגע אַנדערע אידישע קיבוצים. ווישליצעני און אייכמאַן האָבען דערפאַר פאַרלאַנגט — און אין אָנפאַנג אויך באַקומען — גרויסע געלט־סכומים.

ווען די הויך־געשטעלטע נאַציס האָבען פאַרזוכט דעם טעם פון געלט, האָבען זיי די סלאָוואַקישע אידען פאָרגעלייגט צו שליסען אַן אָפּמאַך. דעם 8־טען דעצעמבער 1942 איז פאָן ווישליצעני געקומען קיין בראַטיסלאַוואַ פון בערלין מיט פאָלגענדען פאָרשלאַג:

אויב עס וועט פאַר זיי דעפּאָנירט ווערען אין דער שווייץ אַ גרויסער סכום, דאַן זיינען זיי גרייט:

1) דורכצוזעצען, אַז אַלע דעפּאָרטאַציעס פון אידען פון גאַנץ אייראָפּע, אויסער דייטשלאַנד און דעם בעהמישען פּראָטעקטאָראַט, וועלען במשך 15 טעג פון טאָג פון שליסען דעם אָפּמאַך ווערען אָפּגעשטעלט.

2) בנוגע די אידען, וואָס זיינען שוין דעפּאָרטירט געוואָרען קיין פּוילען, און די וואָס געפינען זיך דאָרט, וועלען זיי אַדורכזעצען, אַז דורך אַ

ספעציעלער פאַרמיטלונגס־שטעלע אין בערלין, וועט מען זיי קענען איין מאָל אין חודש שרייבען בריף און באַקומען אַ תשובה. מען וועט אויך קענען שיקען איין מאָל אין חודש, באַנוצענדיג די זעלבע פאַרמיטלונגס־שטעלע, איין־קילאָ׳דיגע פעקלעך מיט קליידער צו יחידים און 100־קילאָ׳דיגע פעקלעך פאַר׳ן כלל צו די „יודען־ראַטען״ אין אַלע שטעדט. עס וועלען אָפּגעשטעלט ווערען די אַזוי־גערופענע „צווייטע״ דעפּאָרטאַציעס אין פוילען גופא, ד. ה. אַז די מענשען וועלען בלייבען אין די ערטער, וואו זיי געפינען זיך. אויב דעפּאָרטירטע משפחות זיינען אין פוילען געוואָרען פאַנאַנדערגעטיילט, וועלען זיי באַקומען די מעגליכקייט זיך צו פאַרבינדען דורך בריף.

דער אויטענטישער דאָקומענט וועגען דעם פאָרשלאַג, וואָס געפינט זיך אין מיין באַזיץ, רופט נישט אָן דעם סכום, וואָס אייכמאַן און ווישליצעני האָבען געזאָלט דערפאַר באַקומען. ער זאָגט אָבער, אַז ביז צו דעם טאָג האָבען די סלאָוואַקישע אידען זיי מסלק געווען 62,000 דאָלאַר און 1,300,000 סלאָוואַקישע קראָנען. צוליב דעם איז דער גירוש פון סלאָוואַקיי געוואָרען אָפּגעשטעלט נאָכדעם ווי 60,000 אידען זיינען שוין געהאַט דעפּאָרטירט געוואָרען און פאַנאַנדערגעשפּרייט אין קרייז לובלין. די נאַציס האָבען געצאַפּט דאָס געלט סיסטעמאַטיש און אָפּגעלייגט דעם גירוש תמיד אויף אַ געוויסער

ב"ה, ג' לס' וישב תש"ג לפ"ק.

שלום וברכה.

נסמכנו על מכתבנו הראשון ועל תשובתכם להודיע לכם בקצור עוד הפעם את הענין כמו שהוא.

הגיע המשא ומתן פה למדרגה זו, שבע"ה פסק הגירוש, כלומר שנתנו מקום להארכת זמן ההפסק עד האביב.

ואם בינתים נסדר את ענין מחנה העבודה הידועה לכם, וגם נקיים את כל חובותינו הפרטים, הידועים לכם גם כן, אז נוכל לקוות כי יאריך זמן ההפסק זה עד סוף המלחמה, ואם לא נקיים זה או זה, אז עלינו לחוש מאד מאד, שיחדשו ח"ו גזירת הגירוש עוד בשנה זו.

כבר הודענו אתכם כי הצד שכנגדנו קיימו את התנאים שלהם ואנו כנגד זה אין בידנו לקיים את התנאים שלנו.

עד הנה שלמנו ס"ב אלף שטרי בני ברית ואלף ושלש מאות אלף שלנו בזמנים שונים.

וביום ט"ו נאוועמבער חייבנו חייבים לשלם עוד כ"א אלף שטרי בני ברית ושבע מאות אלף שלנו.

ואין בידנו אפילו פרוטה, חוסו ורחמו עלינו כי אין לשער גודל הסכנה אם א נ ו לא נקיים את המוטל עלינו.

וכל מה שאמרנו בענין החיובים הפרטיים של שוחד הוא הענין שייך גם כן בכל החומרות בענין העזר לסען מחנה העבודה.

והנה אנחנו רואים מתשובתכם כי יש כאן בעיקרו טעם אחר העומד נגד הביעתנו מצרכם, והוא כי אסור עליכם כלומר אסור עלינו, להמציא כספים הכובים לאוצרותיו של זה הרשע. והאיסור הזה נתחזק בימים האחרונים ע"י פירסום של מלכות הברית הידוע.

והנה מתחלה נאמר בעיקר הדבר כי הננו מקבלים לגמרי את הצעתכם לעשות העברה באופן אשר כתבתם, אמנם בתנאי שיהיו הכספים במדינתכם, לא בארץ הנוהגת מלחמה, ועוד תנאי שימסרו הכספים מיד אל יד שליש נאמן, כפי רצון [illegible] המעבירים פה. וזאת לדעת כי חלק המעבירים הם [illegible] אינם בני ברית נ"כ, ומאחר שהסכנה גדולה בעסק משא ומתן זה, העמדנו לתכלית זה אדם מהימן מאד עלינו, שעושה דבר זה למראית עיני הבריות, בתורת משא ומתן ועיסקא, וזה האדם אינו יכול לעשות העסק שלו, בלתי אם הכסף מסור מצדכם נ"כ, ליד המהימן שלו שם במדינתכם.

אמנם בעיקר הדבר צריכים אתם לחלק בין כספי שוחד ובין כספי [illegible] מחנה עבודה.

כסף הפרטי, הולך אל יחידים המסוכנים אלו הכספים בארגז שלהם ואין לאוצרו של הרשע מזה כלום. ועל זה כמובן לא שייך האיסור של הכנסת כספים למדינת האויב. וחוץ מן זה גם אלו הכספים אפשר לעשות בדרך העברה הנ"ל.

כסף המגיע למחנה עבודה, בקושי הסכימו שרי האוצר במדינתנו להסתפק גם בכסף מדינתנו. וממילא שגם כסף זה יכולים אתם להמציא לנו בדרך הנ"ל.

אמנם העיקר הראשון לצורך זה, שיהיה הכסף מושלש ביד השליש שם, הנאמן להמתדל שלנו פה. כי בלתי זה אי אפשר לעשות שום העברה.

וכדי שיהא ביכלתכם לדון על נחיצת הדבר נאמר לכם עוד הפעם בקצור כי מכאן גלו[illegible] עד הנה כמו ששים אלף נפש. והם נתפזרו בדיסטריקט לובלין בסקומות שונות כידוע לכם.

עתה באת הידיעה הברורה כי אלו האומללים אשר היו שם בצרה היותר גדולה המצוי' בעולם הצרות, בחרב ודבר ורעב, כפשוטו, הגלה אותם הרשע עוד הפעם, ומה נאמר ומה נדבר רובם ל ט ב ח מ מ ש. עד שמעטים המה, בערך, החיים ערנה מששים אלף גולי ארצנו. קצת מענין זה תבינו ממכתבים המצופים.

השבענו אתכם חשבו על הדבר הזה בעיון הראוי לדין של פקוח נפש הנוגע לאלפים ואלפים, ודעו כי המציל אדם אחד מגירוש, מציל ממות ודאי וממיתה משונה ר"ל. ויש בכח להציל, והכח הזה הוא כח ממון, היש עוד אדם בעולם שאינו מבין, שממון לא נחשב למאומה לגבי חיים.

אלפים ואלפים מפילים עצמם ע"י מכתב זה לפני רגליכם ומפללים ומחננים לפניכם לאמר, בבקשה מכם הצילונו מן המות הרע הזה. אנו אין בידנו כסף המציל ואתם בידכם, אנא אל תעמדו על דם אחיכם ואחיותכם אשר ביניהם זקנים וזקנות עוברות ומניקות טף ועולל ויונק חולים וחלשים מלבד כל האנשים והנשים אשר עד הנה נהגו מיגיע כפם ואין בידם עתה מאומה ואך אליכם נשואות עיניהם להצילם מן הרעה הגדולה הזאת.

אל תבקשו טענות שלא לתן אלא השתדלו בכל מאמצי כח לחפש דרך וסבוא אין אפשר להציל עוד אדם אחד מן הגיהנם הזה.

ואם אתם חושבים מחשבות כי לא יארכו עוד ימי המלחמה, לו יהי כדבריכם, אמנם הענין הזה הוא ענין של פקוח נפש הצבור ובזה צריך לחייש לחומרא כי ח"ו עוד יארכו, הניחו הספיקא מצד אחר ותנו הכסף בצר זה.

בבקשה מכם ראו הצרה הגדולה אשר כמוה לא היתה עוד לעולמים ולעולמים זה ראו הזכות הגדול המזדמן לכם בזה אשר ג"כ לא היה ערן לעולמים להציל צבור גדול מצרה גדולה כזו, ולאידך גיסא ראו את החוב והעונש הגדול אם כה לא תעשו ח"ו.

<u>בנוגע לעזרה למדינת פולין</u>

עדיין נמצאים שם חיים כמה אלפים מאחב"י ויש ספוק בידנו לשלוח להם כמו מקודם עזרה ע"י שלוחים אנא המציאו כל מה שבכחכם לתכלית זה. ושלחו לנו בדרך שלחתם עד הנה.

לאידך גיסא אין כדאי כעת אחר הגלות השני שם לשלח הבילות כי ע"פ הרשע ובלבל הכל, למשל מווארשא לבד הגלו ארבע מאות ושמנים אלף ולא נשארו רק כעשרים או שלשים אלף, וכמעשה זה עשו בכל העירות וכל המרכבות הלכו אל מקום אחד אל עבר הנהר בוג סמוך לבעלזעץ וכפי הידיעות הבאות משם אחת דתם למיתה אכזריות ע"י אדי הרג ר"ל ויריות, ויש על זה אנשאלמען גמורים, בנויים בכל הערמות של צער הבלי סוף. ה' הטוב יחיי החיים ויחי' המתים!

ועל כן ביותר החיוב מוטל עלינו להציל את השארית הנשאר שם עדיין מן הרעה הגדולה והנוראה הזאת ובפרט בימי החורף אללו. במואים אנחנו כי תרעו את חובתכם הקדושה.

דער בריף פון ג׳ וישב, תש״ג, וועגען פאָרשלאָג פון אייכמאַנ׳ען (המשך אויף זייט 171).

<u>בנוגע להכלל כולו.</u>

ועתה עלינו לדבר מן הענין אשר כתבנו אלי כם מכבר, והוא

א) שיש מקום או לסתור ולבטל או
עלכל פנים, להפחית ולצמצם,
את גזירת הגירוש בכל איראפא
דהיינו מפולין עד צרפת ועד רומניא
ויון.

ב) שיש מקום לפעול לטובת עלגזירת
הכליון במדינת פולין.

כי כאמור במכתבנו הראשון, הראש הממונה על שאלת היהודים מקירו של הרשע לתכלית זה בכל מלכות הרשעה, מוכן ומזומן לכך.

הסרכן והסרסור בדבר זה הוא היועץ הידוע בארצנו אשר כבר הראה את כחו במדינתנו. וזאת לדעת כי היועץ הזה כעת יתעלה, והוא יהי' הפקיד על כל דרומית מזרחית איראפא בענין הזה והוא ידיד קשור מאד אל הפקיד הראשי הנ"ל, והוא אץ ודוחק ומבטיח קבלת קנין בדבר הזה הגדול בתכלית נרצה. וכדי שיהא בכחכם לשפוט בדבר הזה הדעו ותבינו, כי היועץ הזה שלנו קיים את הבטחותיו בשלמות גמור עד קוצו של יו"ד, אחר שבאנו עמו בקשר משא ומתן.

זכרו על מאות ומאות אלפים העומדים עדיין להתגרש על מאות ומאות אלפים הנדונים לכליון, ויש כאן לפי דעתנו, השקול במדת הדין והמשפט והמנוסה בנסיונות, מקום להציל. כפי הנראה דבר כזה לא הי' עדן לעולמים בדברי ימי ישראל, שישראל בעצמו יבטל את היכלת הזה להציל את אחיו אך למען דבקות אי כסף.

כאמור במכתבנו הראשון:
עליכם להגביל התנאים הנאותים לפי דעתכם,
ועליכם להגיד בערך את סכום הכסף
אשר אפשר לתת בתנאי כפול שהצד שכנגדנו
יקבלו את התנאים אשר תתנו אתם או נתנה
אנו כפי שתכם
הרשות בירכם כאמור במכתבנו הראשון:
לעשות שליח נכון והגון וטוב בעיניכם
לתכלית המשא ומתן זה.

אך בשם כנסת ישראל שבועה עליכם,
אל תעשו פלפול גדול בדבר הזה, כי בין
שבועות הללו שאנו ממתינים על תשובתכם
נגלו מכל הארצות עשרות ועשרות אלפים
גולים חדשים ונרצחו מאות אלפים ר"ל
לכן

<u>השיבו תשובה ברורה וטובה תיכף ומיד.</u>

נא שמעו אלינו וכי תשבו לדון על שאלה הנוראה הזאת, תחשבו כאלו המלחמה תארך עוד ח"י שנים, ותתמשך עוד על ארצות אחרות שעדיין לא באו במלחמה כאשר לפי דעתנו קרוב מאד להיות ועל פי הקדמה הזאת תפסקו הלכה בדבר הגדול והנורא הזה.

ואנו מבקשים תשובה ע"י השליח הזה בעצמו, כי כפי הענין פה לא יהי' לנו במהרה שליח אחר.

ה)

אם הדבר טוב ונכון לצורך ולתכלית הענין אז אפשר שיבואו האשה מ. פליישמאנן בלוית המשתדל שלנו, הנושא והנותן עם היועץ, לשם. כי היועץ ישתדל בעד הפראנזים מאטבנזי, אלא שהדבר הזה אם ליסע צריך עיון גדול מכמה צדדים על כן נבקש מכל צד וצדדים שלא לפלפל בדבר ולעשות הלכה למעשה בחזקה בדבר הזה,

לפי דעתנו איתה העצה ראוי' להגיד כי יקבלו
מדי חדש בחדשו ספוק מוגבל בעד כל חדש מנוחה,
ואופן המנוחה הזה יהי' מוגבלת בגבולים מצומצמים.

אין כאן שום טענה של איסור הוצאת כסף למדינת האויב כי זה הכסף מזומן אך ורק לצורך הפרטי של אלו הפרטים, ואם ישאל השואל אם כן אפוא איך יש ביכלת אלו הפרטים לבטל הגזרה ובאלו פנים, התשובה על זה, יש ויש, בכמה אפשרויות ובפרט מאחר שהראש והראשון בעצמו וכבודו הוא בעל הדבר.

עוד אנו מבקשים לשלוח את הנייר הדרוש במכתבנו הראשון למען אינגינער האכבערג כי הוא נחוץ לנו במאד מאד.

יהי רצון מלפני ה' הטוב שיתן לכם היכלת למלאות את הדבר הגדול הזה ויתן הזכות לכם להוציא את היכלת הזה לפועל, והוא ברחמיו ישמרכם וישמרנו וישמר את אחינו הגולים ואחינו כל בית ישראל מכל רע.

ובנדון איסור הוצאת כספים עלינו לעורר רק על דבר אחד, בהסכם מלכות הבריה הוציאים אוצרות גדולות של מאכל ומזון לארץ יון ביוון, מאחר שהוא נוגע הכלל כולו בטל איסור הוצאה, הלא החיי בעיני אחינו בני ישראל השרוים בסובא וברכה ב"ה נחשב נפש אחיהם השרויים כלופר מתים בדבר וחרב ורעב ומבושלים לבורית ר"ל כמו נפשות יונים בעיני אנגליים. כן שורת הדין נוטה לפי דעתנו.

<u>הוספה נחוצה.</u>

בעת ועונה זו חזר היועץ מעיר ממשלתו ובהסכם עם הפקיד הראשי בדבר הזה אשר שמו כבר כתבנו במכתבנו הקדום, מסר אלו התנאים
א/ בטול הגירוש מכל איראפא חוץ גרמניא ופראטעקטאראט, וזה יהי' ט"ו ימים אחר קבלת קנין על פי תנאים מוסכמים
ב/ אפשר להגיע הנחות גדולות ליהודים בפולין דהיינו
א/ לכתוב ע"י אמצעות מקום מיוחד לזה בעיר הממשלה, פעם אחד בחדש ולקבל מכתב פעם אחד בחדש
ב/ לקבל חבילה בגדים פעם אחד בחדש קילאָגראמם אחד ג"כ באמצעות מקום הנ"ל
ג/ לשלוח חבילה להכלל כולו בכל מקום ליר היודענראט וכדומה עד מאה קגר. פעם בחדש.
ד/ לבטל גזירת הגירוש השני/ דהיינו בפולין עצמו למקום אחר/ תחלה לגולי מדינתנו ואח"כ ד' שבועות לגולי שאר ארצות אשר שם.
ה/ לעשות אפשרות שהגולים זה בין זה אשר הם בני משפחה והם במקומות חלוקות יבואו זה עם זה בקשרים ע"י מכתבים.
כל התנאים הללו יתקיימו ט"ו ימים אחר קבלת קנין על פי תנאים מוסכמים.
עד כאן דברי היועץ.
ועל זה עלינו לומר אלמלא הי' בכחנו לקבל קנין על זה לפני שתה שבועות היו נצולים מאות אלפים וגם היום אפשר להציל עוד מאות אלפים, אל תאחרו דם אחים ואחיות צועק אליכם מן אדמה אשר ארורה ה' בואו נא לעזר.
יהי ה' עמכם.

צייט, כדי צו פאַרלאַנגען פריש געלט דערנאָך. דעם 15־טען נאָוועמבער 1942 האָבען זיי געדאַרפט באַקומען אַ נייע ראַטע פון 25,000 דאָלאַר און 700,000 סלאָוואַקישע קראָנען, וואָס איז אָבער נישט איינגעצאָהלט געוואָרען אין צייט, ווייל די פיהרער פון די אידען אין בראַטיסלאַווא האָבען נישט געהאַט דאָס געלט אין זייער רשות. זיי האָבען דערפאַר אַלאַרמירט די אידען אין דער שווייץ און געבעטען רחמים, אַז מען זאָל זיי העלפען.

די פאַרהאַנדלונגען זיינען אָנגעגאַנגען אַ לאַנגע צייט און זיך בעיקר אָנגעשטויסען אויף דער שוועריגקייט, וואָס מען האָט נישט געטאָרט שיקען אַמעריקאַנער געלט אין שונא׳ס לאַנד. אייכמאַן און ווישליצעני האָבען פאַר־זיכערט, אַז זיי מיינען נישט צו פאַרשטאַרקען דעם היטלעריסטישען אוצר מיט די כאַבאַר־געלטער; זיי האָבען געוואָלט זיך אָוועקלייגען דאָס געלט „אויף שפּעטער״.

דעם 20־טען יולי 1943 האָבען די סלאָוואַקישע אידען אַרויסגעשיקט אַ נייעם אַלאַרם־רוף אין דער שווייץ וועגען געלט. די סיטואַציע איז דאַן, נאַטירליך, געווען שוין פיל שווערער ווייל די מאַסען־מאָרדען זיינען דורך אַזאַ לאַנגער צייט אָנגעגאַנגען און עס האָט אויסגעוויזען, אַז קיינער איז מעהר נישט בכוח זיי אויפצוהאַלטען. אָבער, לויט׳ן דאָקומענט פון 20־טען יולי 1943, האָבען אייכמאַן און זיינע העלפער נאָך געהאַט פיל מעגליכקייטען אין זייערע הענט. זיי האָבען געקענט פשוט „סאַבאָטירען״ דעם פאַרניכטונגס־באַפעהל דורכ׳ן דערקלערען אַז אין לאַנד האָט מען שוין דעפּאָרטירט אַלע „געפעהרליכע״ אידען און דער רעשט איז „איזאָלירט״ און אַרבייט לטובת דעם דייטשען מלחמה־פּאָטענציאַל. פון דער אַנדערער זייט האָט אייכמאַן געדראָהט די אידען, אַז ער קען, אויב מען וועט איהם נישט געבען קיין געלט, נעמען די בייטש אין דער האַנט און אָניאָגען די דעפּאָרטאַציע־גזירה אין אַ שרעקליכען טעמפּאָ. ער האָט די סלאָוואַקישע אידען־פיהרער געגעבען פון זיין זייט אַ „האַנט־געלט״, כדי צו ווייזען זיין כוח: די דעפּאָרטאַציע פון דער סלאָוואַקיי איז געווען אָפּגעשטעלט בשעת די פאַרהאַנדלונגען זיינען אָנגעגאַנגען.

די אידען, וואָס האָבען מיט איהם פאַרהאַנדעלט, האָבען איהם געגלויבט, ווייל ער איז דאָך געווען — ווי זיי האָבען געשריבען — „דער ראש וראשון פון אַלע צרות ישראל אין די בלוט־באַפעלקטע לענדער און איז זעהר באַליבט אין די אויגען פון באַקאַנטען האַר, וואָס איז דער ראש פון סמך סמך״. דער ראש פון „סמך סמך״ איז געווען הימלער, דער שעף פון דער געסטאַפּאָ און די ס. ס. אָפּטיילונגען.

די בריוו פון 8־טען דעצעמבער 1942 און 20־טען יולי 1943 זיינען אָנגעקומען נישט נאָר אין דער שווייץ, וואו עס האָט זיי געבראַכט אַן אונטער־געקויפטער דיפּלאָמאַטישער קוריער, נאָר אויך, מיט אַ צייט שפּעטער, אין

אַמעריקע. אין מאַי 1943 האָב איך געוויזען אַ פּאָטאָסטאַט פון בריף פון 8־טן דעצעמבער 1942 מיט׳ן גאַנצען רעטונגס־פּלאַן, איינעם פון די באַריהמטע מנהיגים פון אַמעריקאַנער אידענטום. ביים געשפּרעך איז געווען נאָך אַן עדות. די תשובה איז געווען, אַז אַזוי ווי דאָס איז אַ „בלעק־מאַרקעט״־געשעפט מוז מען וועגען פרעגען דעם סטעיט־דעפּאַרטמענט.

במשך דעם יאָהר 1943 האָט דער סטעיט דעפּאַרטמענט נאָך געהאַלטען, אַז מען טאָר נישט אונטערקויפען די נאַציס, כדי צו ראַטעווען די אידען פון טויט. די שטעלונג האָט זיך פולשטענדיג געביטען אָנהויב 1944, ווען עס איז געשאַפען געוואָרען דער „וואָר רעפּיודזשי באָארד״ און ער האָט אַליין זיך באַנוצט מיט די דאָזיגע מעטאָדען — די איינציג מעגליכע — כדי צו ראַטעווען וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

אָבער אין מאַי 1943 זיינען אַלע באַמיהונגען, כדי אַרויסצובאַקומען גרעסערע געלט־סכומים אויף אָפּצושוואַכען דאָס טעמפּאָ פון דער נאַצישער מאָרד־מאַשין, געווען אָהן דערפאָלג. אַזוי לאַנג עס איז נישט געווען קיין הסכמה פון סטעיט דעפּאַרטמענט דערויף, האָבען אידישע מנהיגים אין אַמעריקע מורא געהאַט עפּעס צו טהון אויף אייגענער אחריות.

אין סלאָוואַקיי איז אָבער, אַ דאַנק געוויסע געלטער, וואָס זיינען דאָך אָנגעקומען פון דער שווייץ, געווען אין יאָהר 1943 אַן איבעררייס אין דער דעפּאָרטאַציע. דער דאָזיגער איבעררייס איז געוואָרען אויסגענוצט, כדי וואָס

בע״ה יום ב׳ תצא תש״ג לפ״ק

שלום וברכה וכוח״ט לכבוד אהובי איש האשכולות ורב המודות
ערוגת הבושם העסקן הידוע המפורסם לשבח ולתהלה מוה״ר חיים ישראל איינז שליט״א

הנה כבוד חתני הרב נ״י יכתוב באריכות של הדבר הגדול
בנוגע להצלת נפשות מן ארץ הגזרה, בפרט הצלת ילדים אשר הוא ענין
גדול וקדוש, ואין מלה בלשון להגיד עד היכן הדברים מגיעים והוא
פקוח נפש ממש, אמנם לא פקוח נפש של פרט רק פקוח נפש של כלל.
ולפע״ד מחוייבים יראי ה׳ שם לעשות פעלים בכל הכחות שאפשר, לקבץ
קבוץ גדול של כסף לצורך הדבר הקדוש והנורא הזה, כי אין לך לא
תעמוד על דם רעך גדול מזה, והנה הימים הקדושים ממשמשים ובאים וכל
אחד מישראל מבקש זכות לנפשו למצוא זכות וצדק לפני כסא משפטו של
מלך המשפט, ובפרט אחב״י הי״ו במדינות החופש צריכים להודות לה׳
הטוב על חסדיו עמהם בשמעם ובראותם מה נעשה בעו״ה עם אחיהם ואחיותיהם
בארצות הללו, ועל כל פי שרוצה לקנות לו זכות באמת ואמונה יפריש
חלק גדול וחשוב מרכושו למען הענין פקוח נפש, ובזכות זה ימצא ודאי
צדקה וחסד וחיים מלפני השם הטוב ויכתב ויחתם בספרן של צדיקים לכל
טוב. ומעב״ת אהובי נ״י יראה מהרה בישועת ישראל ובהרמת קרן
התורה [illegible]
[illegible]

בריף פון נייטרער רב הי״ד פון ב׳ תצא, תש״ג.

מעהר אידען אריבערצובערענגען איבער דער „גרינער גרעניץ" פון פוילען.
אַרום 1000 נפשות זיינען אויף דעם אופן געראַטעוועט געוואָרען במשך די
חדשים אויגוסט—סעפּטעמבער 1943, נאָך דער ליקווידאַציע פון די גרויסע
געטאָס אין מערב־גאַליציע, באָכניע און טאַרנאָוו.

געפיהרט האָט די אַקציע דער רב פון נייטרא, הרב שמואל דוד אונגאַר, און זיין איידעם, הרב מיכאל דוב ווייסמאַנדעל. זיי האָבען געדונגען אַ צאָהל פון שמוגלער, וואָס האָבען געפיהרט די פוילישע אידען ביי נאַכט דורך די וועלדער.

צוויי בריף וואָס זיינען געשריבען געוואָרען דורך הרב אונגאַר און הרב ווייסמאַנדעל צו אַ מסירת־נפש׳דיגען עסקן אין דער שווייץ, ר׳ חיים ישראל אייז, און זיינען געווען דאטירט פון מאָנטאָג פּרשת תצא תש״ג און מאָנטאָג פּרשת תבוא תש״ג, זיינען אָנגעקומען דורך דער פאַרמיטלונג פון פוילישען קאָנסולאַט אין ניו יאָרק, פון דער שווייץ קיין אַמעריקע. זיי האָבען געמאַכט אַ געוואַלטיגען רושם, ווען זיי האָבען אָנגעהויבען צירקולירען אין די בתי מדרשים פון וויליאַמסבורג און פון דער ניו־יאָרקער איסט־סאַיד.

„זאָלען די אידען איבעראַל וויסען" — האָט געשריבען הרב ווייסמאַנדעל אין זיין בריף פון ב׳ תבוא תש״ג — „אַז ווען מיר וואָלטן געהאַט געלט, וואָלטען מיר געראַטעוועט נאָך טויזענטער און טויזענטער (חוץ די קרוב 1000 נפשות וואָס זיינען דורכגעשמוגעלט געוואָרען). וואָס זאָלען מיר טהאָן, אַז די שלוחים (ד. ה. די שמוגלער) אַרבייטען נישט אויף הלוואות׳ן און צוזאָגען. מען מוז זיי באַצאָהלען מיט געלט און מיר האָבען נישט קיין געלט. איהר האָט געלט און גיט עס נישט. מיר ווייסען נישט, פאַרוואָס איהר גיט נישט, אָבער וואָס מיר ווייסען יאָ איז, אַז די הייליגע אידען, די קינדער און פרויען, די גאונים און קדושים, די פּשוט׳ע אידען און אַלע נפשות זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען דורך צוויי רוצחים: איינער איז דער שרעקליכער באַדריקער און דער אַנדערער איז — דאָס פעהלען פון געלט. ווען מיר וואָלטען געהאַט געלט, דאַן וואָלטען אנשטאט פיער שמוגלער, וואָס מיר האָבען כסדר אין וועג, געווען דורך אונז געדונגען 40 שמוגלער. וואָס זאָלען מיר זאָגען: מיר שעהמען זיך פאַר דעם זאָג פון דער תורה „רק עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה" — וואו איז די חכמה, וואו איז דער שכל?".

דעם 20־טען דעצעמבער 1943 האָט דער פוילישער גענעראַל־קאָנסול סטראַקאַטש אין ניו יאָרק דערהאַלטען אַ שיפרירטע טעלעגראַמע פון בערן, וואָס האָט דערצעהלט, אַז אַ גרופּע עסקנים מיט ה׳ יצחק שטערנבוך בראש — אייז האָט שוין דאַן נישט געלעבט — פיהרט פון דער שווייץ די שמוגעל־אַקציע פון נייטרער רב און זיין איידעם. — דער ציעל איז דאַן געווען נישט מעהר די סלאָוואַקיי, נאָר אונגאַרן. דריי טעג שפּעטער שרייבט ה׳ סטראקאטש אין אַן ענגלישען פאַרטרויליכען בריף אַט וואָס:

CONSULATE GENERAL
OF THE REPUBLIC OF POLAND
149-151 EAST 67TH STREET
NEW YORK
[redacted]21, N. Y.

December 23rd, 1943

Strictly Confidential

Dr. Isaac Lewin
Research Institute for Post-War
Problems of Religious Jewry
Room 501
1452 Broadway
New York City

Dear Dr. Lewin:

From a most reliable source I have received an information which I think is my duty to convey to you.

According to this information a great number of Jews, /my information does not state whether they are Polish citizens or Jews deported to Poland from other countries/ are hiding in the woods around the Polish-Hungarian border. Their situation is most terrible and desperate. Hunted by the Gestapo, they live on charitable donations received from the neighboring Polish villages. Their only hope is in reaching Hungarian territory, before they are starved, frozen to death, or killed by the Germans.

My informants assure me that most of them, if not all, could be saved, providing funds could be put at the disposal of reliable Jewish representatives, who to some extent are already assisting them in their plight.

A sum of 50,000 Swiss francs has been already collected, among the Jewish communities in Switzerland. But in view of the fact that according to the advice received from my informants, the average cost of bringing Jews across the border to Hungary, amounts to 1,000 francs per person, you can see, that only a very limited number of individuals, can be saved from imminent destruction.

I take the liberty of bringing these sad facts to your knowledge, in view of our mutual efforts of long standing, to relieve the plight of the Polish Jewry. The fact that owing to your most cordial collaboration, we have already succeeded in saving some of your correligionists, gives me the courage, to present to you this particular fragment of the tragedy of the European Jewry. I do it in my sincere hope that your untiring endeavors will again be crowned with success, and that through the channels of the important American and Jewish organizations who have always shown a spirit of great generosity, you will find proper means to save those innocent victims of abject barbarism.

May God bless your noble work and may He have mercy upon those whose only hope is in our speedy and generous assistance.

Very sincerely yours,

Sylwin Strakacz
Sylwin Strakacz
Minister Plenipotentiary
Consul General of Poland

בריף פון גענעראַל־קאָנסול סטראַקאטש פון 23־טען דעצעמבער, 1943, וועגען דער שמוגעל־אַקציע פון נייטרער רב הי״ד.

„פון אַ העכסט פאַרטרויענסווירדיגען מקור האָב איך דערהאַלטען אַן אינפאָרמאַציע, וואָס איך האַלט פאַר מיין חוב צו איבערגעבען: אַ גרויסע צאָהל אידען האַלט זיך אויף אין די וועלדער אַרום דער פויליש־אונגאַרישער גרעניץ. זייער לאַגע איז אַ שרעקליכע ביז גאָר, ממש אַ פאַרצווייפעלטע. געיאָגט פון דער געסטאַפּאָ, לעבען זיי פון נדבות, וואָס זיי באַקומען פון די שכנות׳דיגע פוילישע דערפער. זייער איינציגע האָפנונג איז צו דערגרייכען די אונגאַרישע טעריטאָריע איידער זיי וועלען שטאַרבען פון הונגער, ווערען פאַרפרוירען צום טויט אָדער דער׳הרג׳עט דורך די דייטשען. מיינע אינפאָרמאַטאָרען פאַרזיכערען מיך, אַז מען קען ראַטעווען דעם רוב פון די מענשען, אפשר אַלע, אויב מען וועט שטעלען געהעריגע פאָנדען אין רשות פון פאַרטרויענסווירדיגע אידישע פאַרטרעטער, וועלכע העלפען זיי שוין איצט אויך, אין אַ געוויסער מאָס. אַ סכום פון 50,000 שווייצער פראַנק איז געוואָרען פאַר דעם צוועק געזאַמעלט צווישען די אידען אין דער שווייץ. אָבער נעמענדיג אין באַטראַכט, אַז אַריבערברענגען אַ מענש איבער דער גרעניץ קאָסט דורכשניטליך 1,000 פראַנק, קען מען פאַרשטעהען, אַז נאָר אַ גאַנץ קליינע צאָהל האָט ביז איצט געקענט געראַטעוועט ווערען פון דער דראָהענדער פאַרניכטונג״.

דעם 3־טען יאַנואַר 1944 האָט דער „ועד ההצלה״ אַוועקגעשיקט אַ שיפרירטע טעלעגראַמע צו שטערנבוכ׳ן, אַז געלט ווערט געזאַמעלט און ער זאָל זיך ערגעץ־וואו אויסבאָרגען אין דער שווייץ, אויף דעם סמך, עטליכע צעהנדליג טויזענט דאָלאַר, כדי תיכף צו פינאַנסירען די אונטערערדישע אַקציע קיין אונגאַרן. דעם 10־טען יאַנואַר איז אַוועק אַ ווייטערדיגע שיפ־רירטע טעלעגראַמע, אין וועלכער דער „ועד ההצלה״ האָט מודיע געווען שטערנבוכ׳ן, אַז געלט ליגט שוין גרייט אויף דעם צוועק און אַז מען באַמיהט זיך צו באַקומען אַן אָפיציעלע „לייסענס״, כדי איהם אַריבערצושיקען דאָס געלט. און דעם 22־טען יאַנואַר 1944 האָט דער טרעזשורי דעפּאַרטמענט אַרויסגעגעבען די לייסענס, וואָס איז געווען אַ דורכברוך אינ׳ם ביז־איצטיגען סיסטעם פון אַרויסשיקען געלט פון אַמעריקע. די „אגודת הרבנים״ און דער „ועד ההצלה״ האָבען באַקומען דאָס רעכט צו שיקען 100,000 דאָלאַר אין דער שווייץ, כדי פון דאָרט צו ראַטעווען מענשען אין שונא׳ס לאַנד. מען האָט זיי ערלויבט, בישט קוקענדיג אויף דער אַלגעמיינער פאַראָרדענונג נר. 11, וואָס האָט פאַרבאָטען צו קאָמוניקירען זיך מיט מענשען אין שונא׳ס לאַנד, צו טהון אַלץ, וואָס איז נאָר נויטיג, כדי צו ראַטעווען די, וואָס זיינען אין אַ סכנה ביי די נאַציס.

אַזוי־אַרום איז דער דאָזיגער אונטערערדישער פּרואוו צו ראַטעווען אידען אַרויס אויף דער אויבערפלאַך. נאָך דער ערשטער לייסענס זיינען געקומען ווייטערע. געלט האָט אָנגעפאַנגען צו שטראָמען. עס האָט זיך אַנטוויקעלט אַ געיעג צווישען געלט און דעם מענשליכען בלוט, וואָס איז געוואָרען פאַרגאָסען אין אייראָפּע.

אָבער, ליידער, בערג מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרען וואָלטען נישט געווען אימשטאַנד צו פאַרהאַמעווען דעם ים פון בלוט פון מיליאָנען אידען. און דאַריבער זיינען אפשר בלויז ווינציגע טראָפּען פאַרהאַלטען געוואָרען דורך דער אַקציע פון דער איינזאַמער גרופּע פון עסקנים אַרום דעם „ועד ההצלה״ אין יאָהר 1944. ביי אונזער שרעקליכען בלוט־פאַרלוסט בשעת׳ן חורבן זיינען אָבער אויך די ווינציגע טראָפּען, וואָס זיינען געראַטעוועט געוואָרען, זיכער ווערט געווען אַלע קרבנות.

# וועגען מופטי׳ס ראָל אין די נאַצישע מאָרד־פּלענער *)

וועןעס איז מיט אַ צייט צוריק געקומען די ידיעה, אַז דעם מופטי׳ס אַ קוזין איז דערלויבט געוואָרען צוריקצוקומען קיין ארץ־ישראל, פון וואַנען ער איז געווען אַרויסגעשיקט פאַר זיינע פּאָגראָם־אַקטיוויטעטען געגען אידען און העצעס געגען די ענגלענדער, איז אויסגעלופטערט געוואָרען אויפ׳ס ביי די גאַנצע געשיכטע אין שייכות מיט אָט דעם פאַרשוין און אויך מיט זיין קוזין, דעם געוועזענעם מופטי.

דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט עדגאַר מאָורער האָט אין שייכות מיט דעם געהאַט פאַרעפענטליכט סענסאַציאָנעלע פאַקטען, באַזירט אויף אַן ערקלערונג פון ד״ר רודאָלף קאַסנער אין זשענעווע וועגען דעם מופטי׳ס פאַרברעכערישע טעטיגקייטען.

אין זיין ערקלערונג גיט איבער ד״ר קאַסנער, וואָס פאָן ווישליצעני, אַ נאָהענטער מיטאַרבייטער פון דעם געסטאַפּאָ־ספּעציאַליסט פאַר אידישע ענינים, אייכמאַן, האָט דערצעהלט איהם, קאַסנער׳ן, און צוויי אַנדערע אידען, אינזשינער שטיינער און הרב מיכאל בער וויסמאַנדעל וועגען דעם מופטי׳ס שענדליכע ראָל. פאָן ווישליצעני האָט נעמליך דערצעהלט, אַז דער מופטי האָט מעהרערע מאָל פאַרגעלייגט פאַר היטלער׳ן און ריבענטראָפּ׳ן אויסצוראָטען דאָס אייראָפּעאישע אידענטום, כדי אַזוי־אַרום צו „לייזען״ די פראַגע וועגען ארץ־ישראל.

*) דער אַרטיקעל איז געווען געדרוקט אין „לאַנדסבערגער לאַגער־צייטונג״ פון 3־טען מאַי, 1946 (אויך אין „מאָרגען־זשורנאַל״). אַ פאָטאָסטאַט פון דער „לאַנדסבערגער לאַגער־צייטונג״ מיט׳ן אַרטיקעל געפינט זיך אויף זייט 96.

דער מופטי, הייסט עס, האָט צוזאַמען מיט אייכמאַנ׳ען באַזוכט די גאַז־קאַמערען אין אוישוויץ, כדי זיך צו איבערצייגען, ווי גרינדליך די פאַר־ניכטונג פון אידען ווערט דורכגעפיהרט. אייכמאַן האָט געזאָגט צו קאַסנער׳ן אין בודאַפּעסט דעם 4־טען יוני 1944: „איך בין אַ פּערזענליכער פריינט פון מופטי. מיר האָבען איהם צוגעזאָגט, אַז קיין אייראָפּעאישער איד וועט נישט אַריין קיין ארץ־ישראל״.

אָט די דערקלערונג פון ד״ר קאַסנער איז זעהר וויכטיג. עדגאַר מאַורער ציהט פון איהר די געהעריגע קאָנסעקווענצען. ער פאָדערט, אַז דער מופטי זאָל פאַרנעמען זיין פּלאַץ אויף דער אָנקלאַגע־באַנק צוזאַמען מיט זיינע שותפים, די נאַצי־באַנדיטען, וואָס האָבען אויסגעפיהרט דעם מאָרד־פּלאַן. דער מופטי איז עטליכע מאָל אָפען ארויסגעטראָטען פאַר די נאַציס און זיי צוגעזאָגט די אונטערשטיצונג פון די אַראַבער. אַנשטאַט אָבער צו רופען איהם היינט צו פאַראַנטוואָרטליכקייט, האָט מען איהם געגעבען אַ שעהנע ווילע אין פראַנקרייך, און מען מאַכט נאָך באַמיהונגען צו דערלויבען איהם צוריקצוקעהרען זיך קיין ירושלים.

האַלט איך פאַר וויכטיג צוצוגעבען צו דער געשיכטע, וואָס מאורער האָט פאַרעפענטליכט, פאָלגענדען זעהר כאַראַקטעריסטישען פאַקט:



היטלער און דער מופטי אין אַ פריינדליכען שמועס . . . (פון אַן אַראַבישער צייטונג)

אין די לעצטע חדשים פון דער מלחמה זיינען געפיהרט געוואָרען אונטערהאַנדלונגען צווישען אַ שליח פון „ועד ההצלה" און הימלער׳ן, ווי אויך אַנדערע הויכע געסטאַפּאָ־באַאַמטע, וועגען ארויסלאָזען די לעצטע אידען לעבעדיג פון די נאַצישע לאַגערען אין די נייטראַלע לענדער. די געשיכטע פון די דאזיגע פאַרהאַנדלונגען און דאָס איבערשיקען זיי קיין אַמעריקע איז איינע פון די שפּאַנענדסטע „אנדערגראונד"־מעשיות פון דער מלחמה, און איך וועל עס נאָך באַשרייבען אויפ׳ן יסוד פון אויטענטישע מאַטעריאַלען, וועלכע איך האָב ביי זיך.

בשעת די דאָזיגע פאַרהאַנדלונגען און אויך פריהער, ווען מען האָט גערעדט וועגען ראַטעווען אידען אין געוויסע לענדער, איז געוואָרען באַטאָנט מצד די נאַציס, אַז אויב מען וועט די אידען אַרויסלאָזען פון נאַצי־באַהערשטען געביט, דאַן מוז מען פאַר די אידען האָבען צוגעגרייטע פּלעצער, וואו זיי זאָלען זיך קענען באַזעצען. די שווייץ אָדער שפּאַניע — מען האָט גערעדט פון די צוויי לענדער אַלס אונמיטעלבאַרע אויפנאַם־פּלעצער פאַר די אידען — קענען די אידען ביי זיך נישט באַהאַלטען אויף תמיד, און אפילו ווען זיי וואָלטען נישט פאַרלאַנגט קיין גאַראַנטיעס, אַז די אידען וועלען האָבען וואו צו געהן — מוזען די נאַציס אַזעלכע פאַרזיכערונגען באַקומען.

דער שליח פון „ועד ההצלה" האָט דאַן געשטעלט אַ פּשוט׳ע פראַגע: צוליב וואָס מוז מען דאָס פאַרזיכערן פאַר דער נאַצי־רעגירונג, אַז די אידען וועלען פון די אייראָפּעאישע לענדער אַוועק? וועלכען אינטערעס האָט זי אין דעם? האָט מען לכתחלה אויף דעם נישט געענטפערט זאַכליך, נאָר געזאָגט, אַז „אַזוי מוז עס זיין".

די שטעלונג פון דער געסטאַפּאָ איז געווען זעהר מיסטעריעז. אויפ־געקלעהרט האָט זיך דאָס אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום.

דער שליח פון „ועד ההצלה" האָט געבראַכט פאַר די נאַציס אַ קאָנ־קרעטען פאָרשלאַג, אַז די אידען, וואָס מען וועט באַפרייען און אַרויסלאָזען וועלען האָבען אַלע סערטיפיקאַטען אויף באַזעצען זיך אין ארץ־ישראל.

אויף דעם איז מאָמענטאַל געקומען די רעאַקציע: ניין! דאָס קומט נישט אין באַטראַכט. איבעראַל יאָ, נאָר קיין ארץ־ישראל נישט. פאַרקעהרט: מען מוז האָבען וויזעס קיין אַמעריקע, כדי עס זאָל לפּחות זיין אַ וואַהרשיינ־ליכקייט, אַז פון די נייע פּלעצער וועלען די אידען נישט פאָהרען קיין ארץ־ישראל.

אָט די שטעלונג איז געווען אַ גרויסע איבערראַשונג. מען האָט דוקא געוואוסט, אַז די נאַציס האָבען אַ קליינע צאָל אידען במשך דער מלחמה אויס־געטוישט אויף ארץ־ישראל׳דיגע דייטשען, האָט מען דאריבער ערוואַרט, אַז זיי וועלען זיך אָנכאַפּען אין דעם פאָרשלאַג, אַז די באַפרייטע אידען זאָלען

אַלע געהען קיין ארץ־ישראל. פאַרוואָס איז אַלזאָ ארץ־ישראל פּלוצים געוואָרען „טריף" ביי די נאַציס?

איז דאַן שוין קלאָר געוואָרען, אַז די נאַציס האָבען עפּעס אַ געהיימע פאַרפליכטונג נישט צוצולאָזען קיין גרעסערע אידישע עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל. די אידען, וואָס זיינען אויסגעטוישט געוואָרען געגען ארץ־ישראל־נאַציס — דאָס איז נאַטירליך אַ גאַנץ אַנדערער ענין. דאָ האָבען די נאַציס געמוזט „באַצאָהלען" מיט אידען פאַר ארץ־ישראל־דייטשען. אָבער דאָס בילד איז פולשטענדיג פאַרענדערט, ווען דער פרייז איז ניט געווען קיין פאַלעסטינעזישער נאַצי.

דאָס התחייבות לגבי דעם מופטי איז, ווייזט אויס, געווען אַזוי שטאַרק און אַזוי פאַרפליכטענד, אַז ווען מען האָט אפילו געוואָלט, צוליעב געוויסע סיבות, אָפּשטעלען דעם באַשלאָסענעם מאָרד־פּראָצעס לגבי די נאָך לעבעדיגע אידען — האָט מען נאָך אויך נישט געקענט פאַרקוקען אויף דער התחייבות. מען האָט נאָך אַלץ באַדאַרפט זיין „אין אָרדנונג" לגבי דעם שותף, אָדער בעסער געזאָגט: לגבי דעם אינספּיראַטאָר צום מאָרד. מען האָט געוואָלט בלייבען „קאָרעקט" לגבי אַמין־אל־הוסייני'ן: „מיר האָבען זיך מתחייב געווען צו הרג'ענען די אידען, כדי זיי זאָלען נישט קומען קיין ארץ־ישראל" — איז געווען די נאַצישע לאָגיק — „אויב דאָס ביסעל אידען וועט געהן קיין אַמעריקע, וועלען זיי אָבער זיך נישט באַזעצען אין ארץ־ישראל, דאַריבער זיינען מיר אין אָרדנונג!".

הרב מיכאל בער וויסמאַנדעל און ה' יצחק שטערנבוך אין דער שווייץ האָבען דאַן אָנגעפאַנגען צו אַלאַרמירען וועגען אַמעריקאַנער פּאַספּאָרטען, כדי צו באַפרידיגען דעם בלוט־דורשטיגען געסטאַפּאָ'ניק. אין אַמעריקע איז דאַן נאַטירליך נישט געווען באַוואוסט, אַז די דאָזיגע דאָקומענטען זיינען די איינציגע רעטונגס־מעגליכקייט, ווייל אין בערלין אָדער ערגעץ־וואו אין דייטשלאַנד האָט געלעבט דער מופטי אַמין־אל־הוסייני און האָט פּרעזענטירט פאַר דער געסטאַפּאָ אַ התחייבות, אַז קיין אידישער פּליטים־שטראָם וועט נישט דערלאָזט ווערען קיין ארץ־ישראל. די „באַנדיטען־עהרע" פון די נאַציס האָט זיי נישט ערלויבט צו ברעכען זייער וואָרט אפילו ווען זיי האָבען שוין געזעהען דעם סוף. די „עהרע" פון אַראַבישען נאַצי ערלויבט איהם אָבער צו באַהאַלטען זיך היינט ערגיץ אין פראַנקרייך און נישט אַרויסקומען מיט אַן ערקלערונג, אַז ער האָט מיטגעהאָלפען אין דעם מאָרד פון מיליאָנען אייראָפּעאישע אידען, כדי אָפּצוווענדען די „סכנה" פון אַ אידיש ארץ־ישראל.

וועט עס טאַקע געלינגען ווייטער צו באַהאַלטען דעם אמת? איז נישט ענדליך געקומען די צייט צו פאַראייניגען דעם גאַנצען אַנטיסעמיטישען איינ־

טערנאַציאָנאַל, די אידען־מערדער שטרייכער און אמין־אל־הוסייני, מיט אַלע אַנדערע שותפים און זיי געבען דעם פסק־דין, וועלכען זיי פאַרדינען?

די שאלה שטעלען מיר עפענטליך.

דאָס געוויסען פון דער וועלט, אויב עס עקזיסטירט נאָך, פאָדערט אַ קלאָרע תשובה.

# דער ווידוי פון שטן

## (די מעמואַרען פון געבעלס׳ן)

זעלטען ווען עס איז פאַר אונז געווען אַ בוך, וואָס קאָן אויפדעקען אַזוי פיל סודות פון דער נאָהענטער פאַרגאַנגענהייט, ווי די בלעטער פון ספר הזכרונות פון היטלער׳ס הויפט־יועץ, פאול יאָזעף געבעלס, ימח שמו, וואָס דער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט לואיס פ. לאָכנער האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק אַרויסגעגעבען אין אַן ענגלישער איבערזעצונג, אַלס אַ באַזונדער בוך.

די בלעטער זיינען געפונען געוואָרען אין בערלין, דורך די רוסען, אין יאָהר 1945, אין הויף פון פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטעריום. צוזאַמען מיט נאָך טויזענטער אַנדערע האַלב־פאַרברענטע אַקטען זיינען די בלעטער פון גע־בעלס׳עס טאָג־בוך פאַרקויפט געוואָרען אויף מאַקולאַטור. דורך אַ צופאַל האָט אַן אַמעריקאַנער אין בערלין אַנטדעקט וואָס די בלעטער שטעלען מיט זיך פאָר.

עס איז נישט שווער געווען, אגב, פאַר מענשען, וואָס זיינען באַקאַנט געווען מיט׳ן נאַצי־רעזשים, פעסטצושטעלען ווער עס איז דער מחבר פון די 7,000 מאַשין־געשריבענע בלעטער. דער מחבר האָט נישט פאַרהוילען זיין אידענטיטעט און געשריבען וועגען זיך אַזוי קלאָר, אַז עס איז נישטאָ דער מינדעסטער ספק. חוץ דעם זיינען צווישען די פּאַפּירען געלעגען פּערזענליכע אַקטען פון געבעלס׳ן, זיינע שטייער־צעטלען, בריוו, הכנסה־חשבונות, א. א. וו. אַלץ צוזאַמען גיט אַן „אינטים״ בילד פון דעם פּאַרשוין, וואָס איז געווען די „רעכטע האַנט״ פון היטלער׳ן און זיין נאָהענטסטער פאַרטרויטער.

פאַר געבעלס׳ן האָט היטלער נישט געהאַט קיין סודות. אַלץ האָט ער איהם דערצעהלט. און הגם מיר האָבען אויך פריהער געוואוסט, אַז אַ סך פון די טייוועלשע פּלענער פון היטלער׳ן זיינען געבוירען געוואָרען אין קאָפּ

פון זיין פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער, ווערט עס אָבער איצט פולשטענדיג קלאָר. פּאול יאָזעף געבעלס האָט אָפּט „אונטערגערוקט" זיין מייסטער אַ געדאַנק, אין וועלכען יענער האָט זיך אָנגעכאַפּט. דיביידע מחבלים זיינען געווען ריכטיגע שותפים.

די בלעטער זיינען, לײדער, נאָר אַ טייל פון געבעלס'עס טאָג־ביכער; דער רעשט איז, ווייזט אויס, פאַרניכטעט געוואָרען אין דער מהומה פון באָמבאַרדירטען בערלין. די 7,000 בלעטער נעמען ארום די תקופה פון 21־טען יאַנואַר 1942 ביז'ן 9־טען דעצעמבער, 1943, אָבער אויך אין דערמיט פעהלען טייל־מאָל גאַנצע חלקים (למשל, פון 23־טען מאַי ביז'ן 7־טען דעצעמבער, 1942, און אויך פון 21־טען דעצעמבער ביז'ן 1־טען מערץ 1943 איז דאָ אַ „לאָך"; ווייטער פעהלען די חדשים יוני, יולי, אויגוסט און אָקטאָבער 1943).

די דערהאַלטענע בלעטער זיינען איצט נישט אין גאַנצען אָפּגעדרוקט געוואָרען. דער באַנד, וואָס ליגט פאַר אונז (566 זייטען שטאַרק), איז נאָר אַ קליינער, פאַרהעלטעניסמעסיג, אויסצוג פון די טאָג־ביכער. לואיס לאָכנער, וואָס איז געווען במשך 20 יאָהר דער בערלינער קאָרעספּאָנדענט פון „אַסאָשי־אייטעד פּרעס" און וואָס איז אויסגעצייכענט באַהאַוועגט אין די סודות פון דער נאַצי־מלוכה, האָט אויסגעקליבען די בלעטער, וואָס האָבען איהם אויסגעוויזען אַלס די וויכטיגסטע, זיי איבערזעצט אויף ענגליש און פאַרזעהן מיט אַ קורצען פּירוש, וואו עס איז געווען נויטיג (למשל, געגעבען תמיד אַ פּאָר שורות אויפ־קלערונג וועגען יעדען נאָמען, וואָס געבעלס ציטירט איהם).

נאַטירליך איז די אַרבייט פון לאָכנער'ן אַ גאָר וויכטיגע. אָבער עס איז באמת אַ שאָד, וואָס מען האָט נישט אַרויסגעגעבען דעם גאַנצען מאַטעריאַל, וואָס איז פאַרבליבען. ווייל מיר זיינען זיך משער, אַז דער טייוולאָנישער בעל־יועץ פון היטלער'ן האָט נאָך פיל מעהר סודות אָנפאַרטרויט זיינע מעמואַרען, ווי די וואָס זיינען איצט פאַרעפענטליכט געוואָרען. געבעלס האָט יעדען טאָג דיק־טירט זיין צושטייער צום „ספר הזכרונות". פאַרוואָס זאָלען מיר נישט קענען אַלץ פון איהם הערען? דער וידוי פון דער בעסטיע וואַרפט דאָך אַ ניי ליכט אויף אַ סך פראַגען; און לאָכנער האָט זיין אַרבייט געמאַכט לויט זיין אינדיווידועלען איינזעהן. ווען אַלץ וואָלט פאַר אונז געווען צוגענגליך, וואָלטען מיר נאַטירליך נישט געווען אָנגעוויזען אויף דעם, וואָס לאָכנער האָט געהאַלטען פאַר גענוג וויכטיג אויף צו ווערען אָפּגעדרוקט.

דאָס בילד, וואָס מיר מאַכען זיך פון נאַצי־דייטשלאַנד אויפ'ן סמך פון געבעלס'עס מעמואַרען, איז, אַז די מחבלים האָבען געזעהן דאָס אָנקומען פון זייער אונטערגאַנג נאָך אַ צוויי יאָהר פאַר'ן צוזאַמענברוך. ווען די אינוואַזיע פון אייראָפּע וואָלט געווען צושטאַנד געקומען מיט אַ יאָהר פריער, ווי זי איז פאַקטיש פאָרגעקומען, וואָלט די דייטשע פאַרטיידיגונג געווען אַ גאָר שוואַ־

כע. אַלע זייערע כחות זיינען געווען דאַן פאַרנומען אין רוסלאַנד. דאַריבער איז דער הויפּט־פאַרטיידיגער געווען — געבעלס מיט זיין „בלאַף״, מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט, כדי אָנצושרעקן דעם שונא, כסדר געלאָזט גאוה׳דיגע נאָטיצן לויפן אין דער פּרעסע: „אדרבא, זאָלן זיי קומען! מיר וועלן זיי ווייזן!...״ אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען אַ געוויסע צייט.

צו וועלכע ראַפינירטע „טריקס״ ער האָט זיך גענומען, קען מען זעהן פון פאָלגענדן פאַל, וועלכן ער דערצעהלט. אין זומער 1942 האָבן די דייטשען געפּלאַנט אַן אָפענסיווע אין רוסלאַנד אויפ׳ן דרום׳דיגען סעקטאָר פון דעם פראָנט. נאַטירליך האָבן זיי געוואָלט דאָרט אָנטרעפן אויף דעם שוואַכסטען ווידערשטאַנד. וואָס האָט געבעלס דערצו געטאָן? ער האָט גענומען אַ זשורנאַליסט מיט׳ן נאָמען קריעג (דעם פראָנט באַריכט־געבער פון דער „נאַכט־אויסגאַבע״ און „לאָקאַל־אנצייגער״) און איהם אַוועקגעשיקט קיין ליזבאָן, אין פּאָרטוגאַל. דאָרט האָט ער געדאַרפט זיך שטעלען אין אַ רעסטאָראַן אַלס שיכור און אָנפאַנגען צו דערצעהלען „סודות״ פון פראָנט אין רוסלאַנד. אַזוי ווי ער איז דאָך נאָר וואָס אַליין געווען אויפ׳ן פראָנט וואָלט מען איהם געדאַרפט הערען... און שיכור׳ערהייט האָט דער זשורנאַליסט געדאַרפט דערצעהלען, אַז ער ווייס, אַז עס קומט אַ גרויסע דייטשע אָפענסיווע אין צענטראַלען סעקטאָר פון פראָנט! די נייטראַלע און פיינדליכע זשורנאַליסטען, וואָס וועלן דאָס הערען, האָט געבעלס דער „כיטראַק״ געקלערט, וועלן דאָס תיכף טעלעגראַפירען וואו מען דאַרף און רוסלאַנד וועט צוגרייטען די הויפּט־פאַרטיידיגונג נישט אין דרום, נאָר אין צענטער.

פאַרשטעהט זיך, אַז היטלער האָט געקוואָלען פון אַזעלכע איינפאַלען פון זיין פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער. ער האָט איהם צוגעשטעלט כסדר אַזעלכע „לעקעכלעך״, למשל, דעם קאָנפליקט צווישען רוסלאַנד און דער פוילישער גלות־רעגירונג, וואָס געבעלס האָט קונציג אַרויסגערופען און וואָס האָט געהאַט אַנגענומען באַלד דעם כאַראַקטער פון אַ שווערען איינברוך אין דער אַליאירטער פּאָליטישער ליניע. געבעלס רייבט זיך די פינגער פון פרייד נאָך אַזאַ ערפאָלג.

און ווען אַביסעל שפּעטער, נאָך דעם גאַנצען טומעל, ווערט ער געוואָהר, אַז אין קאַטין (וואו מען האָט געפונען די קברים פון די דערמאָרדעטע פּאָליאַקען, וואָס דאָס האָט באַקאַנטליך גורם געווען דעם גאַנצען קאָנפליקט) זיינען אַנטדעקט געוואָרען דייטשע וואָפען, נאַטירט ער: „דאָס מוז בלייבען אַ שטרענגער סוד. אויב דער שונא וואָלט דאָס געוואָהר געוואָרען, וואָלט מען די גאַנצע קאַטין־אַפערע געמוזט אָפּלאָזען״.

מען קען, נאַטירליך, ציטירען אַזעלכע מעשיות אָהן אַ שיעור. געבעלס האָט זיין נאָז אַריינגעשטעקט איבעראַל, געמישט זיך אין אַלע לענדער, אינטריגירט וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. זיין פאַרברעכערישקייט איז אָבער

אין ערגיץ נישט געקומען אַזוי בולט צום אויסדרוק, ווי ביי די אידישע ענינים. דאָרט, וואו ער רעדט וועגן אידען, זעהען מיר דעם שטן אַליין. דאָרט זיינען שוין נישטאָ קיין גרעניצען פאַר זיין מנוול'דיגקייט. עס פעהלען פּשוט ווער־טער כדי איבערצוגעבען, וואָס מען פיהלט ביים לעזען די פילע שטעלעס אין געבעלס'עס מעמוארען, וואָס דערמאָנען די אידען.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז ווען אַ איד נעמט אין האַנט אַריין געבעלס'עס מעמואַרען, ווערט ער דורכגענומען נישט בלויז מיט אֵפשיי — ווי יעדער קול־טורעלער מענש, וואָס באַגעגענט זיך מיט'ן שרייבעכץ פון יענעם אויסוואורף פון דער מענשליכער געזעלשאַפט — נאָר אויך מיט אַ טיפער אויפרעגונג.

מען דערוואַרט — מיט רעכט — צו הערען פון „בייזען גייסט" פון דער נאַצישער מערדער־חברה אַ וואָרט וועגן זייער גרעסטען פאַרברעך, דעם קאַלטבלוטיגען אויסמאָרדען פון זעקס מיליאָן אידען. און אָט די דערוואַר־טונג ווערט ערפילט.

געבעלס דערמאָנט די אידען גאָר אָפט אין די מעמואַרען.

מיר זעהען פון די „זכרונות" פון מחבל, אַז אין די ערשטע חדשים 1942 איז די טייוועלשע מאָרד־מאַשין געוואָרען געלאָזט אין באַוועגונג. דעם 6־טען מערץ, 1942 פאַרנאָטירט געבעלס אין זיין טאָג־בוך: „איך בין אין דער מיינונג, אַז וואָס גרעסער ס'איז די צאָהל ליקווידירטע אידען, אַלץ מעהר קאָנסאָ־לידירט וועט ווערען די לאַגע אין אייראָפּע נאָך דער איצטיגער מלחמה. די אידען זיינען דאָס אומגליק פון אייראָפּע, זיי מוזען ווערען, אויף וועלכען אופן ס'איז, עלימינירט; אַנדערש, זיינען מיר אין סכנה צו ווערען עלימינירט דורך זיי".

נישט לאַנג האָט גענומען ביז די „ליקווידאַציע־פּלענער" זיינען גע־וואָרען פולקאָם רייף ביי די מערדער, וואָס האָבען אין זייער האַנט געהאַט כמעט גאַנץ אייראָפּע. דעם 27 טען מערץ, 1942, ד. ה. דריי וואָכען שפּעטער נאָך דער דערמאָנטער אויפצייכנונג, איז אַלץ שוין גרייט. געבעלס דיק־טירט דאַן אין זיין טאָג־בוך: „אָנהויבענדיג מיט לובלין, ווערען די אידען אין גענעראַל־גאָווערנעמענט (ד. ה. פּוילען) איצט עוואַקואירט קיין מזרח. די פּראָ־צעדור איז אַ נישט־קשה'דיג באַרבאַרישע און דאַרף דאָ נישט גענויער באַ־שריבען ווערען. עס וועט קיין סך פון די אידען נישט איבעריג בלייבען. אין אַלגעמיין קאָן מען זאָגען, אַז בערך 60 פּראָצענט פון זיי וועט דאַרפען ווערען ליקווידירט, בשעת נאָר 40 פּראָצענט קאָן ווערען באַנוצט פאַר צוואַנגס־אַר־בייט".

מיט אַזאַ קאַלטבלוטיגקייט האָט דער רוצח געשריבען וועגען די הונ־דערטער טויזענטער קינדער, פרויען און זקנים, וועלכע מען האָט אָנגעפאַנגען צו „ליקווידירען"! די „60 פּראָצענט" — דאָס זיינען דאָך די קינדער, פרויען און זקנים, וועלכע זיינען נישט פעהיג פאַר צוואַנגס־אַרבייט. די אַרבייט איז

איבערגעגעבען געוואָרען — ווי געבעלס שרייבט — „דעם פריהערדיגען גאו־לייטער פון וויען", וועלכער דאַרף דאָס טייוועלשע ווערק דורכפירען, „מיט פאַרזיכט" און „לויט אַ מעטאָדע, וואָס ציהט ניט צופיל אויפמערקזאַמקייט". דער אַרויסגעבער פון טאָג־בוך, לאָכנער, וועלכער גיט איבעראַל אַן אויפ־קלערונג, וואו געבעלס רעדט ברמז, האָט נישט צוגעגעבען קיין פירוש וועגען „פריהערדיגען גאו־לייטער פון וויען", וואָס איז געוואָרען באַאויפטראַגט מיט דער מאָרד־מלאכה. אין ווירקליכקייט איז דאַרונטער געמיינט גלאָבאָטשניק, איינער פון די בלוטיגסטע הינט פון דער נאַצישער אַדמיניסטראַטיווער מאַ־שין.

געבעלס באַנוצט דעמזעלבען טאָג נאָך אַמאָל דאָס וואָרט „באַרבאַריש" אין שייכות מיט דער ליקווידאַציע פון די אידען. ער זאָגט: „מען האָט אויף די אידען אַרויפגעלייגט אַ משפט, וואָס — הגם ב אַ ר ב אַ ר י ש — איז עס דורך זיי פולשטענדיג פאַרדינט". און ער גיט צו: „די נבואה, וואס דער פיהרער האָט איבער זיי געמאַכט צוליב'ן גורם זיין אַ נייע וועלט־מלחמה, הויבט אָן מקויים צו ווערען אויפ'ן שרעקליכסטען אופן. מען טאָר נישט זיין סענטימענטאַל אין די דאָזיגע ענינים. אויב מיר וואָלטען נישט געקעמפט גע־גען די אידען, וואָלטען זיי אונז צעשטערט. דאָס איז אַ פאַרמעסט אויף טויט אָדער לעבען צווישען דער אַרישער ראַסע און דעם אידישען באַציל. קיין שום אַנדערע רעגירונג און קיין שום אַנדערער רעזשים וואָלט נישט געהאַט דעם כח פאַר אַזאַ גלאָבאַלער לייזונג פון דער דאָזיגער פראַגע".

צוליב דער מלחמה, שרייבט ווייטער געבעלס, זיינען דאָ גרעסערע מעגליכקייטען אויסצופיהרען דעם פאַרניכטונג־פּלאַן לגבי די אידען. „מיר מוזען פּראָפיטירען פון דעם", גיט ער צו מיט אַ נישט־דערהערטען ציניזם. און ער אַנטוויקעלט דעם גאַנצען פּראָגראַם: „די געטאָ'ס, וואָס וועלען ווערען אויסגעליידיגט אין די שטעט פון גענעראַל־גאָווערנעמענט, וועלען ווערען איצט ווידער אויסגעפּולט מיט אידען, וועלכע מען וועט אַרויסוואַרפען פון רייך. דעם פּראָצעס וועט מען איבער'חזר'ען פון צייט צו צייט. דאָס איז גאָר נישט קיין שפּאַס פאַר די אידען, אָבער דער פאַקט, אַז די אידישע פאַרשטעהער אין ענגלאַנד און אַמעריקע אָרגאַניזירען און אונטערשטיצען די מלחמה געגען דייטשלאַנד, מוז טייער באַצאָלט ווערען דורך זייערע פאַרשטייער אין אייראָפּע, און דאָס איז נישט מעהר ווי רעכט".

פון די טאָג־ביכער ווערט קלאָר, אַז די חברה אין בערלין האָט געקריצט מיט די ציין ביי יעדער געלעגענהייט, ווען עס האָט זיך געלאָזט הערען אַ אי־

דישע שטימע אין די אַליאירטע לענדער בשעת דער מלחמה. דאָס האָט צוגע־גאָסען אויל צום פייער.

זעהר כאַראַקטעריסטיש איז דאָס וואָס געבעלס שרייבט דעם 13־טען דע־צעמבער, 1942, ווען די וועלט האָט אויפגעציטערט פון די באַריכטען איבער די מאַסען־שחיטות אויף אידען. „די פראַגע פון דער אידען־פאַרפאָלגונג אין אייראָפּע ווערט געגעבען אַלס ערשטע נייעס דורך די ענגלענדער און די אַמע־ריקאַנער. אָבער אין גרונד, גלויב איך, — שרייבט געבעלס — זיינען סאַי די ענגלענדער, סאַי די אַמעריקאַנער גליקליך דאַריבער וואָס מיר עקסטערמי־נירען דאָס אידישע געזינדעל".

דעם 18טען דעצעמבער, 1942, נאָטירט ווייטער געבעלס: „די אידישע פראַגע ווערט גרויס אויפגעשפּילט דורך די פיינדליכע און נייטראַלע פּרעסע־אַגענטורען. די שוועדען פּראָטעסטירען אויף אַ היפּאָקריטישען אופן געגען אונזער באַהאַנדלען די פּוילישע אידען, אָבער פאַר קיין פאַל זיינען זיי גרייט אויפצונעמען זיי אין זייער לאַנד. די פיהרענדע צייטונגען פון שטאָקהאָלם וואָרנען מיט נאָכדרוק געגען אויפדרענגען זיי די וואַרשאווער געטאָ. עס וואָלט וואַרשיינליך געווען אַ גוטע זאַך, ווען די שוועדען וואָלטען אַריינגע־לאָזט עטליכע טויזענט אַזעלכע אידען אין זייער לאַנד. דאָס וואָלט זיי געגעבען אַ פּראַקטישע לעקציע וועגען דער אידען־פראַגע. זיי וואָלטען דאַן זיכער פיל בעסער פאַרשטאַנען אונזער האַנדלונג ווי דאָס איז היינט דער פאַל".

אָט אַזעלכע מסקנות האָט דעד נאַצישער משחית געצויגען פון פאַקט, וואָס די וועלט האָט זיך באַנוגענט מיט בלויז וואַרימע פּראָטעסטען. ער האָט, מיט זיין „מצח אשה זונה" נאָך גע'עצה'ט די נייטראַלע לענדער אַריינצולאָזען אַביסעל „אַזעלכע" אידען, כדי זיך צו איבערצייגען, ווי „גערעכט" די נאַצישע מערדערייען זיינען !...

עס ווערט פאַרגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערען, ווען מיר דענקען אַביסעל צוריק און שטעלען זיך פאָר, וויפיל אידישע לעבענס וואָלטען געווען געראַטעוועט, ווען די נאַצים וואָלטען גראָד יאָ געווען געזעהען, אַז די וועלט נעמט זיך אָן פאַר די פאַרפאָלגטע און פאַרפייניגטע אידען נישט בלויז מיט אַ פּראָטעסט, נאָר טאַקע מיט מעשים. די טאָג־ביכער פון געבעלס'ען וואָלטען געדאַרפט ניט איין אַליאירטען מלוכה־מאַן געבען אַ געלעגענהייט נאָכצו־קלערען איבער דעם וואָס איז געשעהען מיט די אידען בשעת דער מלחמה. פון וואַנען האָט די בעסטיע געוואוסט, אַז מען איז אין ענגלאַנד און אַמעריקע „גליקליך איבער דער עקסטערמינאַציע" ? ווי פאַלט ער אויס אַזוי צו קלערען?!

די שרעקליכע גיפט, וואָס איז אַנטהאַלטען אין יעדען וואָרט פון גע־בעלס'ען איבער אידען, ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ מין קאָנסטערנאַציע, ווען

ער דערוויסט זיך — פון אויפשטאַנד אין װאַרשעװער געטאָ. קודם איז נאָך דאָ אַן אַנדערער טאָג. דעם 25טען אַפּריל, 1943, שרייבט ער: „פון אַ ראַפּאָרט פון די אָקופּירטע געביטען דערוויס איך זיך, אַז אַ ריכטיג גראָטעסקע סיטואַציע האָט זיך געשאַפען אין װאַרשע. די אידען האָבען פּראָבירט צו פאַרלאָזען די געטאָ דורך אונטערערדישע גענג. אויף דעם אַרויף האָט מען די אונטערערדישע גענג פאַרגאָסען מיט וואַסער. די געטאָ איז איצט אונטער אַרטילעריע פייער, ווען אַזעלכע באַדינגונגען הערשען אין אַן אָקופּירטער שטאָט, קאָן מען זי זיכער נישט אָנרופען פּאַציפיצירט. עס איז שוין הויך די צייט, אַז מיר זאָלען אַזוי שנעל ווי מעגליך עוואַקואירען די אידען פון גענעראַל־גאָווער־נעמענט".

ווי מיר זעהען, האָט ער לכתחילה אויפגעפאַסט די געשעהעניש אַלס אַ פּשוט׳ען אינצידענט ביים כאַפּען די אידען אין די אונטערערדישע גענג. אָבער 6 טעג שפּעטער, דעם 1טען מאַי, 1943, רעדט געבעלס גאַנץ אַנדערש: „ראַפּאָרטען פון די אָקופּירטע געביטען", שרייבט ער, „אַנטהאַלטען נישט קיין סענסאַציאָנעלע נייעס. דאָס איינציגע, וואָס איז כדאי צו נאָטירען, זיינען די אויסעראָרדענטליך ערנסטע קאַמפען אין װאַרשע צווישען דער פּאָליציי און אפילו אַ טייל פון אונזער וועהרמאַכט פון איין זייט און די אויפשטענדישע אידען פון דער אַנדערער. די אידען איז שליסליך געלונגען צו מאַכען פון גע־טאָ אַ דעפענסיווע פּאָזיציע. שווערע צונויפטרעפען ווערען אויסגעפאָכטען דאָרט, וואָס האָט אפילו געברענגט די הויכע אידישע קאָמאַנדע צום אַרויסגע־בען טעגליכע קאָמוניקאַטען. נאַטירליך, וועט דער שפּאַס נישט דויערען לאַנג. אָבער דאָס ווייזט וואָס מען קען דערוואַרטען פון די אידען, ווען זיי באַזיצען געווער. ליידער זיינען אַ טייל פון זייערע וואָפען — גוטע דייטשע, באַזונדער מאַשינען־געוועהרען. דער הימעל אַליין ווייסט, ווי אַזוי זיי האָבען דאָס באַ־קומען".

מיר זעהען, אַז ביי געבעלס׳ען שלאָגען זיך דאָ צוויי געדאַנקען: פון איין זייט חוזק׳ט ער אָפּ פון דער „אידישער הויכער קאָמאַנדע", אָבער פון דער אַנדערער זייט שטוינט ער איבער דער העלדישקייט פון די אידישע קעמ־פער, וואָס האָבען זיך פאַרבאַריקאַדירט אין געטאָ און האָבען גאָר גוטע דייטשע געוועהר! און זיין טמא׳דיגען מח עגבערט, באַדאַי אויף אַ מינוט, די שאלה: וואָס וואָלט געווען, ווען די אידען האָבען טאַקע געוועהר?

אָט די פראַגע וואָלטען זיך געדאַרפט שטעלען אויך אַנדערע, חוץ גע־בעלס׳ען.

(„מאָרגען זשורנאַל", י״ח אב, תש״ח — 23 אויגוסט, 1948)

# "MADE IN GERMANY"

וואָס מען וואָלט געקאָנט זאָגען אויפ'ן אידישען פאָלק אין וועלכע עוולות מען וואָלט געקענט פאַרהאַלטען די אידען, אָבער אַז זיי האָבען אַ קורצען זכרון האָט נאָך קיינער ניט געוואָגט צו באַהויפּטען. אַז אידען וועלען קענען במשך ווינציגע, ממש לעכערליך ווינציגע יאָהרען פאַרגעסען דעם פאַר־ברעך, וואָס די דייטשע מערדער־נאַציע האָט אָקאָרשט אָפּגעטאָן, און זיך באַנע־מען לגבי די דייטשען ווי עס וואָלט גאָר נישט פאָרגעקומען, דאָס האָט זיך קיינער נישט געקענט פאָרשטעלען.

מיר זיינען אַ פאָלק, וואָס האָט ביז איצט נישט פאַרגעסען עמלק'ן, וועל־כער האָט זיך אויף אונזערע עלטער־עלטער־זיידעס פאַרמאָסטען. טויזענטער יאָהרען טראָגען מיר אין אונזער נשמה דעם צער און ווייטאָג פון יענע געשעהע־נישען, „מלחמה לד' בעמלק מדור דור". מיר האָבען נישט פאַרגעסען נבוכדנצר'ן, מיר גדענקען טיטוס'ן. שפּאַניע איז ביי אונז פאַרשאָלטען באַלד פינף הונדערט יאָהר. כמיעלניצקי איז ביי אונז איינגעקריצט אין געדעכעניש אַלס סימבאָל פון באַנדיטיזם און יעדעס אידישע האַרץ וואָלט גיכער געפּלאַצט ווי צו האָבען וועלכע מגע־משא מיט יענע אויסוואורפען, וואָס האָבען זיך באַ־פלעקט די הענט מיט אונזער בלוט. אָבער די נאַציס, די דייטשע בעסטיעס, וואָס האָבען ערשט אויסגעמאָרדעט זעקס מיליאָן אידען, האָבען מיר כמעט פאַרגעסען.

עס איז אונגלויבליך, ווי ווייט הפקר מיר זיינען געוואָרען ביי זיך אַליין. עס פעהלט יעדע זעלבסט־אַכטונג ביי אונז אויב אַזעלכעס קען פאָרקומען.

אין ניו יאָרק עקזיסטירט א אידישע פירמע, איינע פון די גרעסטע אין אַמעריקע, אַ דעפּאַרטמענט־סטאָר פון וועלט־פּאַרנעם, געגרינדעט פון אידען, געפיהרט פון אידען און — וואָס דער עיקר איז — איהרע קונים זיינען אין גרעסטען רוב אידען. דאָס איז גימבעלס־בראָדערס. האָט זיך פון דאָזיגען דע־פּאַרטמענט־סטאָר באַוויזען לעצטענס אַזאַ מין אַנאָנס אין די צייטונגען:

„שטעלט אָן אייער אַלאַרם־גלאָק אויף מאָרגען אַכט אַזייגער אין דער פריה. נעמט דעם ערשטען סאָבוועי, צוג אָדער אויטאָבוס, וואָס געהט צו דער 33 טער גאַס. ניט יעדען מאָנטאָג האָט איהר אַזאַ געלעגענהייט זיך איינצושאַפען ווייכע אימפּאָרטירטע... האַנדטאַשען ווי אָט די פּאָר בלויז 13 דאָלאָר. זיי זיינען געמאַכט געוואָרען אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. ווייל זיי זיינען אָנגעקומען נאָך די חגאות, ווערען זיי פאַרקויפט פאַר ווינציגער ווי עס קאָסט זיי צו אימפּאָרטירען. זעהט זייער געגויעע, מיהזעליגע אויסאָר־ביישונג... דעם שטאָלץ פון האַנדווערקערטום, וואָס זיי ווייזען אַרויס ביז צום לעצטען דעטאַיל".

און עס געהט נאָך ווייטער אַ סדרה שבחים אויף דער סחורה, וואָס איז פון גימבעלס־בראָדערס געוואָרען געבראַכט אויף די איסטער־חגאות טאַקע פון יענעם בלוט־באַפלעקטען לאַנד, פון דייטשלאַנד! אוי ווי גוט איז די דאָזיגע סחורה, זאָגט גימבעלס. זי האָט אַלע מעלות, גוט געצייכענט, גוט אויסגעפּאַרטיגט מיט לעדער! „מעיד אין דזשערמעני״!

ווייסט גימבעל בראדערס, אַז די הענט, וואָס האָבען געארבייט די דאָזיגע טאַשען, האָבער ערשט מיט פינף יאָהר צוריק געוואָרפען אידישע קינדער אין דער הויך און תוך־כדי־דיבור־געשאָסען אין זייערע קעפּלעך? נישט מעהר נאָר „פאַר שפּאַס״, כדי אַביסעל זיך מהנה זיין די אידעלע נשמה. די זעלבע הענט האָבען געשלעפּט אידישע פרויען און זקנים צו דער שחיטה, פאַרלאָדען זיי אין וואַגאָנען און געבראַכט קיין אוישוויץ, טרעבלינקע, בעלזעץ די זעלבע הענט,וואָס פּראָדוצירען אַזעלכע אידעלע און ווייכע האַנט־טאַשען, האָבען אַראָפּגעריסען די הויט פון די אידישע גופים אין די לאַגערען און פון זיי אויך געמאַכט טאַשען. אילזע קאָך,אויך אַ טאַש־מאַכערין, קען וועגען דעם עפּעס דערצעהלען. ביי איהר אין ביוראָ זיינען געווען אַזעלכע ווייכע טאַשען, זעהר שעהן אויסגעפּאַרטיגטע, זייער קינסטלעריש געמאַכטע: פון אידישע הויט! ווער ווייסט, צי די ווייכע טאַשען, וואָס גימבעלס בראָדערס אַנאָנסירט, זיינען אפשר אויך פון אַזאַ דעליקאַטען שטאָף. זיי זיינען דאָך „מעיד אין דזשערמעני״!

וויפיל חוצפה, וויפיל הפקרות שטעקט אין אַזאַ אַנאָנס אין ניו יאָרק, וואו עס וואוינען מעהר ווי צוויי מיליאָן אידען, וואו יעדער דריטער מענש איז אַ איד. דוכט זיך, אַז צווישען די צוויי מיליאָן אידען פון ניו יאָרק זיינען דאָ גענוג, וואָס זיינען פּערזענליכע אבלים, וואָס די נאַצי־דייטשען (און זאָל עס געזאָגט ווערען קלאָר און דייטליך: בשעת די מאָרדען זיינען ניט געווען קיין אַנדערע דייטשען, אַלע האָבען גלייך געמאָרדעט, קיינער האָט נישט פּראָטעסטירט) האָבען זיי פאַרגאַזט צי פאַרברענט זייערע נאָהענטסטע קרובים. אין מיטען פון אָט די גואלי־הדם קומט אַ „אידישע פירמע״ און אַנאָנסירט: שטעלט נאָר אָן אייערע אַלאַרם־גלאָקען אויף מאָרגען אַכט אַזייגער אין דער פריה און כאַפּט די מציאה, דייטשע טאַשען זיינען אָנגעקומען, שנעל, מען קען אייך נאָך אויסכאַפּען!

מילא, מען האָט זיי נישט אויסגעכאַפּט. שוין אַ פּאָר טעג זיינען פאַרביי און די טאַשען ליגען נאָך אויף זייער אָרט, ווייל אַמעריקאַנער טאַשען זיינען גאָר נישט ערגער און זי איז גאָר נישט קיין מציאה, די סחורה פון דייטשלאַנד. גימבעלס בראָדערס וועט, דוכט זיך, בלייבען שטעקען מיט דער בלוט־באַפלעקטער סחורה, פּונקט ווי מיט דער ראָזענטהאַל־פּאָרצעלאַנע, וואָס מען קען ביי זיי באַקומען.

אָבער מיר ווילען אַלאַרמירען, אַז דאָס נאַציאָנאַלע געוויסען אונזערס וועט דאָס ניט פאַרשווייגען. קול דמי אחינו צועקים! זאָלען די יעניגע, וואָס האַנדלען

מיט דער פאַרשאָלטענער מדינה און מיט דער פאַרשאָלטענער סחורה וויסען אַז אונזערע מאַרטירער, אונזערע קדושים, מאָהנען זייער רעכט.

איך בין געווען אין די דייטשע לאַגערען קורץ נאָך דער מלחמה און אַביסעל שפּעטער און גענוג געזעהען פון די סחורות, וואָס טראָגען אויף זיך דעם קין־צייכען. איך האָב געזעהן טאַשען, וואָס זיינען פּראָדוצירט פון יריעות פון ספרי־תורה. די „גענויע און מיהזעליגע אַרבייט", דער „שטאָלץ פון האַנדווער־קערטום", וואָס גימבעלס בראָדערס אַנאָנסירט, האָט דאָס אויך געקענט.

וואָס דאַרף מען אָבער געהן אַזש קיין דייטשלאַנד, כדי דאָס צו געפינען. אין „איוואָ", אין ניו יאָרק איז געווען אַן אויסשטעלונג, האָט מען געקענט אָב־קוקען גענוג פון די שעהנע מעשים פון די דייטשע מערדער.

איצט איז יעדער דייטש אַן „אַנשטענדיגער מענש". ער האָט, חלילה, נישט געוואוסט פון די אַלע זאַכען. אויף דער לעצטער אויסשטעלונג פון סחורות, וואָס די אַמעריקאַנער מיליטער־רעגירונג פון דייטשלאַנד האָט געשיקט אין ראָקעפעלער־צענטער, איז אפילו געווען אַ . . . אידישע מנורה! אָט איז דאָס „חזיר־פיסעל כשר". הערר אָטטאָ קליין עט קאָמפּאַני פון דער שטאָדט האנאו־אם מאַין האָט דאָס אַהער געשיקט, כדי אַמעריקאַנער אידען זאָלען זעהן און נתפעל ווערען. אַ קלייניגקייט, אַ מנורה פון דייטשלאַנד!

צווישען די פּאָרצעלאַן־סחורות איז געווען אויף דער אויסשטעלונג אַ גאַנצער סערוויס מיט אַראַבישע אויפשריפטען. איך ווייס נישט צי גימבעלס בראָדערס האָבען דאָס אויך איינגעקויפט. אָבער אויף דער אויסשטעלונג איז דאָס געווען. עס קען זיין, אַז דאָס איז נאָך אַ רעשטעל פון מופטי׳ס כלים, ווען ער איז געווען אין דייטשלאַנד און צוזאַמען מיט׳ן פיהרער געפּלאַנט ווי אויסצוראָטען די לעצטע אידען. די חברה האָט דאָך גערעכנט לעבען אַ גוטען טאָג, האָט ראָ־זענטהאַל צי אַן אַנדערע קינסטלערישע פירמע פאַר זיי צוגעגרייט אַ ספּעציעלען סערוויס. שעהנע כלים, כדאי זיי אָנצוקוקען, אמת?

איך האָב לאַנג מיט זיך געקעמפּט צי געהן אויף דער דאָזיגער אויס־שטעלונג. אָבער איך בין געגאַנגען, ווייל איך האָב געוואָלט זעהן, וואָס מען וויל די אַמעריקאַנער איינרעדען און ווי אַזוי מען וויל די וועלט איינשלעפערען. האָב איך דאָרט געפונען די אידישע מנורה פון הערן אָטטאָ קליין און דעם סער־וויס מיט דער אַראַבישער אויפשריפט און נאָך אַזעלכע צאַצקעלעך. מילא דער מערדער מעג מיינען, אַז די וועלט, דאָס זיינען בלויז נאַראָנים. אָבער אַז גימ־בעלס בראָדערס זאָל וואַגען צו אַנאָנסירען אין דער „ניו יאָרק טיימס" טאַשען פון דייטשלאַנד — דאָס איז נישט דערלאָזבאַר! הענט אַוועק פון אַזאַ מין סחורה! „שקץ תשקצנו" איז אויף דעם געזאָגט געוואָרען.

עס קען זיין, אַז די לייטונג פון דער פירמע איז אַריינגעפיהרט געוואָרען אין אַ טעות פון אַ באַאַמטען, וואָס האָט איהר איינגערעדט, אַז מען קען מאַכען

גוטע ביזנעס מיט יענע בלוט־באפלעקטע סחורות. עס איז באמת שווער צו גלויבען, אז מען זאל במזיד וועלען אונטערשטיצען די מערדער פון זעקס מיליאן אידען. אבער מיר פארלאנגען, אז די פירמע זאל זיך עפענטליך אנטשולדיגען און צוריקציהען די דייטשע סחורות פון איהר געשעפט, אויב זי וויל, אז מיר זאלען איהר דאס מוחל זיין.

„מעיד אין דזשערמעני״, הייסט אזויפיל ווי „איינגעטונקען אין אידיש בלוט״. זאלען דאס געדענקען יענע וואס האנדלען מיט דייטשלאנד. קיין חילוק, צי זיי הייסען גימבעלס בראדערס, צי אנדערש. קיין חילוק, צי דאס זיינען האנט־טאשען, פארצעלאן, צי דיאמאנטען. אלץ איז פאר אונז טמא.

מיר ווען דאס בלוט פון זעקס מיליאן קדושים נישט מוחל זיין.

(„מארגען זשורנאל״, ג׳ סיון, תש״ט — 21 מאי, 1949)

---

# עמיל לודוויג

## (עטליכע געדענק־ווערטער)

**מיט׳ן** טויט פון עמיל לודוויג איז אפגעשלאסען געווארען א יחידי׳ש קאפיטעל פון „היימאטלאזען נאמאדענטום״ — ווי ער האט זיך אמאל אליין געהאט אויסגעדריקט וועגען אידישען פאלק אלס גאנצעס.

ער האט זיך זיכער, בשעת ער האט געברויכט דעם אויסדרוק, נישט אפגעגעבען קיין דין וחשבון, ווי די ווערטער פאסען צו איהם גופא. עמיל לוד־וויג האט געוואנדערט מעהר פון אנדערע אידען, געלאפען איבער גאר דער וועלט, געזוכט אן ארט וואו עס איז דא פרייהייט פון ווארט און געדאנק, געקעמפט מיט די באדריקער, אויפגעשטורעמט מיליאנען מענשען — אבער צו קיין ריכטיגע היים האט ער זיך נישט דערשלאגען. ער איז געווארען א בירגער פון דער פרייהייט־ליבענדער שווייץ, געוואוינט אין א פרעכטיגער ווילע ביים „לאגא מאדזשארע״, אבער ווייטער געבליבען א נע־ונד. ער איז געווען „פאטערלאנדס־לאז אין טיפערען זין פון די אידען״, ווי ער האט אמאל געשריבען וועגען לאסאל׳ן. זיין ערשט פאטערלאנד — דאס דייטשע — האט איהם פארשטויסען פון זיך, אנדערע האבען איהם נישט צוגענומען, איז ער פאר־בליבען איינזאם, אויף דער אייביגער זוכעניש.

עמיל לודוויג האט דער וועלט געגעבען זעהר פיל. העכער הונדערט ביכער פון גרעסטען ווערט, איבערזעצט אין אלע מעגליכע שפראכען, האט זיין הימעל־באגנעדיגטע פעדער געשאנקען דעם מאדערנעם קולטור־מענש.

ער איז געווען גרויס אַלס דערצעהלער און דראַמאַטורג, אָבער אומפאַרגעס־ליך אַלס ביאָגראַף. זינט ער האָט פאַרעפענטליכט זיין ערשטע גרויסע ביאָגראַ־פיע פון געטהע (1920), איז ער געוואָרען דער אַנערקענטער מייסטער אויף דעם געביט. די פיגורען, וועלכע ער באַהאַנדעלט, געהערען נישט צו איין פאָלק; דער שטח, אויף וועלכען לודוויג'ס גייסט האָט זיך באַוועגט, איז די וועלט: נאַפּאָלעאָן, ביסמאַרק, רוזוועלט, הינדענבורג — אָט זיינען אייניגע פון זיינע העלדען. יעדעס בוך איז געווען אַ געשעהעניש. ווען ער האָט גע־שריבען איבער ווילהעלם דעם צווייטען, איז דייטשלאַנד אויפגעקאָכט גע־וואָרען. ווען עס איז אַרויס זיין בוך „יולי 14", האָט די וועלט באַקומען אַ נייעם אַספּעקט וועגען דער ערשטער מלחמה פון אונזער צייט. דער היס־טאָריקער לודוויג האָט אַלץ געזעהן מיט אַזאַ שאַרפען און קלאָרען בליק, אַז אַלטע געשעהענישען זיינען געוואָרען נאָך זיין באַשרייבונג אַזוי פאַרשטענדליך, אַזוי פּשוט, ווי נאָך קיינמאָל נישט פריהער.

וואָס האָט ער א ו נ ז געגעבען? ביי די פילע ווייגערטנער, וואָס עמיל לודוויג האָט געפלאַנצט, האָט ער אויך זיך דערמאָנט אין „כרם ישראל", אָדער איז אין זיין וועלט־פאַרמעסטענדער ליטעראַרישער קאַריערע דאָס „פינטעלע איד" אין גאַנצען פאַרשוואונדען?

לכתחילה האָט אַזוי געזאָלט זיין. זיין פאָטער, אַן אַסימילאַנט „פון אי־בערציייגונג", האָט איהם געוואָלט „באַפרייען" פון אַלץ, וואָס איז אידיש און פאַרזיכערען אַזוי־אַרום דאָס „גליק" פון זיין קינד. פּראָפעסאָר הערמאַן קאָהן פון דער ברעסלאַוער אוניווערזיטעט האָט אויסגערעכענט, אַז צו זיין אַ איד איז פאַר זיין אינגעל גאָר נישט קיין געשעפט. צו וואָס זאָל ער הייסען „קאָהן" און זיין באַלאַסטעט מיט דער צוגעהעריקייט צו אַ שטאַם, וואָס די גוטע און איי־דעלע דייטשען האָבען אויף דאַן — דאָס איז געווען אין די אַכציגער יאָהרען פון פאַרגאַנגענעם יאָהרהונדערט — נישט איבעריג ליב געהאַט? פּראָפעסאָר קאָהן האָט געלאָזט דעם קליינעם עמיל אָפּ'שמד'ען, ווען ער איז אַלט געווען צוויי יאָהר, און געענדערט זיין משפחה־נאָמען אויף „לודוויג". דאָס איז איהם נישט אָנגעקומען לייכט. אַ ספּעציעלער דעקרעט פון דייטשען קייזער איז צו דעם געווען נויטיג. אָבער דער פּראָפעסאָר האָט אויסגעפירט און איז געווען גליק־ליך, קלערענדיג ביי זיך, ווי גוט ער האָט פאַרזאָרגט זיין זוהן.

עמיל לודוויג איז געוואַקסען אַלס אַסימילאַנט. ער האָט געשריבען בי־כער פאַר זיין פאָלק, פאַר'ן דייטשען פאָלק. מען האָט זיינע שאַפונגען צע־כאַפּט. ער איז געוואָרען באַרימט. ער איז געוואָרען אפשר דער אַמווייטסטען געלעזענער שרייבער אין דייטשלאַנד. אַלס „קאָהן" וואָלט דאָס זיכער נישט אָנגעגאַנגען. און מען האָט געקאָנט מיינען, אַז דער אַלטער פּראָפעסאָר אין דער שלעזישער רעזידענץ איז געווען גערעכט.

ביז די אויגען פון עמיל לודוויג האָבען דערזעהען דעם אמת, דעם נאַקעטען און טראַגישען אמת, אַז אַ איד קאָן זיך נישט פאַרבאַהאַלטען. ביין, דאָס געהט נישט בשום אופן. אַ איד בלייבט א איד, אפילו ווען מען פאַנגט אָן איהם צו מאַסקירען בשעת ער איז נישט עלטער ווי צוויי יאָהר.

געשעהען איז עס, ווען אַן אַנדערער איד, וואָס האָט געטריי געדינט דעם דייטשען פאָלק און עס אויפגעהויבען מיט זיין געניוס צו די העכסטע שטאַפלען פון מענשליכער קולטור, איז געוואָרען „באַלוינט" פון יענעם גרויסען און איידעלען פאָלק — מיט׳ן טויט. וואַלטער ראַטהענאו, דער דענקער, שרייבער און מלוכה־מאַן, וואָס האָט דייטשלאַנד׳ס פּרעסטיזש געשטאַרקט אין דער וועלט מעהר ווי הונדערט געבוירענע „ראַסישע" דייטשע דענקער, שרייבער און מלוכה־מענער צוזאַמען, איז געוואָרען ברוטאַל דערמאָרדעט. דענסטמאָל איז עמיל לודוויג זיך געוואָרען באַוואוסט, אַז ער האָט ניט וואָס צו באַהאַלטען. שאַרף אין זיין אַנאַליטישען דענקען, ווי ער איז תמיד געווען, האָט ער באַשלאָסען אָפען צוריקצוגעהן צום אידענטום, פון וועלכען זיין פאָטער האָט איהם נאַטירליך אָהן זיין וויסען (ווייל ער איז בשעת׳ן שמד אַלט געווען בסך־הכל צוויי יאָהר), אַנטפרעמדט. עמיל לודוויג איז געוואָרען אָפיציעל אַ איד. פועל׳ט ביי זיך, זייענדיג אַ שטאַרקער געגנער פון אַלע מינים נאַציאָנאַליזמען, צו דערקענען אַן אויסנאַהם אין אידישען נאַציאָנאַל־געדאַנק. אין זיין בוך „אַם מיטטעלמעער" דערצעהלט ער ווי שטאַרק ארץ־ישראל האָט איהם באַאיינדרוקט. ער האָט דאַן געפרעגט: „וואָס האַלט דאָ צוזאַמען די מענשען"? זיין תשובה איז געווען: „דאָס פאָלקס־געפיהל"! און ער, דער געגנער פון אַלע מינים נאַציאָנאַליזמען, האָט ווייטער אַנטפּלעקט זיין נשמה: „קומענדיג אַלס איי־ראָפּעער אין אידישען לאַנד, ווערט מען לכתחילה איבערגעשראָקען צוליב׳ן אויפקומען דאָרט פון אַלע יענע נאַציאָנאַליזמען, וועלכע מען באַקעמפט אי־בעראַל זינט יאָהרען. מען פרעגט זיך מיט ציטערען, צי וועט זיך טאַקע דאָ איבער׳חזר׳ען דאָס וואָס באַדראָט איראָפּע זייט אַ יאָרהונדערט און מאַכט זי אומערטרעגליך זייט אַ יאָהר־צענדליג: די גאוה פון יעדען פאָלק, דער קליינ־ליכער שטאָלץ צו זיין דאָס בעסטע, שטאַרקסטע, קינדער־רייכסטע, קלוגסטע פאָלק, דאָס פאָלק פון דער צוקונפט, דאָס „פיהרער־פאָלק"?... אויב אַזוי, פאַרוואָס זאָל מען זיך אויך פון דאַנען נישט אָפּווענדען? — אָבער דאָ, איך בין מודה, הויבט זיך אָן די אויסנאַהם".

פאַרוואָס עמיל לודוויג האָט דערקענט די אויסנאַהם אין ארץ ישראל, איז נישט שווער צו פאַרשטעהן: ער האָט שוין געפיהלט אידיש. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס בויט זיך דאָרט נישט סתם אַ אידישער נאַציאָנאַליזם אויפ׳ן פּרייסישען מוסטער. ער האָט דערזעהען דעם היסטאָרישען חילוק אין דער ווירקליכקייט אָדער, לכל הפחות, אין זיין פאַרשטעלונג.

דער צוריק־געוואָרענער איד לודוויג האָט, שליסליך, אויך אַ אידישען העלד געווידמעט אַ בוך. אין „זיין" שווייץ האָט אַ יונגער איד, דוד פראַנקפורטער, דעם 4טען פעברואַר 1936, אין מאָמענט פון שטאַרקסטער עמפּערונג געגען די נאַצי'שע אידען־פאַרפאָלגונגען געשאָסען ווילהעלם גוסטלאָף'ן, וועלכער האָט געהאַט דעם אַמט אָדער דעם טיטול פון „לאַנדעס־פיהרער פון דער גרופּע שווייץ פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי". די קליינע שווייץ האָט זיך פּלוצים דערזעהען אין סכנה פון אַ קאָנפליקט מיט'ן מעכטיגען היטלער־דייטשלאַנד. ביים פּראָצעס, וואָס איז דאַן פאַרגעקומען, האָט דאָס שווייצער געריכט פאַראורטיילט פראַנקפורטער'ן צו אייביגער תפיסה. דער פּסק איז שפּעטער געוואָרען געענדערט אויף 25 יאָר. עמיל לודוויג האָט דאַן באַשלאָסען נישט צו רוהען ביז פראַנקפורטער וועט ווערען באַפרייט. און ער האָט אָנגעשריבען אַ בוך, וואָס ער האָט אָנגערופען מיט'ן פיל־זאָגענדיגען נאָמען: „דוד און גלית".

אין „דוד און גלית" גיט לודוויג, קודם־כל, אַ באַשרייבונג פון הויז פון הרב פראַנקפורטער, דעם פאָטער פון דוד'ן. ער שילדערט דעם שבת אין אַ אידישער שטוב, דעם געזאַנג פון „שלום־עליכם" און „אשת חיל", די תפילות אין שוהל. דוד וואַקסט אונטער און שטויסט זיך אָן אויף שונאי ישראל אין דער שולע. ער פאַנגט אָן צו ליידען אַלס איד און מוז אַוועק אין דער וועלט. דערווייל זיצט דער דייטשער „גלית" נישט שטיל. דוד האָט שטודירט לכתחילה מעדיצין אין פראַנקפורט און געזעהען מיט זיינע אויגען, ווי נאַצי־דייטשלאַנד האָט זיך גענומען פאַרשוועכען אַלץ וואָס איז הייליג און טייער די אידען. ביים סוף פון יאָהר 1933 איז פראַנקפורטער אין דער שווייץ, אָבער ער אָבסערווירט פון דאָרט די געשעהענישען אין דייטשלאַנד. ער לייענט דעם „שטירמער". אין יולי 1935 ברעכט אויס אַ פּאָגראָם אין בערלין. דוד ווייסט אַלץ, וואָס „גלית" טוט אָפּ זיינע ברידער.

עמיל לודוויג שילדערט דאַן „דעם אַקט" (אַזוי הייסט דאָס דריטע קאַפּיטעל אין זיין בוך). ער גיט איבער דעם פּסיכישען צושטאַנד פון דוד פראַנקפורטער איידער עס האָט געררייפט זיין באַשלוס צו שיסען גוסטלאָף'ן און די אונמיטעלבאַרע מאָטיוועו פון זיין האַנדלונג. מיר באַקענען זיך נעהנטער מיט'ן נאַצי־רוצח גוסטלאָף און דאַן ווערט דראַמאַטיש געשילדערט די סצענע, ווען דוד שיסט גלית'ן.

לודוויג געהט דאַן ווייטער און נעמט זיך צו הילף די היסטאָריע, זיין אַלטע פריינדין, וואָס האָט איהם געהאָלפען פאַרשטעהען אַזוי פיל פּראָבלעמען. ער דערמאָנט אין אַ קאַפּיטעל, וואָס רופט זיך: „פאַרגלייכונגען", די פּאָליטישע אַטענטאַטען, וועלכע זיינען פון קיינעם נישט פאַרדאַמט געוואָרען. באַזונדער שטעלט ער זיך אָפּ אויף דריי פרישע פאַלען, וועלכע זיינען פאַרגעקו־

מען אין די יאָהרען 1921 ביז 1926 (וואָראָווסקי, פעטליורא און טאַלאַאַט פאַשאַ). אַלע דריי אַטענטעטער (קאָנראַדי, שוואַרצבאַרט און טעיליריאַן) זיינען פון די געריכטען דאַן באַפרייט געוואָרען פון שטראָף, ווייל עס איז געוואָרען אָנער־קענט דער מאָטיוו פון זייער האַנדלונג: די נקמה פאַר די פאַרברעכען לגבי זייער פאָלק.

האָבענדיג אַזוי אויפגעבויט דעם ענין, קומט לודוויג אין זיין בוך צו דער מסקנא, אַז דוד דאַרף באַפרייט ווערען, ווייל צו זיין פאַרטיידיגונג דאַרף ער זאָגען נישט מעהר ווי עטליכע ווערטער: „איך בין אַ איד". די ליידען פון אידישען מאַרטירער־פאָלק קלערען אויף, פאַרוואָס ער האָט געוואָלט נעמען נקמה אין נאַצישען „גאַולייטער", וואָס האָט אין זיינע אויגען רעפּרעזענטירט דאָס גאַנצע רשעות פון דער דייטשער בעסטיע.

און אָט די ווערטער, וועלכע זיינען דער סאַמע סוף פון זיין „אידישען" בוך, וויל איך איצט מיטגעבען עמיל לודוויג אויף זיין לעצטען וועג. איידער לודוויג איז פון אַמעריקע אַוועקגעפאָרען צוריק אין שווייץ, אין פרילינג פון יאָהר 1945, האָבען מיר זיך געטראָפען און דיסקוטירט די שאַנסען פון דוד פראַנקפורטער׳ס באַפרייאונג פון תפיסה. מען האָט דאַן שוין געזעהען די דייטשע מפלה, אָבער דער יונגער דוד האָט נאָך אַלץ געליטען. מיר האָבען פראָבירט עפּעס פאַר איהם צו טאָן אין אַמעריקע. עס איז נישט געגאַנגען לייכט, ווייל די גרויסע פון דער פרייער וועלט האָבען נישט געהאַט קיין איבעריג פאַר־שטענדניש פאַר די ליידען פון אין יונגען מאַרטירער. לודוויג איז אָבער גע־ווען פול מיט האָפנונג און נישט אָפּגעלאָזען פון קאַמף. ער האָט געוואָלט, אַז זיין בוך זאָל זיך באַווייזען אין אַ אידישער און ענגלישער איבערזעצונג. און מיר דוכט, אַז די ווערטער, וועלכע ער האָט אַריינגעלייגט דוד פראַנקפורטער׳ן אין מויל, זיינען געווען גלייכצייטיג זיין אייגענער טעסטאַמענט.

די ווערטער זיינען:

— **איך בין אַ איד. דאָס דאַרף זיין גענוג!**

(„מאָרגען זשורנאַל", ה׳ תשרי, תש״ט — 8 אָקטאָבער, 1948)

# יאַן מאַסאַריק

**ווי** אין אַ קאַלעידאָסקאָפּ לעבען איצט אויף די בילדער פון דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען מאַסאַריק האָט אַקטיוו אַנטייל גענומען אין פאַרשיידענע אידישע אַקציעס. ווייל מאַסאַריק איז געווען דער אַקטיווסטער אידען־פריינד צווישען די גרויסע שטאַטסמענער פון אונזער צייט. ער האָט

זיך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין אַרבייט לטובת אַ גוטער זאַך. און אידישע אַקציעס האָט ער באַטראַכט אין פּרינציפּ פאַר גוטע. ארץ ישראל, אידישער רעליף, אידישע רעכט האָבן געהאַט זיין הונדערט־פּראָצענטיגע סימפּאַטיע. און דאָס האָט געמיינט ביי איהם: אַקטיווע מיטאַרבייט.

ווייל יאַן מאַסאַריק איז געווען אַ מענש פון טהאַט; זיין גרענעצלאָזער אָפּטימיזם, זיין פּאָזיטיווער צוגאַנג צום לעבען האָט איהם נישט געלאָזט בלייבען ביי ווערטער. ער איז מיטגעגאַנגען אין דער ערשטער רייהע, ווען די זאַך, וועגען וועלכער עס האָט זיך געהאַנדעלט, האָט איהם געצויגען צו זיך.

איך דערמאָן זיך, ווי מאַסאַריק האָט מיר אַמאָל דערצעהלט וועגען זיין אַרבייט אַלס שליח פון יונייטעד דזשואיש אַפּיל אין שיקאַגאָ, בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ער האָט זיך שנעל אויסגעלערענט אַלע „טריקס" פון דער חכמת השנאָרעריי. פאַר אַ גוטער, אידעלער זאַך איז ער געווען גרייט אויך דאָס צו טהון. און עס איז פאַר איהם געווען אַן אינטערעסאַנט געשעהעניש צו אָבסערווירען די מענשליכע שוואַכקייטען פון די סנאָביסטישע גבירים. ער, דער „גוי" (אָפט האָט ער פון זיך אַליין גערעדט אַלס „דער גוי"...) אַפּעלירט צו די אידען, אַז זיי זאָלען העלפען — אידען, און זיי זיינען טויב. עס געהט נישט, זיי ווילען נישט הערען, זיי מוזען גענומען ווערען מיט אַ „טריק". איינער שטעלט זיך אויף און ערקלערט, אַז ער גיט אַ גרויסע „דאָניישאָן". דאַן שפּרינגען שוין די אַנדערע נאָך איהם, ווייל עס „פּאַסט נישט", אַז מען זאָל זיך לאָזען דיסטאַנסירען...

דער גוטמוטיגער יאַן מאַסאַריק האָט דערביי געשמייכעלט און געזאָגט:

— וואָס איז דען פאַר אַן אונטערשיד, ווי אַזוי דאָס געלט איז צוזאַמענ־געשטעלט געוואָרען? די הויפּט־זאַך איז, אַז די הילף פאַר די אָרימע קרבנות פון היטלער׳ן האָט געקענט אָנגעהן!

וויפיעל ידידות האָט מאַסאַריק אַרויסגעוויזען דעם אידישען פאָלק ביי די סאַמע וויכטיגסטע פּראָבלעמען — בעיקר בנוגע ארץ ישראל.

נישט געווען קיין מיטינג פון „יו־ען", אַז דער הויכער טשעכישער אויסערן־מיניסטער זאָל נישט זאָגען אָפען און מוטיג אַ וואָרט פאַר אידען. און מעהר נאָך האָט ער געטהון הינטער די קוליסען. ער האָט געהאָלפען מיט אַלע זיינע כוחות. און, פאַרשטעהט זיך, אז ער איז צוגעקומען איבעראַל. נישט געווען קיין פאַרמאַכטע טיר פאַר מאַסאַריק׳ן.

נישט נאָר נאָך דער מלחמה, ווען ער האָט פאַרטראָטען אויף די אינטער־נאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָהרען אַ וויכטיגע רעפּובליק צווישען מזרח־און מערב־אייראָפּע. אויך בשעת דער מלחמה האָט ער פאַר דער אידישער זאַך געטהון אַלץ, וואָס איז נאָר געווען מעגליך.

איך דערמאָן זיך אין זיין וואַרימער באַציהונג צו אונזערע נויטען, ווען איך האָב מיט איהם פאַרהאַנדעלט אין פילאַדעלפיע, אין מאַי 1944, ביי דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטס־קאָנפערענץ וועגען דורכפיהרען דאָרט אַ רעזאָלוציע צו פאַרדאַמען די היטלעריסטישע רציחות אויף אידען אין איראָפּע. מאַסאַריק האָט זיך מיט פייער און ענטוזיאַזם געשטעלט צו דינסט פון דער זאַך. נישט נאָר ער אַליין האָט אונטערשטיצט די רעזאָלוציע, נאָר ער האָט גערעדט מיט אַנדערע דעלעגאַטען. ער האָט מיך דאַן צוזאַמענ־געבראַכט מיט מיס פּוירקינס, דעם אמעריקאַנער אַרבייטס־מיניסטער, וועלכע איז געווען פאָרזיצערין פון דער וויכטיגסטער קאָמיסיע אויף דעם צוזאַמענ־פאָהר. ער איז געווען אַזוי דורכגענומען מיט דער אידישער טראַגעדיע, אַז מען האָט ניט געקענט זיך איהם אַנטקעגענשטעלען בשעת ער האָט געפאָדערט די זאַך. באמת, האָט עס נישט געהערט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער לעיבאָר אָרגאַניזאַציע צו פאַרדאַמען היטלער׳ס רציחות. אָבער מיר האָבען גראָד געוואָלט, אַז אַזאַ נישט־פּאָליטישע קערפּערשאַפט זאָל אָננעמען אַ געהעריגע רעזאָלוציע. ווייל סוף כל סוף האָט עס געהאַט מעהר שאַנס געהערט צו ווערען אין בערלין. מאַסאַריק האָט עס פאַרשטאַנען און מיט דער גרעסטער ענערגיע אונטערשטיצט.

אויב אַ פריינד פון דער אידישער רעליגיע קען באַצייכענט ווערען מיט׳ן נאָמען „מחסידי אומות העולם" (און נישט בלויז סתם אַ פריינד פון אידען) — דאַן איז זיכער יאַן מאַסאַריק געווען איינער פון זיי.

וויפיל מאָל אַ פראַגע פון באַדייטונג פאַר׳ן דת איז פון אונז אויפגענומען געוואָרען מיט איהם — תמיד האָט ער אונטערשטיצט אונזערע פאַרלאַנגען. און, נאַטירליך, נישט נאָר אין טשעכאָסלאָוואַקיע גופא. נייך, אויף אַ פיעל ברייטערען פעלד. אויך ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אינטערנאַציאָ־נאַלען שוץ פאַר אידישע רעליגיעזע רעכט.

איך האָב מיט איהם אַמאָל געהאַט אַ לאַנגען שמועס וועגען די אָנגריפען אויף דער אידישער שחיטה אין פאַרשידענע לענדער און וועגען דעם פּראָיעקט פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנווענץ לטובת דעם פרייען פּראַק־טיצירען שחיטה לויט׳ן אידישען דין. מאַסאַריק האָט זיך זעהר פאַראינטערע־סירט מיט׳ן פּראָיעקט. איך געדענק נאָך גוט די אויפרעגונג זיינע, ווען איך האָב איהם געוויזען די פאַראָרדנונג פון נאַצישען גענעראַל־גובערנאַטאָר פון פּוילען, האַנס פראַנק, וועלכער פאַרבאָט די שחיטה אין פּוילען (באַלד נאָכ׳ן איינגעמען פון פּוילען דורך די נאַציס אין סעפּטעמבער 1939), צוליב דעם, ווייל „אין אַ לאַנד, וואָס שטעהט אונטער דייטשען שוץ, קען מען נישט טאָלערירען קיין טיער־קוועלעריי". מאַסאַריק איז אַזש אויפגעשפּרונגען: אַזאַ חוצפה! די בעסטיעס האָבען געמאָרדעט אַזוי פיעל מענשען — און

טאָלערירען נישט קיין כלומר'שטע טיער־קוועלעריי! ניין, דאָס שטייגט שוין איבער אַלע גרענעצען אפילו פון נאַצישען ציניזם!

און ער האָט דעם פּראָיעקט פאַרשפּראָכען זיין פולע אונטערשטיצונג, ווייל ער האָט מיט זיין חריפות (גאָר נישט קיין גוי'שער, נאָר דוקא אידישער...) פאַרשטאַנען, אַז הינטער די אַטאַקעס אויף דער שחיטה איז פאַרבאַהאַלטען ברוטאַלער ראַסען־האַס. און ראַסען־האַס איז געווען עטוואָס, וואָס יאַן מאַסאַריק האָט נישט געקענט ליידען. מיט ראַסען־האַס האָט ער געקעמפט, אומ'ברחמנות'דיג געקעמפט.

אין דער צייט, ווען די אידישע נויט איז אַזוי גרויס, ווען עס גיסט זיך ווידער אידיש בלוט, וועט אונז יאַן מאַסאַריק טאָפּעלט פעהלען.

עס וועט נישט מעהר זיין דער אויספּרובירטער, גוטער פריינד אונזערער אויף די אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָהרען, וועלכער האָט זיך צו אידישע פראַגען באַצויגען גאָרנישט ווי קיין פרעמדער, נאָר ווי איינער פון אונז אַליין.

אָבער דאָס אידישע פאָלק האָט אַ גוטען זכרון. עס געדענקט די גוטע פריינד זיינע. און דאריבער וועט יאַן מאַסאַריק פאַרבלייבען אויף תמיד אין ספר הזכרונות פון אונזער פאָלק אַלס איידעלער זוהן פון אַ גרויסען אידען־פריינד פון אַ פריהערדיגען דור, פון טאָמאַס מאַסאַריק, וועמענס אָנדענק איז געבענשט פון אידען נאָך פון די צייטען פון באַריהמטען טישא־עסלאַר־פּראָצעס, אַלס מיטבויער און מיטקעמפער פאַר אַ אידיש ארץ ישראל און אידישע רעכט אין דער גאַנצער וועלט.

מיר פיהלען היינט דעם שמערץ פון טשעכישען פאָלק — פּונקט ווי יאַן מאַסאַריק האָט תמיד פאַרשטאַנען אונזער אידיש לייד.

(„מאָרגען זשורנאַל", ה' אדר ב', תש"ח — 16 מערץ, 1948)

---

# לאורענס שטיינהאַרדט

## אַ פּערזענליכע ערב־יום־כיפּור ערינערונג

ווער עס האָט געקענט לאורענס שטיינהאַרדט, דעם פעהיגען און ענערגיע־שפּרודעלדיגען דיפּלאָמאַט, וואָס איז, טראָץ זיינע 57 יאָהר, געווען נאָך פריש און אַרבייטס־לוסטיג ווי אַ יונגערמאַן, דער רייבט זיך די אויגען, בשעת ער זעהט די ידיעה אין די צייטונגען, אַז שטיינהאַרדט איז אומגעקומען, און פּרובירט נישט צו גלויבען.

אָבער עס איז אמת, אַ ברוטאַלער, אָהן־ברחמנות׳דיגער אמת.

עס איז פּלוצלינג, כהרף עין, אין איין אויגענבליק פון דער לופט־קאַטאַסטראָפע, פאַרענדיגט געוואָרען די וואונדערבאַרע קאַריערע וואָס האָט זיך אָנגעהויבען אין יאָהר 1933 מיט׳ן פּאָסטען פון אַמעריקאַנער מיניסטער קיין שוועדען, דאַן קיין פּערו, קיין רוסלאַנד, קיין טערקיי, און טשעכאָסלאָוואַקיע און צום סוף אין קאַנאַדע. אויף אַלע שטעלונגען האָט לאורענס שטיינהאַרדט זיך אַרויסגעוויזען אַלס ברילייאַנטענער דיפּלאָמאַטישער סטראַטעג. ער האָט באַזיגט אַלע „קאָנקורענטען״ פון די אַנדערע מלוכות, וואו נאָר ער האָט זיך געפונען. אין דער טערקיי האָט ער אין די שווערסטע מלחמה־יאָהרען, ווען מזל האָט דווקא צוגעשפּילט די דייטשען, אויסגעמאַנעווירט דעם גרעסטען „כיט־ראַק״ פון דער נאַצישער דיפּלאָמאַטיע, פראַנץ פאָן פּאַפּען. ווען טערקיי וואָלט געווען זיך אָנגעשלאָסען צו די דייטשען, ווער ווייסט, ווי די מלחמה וואָלט זיך געווען פאַרענדיגט און, לפּחות, אויף ווי לאַנג זי וואָלט זיך פאַרשלעפּט. שטיינהאַרדט האָט אַזוי קלוג פאַרשטאַנען צו רעדען מיט די טערקען, אַז פאָן פּאַפּען האָט גאָר נישט אויפגעטאָן מיט זיינע צוזאָגעכצען.

איך האָב זיך געטראָפען מיט שטיינהאַרדט׳ן אין יענער צייט, ווען ער איז געווען אַמבאַסאַדאָר אין דער טערקיי. און שטיינהאַרדט האָט מיר דער־צעהלט מיט אַ שמייכעל, ווי ווייט די דייטשען האָבען איהם פיינט צוליב זיין טאַקטיק אין אַנקאַרא. „זיי האָבען מיט מיר נאָך אַלטע חשבונות פון מאָס־קווע״, האָט ער צוגעגעבען, „אָבער אַנקאַרא וועלען זיי מיר קיינמאָל נישט מוחל זיין״. זיי האָבען דאָס זיכער נישט געטאָן, נאָר שטיינהאַרדט האָט נאָך זיי נישט געפרעגט.

איך געדענק דעם שמועס נישט נאָר צוליעב דעם, וואָס סתם יעדע באַגעגעניש מיט שטיינהאַרד׳ן האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון, נאָר ווייל ער איז פאָרגעקומען ביי באַזונדערס דראַמאַטישע אומשטענדען. דאָס איז געווען ערב יום־כפּור פאַרנאַכט, שוין נאָך מנחה, ווען אידען האָבען זיך געגרייט צו כל נדרי. דאָס יאָהר איז געווען דאָס סאַמע שווערסטע פון דער מלחמה: 1943. שטיינהאַרדט איז דאַן געקומען פון טערקיי אויף אַ קורצען באַזוך קיין ניו יאָרק, און אַ גרופּע עסקנים, וואָס האָט געאַרבייט פאַר דער רעטונג פון די אייראָפּעאישע אידען, האָט זיך געטראָפען מיט שטיינהאַרד׳ן כדי מיט איהם אַרומצוריידען די פאַרשידענע הצלה־מעגליכקייטען וואָס זיינען באַ־שטאַנען אין דער נייטראַלער טערקיי.

יעדער טאָג האָט דאַן געשפּילט אַ ראָלע און ווען מיר האָבען איהם דערגרייכט און פאַרלאַנגט אַן אַפּאָינטמענט, האָט ער תיכף מסכים געווען. ער איז מיט אַ טאָג צוריק אָנגעקומען פון דער רייזע און ערב יום כפּור אין דער פריה איז ער געווען אין ניו יאָרק. ווען ער האָט געהערט אַז ר׳ יעקב

ראָזענהיים, דער פּרעזידענט פון דער אַלוועלטליכער אגודת ישראל, וויל איהם אויך זעהן, האָט ער באַשטימט, אַז דער בעסטער פּלאַץ פאַר דער צוזאַמענ־קונפט איז — דער אָפיס פון ר׳ יעקב ראָזענהיים. און אַרום דריי נאָכמיטאָג איז ער אָנגעקומען אין קליינעם אָפיס, וואָס די אַלוועלטליכע אגודת ישראל האָט דאַן פאַרמאָגט, 226 וועסט 97־טע סטריט, און מיר האָבען אָנגעהויבען צו באַטראַכטען די פאַרשידענע הצלה־וועגען.

שטיינהאַרדט האָט אונז געזאָגט, אַז די טערקיי וויל פאַר קיין פאַל נישט ערלויבען די אידען, וואָס אַנטלויפען פון די נאַצי־פאַרפּעסטעטע לענ־דער, אַז זיי זאָלען זיך אויפהאַלטען אין לאַנד. דאָס איינציגע, וואָס ער קען באַזאָרגען, איז טראַנזיט־וויזען פאַר רומענישע, אונגאַרישע און בולגאַרישע אידען. ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט אויפ׳ן בולגאַרישען אינערן־מיניס־טער, וואָס האָט פאַרמאַכט די גרעניץ און נישט געוואָלט אַרויסלאָזען די אידען. די רומענישע אידען, האָט ער געזאָגט, קענען קומען אין טערקיי נאָר דורכ׳ן שוואַרצען ים מיט שיפען. אָבער עס זיינען נישטאָ קיין שיפען און אויב מען וואָלט אפילו געפונען אַ שיף, איז געווען די גרעסטע סכנה, אַז די דייטשע סובמאַרינען, וואָס זיינען געווען אין שוואַרצען ים, וואָלטען די שיף געזונקען. ביים געשפּרעך איז אויפגעקומען דער געדאַנק צו דינגען אַ שיף און צו פיהרען זי אונטער דער פאָהן פון וואַטיקאַן, אַלס נייטראַלע. שטיינהאַרדט האָט זיך אין דעם אָנגעכאַפּט און געזאָגט, אַז ער וועט זיך צו דעם נעמען.

איך האָב איהם פאָרגעשלאָגען, אַז מיר זאָלען פּרובירען צו באַקומען אַ גרעסערע צאָהל טערקישע טראַנזיט־וויזען אויפ׳ן סמך פון פּאַלעסטינאַ־סערטיפיקאַטען. די טערקיי האָט דאַן נישט געוואָלט געבען קיין טראַנזיט־ווי־זען אויף פּאַלעסטינאַ־סערטיפיקאַטען, וואָס זיינען נישט רעאַל, דאָס הייסט וואָס זייערע באַזיצער האָבען זיך געפונען ווייט פון דער טערקיי, און אפילו פאַר די מענשען, וואָס זיינען געווען ביי דער טערקישער גרעניץ האָט מען גע־געבען בלויז אין אַ גאַר קליינער צאָהל. איך האָב שטיינהאַרדט׳ן אויפגעקלערט, אַז אפילו אויב די באַזיצער פון די סערטיפיקאַטען אין פּוילען, למשל, וועלען נישט קענען קומען אין דער טערקיי, אָבער דער פאַקט גופא, וואָס זיי וועלען קענען אויפווייזען, אַז זיי האָבען אַ טערקישע טראַנזיט־וויזע, קען זיי ראַטעווען פון אונטערגאַנג. שטיינהאַרדט האָט דאָס פאַרשטאַנען און צוגעזאָגט צו אַרביי־טען אין דער ריכטונג נאָך זיין צוריקקומען קיין אנקאַרא. ער האָט אָבער גע־וואָרענט, אַז אויב די זאַך וועט באַקאַנט ווערען, דאַן וועלען די דייטשען נישט רעכענען זיך מיט די וויזען. לײדער איז אַזוי, צום סוף, געוואָרען.

דאָס געשפּרעך, אין וועלכען עס האָט זיך אויך באַטייליגט הרב ד״ר יונג, איז איבערגעגאַנגען אויף אַ גאַר דעליקאַטען ענין: די „לעגאַליטעט״ פון די באַמיהונגען מציל צו זיין מענשען. שטיינהאַרדט איז געווען פון באַרוף

אַ לאַיער. די צייט איז געווען דאַן נאָך פאַר דער שאַפונג פון „וואָר רעפּיודזשי באָארד״ און אין אַמעריקע האָט מען אין אַ סך איינפלוסרייכע קרייזען געגלויבט אַז מען מעג נאָר געהן אין די „לעגאַלע״ דרכים. וואָס איז ניט געווען לעגאַל איז געווען טריף, און ממילא איז גאָר נישט געטאָן געוואָרען, ווייל אַלץ, וואָס האָט געקאָנט געטאָן ווערען, איז געווען ניט־לעגאַל: שמוגעל דורך גרעניצען, אונ־טערקויפען באַאַמטע, אויסמיידען די צענזור, פעלשען דאָקומענטען, א. א. וו.

איך האָב אַביסעל מיט פּחד אין האַרצען באַריהרט דעם ענין, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז אַנדערש איז גאָר נישט מעגליך. דער בלאָטער האָט גע־מוזט סיי ווי פּלאַצען, האָב איך איהם אַליין אויפגעריסען.

צו מיין און צו אונזער אַלעמענס איבערראַשונג, איז שטיינהאַרדט גע־קומען פון אנקארא גאַנץ אַנדערש געשטימט, ווי מען איז געווען געוואוינט אין וואַשינגטאָן צו הערען.

„נישטאָ ביי מיר קיין געזעץ, ווען מען דאַרף ראַטעווען מענשען״, האָט שטיינהאַרדט אויסגערופען. „איך בין אַליין געשטאַנען ביי דער בולגאַרישער גרעניץ און איבערגענומען געשמוגעלטע אידישע קינדער״.

אַלע אַנוועזענדע זיינען ממש געבליבען אָהן אַ שפּראַך. דאָס האָבען מיר פון אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין אנקארא נישט דערוואַרט. מיר האָבען מורא געהאַט פון אָנפאַנג צו זאָגען, וועגען וואָס עס געהט, אָבער עס האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז לאורענס שטיינהאַרדט איז אַליין אַן „אַנדערגראַונד״ אַרביי־טער...

די שעה׳ען זיינען געלאָפען, די פּראָבלעמען האָבען זיך געצויגען איינער נאָכ׳ן צווייטען. עס איז געוואָרען שפּעט. די זון האָט זיך פאַרקירעוועט אויף מערב און די „כל נדרי״ אַטמאָספערע האָט זיך שוין דייטליך געלאָזט פיהלען. שטיינהאַרדט איז אַוועק צו זיך, און יעדער איינער פון אונז, וואָס איז געווען נאָך אַ פּאָר מינוטען ביי ר׳ יעקב ראָזענהיים אין אָפיס, האָט געהאַט דאָס גע־פיהל, אַז דער יום כפור האָט זיך פאַר אונז אָנגעהויבען אַביסעל פריהער ווי געוועהנליך. ר׳ יעקב ראָזענהיים אַליין, דער „זקן שבחבורה״ איז דאָס ערשטע מאָל, זייט אַ לאַנגער צייט, געווען אַביסעל צופרידען. עס איז דאָך צוגעקומען אַ גוטער שותף צו אונזער אַרבייט.

און יענע קינדער, וואָס לאורענס שטיינהאַרדט האָט איבערגענומען פון די שמוגלער ביי דער טערקיש־בולגאַרישער גרעניץ, וויל איך איצט דערמאָנען, ווען ער שטעלט זיך צום בית־דין של מעלה. זיי וועלען, וואו זיי געפינען זיך איצט אין דער וועלט, זיכער זאָגען אין גייסט קדיש נאָך זייער רעטער, וואָס האָט געפיהלט אידיש און געהאַנדעלט אידיש ווען זיי זיינען געווען אין דער גרעסטער נויט.

(„אַמעריקאַנער״, כ׳ ניסן, תש״י — 7 אַפּריל, 1950)

# רפאל שערעשאַווסקי

פון דער קליינער גרופּע פירער פון פוילישען אידענטום, וועלכע האָבען זיך בנס געראַטעוועט פון היטלער׳ס שווערד, איז איצט אַוועקגעריסען געוואָרען דער „זקן שבחבורה״, איינער פון די נאָבעלסטע אידען פון אונזער צייט, וואָס איז אַליין געווען אַ שטיק פויליש־אידישע געשיכטע — רפאל שע־רעשאָווסקי.

ווער האָט אין פוילען ניט געקענט דעם דאָזיגען נאָמען? ווער האָט ניט געוואוסט פון דאָזיגען איידעלען איד, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַלס יחיד, זיך אַזוי פעסט צו פאַרוואָרצלען אין שטורעמדיגען ציבור־לעבען פון פוילישען אידענטום, אַז ער האָט כמעט געקענט אָנגעהן פאַר אַ „מסכתא בפני עצמה״, פאַר אַן אייגענע פּאַרטיי?

וויפיל מאָל אַ וויכטיגער ציבור־ענין איז געווען אויף דער טאָג־אָרדנונג ביי פוילישע אידען במשך די דרייסיג יאָהר פון נייעם אומאָפּהענגיגען פוילען, איז רפאל שערעשאָווסקי געווען דערביי. קיין חילוק, צי איז עס געווען אַ סאָ־ציאַלער, פּאָליטישער, ווירטשאַפטליכער אָדער אַ וואָגיגער רעליגיעזער פּראָ־בלעם — רפאל שערעשאָווסקי האָט תמיד גענומען אַן אַקטיווען אָנטייל. ביי אַלע וואָהלען צו די גזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען איז ער געווען אין דער־מיט. אין אַלע פּאָליטישע קאָנצעפּציעס האָט ער געשפּילט אַ ראָל. מען האָט זיך מיט איהם גערעכענט.

דאָס באַנקהויז אין וואַרשע ביי דער „זשעלאַזנע בראָמע״ (ביים אייזער־נעם טויער), וואו שערעשאָווסקי האָט געהאַט זיין רעזידענץ, איז געווען אַ באַ־קאַנטער פּאָליטישער אַדרעס אין פוילישען אידענטום. און פון יענעם באַנק־הויז און פון דער פּראַכטפולער דירה אויף דער יאַסנא־גאַס ביז צום קליינעם צימערל אין מאַנהעטען, וואו רפאל שערעשאָווסקי האָט פאַרלעבט זיינע לעצטע יאָהרען אין גלות, האָט זיך געצויגען איינער פון די לעצטע פעדים פון דער שענסטער אידישער געזעלשאַפטליכקייט, פון עסקנות אין נאָבעלסטען זין פון דאָזיגען וואָרט. ווייל רפאל שערעשאָווסקי האָט ביז צו די לעצטע טעג פון זיין לעבען ניט אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירען מיט פראַגען פון כלל ישראל, און תמיד אויף זיין שטייגער: מיט ווירדע, מיט חכמה, מיט טאַקט.

* * *

אין יאָהר 1922 איז ער געוועהלט געוואָרען אַלס סענאַטאָר פון דער לוב־לינער וואָיעוואָדסטווא. דער אידיש־נאַציאָנאַלער בלאָק, וועלכער איז דאַן גע־ווען אַ טייל פון אַזוי־גערופענעם מינאָריטעטען־בלאָק, האָט אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור אין דער אַלטער שטאָדט פון מהרש״ל און מהר״ם, און שערע־

שאָווסקי איז אַרויס אין דער ערשטער רייהע פון די אידישע קעמפער. ער האָט אידען פאַרטראָטען דורך פינף יאָהר אין ערשטען פוילישען סענאַט, און ער האָט געבראַכט כבוד און נוצען פאַר דער אידישער זאַך.

די פּאָליאַקען האָבען אויך גוט געקענט דעם דאָזיגען באַנקיר, וואָס האָט ביי זיי געהאַט דעם שם פון אַ „פוילישען ראָטשילד". די מיניסטאָרען, סאַי די ליבעראַלע, סאַי די אַנטיסעמיטישע, האָבען זיך צו איהם באַצויגען מיט אַ גע־וואַלטיגען דרך־ארץ. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער פינאַנץ־קאָמיסיעביים סענאַט און אין די צייטען פון דער „גראַבשטשיזנאַ" (דעם רעזשים פון דער פינאַנציעלער דיקטאַטור פון וולאַדיסלאַוו גראַבסקי) האָט זיין וואָרט גע־האַט אַ געוואַלטיגע השפעה. מען האָט גוט געוואוסט אין דער געביידע אויף רימאַרסקאַ־גאַס (דער זיץ פון פוילישען פינאַנץ־מיניסטעריום), אַז רפאַל שע־רעשאָווסקי פאַרשטעהט פינאַנס־ענינים בעסער פון אַלע פאַך־לייט. זיין פאַר־לאַנג איז דאַריבער רעספּעקטירט געוואָרען. אַמאָל האָט זיינס אַ וויץ איבערגע־וואויגען אין אַ דעבאַטע. דער אידישער סענאַטאָר האָט געשפּרודעלט מיט פּקחות און דאָס איז געווען זיין געהיימער וואָפען, מיט וועלכען ער האָט אָפט דערגרייכט רעזולטאַטען, וואָס אַנדערע האָבען געהאַלטען פאַר אונמעגליך. און ניט איינער פון די קאָלעגען־סענאַטאָרען אָדער הויכע מלוכה־בעאַמטע האָט געוואָלט גוט לעבען מיט איהם, ווייל דאָס באַנקהויז ביים „אייזערנעם טויער" איז געווען אַ מאַגיש וואָרט פאַר פילע פון זיי. גאָר גרויסע האָבען איהם בידידות גערופען „נאַש ראַפאַלעק" (אונזער רפאל), און פאַרשטעהט זיך, אַז זיין וויזיט־קאַרטע, זיין רעקאָמענדאַציע, האָט גאָר אַ סך אידען געהאָלפען אין אַן עת־צרה.

* * *

סענאַטאָר רפאל שערעשאָווסקי האָט אין וואַרשע פאַרנומען איינעם פון די ערשטע פּלעצער אין געזעלשאַפטליכען לעבען, געווען ראַטמאַן אין שטאָדט־ראַט, פיהרער פון מעכטיגען סוחרים־פאַראיין, פאַרטראָטען דעם „דזשאָינט" א. א. וו. דערביי איז ער אָבער געווען איינער פון די צוגענגליכסטע מענשען. ער האָט ליב געהאַט דאָס פאָלק.

און מען האָט איהם אויך ליב געהאַט. דאָס איז געקומען בולט צום אויסדרוק ביי די לעצטע וואַהלען צום וואַרשעווער שטאָדט־ראַט אין יאָהר 1938, וואו מען האָט ניט געשטימט בלויז אויף ליסטען, נאָר אויך אויף איינ־צעלנע נעמען. שערעשאָווסקי האָט זיך אַרויסגעוויזען אַלס איינער פון די פּאָ־פּולערסטע קאַנדידאַטען, וואָס האָט געצויגען אַ גרויסע צאָהל שטימען, און איז דאַן געוועהלט געוואָרען, שוין צום לעצטען מאָל, אַלס אידישער פאַרטרעטער אין שטאָדט־ראַט.

## אַ גרופּע אידישע דעפּוטאַטען און סענאַטאָרען אין פּוילישען סיים נאָך די וואַהלען פון יאָהר 1922.



פון לינקס צו רעכטס: דעפּוטאַט פּייוועל סטעמפּעל (האַלב געזיכט), סענאַטאָר רפאל שערעשאָווסקי, דעפּוטאַט הרב אהרן לעווין (דאַן סאמבאָרער רב), דעפּוטאַט ד״ר יהושע טהאָן (פּרעזעס פון „קאָלאָ זשידאָווסקע״), דעפּוטאַט הרב מאיר שפּירא (דאַן סאַנאָקער רב), דעפּוטאַט וואַצלאַוו ווישליצקי. דאָס דאָזיגע בילד האָט זיך געפונען אין די זאַמלונגען פון פּוילישען גענעראַל־קאָנסול אין ניו־יאָרק, מיניסטער סילווין סטראָקאַטש, וועלכער האָט עס געשטעלט צו אונזער פאַרפיגונג. דאָס בילד איז אַמאָל געווען פאַרעפענטליכט אין דער פּוילישער וואָכענשריפט „טיגאָדניק אילוסטראָוואַני״.

אַ שטאַרקע פריינדשאַפט האָט איהם פאַרבונדען מיט מיין פאָטער זכרונו לברכה פון ערשטען מאָמענט ווען זיי זיינען ביידע אַריין אין די פוילישע גע־זעצגעבערישע קערפערשאַפטען, און איך האָב הערינבער געקאָנט פערזענליך פון דער נאָענט אָבסערווירען זיין טעטיגקייט. ביי די פאַרלאַמענטאַרישע וואַה־לען פון יאָהר 1930 איז שערעשאָווסקי געווען דער קאַנדידאַט פון „אַכצענטעל" (די ליסטע פון בלאָק פון אגודת ישראל מיט די סוחרים) צום סענאַט אין לוב־לין; מיין פאָטער איז דאַן געווען דער „ליסטען־פירער" פון אַכצענטעל צום סיים אין גאַנץ פוילען און, אויף שערעשאָווסקי'ס פאַרלאַנג, אָפגעהאַלטען מיט איהם צוזאַמען אַ גרויסען וואַהל־מיטינג אין לובלין. איך געדענק איצט גוט די רייזע, וועלכע מיר האָבען דאַן געמאַכט צוזאַמען, בשעת וועלכער עס זיינען אַרומגערעדט געוואָרען די אַקטועלע פּאָליטישע פּראָבלעמען. אָבער אינטע־רעסאַנט איז, ווי מעהר פון אַלץ האָבען זיי זיך דאַן ביידע געפרייט באַלד צו טרעפען אַן אַנדערען פאַרלאַמענטאַרישען חבר: דעם לובלינער רב, ר' מאיר שפירא, וועלכער האָט פאַר זיי געהאַט צוגעגרייט אַן אויפנאַמע אין דער ישיבה שפעט ביינאַכט, נאָך דער פאַרזאַמלונג. און נאָכדעם ווי די תלמידים פון דער ישיבה זיינען דורכגעגאַנגען און מיין פאָטער האָט זיי געזאָגט אַ דבר־תורה, זיינען די דריי פאַרלאַמענטאַריער געבליבען אַליין און גענומען דורכרעדען די צייט פון „קאָלאָ זשידאָווסקיע" (דער געמיינזאַמער אידישער קלוב אין דער קאַדענץ 1922—1927). עס קלינגען מיר נאָך אין די אויערען די טענער פון יענער נאַכט און איך זעה זיי פאַר זיך, די דריי פּראַכטפולע געשטאַלטען פון דער פיהרערשאַפט פון פוילישען אידענטום, ווי זיי דיסקוטירען די פּאָליטישע לאַגע פון אידישען ציבור און די פּערספּעקטיווען אויף דער צוקונפט.

* * *

זינט 1939 כמעט ביז די לעצטע טעג האָב איך געהאַט אַן ענגען קאָנ־טאַקט מיט שערעשאָווסקי'ן. מיר האָבען צוזאַמען פאַרלעבט דאָס יאָהר 1940 אין ווילנע, און דאַן, דורך יאַפּאַן, געמאַכט דעם וועג קיין אַמעריקע. אין די דאָזיגע יאָהרען ווען שערעשאָווסקי איז ניט געווען מעהר דער „פוילישער ראַטשילד", האָט זיך זיין איינגעבוירענע אַדעלקייט, זיין זעעלישער גלייכגע־וויכט, געלאָזט דערקענען אין גאַנצען פאַרנעם.

ער איז ניט געווען געבראָכען קיינמאָל. תמיד מיט אַ שמייכעל, האָט ער געהאַט אַ דערמוטיגענד וואָרט פאַר אַנדערע אין דער קריטישסטער סיטואַציע.

ווען עס האָט זיך געדאַכט, אַז די וועלט איז אונטערגעגאַנגען, אַז די שרעקליכע ליידען פון פוילישען אידענטום אין דער לעצטער מלחמה וועלען ברענגען יאוש און פאַרצווייפלונג אויף די ווייניגע, וואָס האָבען זיך געראַטע־וועט, האָט פון רפאל שערעשאָווסקי'ן עפּעס ווי אַרויסגעהויכט אַ באַרוהיגונג. מיר איז אויסגעקומען צו פאַרברענגען מיט איהם צאָהללאָזע שטונדען ביי פאַר־

זאמלונגען, און עס האָט ניט געפעהלט קיין אויפרעגונג, ווען די איוב־בשורות פון אייראָפּע פלעגען אָנצוקומען, אָבער נאָך אַ שמועס מיט׳ן אַלטען שערע־שאָווסקי איז מען עפּעס געוואָרען געפעסטיגט.

ביי זיין הויכען אַלטער איז זיין וויטאַליטעט געווען אַן ערשטווינליכע. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט׳ן אידי־שען לעבען.

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך אין „מאָרגען־זשורנאַל" געשרי־בען וועגען דער לובלינער ישיבה און איהר ירושה, וועלכע דאַרף באַנייט און גערעַטעוועט ווערען. אַ טאָג שפּעטער האָב איך דערהאַלטען אַ בריף פון רפאל שערעשאָווסקי, געשריבען מיט אַ ציטערדיגער האנד, אין וועלכען ער האָט זיך אָנגעפרעגט וועגען געוויסע ענינים, וואָס האָבען אַ שייכות מיט דער דאָזיגער ישיבה. עס האָט זיך דערקענט אַ טיפע זאָרג און גלייכצייטיג אַן אויפריכטיגע איבערגעבענקייט צום אָנדענק פון לובלינער רב ז״ל.

ער איז איצט אַוועק, אַלס איינער פון די לעצטע מאָהיקאַנער פון דער אַל־טער גוואַרדיע פון פיהרער פון פוילישען אידענטום. פון דער אַמאָל מאָנומענטאַ־לער געביידע, וואָס רופט זיך אידישע עסקנות אין פוילען, איז אַרויסגעפאַלען נאָך אַ שטיין, איינער פון די ווייניגע, וואָס זיינען נאָך געהאַט פאַרבליבען. עס בלייבט אַ פוסטער חלל באַלד.

סענאַטאָר שערעשאָווסקי׳ס אָנדענק וועט אויף לאַנגע צייטען זיין גע־בענשט מיט דער קרישטאָלענער ריינקייט פון זיינע מעשים און זיין כאַראַקטער.

(„מאָרגען זשורנאַל", ט״ו איירי, תש״ח — 24 מאַי, 1948)

---

# ווי טיטוס האָט געוואָלט „פאַרטיידיגען" דעם בית המקדש...

### (צו תשעה־באב תש״ח)

מערקווירדיג, אַז כמעט אַלץ, וואָס מיר דערמאָנען תשעה באב, האָט אַ שייכות צום חורבן פון בית ראשון. איכה האָט געשטעלט דעם טאָן. ירמיה הנביא האָט געזונגען אַזאַ מעכטיג קלאָג־ליד, אַז אַלץ איז אַנטשוויגען געוואָרען, ווען ירמיה׳ס קול האָט זיך געטראָגען איבער דער וועלט.

אמת, אַז „אתחלתא דפורענותא עדיפא", דער אָנפאַנג פון אומגליק איז שטאַרקער משפיע אויפ׳ן מענש, ווי די שפּעטערדיגע אַקטען פון דער

טראַגעדיע. אָבער דאָך איז דער חורבן בית שני באַ׳עוולה׳ט געוואָרען. די אידען האָבען זיך מיט׳ן צווייטען בית־המקדש געפרייט מעהר ווי זעקס הונדערט יאָהר. אויף זיין חורבן האָבען זיי פאַרגאָסען ביטערע טרערען און געיאָמערט לאַנגע דורות. און סוף כל סוף, איז זינט דעם חורבן פון בית שני מעהר קיין בית־המקדש נישט אויפגעשטאַנען. שוין קנאַפּע 1900 יאָהר ווי עס איז קיין בית־המקדש מעהר נישטאָ. וואָלט מען נישט געדאַרפט אין תשעה באב אָביסעל מעהר דערמאָנען אונזער לעצטע פּראַכט, וואָס איז אין דעם טאָג פאַרניכטעט געוואָרען?

* * *

אָבער, אַז מיר באַקענען זיך היסטאָריש מיט די אומשטענדען פון ביידע חורבנות, ווערט קלאָר, אַז אַזוי האָט עס געדאַרפט זיין. דער חורבן פון בית ראשון איז געווען די נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפע; דאָס אידישע פאָלק האָט, אין זיין געזונטען חוש, פאַרשטאַנען זי געהעריג צו באַקלאָגען.

פשוט, אין די איינפאַכסטע ווערטער, הערען מיר אין ספר מלכים ב׳ (כ״ה, ח׳): ובחדש החמישי, בשבעה לחודש, היא שנת תשע עשרה שנה למלך נבוכדנאצר מלך בבל, בא נבוזראדן רב טבחים עבד מלך בבל ירושלים, וישרוף את בית ד׳ ואת בית המלך ואת כל בתי ירושלים ואת כל בית גדול שרף באש״. און ירמיה דערצעהלט אין זיין ספר (נ״ב, י״ב) אין כמעט די זעלבע ווערטער, ווי די בבל׳ישע אַגרעסאָרען האָבען פאַרברענט דעם הייליגען בית־המקדש. נאָר דעם טאָג גיט ירמיה אַן אַנדערען („בעשור לחודש״) און דאָס ווערט דערקלערט מיט דעם, וואָס פון זיבעטען טאָג אין חודש זיינען די מחנות פון נבוזראדן שוין געווען אין אונזער הייליגטום און דאָרט געפּראַוועט זייערע שמד־שטיק. דעם ניינטען טאָג פאַרנאַכט האָבען זיי אונטערגעלייגט דאָס פייער און עס האָט געברענט ביז צום סוף פון צענטען טאָג.

אַלץ, וואָס האָט געקענט געזאָגט ווערען וועגען דעם מערדערליכען שטויס אין אונזער האַרצען, איז אַנטהאַלטען אין די ווערטער פון ספר מלכים: „ער (נבוזראדן) האָט פאַרברענט גאָט׳ס הויז״. נישטאָ קיין קאָמענטאַרען וועגען דעם פאַקט. נישט נויטיג. מיר ווייסען, וואָס דאָס באַדייט. מיר פיהלען נאָך היינט דאָס שטיקענדע פייער. אונזער הייליגטום ברענט, ווייל די פאַכאַל־קעס פון נבוכדנאצר׳ן האָבען עס אונטערגעצונדען. גענוג.

אָבער גאַנץ אַנדערש האָט עס אויסגעזעהן אין די צייטען, ווען טיטוס האָט באַלאַגערט ירושלים.

* * *

יאָסעפוס פלאַוויוס דערצעהלט:

די גרעניצלאָזע העלדישקייט פון די פאַרטיידיגער פון ירושלים האָט

איבערצייגט טיטוס'ן, אַז סתם, מיט נאָרמאַלע אָנגריפן, וועט ער דעם בית־המקדש, וואָס איז געווען דער סאַמע צענטער פון די אידען, נישט איינגעמען. די רוימישע סאָלדאַטען זיינען צוריקגעשלאָגען געוואָרען מיט גרויסע פאַר־לוסטען.

טאָ וואָס איז איהם געבליבען צו טאָן?

„וויבאַלד טיטוס האָט איינגעזעהן" — דערצעהלט וויטער יאָסעפוס — „אַז די שוינונג פון פרעמדע הייליגטימער ברענגט זיינע זעלנער נאָר טויט און פאַרדאַרבען, האָט ער באַפוילען אונטערצולייגען פייער ביי די טויערען. האָבען די זעלנער אונטערגעלייגט פייער און דאָס זילבער, וואָס איז אומעטום צעשמאָלצען געוואָרען, האָט געעפענט פאַר'ן פייער א צוגאַנג און אָנגעכאַפּט די גאַלעריעס. אַז די אידען האָבען דערזעהן, ווי אַרום און אַרום האָט אויפגע־פלאַקערט פייער, האָבען זיי אָנגעוואָרען סיי דעם מוט און סיי זייער קערפּער־קראַפט; פאַר לויטער שרעק האָט קיינער זיך ניט דערוועגט אַנטגעגענצו־שטעלען, נאָר ווי געליימט זיינען זיי געשטאַנען און האָבען צוגעקוקט. אָבער ווי נידערשלאָגענדיג די שרפה זאָל ניט האָבען געווירקט אויף זיי, פונדעסטוועגען האָבען זיי ניט געקלערט וועגען דעם, אומצובייטען זייער זין, בכדי נאָך צו ראַטעווען דאָס, וואָס איז איבערגעבליבען. פאַרקערט, זיי האָבען זיך אַרויס־געוויזען נאָך מעהר פאַרביטערט געגען די רוימער, אַזוי ווי די פאַרברענונג פון בית־המקדש וואָלט שוין געווען אַ באַשלאָסענע זאַך. דעם גאַנצען טאָג און די נאַכט נאָכדעם האָט דאָס פייער געווילדעוועט; וואָרום די רוימער האָבען געקאָנט אונטערצינדען נאָר איטליכע גאַלעריע באַזונדער, און ניט אַלע אין איינעם.

„אויפ'ן אַנדערען טאָג האָט טיטוס געהייסען אַ טייל פונ'ם חיל לעשען דאָס פייער און פאַראיינס מאַכען ביי די טויערען אַ ריכטיגען וועג, בכדי צו פאַרגרינגערען די לעגיאָנען דעם אַרויסגאַנג. דערנאָך האָט ער גערופען צו זיך די אָפיצירען, וואָס פון זיי זיינען זיך צונויפגעקומען צוערשט די זעקס חשוב'סטע: טיבעריוס אלכסנדר, דער אויבער־קאָמאַנדיר איבער'ן גאַנצען חיל, סיקסטוס צערעאַליס, דער אָנפירער פון פינפטען לעגיאָן, לוקיוס לעפּי־דוס, דער אָנפירער פון צעהנטען לעגיאָן, טיטוס פריגיוס, פון פופצענטען לעגיאָן, וויטער ליטערניוס פראָנטאָ, דער קאָמאַנדיר פוןביידע אַלכסנדרינישע לעגיאָנען, און מאַרקוס אַנטאָניוס אַליאַנוס, דער פּראָקוראַטאָר פון יהודה. נאָך זיי זיינען געקומען די איבעריגע פאַרוואַלטערס און טריבונען. מיט זיי האָט טיטוס געהאַלטען אַ קריגס־ראַט וועגען בית־המקדש.

„איין צד האָט געהאַלטען, אַז מען זאָל לאָזען פריי געוועלטיגען דאָס קריגס־רעכט; כל זמן עס שטעהט נאָך דער בית־המקדש, דער זאַמעל פּלאַץ פאַר אַלע אידען, וועלען זיי ניט אויפהערען צו טראַכטען וועגען מרידה. אַנדע־

רע האָבען אויסגעדריקט זייער מיינונג אין דעם זין, אַז אויב די אידען וועד לען פאַרלאָזען דעם בית־המקדש, און קיינער וועט ניט אַרויסציהען מעהר קיין שווערד צוליב פאַרטיידיגען איהם, דעמאָלט מעג מען איהם לאָזען שטעהן. טאָמער זשע וועלען זיי, פאַרקערט, בלייבען פעסט ביי זייער ווידערשטאַנד, דעמאָלט דאַרף מען איהם פאַרברענען, וואָרום דעמאָלט איז ער נאָר אַ פעסטונג, און ניט קיין הייליגטום. נאָר טיטוס האָט געהאַלטען, אז אפילו ווען די אידען וועלען זיך פאַרטיידיגען פון בית המקדש אַראָפּ, אויך דעמאָלט באַדאַרף מען ניט אויסלאָזען די נקמה צו אומבאַלעבטע זאַכען אָנשטאָט צו לעבעדיגע מענ־שען, און מען טאָר בשום אופן נישט לאָזען אַוועקגעהן מיט׳ן פייער אַזאַ גרויס־אַרטיגען בנין. וואָרום בעצם טרעפט דער שאָדען דאָך די רוימער, און פאַר־קערט, אויב דער בית־המקדש וועט בלייבען גאַנץ, וועט ער זיין אַ צירונג פאַר דער מלוכה. צו דער דאָזיגער מיינונג האָבען מסכים געווען פראָנטאָ, צעראַאַליס און אַלכסנדר.

„דערנאָך האָט טיטוס פאַנאַנדערגעלאָזען די פאַרזאַמלונג און האָט באַ־פוילען די אָפיצירען צו לאָזען רוהען זייערע מענשען, בכדי זיי זאָלען אין די קומענדע געשלעגען קאָנען שטאַרקער זיך שלאָגען. נאָר פון די קאָהאָרטעס האָט ער אויסגעקליבען א געוויסע צאָהל מענשען, וואָס האָבען באַדאַרפט מאַכען אַ וועג דורך די חורבות און פאַרלעשען דאָס פייער.“

(פון זעקסטען בוך פון „אידישע מלחמות“, לויט ז. קאַלמאַנאָוויטש׳ס אידישער איבערזעצונג).

* * *

הייסט עס, אַז טיטוס האָט זיך גענומען לעשען דאָס ברענענדיגע פייער, וואָס האָט געזאָלט פאַרשלינגען אונזער בית־המקדש.

טיטוס האָט געוואָלט פאַרברענען די לעבעדיגע מענשען. דעם גרויס־אַרטיגען בנין האָט זיך איהם פאַרגלוסט פאַר דער רוימישער אימפעריע. דער בנין האָט געזאָלט בלייבען שטעהן.

איז אָבער דערוייל אונטערגעקומען תשעה באב (אָדער ריכטיגער: דער צעהנטער טאָג אין אָב). אַ מורא׳דיגע שלאַכט האָט זיך אָנגעפאַנגען צווי־שען די אידישע פאַרטיידיגער פון בית־המקדש און די רוימישע זעלנער, וועלכע האָבען געדאַרפט, אויף טיטוס׳עס באַפעהל, נעמען לעשען דאָס פייער.

אין מיטען פון קאַמף איז פאָרגעקומען אַן אויסטערלישע זאַך.

אַ רוימישער זעלנער האָט געכאַפּט אַ ברענענדיג שטיק האָלץ און, אָנ־שטאָט עס צו פאַרלעשען, האָט ער — געגען דעם שטרענגען באַפעהל פון הויפט־קאָמאַנדיר — אַריינגעוואָרפען דאָס האָלץ אין גאָלדענעם פענסטער

פון צפון זייט פון בית המקדש. עס האָבן זיך אָנגעכאַפּט תיכף די אינווענינסטע חדרים. די רויטע צונגען האָבן גענומען פאַרשלינגען אַלץ.

און יאָסעפוס דערצעהלט ווייטער:

„אַ שליח האָט עס תיכף געמעלדעט טיטוס׳ן. געשווינד איז יענער אויפגעשפּרונגען פון זיין געלעגער אין געצעלט, וואו ער האָט זיך אויסגערוהט פון קאַמף, און ווי ער שטעהט און געהט, איז ער געקומען צו לויפען, בכדי איינצוהאַלטען די שרפה — נאָך איהם זיינען נאָכגעלאָפען אַלע אָפיצירען און די לעגיאָנען, וואָס זיינען דערשראָקען געוואָרען איבער דער מהומה. מען קאָן גרינג פאַרשטעהן, אַז ביי אַזאַ אומגעאָרדענטער באַוועגונג פון אזוי פיל מענשען איז איצט געוואָרען אַ מורא׳דיגער טומעל, אויסגעמישט מיט אַ באַטויבענדיגען רעש.

„טיטוס האָט געוואָלט דורך שרייען און מאַכען מיט די הענט געבען צו פאַרשטעהן די קעמפענדיגע, אַז זיי זאָלען לעשען. זיי אָבער האָבען זיין קול ניט געהערט, ווייל די איבעריגע האָבען איהם איבערגעשריען, און אויף די צייכענס, וואָס ער האָט געמאַכט מיט די הענט, האָבען זיי נישט געקוקט, ווייל זיי זיינען צופיל געווען פאַרטיפט צום טייל אין דער אויפרעגונג פון קאַמף, צום טייל אין זייער פאַרביטערונג. קיין שום גוטע רייד, קיין שום סטראַשונקעס האָבען ניט געקאָנט אָפּהאַלטען דעם שטורמישען דראַנג פון די לעגיאָנען; דער גרימצאָרן אַליין האָט געפיהרט די קאָמאַנדע...

„בעת זיי זיינען אָנגעקומען נעבען בית־המקדש, האָבען זיי זיך געשטעלט, אַזוי ווי זיי וואָלטען אפילו נישט געהערט די באַפעלען פונ׳ם אָנפיהרער, און האָבען געשריען צו יענע, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר זיי, זיי זאָלען וואַרפען פייער אין בית־המקדש. איבעריגענס, האָבען די אידען זיך אינגאַנצען אָפּגעזאָגט פון דער האָפנונג איינצולעשען די שרפה; וואָרום אומעטום האָט מען זיי אויסגע׳הרג׳עט אָדער אַוועקגעטריבען. אויך גאַנצע מאַסען בירגער, לויטער שוואַכע, אומבאַוואָפענטע מענשען, זיינען געפאַלען פאַר קרבנות פון שווערד, דאָרט וואו דער שונא האָט זיי געטראָפען. באַזונדערס ארום מזבח האָבען זיך אַרומגעקליבען הרוגים מאַסענווייז. טייכענווייז איז גערונען בלוט פון זיינע שטאַפּלען אַראָפּ, און דומפיג האָבען זיך אַראָפּגעקייקעלט פון זיינע ווענט די קערפּערס פון יענע, וואָס זיינען אויבען דער׳הרג׳עט געוואָרען.

„אַז טיטוס האָט מעהר ניט געקענט איינהאַלטען דעם אימפּעט פון זיינע זעלנער, וואָס זיינען געוואָרען ווי משוגע, און די פלאַמען האָבען אַלץ ווייטער אַרומגעכאַפּט, איז ער מיט די אָפיצירען אַריין אין קדשי קדשים און האָט באַקוקט, וואָס דאָרט איז געווען. ער האָט געפונען, אַז אַלצדינג איז מעהר מאַיעסטעטיש, איידער דער שם, וואָס עס האָט געהאַט ביי פרעמדע, און עס איז טאַקע געווען אַזוי, ווי די הויכע מיינונג, וואָס די אידען האָבען געהאַט

דערפון, היות ווי דאָס פייער איז נאָך ניט געווען אַריינגעדרונגען אין די אינעווייניגסטע חדרים, נאָר עס האָט פאַרלענדט די בנינים, וואָס אַרום בית־המקדש, דעריבער האָט ער מיט רעכט געהאַלטען, אַז דעם בנין גופא קאָן מען נאָך ראַטעווען. דעריבער איז ער אַרויסגעלאָפען און לא די וואָס ער האָט גע־פרואווט פערזענליך צו באַוועגען די זעלנער, זיי זאָלען לעשען דאָס פייער, נאָר ער האָט אויך געהייסען דעם צענטוריאָ ליבעראַליס, וואָס האָט געהערט צו זיין לייב־וואַך, ער זאָל צווינגען דערצו די ווידערשפעניגע דורך קלעפּ מיט שטעקען.

„אָבער די פאַרביטערונג, די שנאה צו אידען און דער אַלגעמיינער קאַמפּס־ברען האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר שטאַרקער, איידער די איבער־געבענקייט צום אָנפיהרער און די מורא פאַר זיין שטראָף. דעם גרעסטען רוב האָט אָנגעטריבען דער חשק צו רויב, ווייל זיי זיינען געווען פעסט איבער־צייגט, אַז ווי באַלד פון אויסענווייניג איז אַלץ געמאַכט פון גאָלד, איז אַ פשיטא שוין, אַז אינעווייניג איז אָנגעפּאַקט מיט אוצרות פון אַלע מינים. אין דער צייט, ווען טיטוס איז אַרויסגעלאָפען, בכדי אָפּצוהאַלטען די זעלנער, האָט איינער פון זיי, וואָס איז געווען אַריינגעדרונגען אינעווייניג, אונטערגעלעגט אין דער פינסטער פייער אונטער די טירען. און היות ווי דער פלאַם האָט איצט אַרויס־געריסען זיך פון אינעווייניג, דעריבער האָבען די אָפיצירען מיט טיטוס׳ען זיך צוריקגעצויגען, און קיינער האָט זיך מעהר ניט געגעבען קיין מיה אָפּ־צוהאַלטען די זעלנער, וואָס זיינען פון אויסענווייניג אַרום בית־המקדש, זיי זאָלען ווייטער ניט אונטערלייגען קיין פייער. אַזוי איז דער בית־המקדש אַוועק מיט׳ן פייער — געגען טיטוס׳עס ווילען״.

* * *

עס פרעגט זיך:

אויב דער צווייטער בית־המקדש איז פאַרברענט געוואָרען ביי אַזעל־כע אומשטענדען — איז אפשר דאָס די סיבה פאַר דעם שטאַרקערען באַטאָנען פון ערשטען חורבן אין תשעה־באָב?

אויב טיטוס האָט טאַקע אַליין געלאָשען די שרפה — איז דאָס אפשר די סיבה, פאַרוואָס מיר טרויערען היינט אַזוי שטאַרק אויף יענעם חורבן, וואָס נבוזראדן האָט גורם געווען — אָהן קונצען און אָהן דער פאַלשער רחמנות אויף אַ גאָלדענער געביידע?

קענען מיר דען גלויבען טיטוס׳ען — און די וואָס געהען אין זיינע וועגען, אַז זיי פאַרטיידיגען באמת דעם בית־המקדש? ניין, די וואָס ברענען לעבעדיגע מענשען, די קענען קיין בית־המקדש נישט פאַרטיידיגען...

(„מאָרגען זשורנאַל״, ז׳ אב, תש״ח — 12 אויגוסט, 1948)

# המנ׳ס טעסטאַמענט

## (צו פּורים תש״ח)

ווען זיין עקסעלענץ המן, דער פיהרער און קאַנצלער פון פּערזישען רייך, איז געפיהרט געוואָרען צו דער תליה, נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט פאַר־שפּילט די גענאָד פון גרויסען און קלוגען מלך אחשורוש, האָט ער פלוצים אַ געשריי געגעבען צום תליון:

— „האַלט! איידער עס ווערט פאַרלייגט די פּעטליע אויף מיין האַלז, האָב איך, לויט די געזעצען פון פּרס ומדי, דאָס רעכט אויסצודריקען מיין לעצטען וואונש. דאריבער פאַרלאַנג איך, אַז עס זאָל מיר געגעבען ווערען נאָך איין שעה צייט. במשך פון דער שעה וויל איך אָנשרייבען מיין טעס־טאַמענט. מיין מפּלה איז געקומען אזוי אומגעריכט, אַז די קומענדע דורות וועלען נישט צומאָל וויסען, וואָס איך, המן, האָב דערפון געלערענט און וואָס איך האָב וועגען דעם צו זאָגען אַלע מיינע נאָכפאָלגער, וועלכע וועלען קעמפען מיט׳ן פאָלק ישראל. און איצט איז מיר דוקא זעהר פיל קלאָר געוואָרען. דעריבער גיט מיר די לעצטע שעה פון מיין לעבען, כדי איך זאָל אָנזאָגען די שונאי ישראל פון אַלע צייטען אַ רעצעפּט, וואָס וועט זיי ערמעגליכען מנצח זיין אידען״!

דער קאָמענדאַנט פון דער אָפּטיילונג פון די קעניגליכע לייב־גוואַר־דיסטען, וואָס האָט באַוואַכט די צערעמאָניע, האָט באַין ברירה מסכים געווען אויף המן׳ס פאַרלאַנג. דאָס געזעץ פון פּרס האָט אויסדריקליך באַשטימט, אַז מען מוז יעדען פאַראורטיילטען צום טויט באַוויליגען איין פאַרלאַנג פאַר דער עקזעקוציע. אַזוי ווי די תליה איז געווען אויפגעשטעלט אין המן׳ס אייגענעם הויז, האָט מען איהם אוועקגעפיהרט אין זיין שרייב־קאַבינעט, אַוועק־געשטעלט אַ שטאַרקע וואַך ביי דער טיר און איבערגעלאָזט דעם געפאַלענעם פּרעמיער־מיניסטער אין התבודדות אויף אַ גאַנצע שעה צייט. ער האָט זיך תיכף גענומען צום שרייבען. ער האָט באמת נישט געהאַט מעהר אין זינען צו אַנטלויפען. ער האָט געוואָלט ראַטעווען אַלע המנ׳ס און המן׳דלעך פון דער צוקונפט. ער האָט גוט געוואוסט, אַז עס וועלען אויפשטעהן זיינע אייניק־לעך און אוראייניקלעך און וועלען פּרובירען אויסצופיהרען דאָס, וואָס איהם, המן׳ען, איז נישט געלונגען. טאַ איז דאָך העכסט וויכטיג, אַז זיי זאָלען נישט געשטרויכעלט ווערען, ווי ער. זיי מוזען וויסען, ווי אַזוי מען דאַרף זיך באַ־נעמען, כדי עס זאָל דאָך אַמאָל פאַרווירקליכט ווערען די פאַראָרדנונג פון „להשמיד להרוג ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים״.

און אָט זיינען עטליכע אויסצוגען פון מערקווירדיגען דאָקומענט, וואָס המן האָט אָנגעשריבען אין דער לעצטער שעה פון זיין לעבען:

* * *

„איך, המן בן המדתא האגגי, בין מודה, אַז איך האָב געמאַכט צוויי גרויסע פעהלערען אין מיין אַקציע אויסצוראָטען דאָס אידישע פאָלק. דאַריבער וואָרען איך אַלע שונאי־ישראל עד סוף כל הדורות, אַז זיי זאָלען אויסמיידען די צוויי פעהלערען, און דאַן וועלען זיי קענען מצליח זיין.

זייענדיג פּרעמיער־מיניסטער און האָבענדיג אין מיין האַנט אַלע פעדים פון דער מלוכה, האָב איך צוגעלאָזט, אַז אידען זאָלען דערגרייכען הויכע רעגירונגס־פּאָזיציעס און אָנהאַלטען פונדעסטוועגען זייער פאַרבינדונג מיט אידישקייט. איך האָב נישט אונטערשטיטצט די אַסימילאַציע פון די אידען, ווי דאָס דאַרף זיין. אָט, למשל, איז געווען אסתר, די קעניגין. זי האָט נישט אויסגעזאָגט לכתחילה צו וועלכען פאָלק זי געהערט. „אין אסתר מגדת מולדתה ואת עמה"... וואָלט דאָך אויסגעוויזען, אַז דאָס איז גוט, אַז זי איז שוין פולשטענדיג אַסימילירט. אָדער איהר פעטער, מרדכי, ער האָט דאָך אויך נישט דערצעהלט לכתחילה, אַז ער איז אַ איד; מען האָט זיך ערשט געמוזט נאָכפרעגען, כדי דאָס געוואָהר צו ווערען („כי הגידו לו את עם מרדכי..."). ווען די פּערזישע רעגירונג וואָלט געווען אונטערשטיטצט די פולשטענדיגע אויסמישונג פון די נאָבעלע אידען מיט די פּערזער, דאַן וואָלט זיכער קיינעם פון זיי נישט איינגעפאַלען זיך אָנצונעמען פאַר אידען — פאַר דעם רעשט, פאַר דעם פאָלק — בשעת אַ קעניגליכער דעקרעט וואָלט פאַראָרדענט זיי אויסצוראָטען!

מיט אידען מוז מען תמיד שפּילען אַ דאָפּעל־שפּיל. מיט איין האַנט מקרב זיין, מיט דער אַנדערער אונטערגרובען אַ פאַר׳סם׳ט לעקעכעל. היינט צוזאָגען גאָלדענע בערג, מאָרגען אַלץ מבטל זיין. דאָס ערגסטע, וואָס אַ ריכטיגער אַנטיסעמיט קאָן טאָן, איז צו האָבען אַ גלייכע ליניע. ניין, ער דאַרף אָפט זיך פאַרשטעלען פאַר אַ אוהב־ישראל! ער דאַרף צורעדען די „נאָבעלע אידען", אַז זיי זאָלען זיך ענדליך אינגאַנצען אָפּזונדערען פון אידישען פאָלק, ווייל דאָס פּאַסט דאָך נישט פאַר זיי זיך צו חבר׳ן מיט אידען....

נישט תמיד איז צוועקמעסיג פאַר אַן אַנטיסעמיט צו זאָגען אָפען, אַז ער וויל „להשמיד להרוג ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים", אַזוי אַז אפילו אַ אידישע מלכה זאָל דערנאָך קענען זאָגען: „כי נמכרנו אני ועמי להשמיד להרוג ולאבד"... בעסער איז צו טיילען די אויסראָטונגס־אַרבייט: איין חלק פון אידישען פאָלק זאָל גייסטיג זיך אַסימילירען און דער אַנדערער קען דאַן פיזיש ווערען פאַרניכטעט!

דאַריבער איז די ערשטע פּקודה, וואָס איך, המן, דאָס געטרייע אייניקעל פון אַלטען עמלק, האָב אָנצוזאָגען פאַר אַלע שונאי ישראל, אָט וואָס:

— „אונטערשטיצט אַ פולשטענדיגע אַסימילאַציע פון אידען! זאָלען וואָס מעהר אידען אַוועק פון זייער פאָלק, און זאָלען די, וואָס וועלען אַוועקגעהן, איבעררייסען באמת אַלץ, וואָס בינדט זיי צונויף מיט זייער שטאַם. דער זיידע עמלק האָט דאָס אייגענטליך שוין פריהער אָנגעזאָגט („ויזנב בך כל הנחשלים אחריך ואתה עיף ויגע ולא ירא אלקים"...), נאָר עס איז מיר אַרויס פון זינען. זאָלען די קומענדע המנ׳ס דאָס נישט מעהר פאַרגעסען, דאַן וועלען זיי זיך פאַרשפּאָרען פיל, פיל עגמת נפש".

* * *

„דער צווייטער פעהלער, וועלכען איך האָב געמאַכט", האָט ווייטער געשריבען המן אין זיין טעסטאַמענט, „איז נאָך גרעסער, ווי דער ערשטער. ער האָט מיין אַקציע אינגאַנצען פאַראַליזירט.

איך האָב צוגעלאָזט, אַז אידען זאָלען זיך פאַראייניגען. אסתר המלכה האָט אָנגעזאָגט צו מרדכי׳ן: „לך כנוס את כל היהודים הנמצאים בשושן". מיט דעם האָט זי איהם געגעבען אַ בפירוש׳ן אויפטראָג, אַז עס מוז ווערען אויפ־געשטעלט אַן איינהייטליכער פראָנט פון אַלע אידען. זי האָט פאַרלאַנגט, אַז אין אַן עת־צרה זאָלען פאַרשווינדען אַלע פּאַרטיי־דיפערענצען. ווען עס ווערט פאַר־עפענטליכט אַן אויסראָטונגס־דעקרעט געגען אַלע אידען, האָט די אידישע פיהרערין פאַרשטאַנען, איז נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר געקריגערייען צווישען אגודת ישראל און מזרחי, און נישט אַמאָל צווישען „הגנה" און „אירגון צבאי לאומי"...

מרדכי האָט דעם באַפעהל פון דער קעניגין געבראַכט צו די אידען און ער איז געוואָרען אויסגעפירט.

און איך, המן, דער פּרעמיער פון פערזישען רייך, האָב דאָך געהאַט אַזוי פיל מעגליכקייטען צו צושטערען די אחדות ביי אידען! ווי לייכט קען אַ רעגירונג צעשטערען אַ אידישע אחדות־פראָנט! מען דאַרף בלויז דעם אָדער יענעם מנהיג עפּעס צוזאָגען, רעדען אַ וואָרט בסתר מיט פּלוני אלמוני פון איין פּאַרטיי אָדער דער צווייטער, און שוין איז דאָ אַ גרייט מחלוקה׳לע!

דאַריבער זאָג איך אָן צו אַלע המנ׳ס אין דער נאָהענטער און ווייטער צוקונפט: לאָזט ניט צו קיין אידישע אחדות. אויב איהר ווילט מצליח זיין מיט די גזירות אויף אידען, דאַן צעשפּאַלט קודם כל די אידישע מחנה, דאַן פאַרשטאַרקט דעם קאַמף צווישען די פּאַרטייען ביי אידען. אַ צעשפּאָלטען אידיש פאָלק איז ממילא האלב באַזיגט!

און דאַן פאַרגעסט נישט — האָט ווייטער המן געשריבען אין זיין טעסטאַמענט — נישט צו דערלאָזען אַן אַחדות־פראָנט, וואָס זאָל נאָך האָבען עפּעס צו טאָן מיט דער אידישער רעליגיע. דאָס איז געפערליך ביז גאָר פאַר׳ן אַנטיסעמיטיזם. אויב אחדות ביי אידען איז זעהר אַ גוטע געוועהר געגען שונאי

ישראל, דאַן איז אחדות ישראל אונטער׳ן צייכען פון דת אַזאַ קאָלאָסאַל אָפּוועהר־מיטעל געגען אַנטיסעמיטישע אָנגריפען, אַז דאָס טאָר פאַר קיין פאַל נישט דערלאָזט ווערען דורך קיין המן אין דער צוקונפט! אייגענטליך האָט דאָס דאָך גורם געווען די גרויסע מפלה פון טעסטאַמענט־שרייבער. ווייל ווען אסתר האָט ארויסגעגעבען איהר באַפעהל וועגען אידישער אחדות, האָט זי גלייכצייטיג פאַראָרדענט: „וצומו עלי ואל תאכלו ואל תשתו שלשת ימים...״ וואָס מיינט דאָס? איינפאַך, אַ רעליגיעזע אחדות־דעמאָנסטראַציע. אַ פאַראייניגטער אידישער פראָנט אונטער׳ן צייכען פון דת. נו, וואָס זיינען געווען די קאָנסעקווענצען, וועגען דעם דאַרף איך, המן, נישט שרייבען. יעדער ווייסט דאָס. דאָס האָט צוגעפירט צום גאַנצען אומגליק. דאָס האָט גורם געווען, אַז אָט אָט ווער איך, דער פיהרער און קאַנצלער פון פערזישען רייך, געפיהרט צו דער תליה.״

* * *

— „געננוג שוין! די שעה איז פאָראיבער!״ — האָט דער קאָמענדאַנט פון די קעניגליכע לייב־גוואַרדיסטען אויסגעשריען צו המנ׳ען. די טיר האָט זיך אויפגעפראַלט און די געפאַלענע עקסעלענץ האָט אַרויסמאַרשירט.

„ויתלו את המן על העץ אשר הכין למרדכי״.

אָבער דער טעסטאַמענט איז פאַרבליבען. וועלען פון איהם לערנען נישט נאָר די המן׳ס אין יעדען דור, נאָר אויך מיר אידען? וועלען מיר זיך ענדליך באַזינען, אַז אונזער שטאַרקייט ליגט — אין צוריקקעהרען צום אַלטען מקור און אין אידישער אחדות?

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ד אדר ב׳, תש״ח — 25 מערץ, 1948)

**United Nations** | **Nations Unies**

**ECONOMIC AND SOCIAL COUNCIL** | **CONSEIL ECONOMIQUE ET SOCIAL**

UNRESTRICTED
E/CN.4/SR 116
17 June 1949

ENGLISH
ORIGINAL: FRENCH

COMMISSION ON HUMAN RIGHTS
Fifth Session
SUMMARY RECORD OF THE ONE HUNDRED AND SIXTEENTH MEETING
Held at Lake Success, New York,
on Tuesday, 7 June 1949, at 10.30 a.m.

CONTENTS: Draft International Covenant on Human Rights: article 16 (discussion continued) (E/CN.4/272)

| | | |
|---|---|---|
| Chairman: | Mrs. ROOSEVELT | United States of America |
| Rapporteur: | Mr. Charles MALIK | Lebanon |
| Members: | Mr. HOOD | Australia |
| | Mr. STEYAERT | Belgium |
| | Mr. SAGUES | Chile |
| | Mr. P.C. CHANG | China |
| | Mr. SOERENSEN | Denmark |
| | Mr. LOUFTI | Egypt |
| | Mr. CASSIN | France |
| | Mr. GARCIA-BAUER | Guatemala |
| | Mrs. MEHTA | India |
| | Mr. GOUDARZI | Iran |
| | Mr. INGLES<br>Mr. AQUINO | Philippines |

.......................................................................

Mr. LEWIN (Agudas Israel World Organization) stated that the freedom of religion was based on several fundamental principles.

Reviewing article 16 of the draft International Covenant prepared by the Drafting Committee in 1948 (E/CN.4/AC.1/19), he noted that the following principles had been recognized:

1. That every person had the right, either alone or in community with other persons of like mind, to hold and to manifest any religious or other belief.

2. That every person had the right to change his belief.

3. That every person had the right to practise any form of religious worship and observance.

4. That no one should be required to do any act which was contrary to religious worship and observance.

5. That every person was free, either alone or in community with other persons of like mind, to give and to receive any form of religious teaching.

6. That, in the case of a minor, the parent or guardian should be free to determine what religious teaching he should receive.

7. That all those rights and freedoms should be subject only to such limitations as were prescribed by law, and as were necessary to protect public order and welfare, morals and the rights and freedoms of others.

Of those seven principles, only six were included in the Report of the Commission on Human Rights to the Economic and Social Council (E/800). The provisions relating to the right of parents to determine the religious teaching given to minors had been omitted. It had been stated, however, that everybody was entitled to endeavour to persuade other persons of the truth of his belief.

With regard to the proposal to replace paragraphs 1, 2 and 3 of the Drafting Committee's text by article 18 of the Declaration of Human Rights, and to retain only paragraph 4 of that text, Mr. Lewin thought that such an amendment would result in only a certain number of the fundamental principles which he had enumerated being protected, and even then only in a very general way.

It was inconceivable that, in so far as freedom of religion was concerned, practical provisions complementing those contained in the Declaration had not been included in the Covenant, while it contained restrictive clauses which actually rendered void the provisions of the Declaration.

Mr. Lewin recalled that the recommendation of the United States delegation, as it appeared in the Drafting Committee's report (E/CN.4/AC.1/19) rightly omitted any mention of restrictions with regard to religious freedom.



The Government of Brazil had also wisely suggested that al restrictions should appear in a single article, so that they sh applicable to all the rights and freedoms mentioned in the Cove

In the name of his organization, Mr. Lewin suggested the f text for article 16:

1) "No one shall be denied freedom of religion, thought, and belief, including the right, either alone or in community w persons of like mind, to hold and adopt any religious or other to practise any religious worship or observance, and no one sh required to do any act which is contrary to such worship and ob

2) No one shall be denied the right to give or receive a of religious teaching. In the case of a minor, the parents sha to choose the religious instruction he shall receive. Children parents were killed in a war or other catastrophe shall be bro in the religion of their parents."

That formula simplified the present drafting, by combining 1 and 2. The principal changes regarding religious instruction explainable by the fact that it was essential to grant parents to choose the religious instruction to be given their children. organization suggested, however, that such a right should be gr to parents. That right should not be mentioned in so far as gu were concerned, since the authority which designated a guardia at the same time, define his rights and duties. The rights of alone should be protected in the Covenant on Human Rights, sinc proved that in numerous cases parents had been refused that rig

It was evident that parents who had been killed in a war o other catastrophe would have raised their children in their own religion; it was logical therefore, that those who were entrus the education of orphans, should respect the wishes of the dece parents.

In that connexion, Mr. Lewin recalled the mass persecution the Jewish populations of Europe had been subjected by the Nazi the six million innocent Jews who had been assassinated, there million children. A certain number of children had, however, e massacres, thanks to the help of sympathetic persons, and had s the catastrophe by hiding in non-Jewish families. About twenty thousand of those children were at present being raised in a re different from that of their deceased parents. Did that not co one of the greatest cruelties committed by the free world towar victims of the Hitlerian gas chambers? Those who were helping those orphans away from the religion of Hitler's victims, were participating in the campaign undertaken by Hitler to extermina Jewish people.

The Covenant on Human Rights should take into account thos considerations and recognize the right of the weak by adopting provision stipulating that "children whose parents were killed war or other catastrophe shall be raised in the religion of the parents."

.......................................................................

Miss BOWIE (United Kingdom) shared the opinion of the representative: she was convinced that it was necessary to dev ideas contained in the Declaration.

As regards paragraph 1, it would perhaps be preferable to the Drafting Committee's text, but as far as the other paragrap concerned, she supported the amendments submitted by the Lebane representative, particularly, that which established the freedo parents to choose the type of religious education to be given t children. In her opinion, it was not a question of protecting religions by maintaining the number of their followers, but of the children themselves, who needed to find in their families s and stability, which were always seriously endangered when chil not adopt the religion of their parents.

She felt that Mr. Lewin's suggestion concerning children w parents had been killed in war, was unacceptable. Were person had taken in and cared for Jewish children during the war, some at the risk of their lives, going to see those children taken a them on the pretext that they should be raised in the Jewish fa

As regards the Egyptian representative's amendment, she co that, although religions were changed for reasons which were no very laudable, it was none the less essential that the right of individuals to change their religion should be recognized.

פּאַטאַסטאַט פון אָפיציעלען פּראָטאָקאָל פון דער זיצונג פון דער „קאָמיסיע פאַר
מענשען־רעכט" פון 7־טען יוני, 1949 (זעה זייט 283 א. וו.).

# קיין פּאָליטיק פון: „לא נעשה עמו דבר״!

## (צווישען דעם 29־טען נאָוועמבער 1947 און 15־טען מאַי 1948)

מיר האַלטען איצט ביי איינעם פון די קריטישסטע מאָמענטען אין אונ־זער געשיכטע. עס פאָדערט זיך ביי אידען שטאַטסמענישקייט פון גרעסטען פאַרנעם, כדי צו קענען אַרויסמאַנעווּרירען די אידישע שיף, וועלכע ווערט געטראָגען פון בייזע ווינטען אויף אַ שטורעמדיגען ים, אַז זי זאָל נישט דער־טרונקען ווערען.

פון איין זייט הערען מיר שטימען פון יאוש. עס דראָהט אַ פולשטענדיגער חורבן, און אפילו ביי באַזונענע מענשען קומט אויף אַ געפיהל פון וועלט־אונטערגאַנג. מען הערט הויך־שאַלענדע נבואות, אַז דער גאַנצער יושר און די גאַנצע אָרדנונג פון דער וועלט האַלטען ביים צוזאַמענברעכען. דאָס איז נאַ־טירליך פאַלש. ווער עס רעדט אַזוי, דער האָט לכתחילה פאַרשפּילט. פיהרער פון אַ פאָלק טאָרען קיינמאָל נישט פאַרלירען די נערווען און טאָרען זיך אויך קיינמאָל נישט פאַרשטייפען.

דעריבער, הגם די לאַגע איז אומגעהייער שווער, מוז מען וואָרענען פאַר יאוש. אמת איז, אַז דער יושר און די גערעכטיקייט הינקען היינט שטאַרק אונטער, אָבער אונזער אידישע צוקונפט איז גאַראַנטירט שוין דורכ׳ן פאַקט, אַז מיר האָבען אויסגעהאַלטען צוויי טויזענט יאָהר פון כסדר׳דיגע אַנטי־יושר׳דיגע און גערעכטיגקייט־פאַרקרימטע מעשים פון די פעלקער פון דער וועלט. איז דאָס עפּעס אַ נאָווינע ביי אונז, אַז מען זאָל נישט האַלטען אַ וואָרט, וואָס איז געגעבען געוואָרען צום אידישען פאָלק? טאָ וואָס איז די פאַרצווייפ־לונג? מיר פאַרבייסען די ליפּען און געהען ווייטער!

פון דער אַנדערער זייט, טאָר מען נישט פאַרפאַלען אין סתם אַפּאַטיע. מיר מוזען זיך זאָגען, אַז אין דער געשאַפענער סיטואַציע איז דאָ פאַר אונז איין ציל: צו דערהאַלטען דעם קיום פון פאָלק. נאָך דעם פאַרלוסט פון זעקס מיליאָן אידען אין די לעצטע יאָהרען טאָרען מיר ניט דערלאָזען צו קיין ווייטערען בלוט־פאַרגיסען, ווייל מיר ריזיקירען דערביי די סאַמע עקזיסטענץ פון אידענטום.

דאָס זאָל נאַטירליך ניט מיינען, אַז מיר גיבען אַלץ אַוועק פאַר׳ן פּרייז פון דורכלעבען אַ טאָג מעהר. ניין, פאַר קיין פאַל וועלען מיר זיך נישט לאָזען אַראָפּדריקען צו דער מדרגה, אויף וועלכער עס האָבען אונז תמיד געוואָלט

זעהען די שונאי־ישראל פון אַלע מינים, צו אַ מדרגה פון זיין דאַנקבאַר בלויז דערפאַר, וואָס מען לאָזט אונז לעבען. עס איז דאָ אַ מיטעל־וועג. מיר פאַר־וואַרפען דעם מאַקסימאַליזם, אויב ער איז גורם אַ מורא׳דיגע סכנה פאַר דער עקזיסטענץ פון כלל־ישראל. אָבער מיר פאַרוואַרפען אויך די שיטה, וועלכע זאָגט: זייט צופרידען, אַז מען הרג׳עט אייך נישט. ניין, דאָס איז נישט דער וועג.

אויב געוויסע שטאַטס־מענער אין לאָנדאָן און אין וואַשינגטאָן מיינען, אַז דורך אויסהונגערען צ. ב. פון ירושלים וועט מען ברענגען דאָס אידישע פאָלק צו קאַפּיטולאַציע, דאַן מוז אויפגעקלערט ווערען, אַז דאָס איז פּונקט אַזוי פאַלש, ווי צו פאַרלאַנגען פון אידען, אַז זיי זאָלען אַלץ איינשטעלען פאַר איין פּאָליטישען ציל.

איך דערמאָן זיך אין אַ עהנליכער לאַגע אין פּוילען פאַר דער לעצטער מלחמה, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ כוואַליע פון פּאָגראָמען און די רע־גירונג, וואָס איז דאַן געווען ביי דער מאַכט, האָט געהאַט פאַראיבעל אויף אידען, וואָס זיי האָבען צו איהר טענות. סטייטש, האָט אַמאָל אַ פּוילישער אינערן־מיניסטער געפרעגט די אידישע דעפּוטאַטען, ווי וואַגט איהר אונז צו קריטי־קירען? אָהן דעם שוץ פון דער רעגירונג וואָלט מען דאָך אַלע אידען אויסגע׳־הרג׳עט מיט איין מאָל! דאַרויף האָט איהם מיין פאָטער זכרונו־לברכה, וועלכער האָט רעפּרעזענטירט די וואַרשאווער אידען אין סיים, געענטפערט: איך פאַר־שטעה איצט אַנדערש ווי געוויינליך אַ שטעלע אין דער מגילת־אסתר. ווען אחשורוש האָט געפרעגט זיינע הויף־לייט, וועלכען שכר האָט מרדכי באַקומען דערפאַר, וואָס ער האָט אויפגעדעקט דעם „פּוטש" פון בגתן ותרש און דאַמיט געראַטעוועט דאָס לעבען פון קעניג, האָבען די הויף־לייט איהם געזאָגט: „לא נעשה עמו דבר". געוויינליך פאַרשטייט מען דאָס, אַז מרדכי האָט קיין שכר נישט באַקומען. אָבער אין ליכט פון די אויספירונגען פון מיניסטער, אַז מיר דאַרפען זיין דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס מען טוט אונז נישט קיין שלעכטס, איז דער פּשט פון „לא נעשה עמו דבר" אַ גאַנץ אַנדערער: מרדכי האָט יאָ באַקו־מען אַ שכר און דער שכר איז געווען, אַז — „לא נעשה עמו דבר", אַז מען האָט איהם קיין שלעכטס נישט געטאָן, אַז מען האָט איהם נישט גע׳הרג׳עט... קענען מיר אויף דעם מסכים זיין?

די פּאָליטיק פון „לא נעשה עמו דבר" פאַרוואַרפען מיר אויך איצט. עס מוז אויסגעאַרבעט ווערען אַ מינימום־פּראָגראַם, וועלכעס זאָל פּרעזענטירט ווערען צו די פאַראַנטוואָרטליכע מלוכה־מענער פון די פיהרענדע פעלקער. דער פּראָגראַם מוז זיכערען נישט נאָר דעם „לא נעשה עמו דבר", נאָר אַ ווייטערע מעגליכקייט פון אַנטוויקלונג פון ארץ־ישראל, וואָס איז הייליג און טייער צו אַלע אידען אויף דער וועלט און וואָס דער שארית הפליטה פון אייראָפּעאישען אידענטום מוז אַהין אַריינקומען וואָס גיכער!

נאַטירליך, אויב מיר וועלען זיך איינרעדען, אַז עס איז פאַר אונז גענוג דער שוץ פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט, וואָס היינט־צו־טאָג איז דער באַשלוס פון „יו־ען" פון 29טען נאָוועמבער אַ חלק פון אָיהם, וואַרטען אונז ווייטער אַנ־טוישונגען. דער שרייבער פון די שורות האָט אויף דער לעצטער זיצונג פון די אידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס איז גערופען געוואָרען פון דער אידישער אַגענ־טור, געוואָרענט פאַר אַזאַ מין אָפּטימיזם. ליידער איז היינט כמעט קיין ווערט נישטאָ פאַר אַזאַ מין באַגריף ווי דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט. גיכער וואָלט מען געקענט רעדען פון אַן אינטערנאַציאָנאַלען „אונרעכט", וואָס רעגירט פּראַק־טיש אין באַצוג צו פילע וועלט־פּראָבלעמען, דאַרונטער צו ארץ־ישראל...

מיר מוזען זיין רעאַליסטיש.

ווען מיר וואָלטען פאַרשטאַנען לכתחילה, אַז די וועלט איז נאָך נישט רייף גענוג, כדי צו קענען גוט־מאַכען מיט איין מאָל אַלע שרעקליכע עוולות, וואָס מען האָט אָפּגעטאָן לגבי דעם אידישען פאָלק במשך אַזוי פיל יאָהרען, וואָלט דער טאָן פון אונזערע פאָדערונגען געווען אַן אַנדערער און מיר וואָל־טען אפשר נישט געזעהן אַזוי באַשיינפּערליך דעם שקר און דאָס צביעות, ווי דאָס איז לעצטענס אַרויס אויפ'ן טאָג־ליכט. מיר האָבען דערפאַר באַצאָלט אַ טייערען פּרייז. מען וועט אונז מעהר נישט אָפּנאַרען, און דאַריבער טאָרען מיר זיך מעהר נישט אַליין נאַרען!

(„מאָרגען זשורנאַל", ו' ניסן, תש"ח — 15 אַפּריל, 1948)

---

# די קאָנסטיטוציע פון ישראל

## 1

### אַלגעמיינע באַמערקונגען

**ווען** נאָך אַן הפסקה פון בערך 1880 יאָר, דאַרף ווידער אויפגע־שטעלט ווערען אין אַלטען לאַנד פון ישראל, אַן אייגענע נאַציאָנאַלע געביי־דע פון רעכט, דאַן איז עס דער אייגענטליכער פונדאַמענט פון דער מלוכה. אַקטען פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט קענען אַרויסרופען געשעהעניש אין לעבען פון דער פעלקער־משפחה; זיי רעגולירען די באַציהונגען צווישען די מלוכות. אָבער זיי קענען נישט אויפבויען די געזעצליכע אָרדנונג אין לאַנד

גופא. דאָס קען נאָר געטאָן ווערען פון אינווייניג. יעדעס זעלבסטשטענדיגע פאָלק האָט זיך זיין רעכט, וואָס רעגולירט די באַציהונגען אין דער מלוכה — דאָס איז די קאָנסטיטוציע.

עס איז נישט וויכטיג — היסטאָריש גענומען — צי דאָס קאָנסטי־טוציאָנעלע רעכט איז פאָרמולירט אין איין אַקט, אָדער אין עטליכע. מעהר נאָך: צי עס איז אויפגעשריבען, אָדער נישט. עס קען אפילו זיין נאָר אַ מינדליכע טראַדיציע, אַ מנהג, ווי דאָס איז דער פאַל אין ענגלאַנד, אָדער ווי עס איז אַמאָל געווען אין רוים. נישט־געשריבענע קאָנסטיטוציעס זיינען די עלטסטע. זיי זיינען געוואָרען אָפּגעהיט נישט ווייניגער גענוי, ווי די גע־שריבענע, ווייל באמת אַנטשפּרעכען זיי אַם שטאַרקסטען דעם מהות און דעם כאַראַקטער פון פאָלק.

טיילמאָל באַשטעהט אַ קאָנסטיטוציע פון אַ מדינה פון אַ געמיש פון פאַרשיידענע אַקטען און פון טיף־איינגעוואָרצעלטע טראַדיציעס. דער קלאַ־סישער ביישפּיל איז דאָ ווידער ענגלאַנד, וואו די „מאַגנאַ קאַרטאַ" פון יאָהר 1215 איז פונקט אַזאַ באַשטאַנד־טייל פון קאָנסטיטוציאָנעלען רעכט, ווי די אַלטע מנהגים, וואָס ווערען אָפּגעהיט דורך'ן פּאַרלאַמענט, דורך דער קרוין און דורך די געריכטען.

אָבער זינט דעם 18טן יאָרהונדערט זיינען געשריבענע קאָנסטיטו־ציעס געוואָרען אָנגענומען אין אַלע מאָדערנע לענדער (חוץ ענגלאַנד). דעם דאָקטרינערען יסוד האָבען צו זיי געלייגט בעיקר צוויי דענקער: דער ענגלענ־דער לאָק (1632—1704) און דער פראַנצויז מאָנטעסקיע (1689—1755). זיי זיינען די פאָטערס פון עיקר־העיקרים פון אַ מאָדערנער קאָנסטיטוציע: פון דער איינטיילונג פון דער מלוכה־געוואַלט אין דריי גלייכע שותפים, די געזעצגעבונג, די רעגירונג און די געריכטען.

וואָס זאָל געשעהן אין ישראל, ווען דאָס נייע געזעצליכע לעבען דאַרף אָנהויבען צו רעגולירען די באַציהונגען אין דער מלוכה? קלאָר, אַז ס'דאַרף זיין אַ געשריבענער אַקט. מיר האָבען ניט קיין מלוכה־טראַדיציע, וואָס זאָל עווענטועל קענען, אַלס מנהג, אַוועקשטעלען, צ. ב., דאָס פאַרהעלטניש פון פּאַרלאַמענט צו דער רעגירונג אויף אַ רעכטליכען יסוד. וואָס מיר האָבען אָבער יאָ, איז אונזער גאַנצער רעכט־סיסטעם, סאַי געשריבען פון סאַמע אָנ־פאַנג אין דער תורה, סאַי לכתחילה מינדליך איבערגעגעבען פון דור צו דור: תורה שבעל־פה, און מיט דער צייט אויך שריפטליך קאָדיפיצירט. ס'איז ניטאָ קיין ספק, אַז דער געשריבענער אַקט, וואָס דאָס פאָלק פון ישראל דאַרף אָננעמען אַלס זיין קאָנסטיטוציע, מוז זיין אַ גייסטיגער פּראָדוקט פון יענעם אָריגינעלען אידישען רעכט. די פאָרם קען זיין אַ נייע. דער תוכן מוז אַנט־שפּרעכען דעם רעכט פון דער תורה, כדי צו זיין אידיש.

אַז דאָס איז אַ הנחה, וואָס איז ניט בלויז אַ זעלבסטפאַרשטענדליכקייט ביים היסטאָריש באוואוסטען רעליגיעזען אידענטום, נאָר ביי די דעציזירענדע פאַקטאָרען אין דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג פון ישראל, קען מען זעהן פון „אויפקלערענדן סטייטמענט״, וואָס איז צוגעגעבען געוואָרען צום פּראָיעקט פון דער קאָנסטיטוציע, וועלכער איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פון דר. ל. כהן און פאַרעפענטליכט געוואָרען אין נאָמען פון דער קאָנסטיטוציע־קאָמיסיע ביים צייטווייליגען רעגירונגס־ראַט אין ישראל. דער ערשטער „דרעפט״ פון דאָזיגען פּראָיעקט טראָגט אויף זיך דאָס דאַטום פון 1־טען יולי 1948, דער צווייטער פון חודש אָקטאָבער 1948 און די אויפקלערענדע באַמערקונגען צום צווייטען דרעפט לייענען מיר אָט וואָס:

„אויב אַ קאָנסטיטוציע זאָל אַרויסרופען די דויערנדע לאָיאַליטעט פון אַ פאָלק, דאַן מוז זי זיין פאַרוואָרצעלט אין זיינע מאָראַלישע און פּאָליטישע טראַדיציעס. ביים אידישען פאָלק האָבען זיי אַ קלאָרען און באַצייכענדען כאַראַקטער. זייער גייסטיגער יסוד איז די מאָנאָטעאיסטישע קאָנצעפּציע פון דער גאָטהייט, אונזיכטבאַר, אַלמעכטיג, איינציג און אונטיילבאַר, די פאַרקערפּערונג פון אַבסאָלוטער גערעכטיקייט, דער באַהערשער פון אוניווערזום (אַל־וועלט), דער פאָטער פון דער מענשהייט. דאָס אַריבערטראָגען פון דער דאָזיגער קאָנצעפּציע אין דער מענשליכער ספערע, איז אַ שטרענגער מאָראַלישער קאָדעקס, וואָס באַצוועקט די פאַרהייליגונג פון דער מאַטעריע דורך אַ שעפערישען כח פון גייסט. איהר לעצטער ציל איז דאָס איינשטעלען פון אַ משיח׳ישער מלוכה, וואָס פאַרקערפּערט די הערשאַפט פון אוניווערסאַלער גערעכטיגקייט, פריי אָנגענומען דורך אַלע מענשען־קינדער. פון זייַנע פריהסטע אָנפאַנגען האָט דאָס אידענטום געשטרעבט, נישט בלויז צו אינדיווידועלער שלימות, נאָר צום פורעמען פון אַ סאָציאַלער אָרדנונג. דער ציל איז געווען די אַנטשטעהונג פון אַ ממלכת כהנים וגוי קדוש, וואָס איז רעגירט נישט דורך כהנים אָדער מלכים, נאָר דורך דער גאָטהייט אַליין, אַ דרייסטע אָנשטרענגונג צו בילדען דאָס לעבען פון אַ געמיינשאַפט אין הסכם מיט די דיקטאַטען פון אַ העכערער אָרדנונג: פריינדליכקייט צום אָרעמען, אָבער גערעכטיגקייט, וואָס דאַרף ווערען גלייך צוגעטיילט צום רייכען און צום אָרעמען: די הייליגקייט פון שבת, אָבער נישט ווינציגער די הייליגקייט פון אַרבייטס־טאָג: פרייהייט פון קאָנטראַקט, אָבער איבער דעם — די גרעסטע פרייהייט פון שמיטה און יובל־יאָהרען, וועלכע שטעלען צוריק די פרייהייט פון קנעכט און גיבען צוריק דעם אָרימאַן זיין פאַרלוירענע ירושה — דאָס זיינען איהרע (ד. ה. פון דער העכערער אָרדנונג — י. ל.) כאַראַקטעריסטישע פאַר־שריפטען״.

„אַ אידישע קאָנסטיטוציע״, זאָגט ווייטער דער סטייטמענט פון דר. כהן,

וואָס באַגלייט דעם רעגירונגס־פּראָיעקט, „אויב זי דאַרף זיין אידיש און אַרויס־רופען די מאָראַלישע געטריישאַפט פון אידישען פאָלק, מוז זיין אַזוי אָנגע־צייכענט, אַז זי זאָל געבען אויסדרוק די דאָזיגע צייטליך נישט באַגרעניצטע אידעאַלען. די מדינת־ישראל ווערט אויפגעבויט אונטער מאָדערנע באַדינגונ־גען. זי קען נישט טאָן אַנדערש ווי אָננעמען די קאָנסטיטוציאָנעלע פאָרמען און פלענער, דורך וועלכע דאָס מאַסען־לעבען פון אַ מאָדערנער דעמאָקראַציע ווערט רעגירט. אָבער די דאָזיגע פאָרמען קענען גרייליך שטעהען אין צוזאַמענ־האַנג מיט דער גייסטיגער אָרדנונג פון דער אַלטער העברעאישער טעאָקראַציע, אונטער וועלכער די געטליך באַוויליגטע רעכט פון מענש זיינען געווען פאַר־זיכערט פאַר קעניגליכער אַריינמישונג, אונטער וועלכע נביאים האָבען זיך אַנטקעגענגעשטעלט מלכים און מושלים, אונטער וועלכער די הייליגקייט פון לעבען און די רעכט פון יתום און פון דער אלמנה זיינען געווען פאַרזיכערט דורך דער אויטאָריטעט פון אונזיכטבאַרען קעניג״.

„די נאָרמען און אינסטיטוציעס פון דאָזיגען פּראָיעקט פון דער קאָנ־סטיטוציע״ — פאַרענדיגט דער סטייטמענט די איינלייטונג — „זיינען מאָדער־נע, אָבער דער העברעאישער לייענער וועט קוים פאַרפעלען צו אַנטדעקען אין דער טערמינאָלאָגיע און אין דעם אויסדריקען פון פיל פון די דאָזיגע באַשטי־מונגען דעם אידישען מוסר, וואָס באַהויכט זיי. נישט דורך אַבסטראַקטע דע־קלאַראַציעס, נאָר דורך דעם אַריינגיסען פון דער צייטלאָזער העברעאישער טראַדיציע אין איהר מאָדערנער סטרוקטור, קען די קאָנסטיטוציע פון נייעם ישראל ווערען געמאַכט ריכטיג אידיש״.

דוכט זיך, אַז מען האָט דאָ דייטליך גענוג אָנגענומען דעם פּרינציפּ, אַז די קאָנסטיטוציע פון ישראל מוז אַנטשפּרעכען, ביי איהר גאַנצער מאָדערנער פאָרם, דעם גייסט פון דער אידישער טראַדיציע. מען האָט אפילו דערמאָנט דאָס וואָרט „טעאָקראַציע״, וואָס וואַרפט אָן טיילמאָל אַזאַ פּחד אויף געוויסע עלעמענטען.

## II

### די הקדמה פון קאָנסטיטוציע־פּראָיעקט

דער פּראָיעקט פון דער אידישער קאָנסטיטוציע צעהלט 78 אַרטיק־לען און צופאַלט זיך אויף ניין חלקים: 1) אַלגעמיינע באַשטימונגען; 2) פונ־דאַמענטאַלע רעכט; 3) געזעצגעבונג; 4) עקזעקוטיוו־מאַכט; 5) געריכט־מאַכט; 6) ענדערונג פון דער קאָנסטיטוציע; 7) פאַרהעלטניש פון דער קאָנ־סטיטוציע צו דער געזעצגעבונג; 8) דאָס געזעץ, און 9) די פאַרעפענטליכונג

פון דער קאָנסטיטוציע. די לעצטע פיר חלקים פאַרנעמען בלויז איינצעלנע פיר אַרטיקלען; דאַגעגען די ערשטע פינף חלקים, דער „רוב מנין ורוב בנין" פון דער פאָרגעשלאָגענער קאָנסטיטוציע נעמען אַרום, מעהר אויספירליך, די הויפּט־פּראָבלעמען פון דער מאָדערנער מלוכה־אָרגאַניזאַציע. עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו זעהן אין וועמענס דרכים דער פּראָיעקט געהט און וואָס אין איהם איז אַן אָפּנויג פון די געוועהנליכע מוסטער־קאָנסטיטוציעס לטובת דער אידישער רעכט־טראַדיציע.

אָבער, קודם־כל, לאָמיר באַטראַכטען די הקדמה צו דער קאָנסטיטוציע, לויט ווי זי ווערט פאָרגעשלאָגען.

די קאָנסטיטוציע זאָל זיך אָנפאַנגען מיט פאָלגענדען „פּריאמבל":

„אנחנו בני ישראל,

„ב ת ת נ ו שבח והודיה לאל בורא עולם שהוציאנו מעבדות לחירות והביא אותנו אל הארץ אשר נשבע לאבותינו;

„ו ב ז כ ר נ ו ברית ראשונים של דורות בישראל אשר הקריבו קרבנות לאין ספור למען לא תכבה גחלת יעקב ולא תסוף שארית נחלתו;

„ו ב ה ע ל ו ת נ ו על לב את זכר נאמני האומה אשר עברו חלוצים לפני אחיהם לשמור את משמרת הישוב בארץ, ובפקדנו את מאמציהם הנעלים למען תחית הלאום;

„ו ב ג מ ר נ ו אומר: לכונן את מדינתנו על אדני שלום וצדק כחזון נביאי ישראל; לפתוח את שערי הארץ לכל יהודי הבא להתנחל בה; לשמור על זכויות הגר בתוכנו; לדרוש את שלום הארץ הקדושה ולהשרות בטחון ושפע על כל השוכנים בתוכה —

„ק י י מ נ ו ו ק ב ל נ ו ע ל י נ ו א ת ד ב ר י ה ח ו ק ה ה ז א ת!"

אויף אידיש לויטעט דאָס אַזוי:

„מיר, די בני ישראל,

„אָפּגעבענדיג דאַנק און לויב צו גאָט, דעם באַשאַפער פון דער וועלט, וואָס ער האָט אונז אַרויסגענומען פון עבדות צו פרייהייט און אונז געבראַכט אין דעם לאַנד, וועלכעס ער האָט פאַרשפּראָכען אונזערע אבות;

„געדענקענדיג דעם ערשטען בונד פון די אידישע דורות, וואָס האָבען געבראַכט קרבנות אָהן אַ צאָהל כדי עס זאָל נישט פאַרלאָשען ווערען דער פלאַם פון יעקב'ן און עס זאָל נישט פאַרשניטען ווערען דער רעשט פון זיין ירושה;

„האָבענדיג אויפ'ן געדאַנק די געטרייע זיהן פון פאָלק, וואָס זיינען פאָראויסגעגאַנגען פאַר זייערע ברידער, כדי אָפּצוהיטען דעם ישוב אין לאַנד,

און דערמאָנענדיג זייערע דערהויבענע באַמיהונגען פאַר דער אויפלעבונג פון פאָלק;

„און האָבענדיג באַשלאָסען אויפצובויען אונזער מדינה אויף די יסודות פון שלום און צדק, לויט דער וויזיע פון די אידישע נביאים; צו עפענען די טויערן פון לאַנד פאַר יעדען איד, וואָס קומט זיך באַזעצען אין איהם; אָפּצוהיטען די רעכט פון פרעמדען צווישען אונז; צו האָבען אַלס ציל דאָס גוטס פון הייליגען לאַנד און צו ברענגען זיכערקייט און וואוילשטאַנד פאַר אַלע זיינע איינוואוינער —

„האָבען אָנגענומען די פאָלגענדע קאָנסטיטוציע!"

אַנאַליזירענדיג דעם דאָזיגען „פּריאַמבל", זעהען מיר דערין פאָלגענדע מאָמענטען:

ערשטענס אַ דאַנק גאָט פאַר׳ן באַפרייען פון עבדות און צוריקברענגען דאָס אידישע פאָלק קיין ארץ־ישראל.

צווייטענס, די דאָפּעלטע דערמאָנונג, סיי פון אויסדויער פון די פאַרגאַנגענע דורות, סיי פון יענע, וואָס האָבען ממשיך געווען דעם ישוב־ארץ־ישראל.

דריטענס, אַ צוזאָג וועגען געוויסע טענדענצען פון דער מלוכה.

וואָס איז דער צוועק פון דער הקדמה? איז זי בלויז אַ שעהנע מליצה אָדער האָט זי אַ ממשות׳דיגע באַדייטונג?

מען דאַרף באַמערקען, אַז אַחוץ דער באַקאַנטער הקדמה צו דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, וואָס האָט אין קורצע ווערטער פאָרמולירט די טענדענצען (ד. ה. בלויז דעם דריטען מאָמענט פון אידישען „פּריאַמבל"). איז כמעט אין אַלע נייע מלוכות, וואָס זיינען אַנטשטאַנען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, געוואָרען אָנגענומען דער מנהג אָנצופאַנגען די קאָנסטיטוציע מיט אַ „פּריאַמבל".

אַלס משל איז כדאי צו ציטירען די הקדמה צו דער פּוילישער קאָנסטיטוציע פון 17טען מערץ, 1921:

„אין נאָמען פון אַלמעכטיגען גאָט!

„מיר, דאָס פּוילישע פאָלק, דאַנקבאַר דער השגחה פאַר׳ן באַפרייען אונז פון דער אונטערטעניגקייט במשך אַ יאָרהונדערט און אַ האַלב; געדענקענדיג דאַנקבאַר דעם מוט און די פעסטיגקייט פון זעלבסט־אויפאָפּפערענדען קאַמף פון דורות, וועלכע האָבען אָהן אויפהער געווידמעט זייערע בעסטע כוחות דער זאַך פון אומאָפּהענגיגקייט; אויפנעמענדיג די גלאָררייכע טראַדיציע פון דער דענקווירדיגער קאָנסטיטוציע פון דריטען מאַי; האָבענדיג אין זינען דעם וואויל פון אונזער גאַנצען, פאַראייניגטען און אומאָפּהענגיגען פאָטערלאַנד, און

שטרעבנדיג צו פאַרפעסטיגען זיין אומאָפּהענגיגע עקזיסטענץ, מאַכט, זיכער־קייט און סאָציאַלע אָרדנונג אויף די אייביגע יסודות פון רעכט און פרייהייט; זייענדיג אויך באַשטרעבט צו פאַרזיכערען די אַנטוויקלונג פון אַלע זיינע מאָראַלישע און מאַטעריעלע כוחות פאַר׳ן גוטס פון דער גאַנצער ווידער־געבוירענער מענשהייט, און צו גאַראַנטירען גלייכהייט צו אַלע בירגער פון דער רעפּובליק, און אַכטונג, ווי אויך באַזונדערען שוץ פון דער מלוכה פאַר דער אַרבייט — באַשליסען די פאָלגענדע קאָנסטיטוציע״.

פון דעם פאַרגלייך פון „פּריאמבל״ צו דער פּוילישער קאָנסטיטוציע מיט דער הקדמה צום פּראָיעקט פון דער ישראל קאָנסטיטוציע, ווערט תיכף קלאָר, אַז די מחברים פון אידישען פּראָיעקט האָבען געזעהן דעם פּוילישען „פּריאמבל״, ווייל אויך ער אַנטהאַלט — אין דער זעלבער אָרדנונג — אַלע דריי מאָמענטען: דעם דאַנק צו גאָט, די דערמאָנונג פון די פריהערדיגע דורות און געוויסע טענדענצען אויף דער צוקונפט.

אָבער מערקווירדיג און, ליידער, פאַר אונז נישט־אָנגענעהם איז דער פאַקט, אַז דער פּוילישער „פּריאמבל״, וואָס האָט געדינט אַלס מוסטער פאַר׳ן אידישען, הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אין נאָמען פון אַלמעכטיגען גאָט״, בשעת אין אידישען פּראָיעקט פעהלט גאָר אָט דער אָנהויב, וואָס איז דאָך טאַקע טראַדיציאָנעל אידיש, אַלס דאָס אַזוי־באַקאַנטע „ב״ה״ (בשם, אָדער, בעזרת ד׳).

אמת, אין אידישען פּראָיעקט איז יאָ דאָ דער דאַנק צו גאָט, אָבער אויך די ווערטער, וואָס קומען תיכף נאָכ׳ן דאַנק — ,שהוציאנו מעבדות לחירות׳ — מוזען אַרויסרופען געוויסע צווייפעל. איז מיט דער גרינדונג פון דער אידישער מדינה שוין אַראָפּגענומען געוואָרען דער עול־הגלות פון אידישען פאָלק? (אין ענגלישען טעקסט איז אפילו — נאַטירליך נישט־ריכטיג — איבערזעצט געוואָרען: „פאַר העווינג דעליווערד אָס פראם דהי בוירדען אָוו עקזייל״, אָבער דער ענגלישער טעקסט איז לגמרי ווילקירליך און נישט־גענוי).

בנוגע דער „דערמאָנונג״, וואָס איז אנטהאַלטען אין „פּריאמבל״ איז זי אויך ניט איבעריג גוט פאָרמולירט. די אויסדויער פון די דורות און די קרבנות פאַר׳ן קיום פון אונזער פאָלק זיינען דערמאָנט, אָבער עס פעהלט דאָ די דערמאָנונג פון די מיליאָנען קדושים וטהורים, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם, באַזונדער אין די לעצטע יאָהרען פון די נאַצי־פאַרפאָלגונגען. אויב עס האָט זיך איינגעגעבען צו באַקומען ארץ ישראל פאַר׳ן אידישען פאָלק, דאַן האָט צו דעם זיכער בייגעטראָגען דאָס בלוט פון די זעקס מיליאָן אידען, וואָס זיי־נען דערמאָרדעט געוואָרען דורך היטלער׳ן און זיינע רוצחים־באַנדעס. צוליב דעם האָט דאָך אויפגעציטערט (ליידער צו שפּעט) דאָס געוויסען פון דער

וועלט. אויב די קלאָוזולע פון דערמאָנונגען זאָל אין זיי פאַרגעסען, דאַן וואָלט עס זיין אַ שרעקליכע עולה.

פונקט אַזוי דאַרף זיך די צווייטע דערמאָנונג נישט באַשרענקען אויף די „נאמני האומה״, וואָס האָבען אויפגעהאַלטען די קאָנטינואיטעט פון ישוב א״י. די קאָנטינואיטעט איז אויפגעהאַלטען געוואָרען דורכ׳ן גאַנצען אידישען פאָלק, וואָס האָט אומאויפהערליך געבענקט נאָך ציון וירושלים. דאָ וואָלט גיכער גע־דאַרפט שטעהן: „דערמאָנענדיג די נישט־אונטערבראָכענע בענקשאַפט פון אידישען פאָלק צו ציון און ירושלים און די מסירות נפש פון יענע, וואָס האָבען מיט׳ן שוויס פון זייער אָנגעזיכט באַאַרבייט דעם הייליגען באָדען פון ארץ ישראל ביי די שווערסטע באַדינגונגען״.

הגם סאַי דער דאַנק צו גאָט, סאַי די דערמאָנונג, ווייזען אויס צו זיין אַן איינפאַכע מליצה, זיינען זיי אָבער דאָך פיל מעהר, ווייל זיי גיבען איבער אַ געוויסע השקפה פון פאָלק, וואָס באַשטימט די קאָנסטיטוציע. נאַטירליך, איז פון געזעצליכען שטאַנדפונקט, ממשות׳דיגער דער דריטער מאָמענט: דער צוזאָג אויף להבא. טאָ וואָס זאָגט דאָ דער אידישער „פריאַמבל?״

עס ווערט קודם־כל דערקלערט, אַז די מלוכה וועט אויפגעבויט ווערען „אויף די יסודות פון שלום און צדק, לויט דער וויזיע פון די אידישע נביאים״. עס פרעגט זיך: פאַר וואָס גראָד „פון שלום און צדק״? און פאַרוואָס נאָר פון די נביאים? עס וואָלט דאָך געווען פיל דייטליכער, ווען מען זאָגט: „אין הסכם מיט דער אומשטערבליכער אידישער תורה״! אמת, משה רבינו איז געווען דער „אב לנביאים״ און מ׳קען אויך איהם אריין־אינטערפרעטירען אין דער פאָרמולע, וואָס איז פאַראַן אין פראיעקט, אָבער פאַרוואָס נישט זאָגען אָפען, אַז די תורה וועט זיין על־כל־פנים דער אידעאַלער וועג־ווייזער פאַר דער מלוכה? אין „פריאַמבל״ וואָלט דאָס זיכער זיך געפאַסט. און די באַשרענקונג צו די „אי־דעאַלען פון שלום און צדק״ און אוודאי און אוודאי אַן אונריכטיגע. עס זיינען דאָ מעהר אידעאַלען ביי די נביאי ישראל, משה רבינו אַריינגערעכענט, ווי „שלום״ און „צדק״. אויב מיר נעהמען, צ. ב. ש., די עשרת הדברות, די קלאָר־סטע פאָרמולירונג פון מענשליכע אידעאַלען, וואָס האָט ווען עס איז עקזיסטירט — דאַן שטעלט זיך אַרויס, אַז שלום און צדק שפּיגלען זיי נישט אָפּ פולשטענ־דיג ווייל זיי געהען נאָך פיל ווייטער, אַריבער דער גרעניץ פון פשוט׳ער גע־רעכטיגקייט. טאָ פאַרוואָס זאָל זיך ריידען אין „פריאמבל״ בלויז פון „שלום״ און „צדק״?

די לעצטע צוזאָגען, וועגען אַריינגעמען יעדען איד, וועגען דער זיכער־קייט און וואוילזיין פון דעם „גר״ אין דער מלוכה — זיינען בעיקר ריכטיג, אָבער זיי זיינען אפשר צו קורץ און אָפּגעהאַקט. עס וואָלט דאָ געדאַרפט דער־מאָנט ווערען די אידישע היימלאָזיגקייט, אויסער די גרעניצען פון ארץ ישראל.

און דאָרט, וואו עס רעדט זיך וועגן „זיכערקייט" און „וואוילזיין", דאַרף זי־
כער נישט פעהלען דאָס וואָרט „פרייהייט" — וואָס איז דער פאָהנען־טרעגער
פון די פּריאמבל'ס פון אַזוי פיל קאָנסטיטוציעס, אָנהויבענדיג פון דער אַמע־
ריקאַנער פון יאָר 1787 און ענדיגענדיג ביי די קליינע מלוכה'לעך פון דעם
נאָך־מלחמה'דיגען פעריאָד.

אגב, דאַרף מען אויסדריקען באַדויערען, וואָס דער ענגלישער טעקסט
פון קאָנסטיטוציע־פּראָיעקט, לויט ווי ער איז פאַרעפענטליכט געוואָרען, אַנט־
שפּרעכט נישט אין זעהר פיל פּרטים דעם העברעאישען אָריגינאַל. אין אַזאַ
דאָקומענט, ווי די קאָנסטיטוציע פון ישראל, איז וויכטיג יעדעס וואָרט, טאָ
פאַרוואָס זאָלען אַזוי פיל טעותים און פאַלשע פאַרשטעלונגען אַנטשטעהן צו־
ליב אן אונפּינקטליכער איבערזעצונג?

## III

## וועט דער אידישער דין אָנערקענט ווערען פון דער ישראל־קאָנסטיטוציע?

אין צווייטען דרעפט פון דער ישראל־קאָנסטיטוציע, וואָס האָט זיך
באַוויזען אויף ענגליש מיט די באַמערקונגען פון ד"ר ל. כהן, געפינט זיך
פאָלגענדער אַרטיקעל (אַלס אַרטיקעל 77):

„די געזעצען, וואָס זיינען אין קראַפט אין דער מדינת ישראל אין מאָ־
מענט, ווען די קאָנסטיטוציע ווערט באַשלאָסען, וועלען ווייטער פאַרפליכטען
אויף אַזוי ווייט ווי זיי זיינען נישט אין סתירה מיט די באַשטימונגען פון דער
קאָנסטיטוציע, ביז זיי וועלען אַלע, אָדער אַ טייל פון זיי, ווערען אָפּגערופען
אָדער געענדערט דורך דער דעפּוטאַטען־קאַמער אָדער אונטער איהר אוטאָרי־
טעט. די צוקונפטיגע געזעץ־געבונג אין ישראל וועט ווערען געפיהרט פון די
פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען פון אידישען געזעץ. וואו דאָס עקזיסטירענדע גע־
זעץ באַשטימט נישט קיין אַנטשפּרעכענדע פיהרונג, וועלען די געריכטען נע־
מען באַציהונג צו די דאָזיגע פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען".

פון דאָזיגען אַרטיקעל, וואָס זיין באַדייטונג וועט דאָ ווערען אָפּגעשאַצט,
געפינט זיך אין ערשטען דרעפט פון דער קאָנסטיטוציע (וואָס איז דאַטירט
פון 1־טען יולי 1948) בלויז דער ערשטער זאַץ. אין העברעאישען טעקסט (וואָס
איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין „הדאר" פון 17טען דעצעמבער 1948) איז אויך דאָ
בלויז דער ערשטער זאַץ (אַלס סעיף 79). דאַגעגען פעהלען לגמרי די באַ־
שטימונגען וועגען „אידישען געזעץ".

נישט אַריינגעהענדיג דאָ אין דער דאָזיגער מערקווירדיגער סתירה, וועלכע וועט מסתמא קאָמפּעטענט אויפגעקלערט ווערען, איז כדאי זיך צו פאַרטראַכטען איבער דעם, וואָס דער אַרטיקעל 77 זאָגט, לויט ווי ער איז איבערגעגעבען געוואָרען אין לעצטען ענגלישען טעקסט.

עס איז, קודם־כל, קלאָר, אז דער ערשטער זאַץ פון דאָזיגען אַרטיקעל האָט נישט די מינדעסטע שייכות מיט די ווייטערדיגע צוויי זאַצען וועגען „אידישען דין". דאָס איז אַ מאָדנער „עירוב פרשיות", וואָס איז אָבער אויך זעהר סימפּטאָמאַטיש.

דער ערשטער זאַץ פון אַרטיקעל 77 דריקט אויס אַ געדאַנק, וועלכער געפינט זיך אין אַ סך קאָנסטיטוציעס און וועלכער דאַרף געבען אַן ענטפער אויף דער שאלה: וואָס זאָל געשעהן מיט די געזעצען, וועלכע זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען און האָבען פאַרפליכטעט אויפ׳ן שטח פון דער מלוכה איידער די קאָנסטיטוציע איז אַריין אין קראַפט? די קאָנסטיטוציע נאָרמירט קלאָר דעם אופן פון דער געזעץ־געבונג. אָבער דאָס איז נאָר אויף „להבא". וואָס געשעהט דאַריבער מיט די פריהערדיגע געזעצען? זיי קענען נישט דערקלעהרט ווערען אויטאָמאַטיש אַלס בטל, ווייל אין דעם פאַל וואָלט זיך געשאַפען אַ געזעצליך „וואקוואום". עס זיינען פאַראַן צוויי מעגליכקייטען: אָדער עס ווערט געשאַפען תיכף אַ פּאַרלאַמענטאַרישע אָדער געריכטליכע קאָמיסיע, וועלכע פּרואווט די אַלטע געזעצען צי זיי זיינען נישט אין סתירה מיט דער קאָנסטיטוציע, אָדער מען דערקלערט, אַז כל־זמן אַ געזעץ ווייזט זיך נישט אַרויס אַלס סתירה׳דיג צו דער קאָנסטיטוציע איז עס „בחזקת כשרות" און פאַרפליכטעט. דער אידישער פּראָיעקט געהט אין צווייטען דרך.

האָבענדיג דאָס אַרויסגעזאָגט און געבענדיג אַזוי־אַרום פולען געזעצליכען כח אַלע ענגלישע און אפילו טערקישע געזעצען, וואָס האָבען ביז איצט פאַרפליכטעט אויפ׳ן שטח פון דער מדינת ישראל, נעמט זיך דער פּראָיעקט צו צוויי גאַנץ אַנדערע פּראָבלעמען: 1) וואָס פאַר אַ שיטה אָדער „פיהרונג" („גאַידענס" אויף ענגליש, דאָס העברעאישע וואָרט פעהלט אין טעקסט, וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אין „הדאר", ווייל דאָרט איז דאָך די גאַנצע באַשטימונג ניטאָ) זאָל נאָכגעהן די קונפטיגע געזעץ־געבונג אין ישראל?

2) אויב אַ געזעץ אין ישראל האָט נישט קיין „פיהרונג" — פּראַקטיש הייסט דאָס אודאי: אויב אַ געוויסע זאַך איז לגמרי נישט נאָרמירט דורכ׳ן געזעץ — וואָס זאָל דאַן דאָס געריכט באַנוצען אַלס הילפס־געזעץ?

אויף דעם ענטפערט דער פּראָיעקט: די „פיהרונג" באַלאַנגט צו די „פונדאַמענטאַלע יסודות" פון „אידישען געזעץ", אָדער לאָמיר בעסער באַנוצען דאָס וואָרט: „ד י ן".

דוכט זיך, אַז מען מוז נישט ערשט באַווייזען, אַז די צוויי באַשטימונגען וועגען דער „פיהרונג" פון דער קונפטיגער געזעץ־געבונג האָבען נישט קיין שום באַצוג צו דער נאָרמע וועגען די אַלטע געזעצען, וואָס פאַרפליכטען בשעת די קאָנסטיטוציע געהט אַריין אין קראַפט. די באַשטימונגען וועגען „פיהרונג" זיינען נישט קיין איבערגאַנגס־נאָרמען; אדרבא, זיי דאַרפען אויסדריקען אַ ש י ט ה אין דער קונפטיגער געזעץ־געבונג און דאַריבער באַלאַנגען זיי אָדער אין ערשטען קאַפּיטעל ד. ה. „אַלגעמיינע באַשטימונגען" אָדער אין קאַפּיטעל „געזעץ־געבונג". ווי קען אַ שיטה בנוגע דער קומענדיגער געזעץ־געבונג ווערען פאַרבונדען מיט דער רעגולירונג פון דער פראַגע פון די אָפּגעשטאַנענע „שברי לוחות" פון דער ענגלישער אַדמיניסטראַציע אָדער גאָר פון דער אַמאָליגער טערקיי? ווי קען מען רעדען „בנשימה אַחת" פון יענע געזעצען און פון אידישען דין? עס איז באמת א חידוש, אַז מען האָט נישט געפיהלט ביים רעדאַגירען דעם אַרטיקעל 77 דעם בייגעשמאַק, וואָס דער „עירוב פרשיות" איז גורם.

עס קען זיין, אַז מען האָט דאָ גאָר געוואָלט אויסדריקען א וויטערדיגען „געזעצבערישען וואונש", ווי מען האָט אָנגעפאַנגען אין „פּריאמבל" מיט די „פּרינציפּען פון שלום און צדק לויט הער וויזיע פון די נביאים". אויב אַזוי וואָלט זיך בעסער פאַרשטאַנען ווען מען דערמאָנט דאָרט די „פיהרונג פון אי־דישען דין". דאַן וואָלט עס על־כל־פּנים געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ פייער־ליכער דערקלערונג. ביים סאַמע סוף פון דער קאָנסטיטוציע, ווען עס רעדט זיך פון די „עבר ובטל'דיגע" אַלטע געזעצען, האָט דאָס נישט דעם באַדייט.

אָבער לאָמיר זיך פאַרטראַכטען וועגען דעם, וואָס פאַר אַ כח וועט פּראַק־טיש האָבען הער אידישער דין אין פאַל ווען דער אַרטיקעל 77 זאָל אַזוי פאַר־בלייבען, ווי ער איז פאָרמולירט געוואָרען אין ענגלישען דרעפט פון אָקטאָבער 1948. סוף סוף זיינען צוויי זאַצען אין אַ קאָנסטיטוציע נישט קיין סתם מליצה'לעך. יעדער בירגער פון לאַנד וועט דאַרפען אַמאָל געברויך מאַכען פון די דאָזיגע זאַצען — טאָ וואָס וועט ער מיט זיי טאָן?

דער רעגירונגס־פירוש צום אַרטיקעל 77 זאָגט אַזוי:

„עס ווערט פאָרגעשלאָגען, אַז ביים צוגרייטען די קומענדיגע געזעץ־גע־בונג, זאָלען די פונדאַמענטאַלע כללים פון אידישען געזעץ דינען אַלס פיה־רענדע פּרינציפּען, און אַז ביז צום אָננעמען פון נייע געזעץ־קאָדעקסען, זאָלען די געריכטען, ביים אויספילען די לעכער אין עקזיסטירענדען געזעץ, נעמען באַצוג צו די דאָזיגע פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען. עס איז פאָרגעלייגט, אַז בשעת עס איז פּראַקטיש נישט מעגליך אַ שנעלער אויסבייט פון געזעץ־סיסטעם, וואָס ווערט איבערגענומען פון דער מאַנדאַט־מאַכט, זאָל דאָס נייע געזעץ, וואָס וועט ווערען אָנגענומען אין ישראל, זיין באַזירט אויף די פּרינ־ציפּען פון אידישען ציוויל־געזעץ. דאָס אידישע געזעץ רעפּרעזענטירט איינס

פון די מאַסיווסטע און באַדייטענדסטע סיסטעמען פון דער יוריספּרודענץ. פאַרוואָרצעלט אין דער תורה און און אין דער אידישער מינדליכער טראַדיציע, איז עס געוואָרען אַנטוויקעלט דורך אַ שטאַרקער ליטעראַטור פון תשובות, כדי צו אַנטשפּרעכען די פאַרלאַנגען פון די תמיד זיך ענדערענדע באַדינגונגען און סביבות פון אידישען לעבען. עס איז איינע פון די אימפּאָנירענדסטע מאַני־פעסטאַציעס פון אידישען גייסט. עס האָט באַאיינפלוסט דאָס רוימישע רעכט אין זיין ביזאַנטינישער אַנטוויקלונג און טיף באַרירט די אַנטוויקלונג פון נאַ־טור־רעכט, פון ענגלישען גלייכהייטס־רעכט און די רעכט־פילאָזאָפיעס, וואָס האָבען געפורעמט די קאָדיפיקאַציעס פון 19טען יאָרהונדערט. באַזירענדיג אויף די עטישע און סאָציאַלע פּרינציפּען פון דער תורה, איז עס געוואָרען כסדר׳דיג אַנטוויקעלט דורך טעאָרעטישען שטודיום און פּראַקטישע פאַר־ווענדונג, און עס רעפּרעזענטירט אַן אינטעגראַלען טייל פון דער אידישער נאַציאָנאַלער ירושה. עס דאַרף ווערען ווידער־פאָרמולירט און צוגעפּאַסט צו די באַדערפעניששען פון היינטיגען לעבען און אַזוי־אַרום געמאַכט ווערען דער יסוד פון נייעם געזעץ פון ישראל״.

דער דאָזיגער פּירוש גיט אַ סך שטאָף צו דענקען. הייסט עס, אַז דאָס אידישע געזעץ, וואָס ווערט אַזוי ברייטהאַרציג באַשריבען, דאַרף ווערען דער־ווייל באַנוצט „צום פאַרשטאָפּען די לעכער אין עקזיסטירענדען געזעץ״. חוץ דעם זאָל עס, נאָך זיין „ווידער־פאָרמולירונג און צופּאַסונג צו די באַדערפ־נישען פון היינטיגען לעבען ווערען געמאַכט אַלס יסוד פון נייעם געזעץ פון ישראל״.

בנוגע דער צוקונפטיגער געזעץ־געבונג וואָלט מען אפשר געקענט אויפפאַסען די דאָזיגע באַשטימונג אַלס אַ באַשרענקונג פון דעם לעגיסלאַטיווען כח פון פאַרלאַמענט. די קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט־טעאָריע האָט זיך שוין לאַנג באַשעפטיגט מיט דער פראַגע צי קען אַ פאַרלאַמענט אָננעמען א ל ע געזעצען, ד. ה. למשל, אפילו אַזעלכע, וואָס זיינען נישט־מאָראַליש, אָדער זיי־נען אין סתירה מיט׳ן אינטערנאַציאָנאַלען רעכט. דער באַרימטער טעאָרעטיקער פון ענגלישען קאָנסטיטוציאָנעלען רעכט, דאיסי, ציטירט פאָלגענדע ווערטער פון בלעקסטאָנ׳ען: „דאָס רעכט פון דער נאַטור, זייענדיג אַזוי אַלט ווי די מענשהייט, און געגעבען פון גאָט אַליין, איז נאַטירליך העכער בנוגע זיין פאַר־פליכטונג אויפ׳ן גאַנצען כדור־הארץ, אין אַלע לענדער און אין אַלע צייטען. קיין שום מענשליך געזעץ האָט נישט וועלכע עס איז גילטיגקייט, אויב עס איז אין סתירה מיט איהם. און אַזעלכע (געזעצען), וואָס פאַרפליכטען, שעפּען זייער גאַנצען כח און זייער גאַנצע אויטאָריטעט, מיטעלבאַר אָדער אונמיטעלבאַר, פון דאָזיגען אָריגינאַל״. דאָס, וואָס איז אַמאָל פאַרשטאַנען געוואָרען אַלס „רעכט

פון דער נאַטור״, וואָלט נאַטירליך, אויפ׳ן באָדען פון ישראל, געקענט ווערען פאַרטראָטען פון „אידישע רעכט״.

אָבער אַלע מאָדערנע רעכטס־טעאָרעטיקער, דאַיסי און אַנדערע, זיינען מסכים, אַז פּראַקטיש קען קיין שום געריכט אין ענגלאַנד נישט קוועסטיאָנירען די גילטיגקייט פון אַ געזעץ, וואָס איז געוואָרען אָנגענומען דורכ׳ן פּאַרלאַמענט, צוליב דעם, וואָס עס איז אין סתירה מיט׳ן „נאַטור־רעכט״ אָדער מיט דער „פּרעראָגאַטיווע פון דער קרוין״ (וואָס זאָל אויך, טעאָרעטיש גענומען, שטעהן העכער פון דער סואווערניטעט פון פּאַרלאַמענט). טאָ וועלכע באַשרענקונג בלייבט פאַר דער געזעץ־געבונג מצד אַלגעמיינע העכער־שטעהענדע רעכט־נאָרמען, אויב דער פּאַרלאַמענט איז אַלמעכטיג ?

מיר גלויבען, אַז אויב דער אידישער דין דאַרף אין דער קונפטיגער געזעץ־געבונג פון ישראל באמת ווערען באַטראַכט אַלס „פיהרענדער יסוד״, דאַן דאַרף עס פאָרמולירט ווערען דייטליך אין אַ קורצען זאַץ, אין פּרק, „געזעץ־געבונג״) מיט אַ נעגאַטיווען כאַראַקטער: „די קונפטיגע געזעצען פון ישראל קענען נישט שטעהן אין סתירה מיט די דינים פון דער תורה״. אַזאַ באַשטימונג וואָלט אַרויפגעלייגט אויף דעם פּאַרלאַמענט פון ישראל די פליכט צו ברענגען אין הסכם זיין קונפטיגע געזעץ־געבונג מיט׳ן אידישען דין און וואָלט געשאַפען אַ וואונדערבאַרע קאָנטינואיטעט פון אידישען רעכט, זינט טויזענטער יאָהרען ביז׳ן היינטיגען טאָג. און פונקט אַזוי ווי דער פּאַרלאַמענט מוז קאָנטראָלירען צי די נייע געזעצען שטימען מיט דער קאָנסטיטוציע, אַזוי קען דער קאָנטראָל ווערען אויסגעברייטערט אויף דעם צי די געזעצען שטימען מיט דער אייביגער, אַלט־נייער קאָנסטיטוציע פון אידישען פאָלק — דער תורה.

## IV

## רעגירונג און פּאַרלאַמענט אין ישראל

סאַי פון שטאַנדפּונקט פון דער תורה, סאַי לויט די יסודות פון קאָנסטיטוציאָנעלען רעכט איז איינער פון די וויכטיגסטע פּראָבלעמען, וואָס דאַרף ווערען געלייזט פון דער קאָנסטיטוציע — דאָס פאַרהעלטניש פון דער רעגירונג צום פּאַרלאַמענט און דער אופן, ווי אָט די ביידע אָרגאַנען פון מלוכה־כח זיינען משפיע אויף דער געזעץ־געבונג.

אין אַלטע צייטען האָט די געזעץ־געבונג געהערט נאָר צו דער רעגירונג, ד. ה., צום הערשער. זיין ווילען איז געווען דאָס געזעץ. אָבער די אידען

האָבען זיך, פון תמיד אָן, אָפּגעזונדערט אין דער באַציהונג פון אַנדערע פעל־קער. דער מלך איז ביי אידען געווען באַשרענקט דורכ׳ן געטליכען געזעץ, דורך דער תורה. דער אַבסאָלוטיזם פון הערשער איז און זיין מהות נישט־אידיש. בשעת מען האָט די אידען ערלויבט צו האָבען אַ מלך און איהם איבער־געלאָזט אַ פרייע האַנט אין באַצוג צו פיל ענינים, האָט מען אויסדריקליך באַשטימט, אַז ער איז נישט אַבסאָלוט. ער — ד. ה. די אידישע רעגירונג — מוז זיך רעכענען מיט דער תורה.

אין פרשת שופטים (דברים י״ז, י״ח־י״ט) שטעהט וועגען דעם אַט וואָס:

„והיה כשבתו על כסא ממלכתו וכתב לו את משנה התורה הזאת על ספר מלפני הכהנים הלוים, והיתה עמו וקרא בו כל ימי חייו, למען ילמד ליראה את ד׳ אלקיו לשמור את כל דברי התורה הזאת ואת החוקים האלה לעשותם״. קלאָר איז דאָ געזאָגט גע־וואָרען, אַז דער ווילען פון מלך איז נישט קיין געזעץ. איבער איהם שטעהט דאָס געטליכע געזעץ, וואָס ער מוז רעספּעקטירען פּונקט ווי די אַנדערע ביר־גער פון דער מדינה.

נאָכדעם ווי עס זיינען פאַרגאַנגען יאָהרטויזענטער און די וועלט האָט געזעהן דאָס גרעניצלאָזע אומגליק, וואָס טיראַנען ברענגען אויף דער מענש־הייט, האָט מען אָנגענומען אַלס אַן עיקר פון מאָדערנעם קאָנסטיטוציאָנעלען רעכט די איינטיילונג פון דער מלוכה־געוואַלט אין דריי חלקים: די לעגיס־לאַטור, די עקזעקוטיווע און דאָס געריכט־וועזען. מאָנטעסקיע, דער „פּאָטער פון דער מאָדערנער קאָנסטיטוציע״, האָט פאַרלאַנגט, אַז „איין מאַכט־אָרגאַן זאָל האָמעווען דעם צווייטען״. געמיינט האָט מען, נאַטירליך, קודם־כל דאָס האַמע־ווען פון דער עקזעקוטיוו־מאַכט, ווייל זי קאָן גאָר לייכט אַריבערגעהן די פּאַר איהר פעסטגעזעצטע גרעניצען. האָט דער גרונד־זאַץ פון מאָנטעסקיע אייגענט־ליך נישט באַנייט דאָס, וואָס די תורה האָט, מיט יאָהרטויזענטער פריהער, אויסגעדריקט בנוגע דעם האָמעווען פון מלך׳ס געוואַלט דורכ׳ן געטליכען געזעץ?

דער פּראָיעקט פון דער ישראל־קאָנסטיטוציע אַנטהאַלט, אין דריטען פּרק, מאַנכע באַשטימונגען וועגען דער געזעץ־געבונג, וועלכע זיינען זעהר אייגענאַרטיג.

עס הייבט זיך אָן פון אַרטיקעל 26, וואָס זאָגט: „דער פּאַרלאַמענט וועט זיין די געזעץ־געבענדע מאַכט אין ישראל״. דאַן קומען פיר אַרטיקלען וועגען וואַהל־רעכט (אַקטיוו וואַהל־רעכט פון 21 יאָהר, פּאַסיוו פון 25 יאָהר, גלייכע, דירעקטע אַלגעמיינע און פּראָפּאָרציאָנעלע וואַהלען). וויטערדיגע אַרטיקלען נאָרמירען די רעגולערע סעסיעס פון פּאַרלאַמענט. דער נוסח פון

דער שבועה פון די דעפוטאַטען, די דויער פון דער קאַדענץ פון פּאַרלאַמענט (לויט'ן ענגלישען טעקסט: 4 יאָהר, לויט'ן העברעאישען: 3 יאָהר!) די אויפ־לייזונג פון פּאַרלאַמענט, די אימוניטעט פון די דעפּוטאַטען, זייערע רעכט, און די יסודות פון פּאַרלאַמענטארישע פאַרהאַנדלונגען. דאַן קומט דער עיקר: ווער האָט דאָס רעכט אַריינצוטראָגען געזעץ־פּראָיעקטען?

איך האַלט פאַר וויכטיג צו ציטירען פולשטענדיג דעם אַרטיקעל 42 פון פּראָיעקט בנוגע דער איניציאַטיוו אין דער געזעץ־געבונג:

„די איניציאַטיוו צום אַריינטראָגען געזעץ־פּראָיעקטען באַלאַנגט צו די מיטגלידער פון מיניסטאָרען־ראַט. די דעפּוטאַטען קענען אַריינטראָגען געזעץ־פּראָיעקטען, אָבער זייערע פאָרשלאַגען וועלען איבערגעשיקט ווערען צו דער יורידישער קאָמיסיע פון הויז. אויב די מאַיאָריטעט פון די קאָמיסיע־מיטגלידער וועט מסכים זיין צום אָננעמען פון פאָרשלאַג, וועט ער ווערען אַריינגעטראָגען אין הויז דורכ'ן מיניסטאָרען־ראַט".

עס איז פולשטענדיג קלאָר, אַז אויב דער אַרטיקעל זאָל אָנגענומען ווערען אין דער פאָרם, ווי ער איז איצט פאָרגעשלאָגען, דאַן וועט דער פּאַר־לאַמענט פון ישראל זיין לגמרי איבעריג. ווייל דער אַרטיקעל 42 מאַכט פון פּאַרלאַמענט אַ דריט־ראַנגיגע אינסטיטוציע, וואָס פאַרמאָגט נישט זאַכליך און נישט פאָרמעל אפילו קיין רעשטעל פון יענעם זכות, וואָס איז איהר אייגענטלי־כער באַשאַפונגס־גרונד — פון דער געזעץ־געבונג.

שוין דער אָנהויב פון אַרטיקעל 42 דריקט דאָס אויס, אָהן יעדען ספק: „די איניציאַטיוו צום אַריינטראָגען געזעץ־פּראָיעקטען באַלאַנגט צו די מיטגלי־דער פון מיניסטאָרען־ראַט". אין וועלכער דעמאָקראַטישער מדינה איז דאָ אַזאַ אונזיניגע באַשטימונג אין דער קאָנסטיטוציע? די מיניסטאָרען, ד. ה. די רעגירונג, דאַרפען א ו י ס פ י ר ע ן די געזעצען און זיי, עווענטועל, קענען קומען א ו י ך מיט פאָרשלאַגען. דאָס איז פאַר זיי „די והותר". אָבער אַ פאָלקס־פאַרטרעטער זאָל נישט האָבען קיין געזעצגעבענדע איניציאַטיוו — דאָס איז אַן אַבסורד! עס איז פּשוט אונפאַרשטענדליך, ווי אַזאַ געדאַנק האָט געקענט געבוירען ווערען אין ישראל.

די דעגראַדירונג פון פּאַרלאַמענט איז אַ פולשטענדיגע, ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם סוף פון אַרטיקעל 42. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז אויב אַ דע־פּוטאַט האָט אַריינגעטראָגען אַ געזעץ־פּראָיעקט (אַלזאָ, מיני' ובי' אַ סתירה צום ערשטען זאַץ, וועלכער זאָגט, אַז נאָר מיניסטאָרען האָבען די איניציאַ־טיוו), דאַן מוז ער ווערען גוטגעהייסען דורך אַ ר ו ב פון דער יורידישער קאָמיסיע פון דעפּוטאַטען־קאַמער און ד ע ר נ אָ ך — ד. ה. שוין נאָכ'ן האָבען די הסכמה פון ר ו ב פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער קאָמיסיע! — ווערען

ערשט אַריינגעטראָגען פאָרמעל דורכ׳ן מיניסטאָרען־ראַט. מען קען זיך נישט פאָרשטעלען קיין גרעסערען בזיון פאַר אַ פאַרלאַמענט, אַלס אַ זעלבסטשטענדיגע לעגיסלאַטיווע מאַכט אין דער מדינה, ווי אַזאַ מין פאַר־שריפט. דער רוב פון אַ פאַרלאַמענטאַרישער קאָמיסיע באַשליסט אַ געזעץ־פּראָיעקט; דאָס מיינט נאַטירליך, אַז דער רוב פון פאַרלאַמענט וויל האָבען אַזאַ געזעץ. דאָך איז דאָס לגמרי באַדייטונגסלאָז, אויב די רעגירונג וויל נישט אַריינטראָגען אַזאַ מין פּראָיעקט אין איהר נאָמען! טאָ צו וואָס דאַרף מען דעם גאַנצען פאַרלאַמענט?

מען דאַרף דאָ דערמאָנען, אַלס ביישפּיל, די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, וועלכע האָט אָנגענומען, ווי באַקאַנט, די שיטה פון אַ שטאַרקער עקזעקוטיווער מאַכט, און טראָצדעם איז איהר נישט איינגעפאַלען צו געבען דעם פּרעזידענט וועלכע עס איז לעגיסלאַטיווע רעכט. דער פּרעזידענט האָט אַ וועטאָ־רעכט, ד. ה. ער קען צוריקשיקען אַ באַשלאָסענעם געזעץ־פּראָיעקט און דער קאָנגרעס דאַרף איהם דאַן נאָכאַמאָל באַהאַנדלען; אויב עס איז פאַר דעם זעלבען געזעץ־פּראָיעקט ווייטער פאַרהאַן אַ מערהייט אין פאַרלמענט (דאָס מאָל שוין אַ קוואַ־ליפיצירטע פון צוויי דריטעל), דאַן מוז די עקזעקוטיווע מאַכט קאַפּיטו־לירען פאַר דער געזעץ־געבערישער. וואָס פאַר אַ מרחק איז דאָ פאַרהאַן ביז צו אַ באַשטימונג, אַז דער פאַרלאַמענט קען גאָר נישט פאַרהאַנדלען איבער אַ געזעץ־פּראָיעקט אויב די רעגירונג וויל איהם נישט אַריינטראָגען!

די מאָטיווען צום פּראָיעקט פון דער ישראל־קאָנסטיטוציע זאָגען וועגען דעם ענין אָט וואָס: „די פראַגע פון דער איניציאַטיוו פון די פּריוואַטע מיט־גלידער אין אַריינטראָגען געזעץ־פּראָיעקטען, איז איינער פון די שווערע פּראָ־בלעמען פון פאַרלאַמענטאַרישען סיסטעם. פון איין זייט, מוזען די לעגיסלאַ־טיווע באַשטימונגען, וואָס ווערען אַריינגעטראָגען אין פאַרלאַמענט, האָבען די אונטערשטיצונג פון דער רעגירונג, וואָס איז ביי דער מאַכט, כדי צו פאַר־זיכערען אַ פאַרלאַמענטאַרישע מערהייט און די נויטיגע פינאַנציעלע צוטיילונג. פון דער אַנדערער זייט, וואָלט מען געוואָלט זעהן, אַז די דעפּוטאַטען זאָלען אַנטוויקלען אַ געוויסע איניציאַטיוו". צוליב אָט די מאָטיווען איז גע־בוירען געוואָרען דער אַרטיקעל 42. מען האָט אָבער דאָ פאַרגעסען דריי זאַכען:

1) די געזעץ־געבענדע איניציאַטיוו איז אין קיין פאַרלאַמענט פון דער וועלט נישט באַשרענקט אויף פינאַנציעלע פראַגען. עס זיינען דאָ אָהן אַ שיעור געזעצען, וואָס האָבען גאָרנישט צו טאָן מיט פינאַנצען, ווי דער ציוויל־און שטראָף־קאָדעקס, די ציוויל־און שטראָף־פּראָצעדור א. א. וו.

2) אויב עס האַנדעלט זיך אפילו וועגען געזעצען מיט אַ פינאַנציעלען אונטערשלאַג, דאַן באַלאַנגט דאָס ערשטע רעכט צום פאַרלאַמענט, און נישט צו דער רעגירונג, צו געפינען דעם פינאַנציעלען מקור. די אַמערי־

קאַנער קאָנסטיטוציע — און כמעט אַלע קאָנסטיטוציעס אין דער וועלט — באַטאַנען דאָס אויסדריקליך. דער ישראל־פּראָיעקט האָט וועגען דעם אַ באַזונדערן אַרטיקעל (44), וועלכער שטעהט ווידער אין אַ פולקאָמענער סתירה מיט די פּרינציפּען, וואָס זיינען אָנגענומען אין יעדער מאָדערנער דעמאָקראַטישער מלוכה; ער זאָגט, אַז „וועגען אַן אַפּראָפּריאַציע פון פאָנדען, אַ פאַרגרעסערונג פון אַן אויסגאַבע און אַ שטייער, קען מען באַשליסען נאָר אויב דאָס איז געוואָרען פאָרגעשלאָגען דורך אַ מיטגליד פון מיניסטאָרען־ראַט". מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז דער פּאַרלאַמענט מעג זאָגען נאָר דאָס, וואָס די רעגירונג לייגט איהם פאָר בנוגע די הוצאות פון דער מלוכה אָדער די שטייערען, אָבער ער האָט נישט די מינדעסטע דעה וועגען אָנווייזען פון זיך אַליין דער רעגירונג, וואָס זי זאָל טאָן מיט דער מלוכה־ווירטשאַפט.

3) עס איז געגען די פּרימיטיווסטע רעכט פון אַ מינאָריטעט־גרופּע פון דעפּוטאַטען אַז מען זאָל פאַרלאַנגען, אַז יעדער פּראָיעקט זאָל מוזען האָבען די הסכמה פון אַ רוב פון אַ קאָמיסיע, כדי צו קענען ווערען פאַרהאַנדעלט. אויב אַזוי, איז לגמרי זינלאָז צו האָבען פּראָפאָרציאָנעלע וואַהלען. אַ דעפּוטאַט פון דער מינדערהייט האָט דאָך, לויט'ן אַרטיקעל 42, נישט די מינדעסטע מעגליכקייט צו אַרבייטען אין פּאַרלאַמענט. אויב עס וואָלט געווען אימיצען איינגעפאַלען, למשל, אין פאַר'מלחמה'דיגען פּוילען פאַרצושלאָגען אַזאַ מין קאָנסטיטוציאָנעלע באַגרעניצונג פון די רעכט פון די מינדערהייט־דעפּוטאַטען, וואָלט מען עס געווען פאַרשריגען אַלס „רעאַקציאָנער" אויפ'ן העכסטען אופן, און מיט רעכט. ווייל ענטוועדער מען לאָזט צו פאָלקס־פאַרטרעטער פון מינדערהייטס־גרופּען, — און דאַן מוזען זיי האָבען געזיכערט זייער אַרבייטס־מעגליכקייט — אָדער מען זאָגט זיי לכתחילה, אַז זיי זיינען נישט־נויטיג. אַזאַ שפּיל מיט מינדערהייטס־גרופּען, — ווי דאָס איז פאָרגעזעהן אין ישראל־פּראָיעקט, איז נישט דערלאָזבאַר.

אַז די מחברים פון פּראָיעקט האָבען נישט געהאַט קיין ריכטיגע פאָרשטעלונג פון אייגענטליכען מהות פון דער לעגיסלאַטור, ווערט קלאָר אויך פון טעקסט פון דער שבועה, וואָס איז באַשטימט געוואָרען פאַר די דעפּוטאַטען. לויט'ן אַרטיקעל 32 לויטעט זי אַזוי: „איך שווער צו זיין געטריי ישראל און אָפּצוהיטען די קאָנסטיטוציע און געזעצען". מילא, דאָס געטריי זיין ישראל קען מען נאָך פאַרשטעהן. אָבער „אָפּצוהיטען די קאָנסטיטוציע און די געזעצען" — דאָס איז דאָך אַן ענין, וואָס געהערט צום פּרעזידענט און צו דער רעגירונג! די דעפּוטאַטען מוזען היטען די קאָנסטיטוציע און די געזעצען, צי זיי ווילען יאָ, צי זיי ווילען נישט. אויף דעם זיינען זיי „מושבע ועומד", זיי דאַרפען גאָר נישט אויף דעם שווערען. און אויב מען מיינט מיט דעם צו זאָגען,

אַז זיי דאַרפֿן פאַרטיידיגען די קאָנסטיטוציע, דאַן האָבען זיי צו דעם לגמרי נישט די געלעגענהייט, ווענינגסטענס נישט לויט׳ן פּראָיעקט, וואָס מיר באַהאַנדלען.

די מאָדערנע אייראָפּעאישע קאָנסטיטוציעס גיבען אָדער לגמרי נישט דעם טעקסט פון דער דעפּוטאַטען־שבועה, אָדער זיי גיבען איהם אין אַ גאַנץ אַנדערער פאָרם. די פּוילישע קאָנסטיטוציע, למשל, האָט פאָראויסגעזעהן פאָלגענדע שבועה: „איך דערקלער פייערליך, אַז אַלס דעפּוטאַט וועל איך אַרבייטען עהרליך, לויט מיין בעסטען פאַרשטעהן און אין הסכם מיט מיין געוויסען, אויסשליסליך פאַר׳ן וואויל פון דער מלוכה אַלס גאַנצעס״. מען מוז מודה זיין, אַז אין אַזאַ טעקסט איז דאָ פיל מעהר זין.

דערביי איז צו זעהן פון די מאָטיווען פון פּראָיעקט, אַז מען וויל דורכאויס פאַרזיכערען אַ „שנעלע געזעץ־געבונג״ און דאָס איז, ווייזט אויס, געווען דער אייגענטליכער מאָטיוו, פאַרוואָס מען וויל האָבען בלויז איין געזעץ־געבענדע קאַמער. אָבער מען קען נישט, פון איין זייט, אַזוי באַשרענקען דעם פּאַרלאַמענט און מאַכען פון איהם א סובאָרדינירטען אָרגאַן פון דער רעגירונג און, פון דער אַנדערער זייט דערוואַרטען אַ שנעלע און — וואָס איז נאָך וויכטיגער — אַ גוטע געזעץ־געבונג.

אויב ערגיץ אין דער וועלט, דאַן וואָלט דוקא אין ישראל, אַ מדינה, וואָס איז אויפגעשטאַנען נאָך אַ 2000־יאָריגען איבעררייס, געדאַרפט זיין אַ צווייטע קאַמער, וואָס זאָל קאָנטראָלירען די געזעץ־געבונג און שטעהן אויף דער וואַך, אַז די נייע געזעצען זאָלען זיין אין הסכם מיט דער אַלטער אידישער טראַדיציע. די צווייטע קאַמער וואָלט, נאַטירליך, נישט געדאַרפט האָבען אַזאַ סטרוקטור ווי דער אַמעריקאַנער סענאַט (ד. ה. אַ רעפּרעזענטאַציע פון געוויסע פעדעראַלע דיסטריקטען), נאָר פאַרמאָגען אַ וואָגיקייט דורך איהר פאַכמענישער צוזאַמענשטעלונג. אַ טייל מיטגלידער וואָלטען געדאַרפט זיין געוועהלט (ביי אַ העכערונג פון עלטער־גרעניץ סאי ביים אַקטיווען, סאי ביים פּאַסיווען וואַהל־רעכט), אַן אַנדערער טייל באַקומען זייערע פּלעצער צוליב זייער גייסטיגער פּאָזיציע, למשל, ווי פאַרנעמען הויכע רבנות־אַמטען, הויכע ריכטער־שטעלעס, פּיהרערשאַפט ביי געוויסע קערפּערשאַפטען. אַזאַ קאַמער וואָלט זיכער דערפירט דערצו, אַז די געזעצען זאָלען זיין די שענסטע און די בעסטע און, גלייכצייטיג, די א י ד י ש ס ט ע.

אויב מען האָט אַמאָל ביי אידען געקענט דיקטירען דעם מלך, אַז ער מוז „שרייבען זיך די תורה פון די כהנים״, ד. ה. לאָזען זיך באַראַטען ביי דער געזעץ־געבונג פון עקספּערטען — פאַרוואָס זאָל דער נייער פּאַרלאַמענט

אין ישראל נישט צוציהען די דאָזיגע עקספּערטען צו דער געזעץ־געבערישער אַרבייט ?

דאָס וואָלט געווען בעסער פאַר איהם און אפילו בעסער פאַר דער רעגי־רונג וואָס דאַרף בלייבען אין ישראל ביי דעם, וואָס איז איהר געביט ביי אַלע פעלקער: ביים ר ע ג י ר ע ן און נישט זיך פאַרנעמען מיט מאַכען געזעצען.

(„מאָרגען זשורנאַל, י״ג כסלו, כ׳ כסלו, י״א טבת, כ״ה טבת, תש״ט — 15 דעצעמבער, 22 דעצעמבער, 1948, 12 יאַנואַר, 26 יאַנואַר, 1949)

# אידישע אמונה און פּאָליטישע פּאַרטייען אין מדינת ישראל

עס איז ניט קיין וואונדער, אַז די פראַגע פון פאַרהעלטניש פון דער נייער מדינת ישראל צו דער אידישער אמונה האָט אָנגעהויבען וואָס שטאַרקער צו אינטערעסירען אַלע טיילען פון אידישען פאָלק, אפילו יענע, וואָס זיינען אַליין ווייט פון דער רעליגיע.

סוף־סוף, מוז זיך יעדער באַלד פרעגען: וואָס איז אייגענטליך דער מהות פון דער ניי־אויפגעקומענער מדינה? זי הייסט „ישראל" — גוט. זי ווערט רעגירט פון אידען — גוט. זי ווערט באַוואוינט פון א רוב אידען — גוט. אָבער איז זי שוין מיט דעם אַליין אידיש? אָדער האָט דער אידישער כאַראַקטער פון דער מדינה אין זיך עפּעס טיפערע סימנים, און אויב יאָ, — וועלכע?

און מיט דעם איז פאַרבונדען נאָך אַ וויכטיגע פראַגע: איז די פּאָליטי־שע קאָנסטעלאַציע אין ישראל, וואָס ענדערט זיך יעדע פאַר יאָהר, אַ פאַקטאָר, וואָס דאַרף באַשטימען אָדער באַאיינפלוסען דעם „אידישען" כאַראַקטער פון דער מדינה? מיט אַנדערע ווערטער: וועט דער דאָזיגער כאַראַקטער זיין אָפּ־הענגיג פון די פּאַרלאַמענטאַרישע וואַהלען און פון צוזאַמענשטעל פון דער רעגירונג, אָדער וועט ער זיין אַן עיקר, אַ יסוד, וואָס שטעהט העכער פון די צייטליכע פלוקטואַציעס?

די, וואָס ווילען ניט זעהן די „אידישקייט" פון דער מדינת ישראל אין אַלטען איינגעפונדעווועטען מיין פון וואָרט („אידישקייט" איז, ווי באַוואוסט, געווען פון דורות אָן אידענטיש מיט „צוגעהעריגקייט צו דער טראַדיציע", לאָמיר עס מאָדערן אָנרופען „רעליגיאָזיטעט") — זוכען היינט עפּעס אַ נייעם

אינהאַלט, אַ נייעם מהות פאַר דער מדינה און פאַר'ן פאָלק צוגלייך. און מען מוז מודה זיין, אַז זיי געפינען זיך אין אַ שווערער לאַגע. זיי זיינען ווי מענשען, וואָס האָבען אויסגעגאָסען אַ פלאַש אַלטען טייערען וויין און דאַרפען די פלאַש אָנפילען מיט עפּעס אַנדערש, זיי האָבען אָבער ניט מיט וואָס.

זיי זיינען היינט אין אַ נאָך פיל שווערער לאַגע, ווי פריהער, איידער די אידישע מדינה איז אַנטשטאַנען, ווייל פריהער האָבען זיי געהאַט אַן אידעאַל, וואָס האָט זיי ערזעצט די רעליגיע: דאָס איז געווען די וויזיע פון דער אידי־שער מדינה. זיי האָבען גאַרניט געקלערט, ווי אַזוי די מדינה וועט אויס־זעהן. עס איז פאַר זיי געווען גענוג, וואָס זיי האָבען געשטרעבט צו אַ אידי־שער מדינה. היינט, ווען די מדינה איז שוין דאָ, ווען דער אידעאַל איז שוין פאַרווירקליכט, מוזען זיי געפינען אַן אידעאישען יסוד סאַי פאַר דער מדינה סאַי פאַר'ן פאָלק. אויב ניט, דאַן האָבען זיי בלויז אַ „חומר" אָהן אַ „צורה", בלויז אַ מאַטעריע אָהן גייסט, אָדער — אויב מיר זאָלען זיך האַלטען ביים משל מיט דער פלאַש וויין — אַ „קנקן", וואָס קען אָנגעפילט ווערען מיט'ן איידעל־סטען געטראַנק, אָבער וואָס איז דערווייל ליידיג. און אויב מען האָט אַמאָל געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך ניט באַנוגענען מיט'ן אָנקוקען דעם קנקן, נאָר מען דאַרף זעהן וואָס איז אין איהם דאָ, דאַן קען מען זיך משער זיין וואָס איז די לאַגע פון איינעם, וואָס האָט אַ קנקן, אָבער ער האָט איבערהויפּט ניט די מעג־ליכקייט צו קאָנטראָלירען זיין אינהאַלט, פשוט ווייל עס איז קיין אינהאַלט ניטאָ.

אמת, אין ארץ ישראל איז אויפגעשטאַנען תחית המתים די העברעאישע שפּראַך. דאָס איז אַ וואונדערבאַרע ערשיינונג, וואָס האָט כמעט נישט קיין פּאַ־ראַלעל אין דער געשיכטע. די העברעאישע שפּראַך איז ניט געווען קיין אומ־גאַנגס־שפּראַך שוין גאַר אַ לאַנגע צייט, און זי איז צוריק לעבעדיג געוואָרען. דאָס איז איינער פון די מאָדערנע אידישע „נסים". אָבער קען ד אָ ס זיין דער גייסטיגער אינהאַלט פון אונזער פאָלק? אַבסאָלוט נישט. די שפּראַך איז ניט די נשמה פון אַ פאָלק. די שפּראַך איז נאָר אַ מיטעל צו קאָנסערווירען דעם גייסטיגען אינהאַלט פון אַ פאָלק, פּונקט ווי די מדינה איז אייגענטליך אַ מיטעל צו קאָנסערווירען דעם אָרגאַניזם פון פאָלק.

אויב די מדינה וואָלט געקענט זיין אידיש בלויז דורכ'ן פאַקט, וואָס זי ווערט באַוואוינט און רעגירט פון אידען און עס ווערט אין איהר גערעדט העברעאיש, דאַן האָט זי דאָך גאַרנישט געמוזט זיין אין ארץ ישראל. וויפיל לייכטער וואָלט די אידען געווען אָנגעקומען צו באַקומען אַן אַנדערען באָדען פאַר זייער מדינה, ווי ארץ ישראל! וויפיל געגנערשאַפט וואָלט געווען געקענט אויס־געמיטען ווערען! און מיר וויסען באמת, אַז עס איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט אין די ציוניסטישע רייהען ערנסט געקלערט צו נעהמען אַן אַנדער לאַנד, ווייל מען האָט זיכער זיך דאַן ניט אָפּגעגעבען קיין דין־וחשבון פון אייגענטליכען

כאַראַקטער פון אַזאַ לאַנד. דאַמאָלסט איז נאָך געגוג געווען די וויזיע פון אַ אידי־שער מדינה.

אָבער דאָס אידישע פאָלק האָט דוקא געוואָלט, אַז זיין היים זאָל זיין אין ארץ ישראל. פאַרוואָס? ווייל ארץ ישראל איז פאַר אונז מעהר, אַ סך מעהר ווי אַ פשוט׳ער באָדען אויף אויפצובויען אַ פּאָליטישע מלוכה־געביידע. ארץ ישראל איז פאַר אונז אַ טייל פון אונזער פאָלקס־נשמה, אַ טייל פון אונזער היסטאָרישען מהות.

עס איז אַ גרונד־פעהלער אויב מען דענקט, אַז אין גלות האָט די אמונה אויפגעהאַלטען דעם קיום פון אידישען פאָלק, אָבער אין דער אידישער מדינה איז ניט אַזוי, ווייל געבויט די נייע מדינה זאָלען האָבען בעיקר חלוצים, וואָס זיינען ניט געווען און זיינען ווייטער ניט רעליגיעז. פאַרטראַכטענדיג זיך טיפער אין דער פסיכיק פון יעדען, וואָס איז געגאַנגען פאַרוואַנדלען די ישראל־וויסטע־נישען אין בליהענדע ערד, מוז מען קומען צו דער מסקנא, אַז געטריבען האָט איהם דערצו אַ רעליגיעז אונטער־באַוואוסטזיין. דאָס רעליגיעזע אונטער־באַוואוסטזיין האָט זיך אויסגעדריקט אין דער מסירת־נפש פאַר אַרץ ישראל דוקא. אָהן דעם וואָלט מען געווען געקענט געפינען מנוחה אַנדערשוואו, די שונאים האָבען אידען געיאָגט פון פאַרשיידענע לענדער, דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיי געצוואונגען אוועקצוגעהן פון זייערע היימען, אָבער קיינער האָט זיי בישט געהייסען זוכען ארץ ישראל דוקא. פון דעם שטאַנדפּונקט אויס, האָט עס גע־קענט זיין אוגאַנדאַ אָדער מאַדאַגאַסקאַר. עס האָט אָבער געמוזט זיין נאָר ארץ ישראל, ווייל דאָס איז אונזער היסטאָרישע קאָנטינואיטעט, און דאָס מיינט אַ טייל פון יענער אידישקייט, וואָס איז געווען ביז איצט. אין דער גע־שיכטע איז נישט מעגליך אָפּצוהאַקען אַ געשעהעניש פון איהר הינטערגרונט. ניטאָ קיין געשיכטליכער „היינט״ אָהן דעם „נעכטען״. עס איז דאָ אַיין קייט פון געשעהענישען. דער גלות איז פאַרבונדען אָרגאַניש מיט דער מדינה, וואָס איז געקומען איצט. אויב מען איז מודה, ווייל אַנדערש קען מען איבערהויפּט ניט פאַשטעהן דעם סוד פון דער אידישער עקזיסטענץ — אַז אין גלות האָט די אמונה אויפגעהאַלטען דעם קיום פון אידישען פאָלק, דאַן מוז מען ציהען די ווייטערדיגע לאָגישע קאָנסעקווענצען: אַז די אמונה איז יענער אידישער סימן מובהק, וואָס מאַכט אידען פאַר אידען!

דאָס נייע ישראל האָט פאַר׳ן אידישען פאָלק נאָר דאַן די ריכטיגע באַ־דייטונג, אויב עס איז אַ המשך פון אונזער געשיכטע. אַ המשך מיינט ניט אַ שפּרונג פון אַכצען־הונדערט יאָהר. אַ המשך מיינט דעם ענגסטען קאָנטאַקט מיט יענעם אידישען פאָלק, וואָס איז דורכגעגאַנגען די אַכצען־הונדערט יאָהר. בויען אַ מדינת ישראל אין ארץ ישראל, וואָס זאָל זיין אָפּגעריסען פון די אידישע דורות במשך אכצען־הונדערט יאָהר אידישע געשיכטע, וואָלט געהייסען אַזוי

פיל ווי בויען אַ בנין אין דער לופטען, אָפּגעריסען פון זיין פונדאמענט און דאַריבער אָהן אַ פונדאמענט.

אין נייעם ישראל מוז די אמונה ניט נאָר אויפהאַלטען, ווי ביז איצט, דאָס פאָלק, נאָר אויך — די מדינה. אָהן דער אמונה איז די מדינה ניט עקזיס־טענץ־פעהיג, פונקט ווי דער שעהנסטער גוף איז ניט לעבענס־פעהיג, אויב עס איז אין איהם ניטאָ קיין נשמה.

מען קען ניט לייקענען קיין היסטאָרישע פאַקטען. יעדער ווייסט, אַז ניט נאָר קליינע מדינות, נאָר אויך גרויסע אימפּעריעס, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען דורך שטאַרקע פעלקער, זיינען אונטערגעגאַנגען בשעת זייער נאַ־ציאָנאַלער מהות איז צערונען געוואָרען. מען דאַרף אויף דעם ניט קיין מעהר קלאַסישען באַווייז ווי דאָס אַלטע רוימשע רייך. עס האָט די רוימער ניט גע־ראַטעוועט פון אונטערגאַנג די לאַטיינישע שפּראַך, הגם אויך זי איז געבליבען, פונקט ווי די העברעאישע במשך לאַנגע יאָהרהונדערטער, די שפּראַך פון דער גייסטיגער עליטע.

דער, וואָס זוכט צו שאַפען אין נייעם ארץ ישראל אַ קולטור, וואָס האָט זיך אָפּגעריסען אין גאַנצען פון יסוד פון טויזענטער יאָהר אידישע געשיכטע, דער רעדוצירט די מדינת ישראל צו אַ קליינעם עפּיזאָד. זי קאָן ווערען, און זי דאַרף ווערען, אַ נייע תקופה אין דער אידישער געשיכטע. אָבער זי קען דאָס נאָר דאַן ווערען — אויב זי איז אַ המשך פון דער אידישער געשיכטע. זאָל זי זיין דאָס, למשל, ביי אידען, וואָס דאָס היינטיגע גריכענלאַנד איז אין פאַרהעלטניש צום אַלטען אַטהען? זאָל זי זיין אַ נעגאַציע פון טויזענט־יאָהריגען אידענטום? ווער איז בכלל באַרעכטיגט אַרויפצוצווינגען אויפ׳ן אידישען פאָלק אזאַ מורא׳דיגען עקספּערימענטירען מיט זיין עקזיסטענץ?

דאַריבער קען מען זיך ניט פאָרשטעלען, אַז די צוקונפט פון דער אמונה אין ישראל זאָל זיין אָפּהענגיג פון אַ פּאָליטישער קאָנסטעלאַציע, דאָס הייסט פון כחות־פאַרהעלטניש אויפ׳ן פּאַרלאַמענטאַרישען שאַך־ברעטעל. עס גלויבט זיך ניט, אַז וועלכע רעגירונג אין ישראל זאָל וועלען אונטערמינירען די יסודות פון אידישען לעבען און שפּאַלטען דאָס אידישע הויז אין צווייען — אויסער אויב זי זאָל באמת וועלען במזיד פאַרניכטען די אידישע מדינה (לויט׳ן מוס־טער ווי עס איז צ. ב. פאַרניכטעט געוואָרען ליטע). אַ רעגירונג אין ישראל, וואָס וואָלט דאָס געטאָן, וואָלט מיט אייגענע הענט אָפּגעהאַקט פון בוים אַ צווייג, אויף וועלכען זי זיצט.

איך גלויב ניט, אַז די היינטיגע לינקע מערהייט פון דער ישראל־רע־גירונג שרעקט זיך אַזוי שטאַרק פאַר דער פּאַרלאַמענטאַרישער וואָג פון די שטימען פון „רעליגיעזען בלאָק״ און דאַריבער מאַכט זי „קאָנצעסיעס״ פאַר דער אמונה. גיכער ווייזט מיר אויס, אַז זי מאַכט קאָנצעסיעס פאַר דער אידי־

שער געשיכטע, דאָס הייסט — פאַר דער פאַרזיכערונג פון דער צוקונפט פון דער מדינת ישראל.

עס איז פולשטענדיג קלאָר, אַז אויב עס זאָל ווען עס איז באמת אויפ־קומען אין ארץ ישראל אַ קאַמף וועגן דער אמונה, דאָס הייסט אַ קאַמף וועגן אויפהאַלטען אָדער מהרס זיין דעם מהות פון אידישען פאָלק, דאַן וועט דער פראָנט נישט זיין צווישען בלויז הונדערט־פּראָצענטיגע רעליגיעזע אידען און אַלע אַנדערע. ניין, די ליניע וועט לויפען גאַנץ אַנדערש. דער געזונטער חוש פון אַ סך אידען, וואָס זיינען אפשר אַליין ניט הונדערט־פּראָצענטיג רעלי־גיעז, וועט זיי דיקטירען צו שטאַרקען די הענט פון יענע, וואָס ווילען דערהאַל־טען דעם גלאַנץ פון אידישען פאָלק און ניט פונאַנדערטיילען ישראל פון דער אַלטער טויזענט־יעהריגער אידישער נאַציע. אַן אָפענער קאַמף פון דער רעגירונג מיט דער אמונה וואָלט פּאָליטיש — ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען — אומגעהייער פאַרפעסטיגט אַ רעליגיעזען בלאָק ביי פּאַרלאַמענטאַ־רישע וואַהלען, ווייל ער וואָלט דיסקרעדיטירט די דאָזיגע רעגירונג אין די אויגען פון די מאַסען. די וועהלער וואָלטען זיך ניט פאַרקוקט אויף אַ צוזאָג, למשל, וועגן הייזער־בוי אָדער הכנסה־שטייער, נאָר וואָלטען געגאַנגען דאָרט, וואו עס איז ניטאָ די סכנה פון שפּאַלטען דאָס היסטאָרישע אידישע פאָלק. מען קען דאָך ניט האַלטען אידען פאַר אַזוי פּאָליטיש אומרייף, אַז זיי זאָלען זוכען אין אַ קריטישען מאָמענט אַ בעסערען הכנסה־שטייער אַנשטאָט צו פאַרזיכערען די סאַמע עקזיסטענץ פון דער מדינה!

וויל מען עלימינירען די אמונה אַלס פּאָליטישען פאַקטאָר אין ישראל, דאַן איז פאַראַן נאָר איין עצה: אַנצונעהמען וואָס שנעלער די תורה אַלס קאָנ־סטיטוציאָנעלען יסוד פון דער מלוכה. אין דעם מאָמענט, ווען דאָס וועט גע־שעהן, פאַרלירט אַ „רעליגיעזער בלאָק" ביי פּאַרלאַמענט־וואַהלען יעדען זין. דאַמאָלסט וועט די וועהלערשאַפט זיכער נאָר נעהמען אין באַטראַכט די סאָ־ציאַלע פּראָגראַמען פון די פּאַרטייען א. א. וו.

כל זמן די תורה איז נישט פּראָקלאַמירט געוואָרען אַלס געזעצליכער באַ־זיס פון ישראל, קען ניט ווערען אויסגעמיטען, אַז אַרום איהר פאַהן זאָלען זיך צונויפזאַמלען פּאָליטישע גרופּען. זיי קענען זיין אַ מעהר אָדער ווינציגער אַנזעהעוודיגע מינדערהייט אין פּאַרלאַמענט און טראָץ דעם רעדען אין נאָמען פון גאַנצען אידישען פּאָלק, ווייל זיי רעפּרעזענטירען דאַן פּאָטענציעל דעם רוב פון פּאָלק. זיי רעפּרעזענטירען דאַן יענעם געוואַלדיגען כח, וואָס האָט באַ־לעבט און באַנייט דאָס אידענטום במשך טויזענטער יאָהרען. זיי רעפּרעזענטירען דאַן די אמונה, וואָס האָט דערהאַלטען די אידען צו להכעיס המן'ען, טיטוס'ען, טאָרקוועמאַדאָ'ן, כמעלניצקי'ן און היטלער'ן. זיי רעפּרעזענטירען די איינ־ציגע מאַכט, וואָס קען באמת פאַרזיכערען די צוקונפט פון ישראל — די תורה.

די גבורה פון דער אידישער אמונה ליגט אין דעם, וואָס זי האָט נ י ש ט יענער ראַפינירטע כלי־זיין, מיט וועלכע אנדערע רעליגיעס באַנוצען זיך. ני־טאָ ביי אונז קיין קלעריקאַלע היעראַרכיע, ניטאָ קיין פּרינציפּ פון „אומפעהל־באַרקייט״. די אידישע תורה איז דעמאָקראַטיש ביז גאָר. אלע זיינען גלייך לגבי איהר און אַלע אידען, צי זיי גיבען זיך אָפּ דין־וחשבון פון דעם, צי ניט, ווערען פון איהר באַאיינפלוסט. זי וועבט מיט ליבשאַפט דאָס געטליכע וואָרט אין די נשמות פון די גרויסע און פון די קליינע. און זי וועט זיך, סוף כל סוף, אַריינ־וועבען אין דעם געזעץ־בוך פון ישראל, כדי פון דער מדינה, וואָס איז באַ־וואוינט און רעגירט פון אידען, צו מאַכען אַ ריכטיגע מדינת ישראל.

(„די וואָכענצייטונג״, לאָנדאָן, ח׳ אלול, תש״ט — 2 סעפּטעמבער, 1949 ;
„מאָרגען זשורנאַל״, י״ב אלול, תש״ט — 5 סעפּטעמבער, 1949)

# דת און ישראל

## (אַרום די באַציהונגען פון „שטאַאט״ צו „רעליגיע״ אין מדינת ישראל)

עס איז געווען פּאַראויסצוזעהן, אַז עס וועט נישט זיין לייכט צו פאָר־רעמען דעם „קלסתר פנים״ פון אַ אידישער מדינה. ווען, כמעט נאָך אַ צוויי טויזענט־יאָריגען איבעררייס, דאַרף אויף אַ ווינקעלע פון ערד־קוגעל זיך ווידער אָנפאַנגען צו בויען אַ זעלבסטשטענדיגע אידישע היים, און דאָס ווינ־קעלע איז דוקא ארץ ישראל מיט איהרע טראַדיציעס, איז קלאָר, אַז דאָס איז אַ איינציג־אַרטיג געשעהעניש אין דער געשיכטע פון די פעלקער. עס איז אַ היס־טאָרישער פּראָצעס אָהן אַ פּרעצעדענט, און אַלס אַזעלכער מוז ער אַרויס־רופען אַ געראַנגעל. פאַרשידענע כחות וועלען זיך צוזאַמענשטויסען, ביז די מדינה וועט באַקומען איהר לבוש, ביז עס וועט קלאָר דערקענבאַר ווערען איהר ענדגילטיגער פּרצוף.

די וועלט קוקט זיך איצט צו מיט אַ פאַרכאַפּטען אָטעם צו דעם, וואָס קומט פאָר אין אַלטען לאַנד פון דער תורה. מען קען דרייסט זאָגען, אַז במשך דורות האָט קיין געשעהעניש נישט אַזוי דערשטוינט די וועלט, ווי דאָס וואָס עס קומט לעצטענס פאָר אין ארץ־ישראל. מענשען רייבען זיך די אויגען און פרעגען: איז דאָס ווירקליכקייט אָדער איז עס אַ פאַנטאַזיע? סוף־סוף, איז עס א קליין לענדעל און ווינציגער ווי אַ מיליאָן מענשען. און דאָך איינ־

טערעסירט זיך די וועלט מיט זיי שטאַרקער ווי מיט אַ סך, אַ סך גרעסערע שטחים און פיל צאָהלרייכערע קיבוצים. דאָס באַווייזט באַשיינפּערליך סאַי די וואָגיקייט פון געשעהעניש, סאַי די אומגעהויערע שווערigkeit פון היס־טאָרישען געראַנגעל, וואָס שפּילט זיך אָפּ ביי די בערג פון ציון.

ווי פאַלש מען קען באַאורטיילען און ווי שלעכט מען קען פאַרשטעהן דעם פּראָצעס פון אויספורמען דעם „קלסתר פנים" פון דער אידישער מדינה אין דער ערשטער פאַזע פון איהר אַנטוויקלונג — ווערט קלאָר ווען מען לייענט דעם אַרטיקעל פון אַרטור קעסטלער אין „ניו יאָרק הערעלד טריביון" פון 12טען אָקטאָבער 1948, וואָס טראָגט אַ פיל־זאָגענדיג קעפּעל: „די מאַכט פון ראַבינאַט אין ישראל ווערט באַדויערט אַלס „אַנאַכראָניזם". די רעדאַקציע פון „טריביון" האָט אַזוי־אַרום געגעבען אַ סך־הכל פון אַרטיקעל, וועלכער פאַרדינט, אַז מען זאָל זיך אויף איהם אָפּשטעלען אייגענטליך נאָר אויס דעם גרונד, וואָס ער איז געוואָרען פאַרעפענטליכט אין אַזאַ וויכטיגען אָרגאַן, ווי די „הערעלד טריביון".

דער מחבר, וואָס איז אין אַ מדינה, וועלכע קעמפּט מיט ריזיגע אַרמייען פון אַלע זייטען, וועלכע שטעלט די ערשטע טריט אויף דעם שאַך־ברעט פון דער וועלט־געשיכטע און דאַרף אויסבילדען אַ „יש מאין", האָט אָנגעטראָפען אויף געוויסע פּראַקטישע אומבאַקוועמליכקייטען בנוגע באַשפּייזונג און קאָ־מוניקאַציע. האָט ער געפונען אַ „שעיר לעזאזל". די לינקע רעגירונג וואָלט געווען גאַנץ גוט, דוכט זיך איהם, אויב זי וואָלט זיך נאָר ניט געבויגט פאַר'ן ראַבינאַט, וועלכער וויל אויפצווינגען דעם רעליגיעזען סטעמפּעל אויף דער מדינה. ער שפּאָט אָפּ און גרייפט אָן די אידישע דינים פון כשרות, שחיטה, שבת א. א.א וו. וואָס איז ביי אונז נישט קיין נייעס. מיר האָבען אַזעלכעס שוין אָפּט געהערט. שוין געווען גענוג „קלוגע", וואָס האָבען זייער „חכמה" אויס־פּרובירט אין קאַמף מיט דער אידישער תורה. און קעסטלער האָט ניט מחדש געווען קיין וואָרט, ווען ער האָט, למשל, באַצייכענט די אידישע שחיטה אַלס „באַרבאַרישע" און „פאַרעלטערטע פּראָצעדור". ער איז דאָך אַ דייטשער שרייבער פון אַלטע צייטען און האָט דאָס זיכער געלעזען אין „שטירמער" אָדער אין אַנדערען איידעלען אָרגאַן פון דער נאַצי־פּאַרטיי. און אפשר האָט ער גאָר געזעהען דעם ערשטען דעקרעט פון האַנס פראַנק, דעם גענע־ראַל־גובערנאַטאָר פון באַצוואונגענעם פּוילען, וועלכער האָט פאַרבאָטען די אידישע שחיטה ווייל „אין איינעם אונטער דייטשער האָהייט שטעהענדען גע־ביט זינד טיער־קוועלערייען אַללער אַרט אונמעגליך". משמעות, אַז די דייטשע קולטור האָט דעם שרייבער קעסטלער שטאַרק באַאיינפלוסט. אמת, אַז אפילו אין דייטשלאַנד זיינען געווען די גרעסטע מומחים פון וועטערינאַריע און

פון מעדיציין פעסט ביי דער מיינונג, אַז דווקא די אידישע שחיטה איז דער הומאַניטאַרסטער אופן פון אָפּטויטען בהמות. אמת, אַז אין דייטשען רייכסטאָג האָט אַמאָל — נאַטירליך איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט — דער פאַרטרעטער פון קריגס־מיניסטעריום, אַ גענעראַל־מאַיאָר, דערקלערט, אַז אין שלאַכט־הויז אין מאַינץ האָט מען געקוילעט בהמות פאַר׳ן דייטשען מי־ליטער אויף אַן אופן, וואָס איז ענהליך צו דער אידישער שחיטה, בלויז צו־ליב דעם „ווייל דאָס איז אויספּראָבירט אַלס זייענדיג גורם אַם ווינציגסטען צער דער בהמה״. אמת, אַז אין האָלאַנד האָט מען אַ לאַנגע צייט דאָס פלייש פאַר׳ן מיליטערישען געברויך באַקומען נאָר דורך אַ אידישער שחיטה, ווייל די געפיהלען פון צער־בעלי־חיים ווערען אויף דעם אופן, לויט אַן ערקלע־רונג פון האָלענדישען קריגס־מיניסטער פון יענער צייט, אַם בעסטען אָפּגעהיט. אַרטור קעסטלער וואָלט אַ סך אַזעלכע פאַקטען קענען פאַרנאָטירען, ווען ער וואָלט זיך באַקאַנט, למשל, מיט׳ן ענגלישען בוך „רעלידזשיוס פרידאָם: דהי ראַיט טו פּראַקטיס שחיטה״, וואָס איז אַרויס אין ניו יאָרק אין יאָהר 1946. אָבער עס לוינט, ווייזט אויס, בעסער צו שעפּען ידיעות וועגען אידישע מנהגים פון אייזענמענגער׳ן, ראָהלינג׳ן אָדער טהעאָדאָר פריטש׳עס „האַנדבוך דער יודענפראַגע״!

ווי וועניג האָבען מענשען — מיר ווילען נישט זאָגען: אידען, ווייל סוף־סוף איז אַזאַ פאַרשוין גאָר נישט צו נעהמען אויפ׳ן אידישען חשבון — גע־לערענט פון דעם, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן ממש פאַר זייערע אויגען! האָט זיך קעסטלער גאָר נישט געדאַרפט פאַרטראַכטען איבער דעם, וואָס די נאַצי־האַטענטאָטען האָבען אַזוי אָנגעגריפען די שחיטה — זיי, וואָס האָבען אַזוי קאַלטבלוטיג אויסגעמאָרדעט מיליאָנען מענשען? אויב די נאַציס האָבען אַזוי געקעמפט געגען דער שחיטה, אַז פראַנק האָט תיכף נאָכ׳ן איינבעהמען פוילען זי פאַרבאָטען, אַז היטלער אַליין האָט באַלד נאָכ׳ן איבערנעמען די מאַכט אונטערגעשריבען אַ דעקרעט געגען דער שחיטה, איז עס זיכער נ י ש ט געוועזען צוליב הומאַניטאַריזם! אויב הומאַניטאַריזם — איז אַ בעסערער בר־סמכא לאָרד ליסטער, דער „פאָטער פון דער מאָדערנער אַנטיסעפּטישער כי־רורגיע״ און הונדערטער אַנדערע פּראָפעסאָרען, וועלכע האָבען איינשטימיג ערקלערט די אידישע שחיטה אַלס הומאַניטאַרסטע. האָלט קעסטלער, אַז די אי־דישע רעגירונג אין מדינת ישראל האָט געדאַרפט זיך גיכער פאַרקוקען אויף היטלער׳ן און פראַנק׳ן און פאַרבאָטען די אידישע שחיטה, כדי אָנצוגעהן אַלס „ליבעראַלע״? ווי לעכערליך איז דאָס!

עס איז נישט נויטיג, דוכט זיך, וויטער צו פאַרטיידיגען די אידישע שחיטה געגען דעם אומגעלומפּערטען אָנגריף פון קעסטלער׳ן — אויב עפּעס

איז „פאַראַלטערט״ אָדער אפילו „באַרבאַריש״, איז עס גיכער דער אָנגריף! —
— מיר ווילען דאַריבער זיך אויף אַ ווייל פאַרטראַכטען וועגען דעם עצם פּראָבלעם לויט ווי די „ניו יאָרק העראלד טריביון״ רעדאַקציע האָט איהם פאַרשטאַנען דורכ׳ן אַרויפזעצען אַזאַ כאַראַקטעריסטישען קעפּעל. דאָס איז די כלומר׳שטע „מאַכט״ פון ראַבינאַט אין ארץ ישראל.

איז דאָ עפּעס אַזעלכעס ווי די „מאַכט״ פון ראַבינאַט אין ארץ ישראל? עס הויבט זיך אפילו נישט אָן. נישטאָ אפילו קיין אָנצייכען וועגען דעם. נישטאָ קיין געזעץ אין ארץ ישראל, וואָס זאָל דעם ראַבינאַט געבען די מינדעסטע אויטאָריטעט. קעסטלער ווייסט דאָס אויסגעצייכענט און ער דערמאָנט עס אפילו אַליין. אלא וואָס דען? די אָרטאָדאָקסיע האָט, ווי ער גלויבט, אַ שלי־סעל־פּאָזיציע, ווייל די סאָציאַליסטען פאַרמאָגען בלויז אַ דריטעל פון די שטי־מען און זיי ווילען זיך ניט פאַראייניגען, כדי צו בילדען אַ מערהייט, נישט מיט די „אייסערסטע לינקע״, נישט מיט די רעוויזיאָניסטען און נישט מיט אַנדערע רעכטע גרופּען. דאַריבער ציהען זיי פאַר אַ בלאָק מיט די צענטער־גרופּירונגען, און צווישען זיי זיינען די שטאַרקסטע די אָרטאָדאָקסישע אידען.

מילא, די פאַלשקייט פון חשבון וואָס קעסטלער מאַכט, איז קלאָר פאַר יעדען איינעם. דער גאַנצער שידוך צווישען מפא״י און דער אָרטאָדאָקסיע איז דאָך זיין פאַנטאַזיע. עס איז היינט־צו־טאָג נישטאָ אין ארץ ישראל קיין שטאַר־קע פּאַרטיי־קאַמפּען, ווייל אין אַזאַ עת־צרה, ווען דעם שונא׳ס אַרמייען שטעהען ביי אַלע גרעניצען פון דער מדינה, קען קיינער נישט האָבען אין זינען אפילו די שטאַרקסטע אידעאָלאָגישע דיפערענצען. דער מופּטי איז דער בעסטער צעמענט, וואָס פאַראייניגט אַלע אידישע גרופּירונגען. איצט מוז מען איהם אָפּפאַרטיגען. דאָס פאַרשטעהען אַלע. אָבער ווען מען וועט פטור ווערען די אוי־סערליכע געפאַר, וועט זיך דער אידעאישער קאַמף זיכער צעפלאַקערען. און צו רעדען פון אַ בלאָק צווישען מפא״י און דער אָרטאָדאָקסיע איז דאַן מעהר ווי נאַאיוו!

אויב די היינטיגע סאָציאַליסטישע מערהייט פון דער רעגירונג אין מדינת ישראל אימפּאָרטירט, למשל, ווי קעסטלער שרייבט — ג אָ ר כשר פליייש (וואָס איז, אגב, נישט אַזוי זיכער...) דאַן באַווייזט דאָס נאָר איהר גע־זונטע לאָגיק. ווייל, כידוע, האָט נאָך כשר פליייש קיינעם נישט געשאַדט און אפילו די, וואָס זיינען ניט אַזוי מדקדק בכשרות, האָבען זיך נאָך קיין מאָל דעם מאָגען נישט פאַרדאָרבען, ווען זיי האָבען געגעסען כשר פליייש. און פּונקט אַזוי איז מיט׳ן שבת. איין רוה־טאָג מוז דאָך זיין. טאָ גלויבט ה׳ קעסט־לער, אַז מען וואָלט אין ארץ ישראל געדאַרפט בעסער איינפיהרען זונטאָג אָדער פרייטאג? אלא דאָס פאָהרען מיט אויטאָבוסען, וואָס איז פאַרבאָטען שבת? אויב מען נעמט אָן דעם פּרינציפּ פון דער שבת־רוה — און דאָס איז

דאָך זעלבסטפאַרשטענדליך — דאַן מוז מען זיין אויסגעהאַלטען אויף פולע הונדערט פּראָצענט. די אידישע מדינה קען נישט זיין תיכף באַנקראָט און אָנ־נעמען בלויז פופציג פּראָצענט פון שבת. אגב, פאַרדינען דאָך די באָס־דריי־ווערס אויך זייער שבת־רוה. עס מעג זיין אַביסעל אומבאַקוועם פאַר אַ באַ־זוכער ווי ה׳ קעסטלער, אָבער דאָס לעבען באַשטעהט נישט בלויז פון באַקוועמ־ליכקייטען. מען מוז זיין טאָלעראַנט לגבי אַ דרייווער אויך. אויך ער מעג היטען שבת.

מיר דוכט זיך, אַז ווען ה׳ קעסטלער וואָלט נישט געווען אַזוי באַ־איינפלוסט פון זיין דייטשער קולטור (אַז אַך און וועה צו אַזאַ מין „קולטור״) דאַן וואָלט ער דאָס בילד היינט אין ארץ ישראל געזעהען גאַנץ אַנדערש. אדרבה: אָ ה ן וועלכער מאַכט, אָ ה ן וועלכע געזעצליכע קאָמפּעטענצען, דערקענט זיך די אַלטע אידישע רעליגיע אין דער מדינה. דאָס באַווייזט, לכל הדעות, אַז די בויער פון לאַנד טראַכטען נישט בלויז וועגען דער טרו־קענער מאַטעריע, נאָר אַביסעל וועגען גייסט. מען וויל אָנקניפּען אין דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט, ווייל דאָס מיינט עפּעס אפילו פאַר יענע, וואָס זיינען ביז איצט נישט געווען רעליגיעז. אויב עס וואָלט זיך געהאַנדעלט נאָר וועגען פּאָליטישער מאַכט, דאַן וואָלט זיכער די סאָציאַליסטישע מעהרהייט נישט גע־מאַכט די מינדעסטע קאָנצעסיעס. (קעסטלער שרייבט, אגב אַליין, אַז די אָרטאָ־דאָקסישע אידען מאַכען אויס נישט מעהר ווי דרייצעהן פּראָצענט, טאָקע אויס־גערעכענט דרייצעהן פּראָצענט!). אויב מען קען געפינען אַ געמיינזאַמען לשון צווישען די סאָציאַליסטען און דער אָרטאָדאָקסיע, דאַן איז די סיבה אַ פיל וואָגיגערע.

די סיבה איז, אַז עס האָט זיך אפשר אויפגעוועקט ביים חלוץ אין דער וויטער קאָלאָניע, וואָס איז אַרומגערינגעלט פון אַראַבער און האַלט דאָרט אויס, אַן אַלטער אידישער פּונק. אַ פּונק פון דער אידישער אומשטערבליכקייט. אַ פּונק פון דער אַלט־נייער תורה. אַ פּונק פון גלויבען, אַז: ד׳ שוכן בציון. אַ פּונק פון דער איבערצייגונג, אַז: „כל המקום אשר תדרוך כף רגלכם בו לכם יהי׳, מן המדבר והלבנון מן הנהר הגדול נהר פרת ועד הים האחרון יהיה גבולכם״. אָבער פאַרוואָס? ווייל: „לא יתיצב איש בפניכם, פחדכם ומוראכם יתן ד׳ אלקיכם על פני כל הארץ אשר תדרכו בה כאשר דבר לכם״.

אויב די „מאַכט״ פון ראַבינאַט זאָל זיין אויפגעבויט אויף דעם יסוד — דאַן איז עס נישט דאָס גרעסטע וואונדער פון אונזער צייט? וואו נאָך און ווען נאָך האָט אַ מאַכט אין דער וועלט געוואָרצעלט אין מענשליכע הערצער? מאַכט שטיצט זיך תמיד אויף פּויסטען אָדער אויף באַגנעטען. אָבער מאַכט, וואָס שטיצט זיך אויף אַ דאָקומענט פון פאַר טויזענטער יאָהרען, אָהן פּאָלי־ציי־סאַנקציעס, איז אַ געטליכער כח.

דער „קלסתר פנים״ פון מדינת ישראל, וועט זיך נאָך אַ לאַנגע צייט פורעמען. מיר ווייסען נישט ווי אַזוי ער וועט שליסליך אויסזעהען, אָבער איינס איז זיכער: אויב די עוואָלוציע געהט אין דער ריכטונג, אויף וועלכע עס באַ־קלאָגט זיך אַרטור קעסטלער, דאַן איז דאָס דוקא גוט פאַר דער נייער מדינה, ווייל דאַן בויט זי איהר צוקונפט — אויף אַ שטאַרקען היסטאָרישען פונדאַמענט.

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ג חשון, תש״ט — 15 נאָוועמבער, 1948)

# דער נייער איד, וואָס שטעהט אויף אין מדינת ישראל

עס איז קלאָר, אַז יעדער מענש איז אונטערוואָרפען די באַדינגונגען פון לעבען, וועלכע זיינען פאַראַן אין זיין סביבה. דאָס לאַנד, אין וועלכען מען לעבט, איז משפיע אויף דער אַנטוויקלונג פון יעדען איינעם. מען קען זיך בשום אופן ניט אָפּשליסען פאַר אָט דער השפעה.

אַז ביי אידען איז אויך די סביבה געווען אַ דעצידירענדער פאַקטאָר, וועלכער האָט געפורעמט באַזונדערע טיפּען, איז שוין פון דעם אַליין צו זעהן, וואָס מיר קענען אַזוי לייכט, אין אונזער צייט גופא, אונטערשיידען צווישען צאָהלרייכע טיפּען אידען. אַ „פּוילישער איד״ איז גאַנץ פאַרשידען פון אַ „דייטשען איד״; אַ ספרד׳ישער איד אין האָלאַנד האָט כמעט קיין שום עהנ־ליכקייט ניט מיט, למשל, אַ ליטווישען איד; און וואָס האָט אַ תימן׳ישער איד בשותפות׳דיג מיט אַ איד פון קאַרפּאַטאָ־רוס?

געהענדיג צוריק אין דער געשיכטע, טרעפען מיר אויף די חילוקים צווישען אידישע טיפּען פון באַזונדערע לענדער אין אַ גאַר שטאַרקער מאָס. די חילוקים זיינען ניט נאָר סאָציאָלאָגישע און קולטורעלע, נאָר אפילו אַנטראָ־פּאָלאָגישע. עס זיינען דאָ אויסערליכע סימנים, וועלכע לאָזען דערקענען אידען פון געוויסע געגענדען, טאַקע צוליב דעם, ווייל די לעבענס־באַדינ־גונגען אין פאַרשידענע לענדער זיינען משפיע אויף די מענשען, אומאָפּהענגיג פון זייער ווילען.

היינט צו טאָג ווערט אַקטועל אַ נייע שאלה אין אונזער וועלט: וואָס וועט זיין דער טיפּ איד, וועלכער וועט זיך אויסבילדען אין ארץ ישראל? אָדער בעסער געזאָגט: האָט ארץ ישראל שוין אויסגעפורעמט אַ באַזונדערען טיפּ איד?

מיט אַט דער פראַגע האָט זיך באַשעפטיגט ד״ר ערנסט סימאָן פון דער ירושלים׳ער אוניווערזיטעט אין אַן אַרטיקעל, וועלכער איז אָפּגעדרוקט אין ניו יאָרקער „קאָמענטערי״ פון חודש יולי 1948. עס איז כדאי זיך אויף דעם אָפּצושטעלען און עס קריטיש צו באַהאַנדלען.

ד״ר סימאָן קען, אין גייסטיגען זין, דריי טיפּען אידען: דעם „תלמיד חכם״, דעם „חלוץ״ און דעם „פּאַרטיזאַן״.

דער „תלמיד חכם״ — דאָס איז דער איד, וועלכער האָט, זייט צוויי טויזענט יאָהר, געהאַט דעם כאַראַקטער פון אַ גייסטיגען אַריסטאָקראַט ביי אידען. ער האָט דאָמינירט אין אַלע אידישע קיבוצים; זיין „מאַכט־שטעלונג״ איז געווען אויפגעבויט אויפ׳ן יסוד, אַז דאָס שטודיום פון דער תורה איז די גרעסטע מצוה.

דער חלוץ איז, לויט דר. סימאָן, דער היפוך פון „תלמיד חכם״; ער איז ניט אונטערגעוואָרפען דער אַלטער טראַדיציע, נאָר דעם קולט פון אַר־בייט. ער האָט זיך געשאַפען אַן אייגענע „פרהסיא״ (עפענטליך לעבען) און אַן אייגענע „לעגאַליטעט״. דאָס איז דער טיפּ איד, וואָס איז פולקאָם „פאַר־וועלטליכט״.

דער „פּאַרטיזאַן״ איז דער נייעסטער „קאָנקורענט״ פוןביידע טיפּען, סאַי פון תלמיד חכם סאַי פון חלוץ. דר. סימאָן פאַרשטעהט אונטער׳ן באַגריף „פּאַרטיזאַן״ ניט נאָר דעם איד, וואָס קעמפט אין זעלבסט־פאַרטיידיגונג, נאָר אויך דעם סתם טעראָריסט, דעם אָנהענגער פון קולט פון דער מאַכט, וועל־כער חלום׳ט אין מאָמענט פון פאַרצווייפלונג פון אַ „שעהנעם טויט״.

איז מעגליך אַ סינטעזע צווישען די איינצעלנע טיפּען? דר. סימאָן גלויבט, אַז הגם דער „תלמיד חכם״ איז ס ט אַ ט י ש (ד. ה. ער באַזירט אַלצדינג אויף איין פעסטען יסוד, אויף דער תורה) און דער „חלוץ״ איז ד י נ אַ מ י ש (ד. ה. ער באַוועגט זיך כסדר, זוכענדיג נייע אויפגאַבען) — דאָך קען עס קומען צו אַן אויסגלייך צווישען ביידען. נאַטירליך, אויפ׳ן יסוד פון געגענזייטיגע קאָנצעסיעס. דער „תלמיד חכם״ וועט זיך ניט קענען באַ־שריינקען אויף דעם, וואָס איז „זעלבסטפאַרשטענדליך״ (ווי אַמאָל), נאָר מוזען אויפסניי אַרגומענטירען און דאָס וועט פיהרען צו אַ ווידער־אויפלעבען פון די „נביא׳ישע אימפּולסען״, ווייל עס וועט שאַפען אַ סאָציאַלע פאַראַנט־וואָרטליכקייט צוזאַמען מיט דער רעליגיעזער פאַרהייליגונג פון לעבען. דער חלוץ, ווידער, וועט מוזען אָננעהמען אַ פעסטען גייסטיגען אינהאַלט, ווייל ער וועט דערשפּירען, אַז זיין לעבען איז ליידיג. די באַנייאונג פון דער העברע־אישער שפּראַך וועט איהם ניט גענוגענען, פונקט ווי עס צו ווייניג דאָס באַ־טייליגען זיך אין די פאַרשידענע פּראָצעסען פון דער מאָדערנער ציוויליַ־זאַציע.

אַלס פאַרלויפער פון דער סינטעזע צווישען „תלמיד חכם" און „חלוץ" זעהט דר. סימאָן די קיבוצים פון „הפועל המזרחי" און „פועלי אגודת ישראל". הגם אויך דאָ איז ניט געקומען צו אַ פאַרשמעלצונג פוןביידע טיפען, אָבער על כל פנים „זיי האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען". דאָס איז אַ „פראַגמענט פון רעאַליטעט" אין דער „רעכטער ריכטונג".

מיר קענען שווער דיסקוטירען אַ „צוקונפט־מוזיק". אָבער דר. סימאָן׳ס געדאַנקען זיינען ניט תמיד היסטאָריש אויסגעהאַלטען. ער אַליין איז צ. ב. אויף דער זייט פון „חלוץ", ווען ער שרייבט וועגען דעם איצטיגען „גע־וואַלטיגען קאָנפליקט" צווישען דער אָרטאָדאָקסיע און די יונגע פּיאָנערען אין ארץ ישראל. ער זאָגט, אַז די רבנים באַטראַכטען נאָר יענע ספערע פון עפענטליכען לעבען אַלס עכט אידיש, וואָס איז רעגולירט דורכ׳ן געזעץ; אַלע, וואָס ציהען זיך צוריק דערפון, זיינען רענעגאַטען (בוגדים). אָט דאָס — זאָגט דר. סימאָן — קען זיין אַ „באַשרענקטער אמת", אויב עס איז אָנגע־ווענדעט לגבי די לענדער פון דער גולה, אָבער בנוגע ארץ ישראל איז עס „זיכער פאַלש".

אויף דעם אופן האָט דער חלוץ אין זיין „קאַמף" מיטן „תלמיד חכם", ביי דר. סימאָן׳ען, לכתחילה געוואונען. אָבער דאָס מוז מען ערשט באַווייזען. די ראיות, וועלכע דר. סימאָן ברענגט, אַז דער חלוץ האָט זיך געשאַפען אַן אייגענע לאָיאַליטעט (און, ממילא, אַן אייגענע „אידישקייט"), זיינען זעהר שוואַכע. די געזעצען פון „מושב עובדים", למשל, זיינען טאַקע רעספעקטירטע נאָרמען, אָבער ניט קיין ספּעציפיש אידישע. זיי האָבען פונקט אַזוי גוט געקענט זיין אַרויסגעגעבען אין בירא־בידזשאַן, און איבערהויפּט אין יע־דער סאָציאַליסטישער קאָלאָניע. וואו איז זייער „אידישקייט"?

היסטאָריש קאָן מען באַווייזען גראָד דעם היפוך: אַז וואו אידען האָבען פּרובירט צו שאַפען אַן „ערזאַץ" פאַר דער טראַדיציאָנעלער אידישקייט — אין ארץ ישראל און מחוץ איהר — האָט זיך עס, פריהער אָדער שפּעטער, איינגעבראָכען, ווייל דאַן איז אַלץ אונטערגעגאַנגען אין זידענדיגען קעסעל פון דער אַסימילאַציע. לאַנד און שפּראַך שיצען ניט פאַר אַסימילאַציע. די אַלטע רוימער זיינען געבליבען אין זייער לאַנד, האָבען פאַרמאָגט אַ וואונדער־באַרע נאַציאָנאַלע קולטור, און זיינען אונטערגעגאַנגען. אַזוי אויך אַ סך אַנ־דערע פעלקער. טאָ ווי קען מען זאָגען, אַז בנוגע ארץ ישראל איז „זיכער פאַלש" צו באַהויפּטען, אַז נאָר דאָס איז עכט אידיש, וואָס איז רעגולירט דורך׳ן רעליגיעזען געזעץ? אדרבה, דוקא אין ארץ ישראל האָט זיך דאָס געוויזען „זיכער אמת" — ווייל ארץ ישראל איז שוין צוויי מאָל חרוב גע־וואָרען, זייענדיג רעגולירט ניט דורכ׳ן רעליגיעזען געזעץ!

דער טיפ איד, וואָס איז רעפּרעזענטירט דורך די קיבוצים פון „הפועל המזרחי" און „פועלי אגודת ישראל" איז ניט קיין נייער. דאָס איז דוקא דער עלטסטער טיפּ אידען פון „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך". אויב ער מאַכט וועלכע קאָנצעסיעס אין דער ריכטונג פון אָנערקענען אַלס „עכט־אידיש" אויך דאָס, וואָס איז ניט רעגולירט דורכ׳ן רעליגעזען געזעץ — דאַן פאַרלירט ער תיכף דעם באָדען אונטער זיינע פיס. מיר זעהען אין איהם ניט קיין פאַרלויפער פון דער סינטעזע צווישען „תלמיד חכם" און „חלוץ"; ער איז פשוט, אָדער דער „תלמיד חכם" ביי דער אַרבייט אָדער דער „חלוץ"ביים לערנען און ביי דער אַ ל ט ע ר אידישקייט. דוקא אָ ה ן קאָנצעסיעס!

היסטאָריש אומפּינקטליך איז אויך, ווען דר. סימאָן זעהט נאָך דער „עמאַנציפּאַציע" דעם „תלמיד חכם" סעקולאַריזירט און ערזעצט דורך אַ „פּריוואַט־דאָצענט" אין דער אוניווערזיטעט. אַלס באַווייז גיט ער דעם הויכען נדן, וואָס ער פלעגט באַקומען אויפ׳ן „חתונה־מאַרק" (ווי אַמאָל דער ישיבה־מאַן!). מען דאַרף דאָ, דוכט זיך, ניט פיל צייט פאַרלירען, כדי פעסט־צושטעלען, אַז די „מאַכט" פון תלמיד־חכם איז גאַרניט געבראָכען געוואָרען דורך דער קאָנקורענץ פון „פּריוואַט־דאָצענט"; דאָרט, וואו עס איז פאַר־בליבען די אידישקייט, איז פאַרבליבען דער תלמיד־חכם. אויב דער פּריוואַט־דאָצענט האָט באַקומען אַ גרויסען נדן — דאַן איז דאָס געווען זיין פּריוואַט „גליק". (הגם מען וואָלט אפשר געקאָנט גאָר באַצווייפלען די הויכקייט פון די נדנים און ווער ווייסט וויפיל פּריוואַט־דאָצענטען האָבען נעביך חתונה גע־האַט אָהן נדנים בכלל!).

אויב מיר באַטראַכטען היסטאָריש דעם גאַנצען פּראָבלעם פון אַ נייעם טיפּ ארץ ישראל איד, וועלכער איז געשאַפען געוואָרען לעצטענס אָדער דאַרף ערשט אַנטשטיין אין דער נאָהענטער צוקונפט, דאַן מוזען מיר קומען צו דער מסקנא, אַז דער טיפּ מוז זיין אַ המשך פון יענעם איד, וואָס איז איבערגע־שטאַנען די לעצטע צוויי טויזענט יאָהר. אויב עס ווערט איבערגעריסען די קייט פון דורות, דאַן פאַלט דער יסוד, און אָהן א יסוד שטעהט דאָך אַ געביידע פשוט אין דער לופטען.

מיר גלויבען אין געזונטען חוש פון אידישען פאָלק, אַז עס וועט ניט עקספּערימענטירען מיט זיין צוקונפט. און דאַריבער וועט דער נייער ארץ ישראל איד האָפענטליך ניט זיין קיין פּראָדוקט פון אַ „געמישטער חתונה" צווישען „תלמיד חכם" און „חלוץ" מיט „ביידערזייטיגע קאָנצעסיעס", נאָר — טאָקע דער אַלטער „תלמיד חכם" אַליין וואָס באַאַרבייט דעם אַלטען און איצט פאַריונגטען הייליגען באָדען פון ארץ ישראל.

דאָס הייסט ניט קיין קאַפּיטולאַציע פון „חלוץ", נאָר דוקא זיין זיג — דורך דעם, וואָס ער וועט צוריק געפינען זיין וועג צום מקור, צו אמת'דיגער אידישקייט.

אין דעם זין וועט ע ר ווערען דער „תלמיד חכם".

(„מאָרגען זשורנאַל", א' אב, תש"ח — 6 אויגוסט, 1948)

# די דרייפאַכע קדושה*)

מיר לעבען אין אַ תקופה, ווען נייע וועלטען ווערען געבוירען. במשך די לעצטע דרייסיג יאָהר זיינען מיר געווען עדות פון צוויי מורא'דיגע מלחמות. בשעת וועלכע וועלטען זיינען דערשיטערט געוואָרען און אונטערגעגאַנגען. אַלטע מדינות זיינען פאַרשוואונדען און נעלם געוואָרען, נייע לענדער זיינען אויפגעקומען און אָנגעהויבען צו שטעלען זייערע טריט אויף דער בימה פון דער געשיכטע. פעלקער האָבען זיך געראַנגעלט מיט פעלקער. און דער כאַראַקטער פון פילע פון זיי האָט זיך פאַרענדערט. עס זיינען פלוצים נתגלה געוואָרען אינערליכע כחות, וואָס האָבען משפיע געווען אויף דער פעלקער־אַנטוויקלונג. אָרגאַניזאַציעס זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען. אויפבוי און אונטערגאַנג האָבען זיך אויסגעמישט.

אין דער דאָזיגער פיל־פאַרביגער תקופה, אויב מיר ווילען אָפּשאַצען יעדע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג, דאַן האָבען מיר נאָר איין מאָס,כדי ארויס־צוטראָגען דעם משפט: דאָס איז די מאָס פון דער געשיכטע. „זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור" (דברים ל"ב, ז') — אויב איהר ווילט פאַרשטעהן דעם מהות פון יעדען דור, דאַן געדענקט די געשיכטע! דערמאָנענדיג די פאַרגאַנ־גענהייט, לערנען מיר גלייכצייטיג ווי אָפּצושאַצען אונזער אייגענע תקופה, ווייל דאמאָלס ווייסען מיר, וואָס איז באמת פאַרפעסטיגט אינ'ם טיפסטען כאַראַקטער פון אונזער פאָלק און וואָס איז נאָר אַן אויסערליכער לבוש, וואָס איז איבערהויפט קיין בר־קיימא נישט.

איך קלער טיילמאָל: זיינען די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס היינט־צו־טאָג האָבען מיר זיי פאַר אונזערע אויגען, באַגרינדעט אין דער געשיכטע

*) רעפעראַט ביי דער לאַנדעס־קאָנפערענץ פון „פועלי אגודת ישראל" אין אַמע־ריקע, שבת פ' עקב, כ"ב מנחם־אב תש"ח, אין ברעדלי ביטש.

פון אונזער פאָלק און זיינען זיי פעהיג אויפצודריקען זייער סטעמפּעל אויף דער צוקונפט פון ישראל, אָדער זיינען זיי ווי דער קיקיון פון יונה הנביא, וואָס איז געווען און איז פארשוואונדען צווישען א טאָג און אַ נאַכט? אָט די פראַגע וועקט זיך אויף אויך בנוגע „פועלי אגודת ישראל", וואָס אין דער לעצטער צייט האָבען מיר ביי זיי געזעהען שטאַרקע לעבענס־צייכען.

דעם ענטפער קען מען געפינען אין דער געשיכטע.

* * *

במשך טויזענטער יאָהר זיינען געווען דריי פאַקטאָרען, וואָס האָבען צו־זאמען אויסגעפורעמט די אייגענאַרטיגע צורה פון אידישען פאָלק: די תורה (אָדער די רעליגיע), די אַרבייט, און דאָס לאַנד.

די תורה איז דער גייסט פון אידישען פאָלק. דאָס איז זיין נשמה, דאָס איז די לופט, וואָס אָהן איהר קען ישראל נישט לעבען. דאָס לאַנד — דאָס איז דער קערפּער, די מאַטעריע. די אַרבייט — דאָס איז דער פאַרמיטלער צווישען דעם קערפּער און צווישען דער נשמה. דורך דער אַרבייט פאַרבינדט זיך דער קערפּער מיט דער נשמה.

עס טרעפט זיך אַמאָל, אַז די תורה און ארץ־ישראל און די אַרבייט זיינען פונאַנדערגעשיידט. דאַמאָלס מאַכט דאָס אידישע פאָלק דורך אַ תקופה פון קריזיס. און אונזער געשיכטע זיינען געווען א סך אַזעלכע תקופות. עס זיינען געווען אויסערליכע און אינערליכע כחות, וואָס האָבען זיך פאַרמאָסטען צו מאַכען אַ פּירוד צווישען דער תורה און דעם לאַנד און דער אַרבייט. דאָס איז דער קטרוג אויף דער גאַנצקייט פון פאָלק, וואָס מיר האָבען איהם אַזויפיל מאָל געזעהען. וואָס זיינען די קאָנסעקווענצען פון אַזאַ פּירוד? — די קאָנסעקווענצען זיינען, אַז די תורה קלאָגט אויפ'ן פאַרלוסט פון לאַנד, דאָס לאַנד איז וויסט אָהן דעם גייסט, און די אַרבייט איז פאַרלאָזען אָהן זייביידען. אַלע דריי פאַקטאָרען געפינען זיך דאַן אין דער וועלט, אָבער עס איז ווי — זייער קדושה וואָלט אַוועקגענומען געוואָרען.

* * *

די תורה איז אַ געטליכע. גאָט האָט געגעבען די תורה און זי איז אייביג. און אַזוי ווי ער, כביכול, איז העכער פון יעדער פאָרם, אַזוי איז די תורה נישט אָפּהענגיג אין ווען עס איז. אָבער דאָס אידישע פאָלק, ווען עס טראָגט אויף זיינע אַקסלען די תורה, דאַן הייליגט עס זי. „קדושים תהיו כי קדוש אני ד' אלקיכם" מיינט אז „אייער הייליגקייט איז געבונדען מיט מיין קדושה" און „מיין קדושה, כביכול, איז געבונדען מיט אייער הייליגקייט".

די אַרבייט איז ביי אונז הייליג. דאָס איז נישט דיזעלבע וואָכעדיגע אַרבייט, וואָס קענען די פעלקער פון דער וועלט. דאָס איז נישט, צום ביישפּיל, דיזעלבע אַרבייט, וואָס האָט געקענט אַריסטאָטעלעס, וואָס שרייבט אין איי־

נעם פון זיינע ווערק: „קיין שום ערד־אַרבייטער און קיין שום בעל־מלאכה קען נישט זיין קיין כהן". ביי אונז איז, אדרבה, די אַרבייט געהייליגט געוואָרען און זי ברענגט נאָר כבוד. ווי גרויס איז די מלאכה אויב אַזעלכע גייסטיגע ריזען ווי ר' יצחק נפחא און ר' יוחנן הסנדלר האָבען באַלויכטען אונזער האַנ־ריזאַנט מיט זייער תורה און גלייכצייטיג געקענט זיך מפרנס זיין פון דער האַנד־אַרבייט זייערער! און רבן גמליאל, דער זוהן פון ר' יהודה הנשיא, האָט דערפירט די שיטה ביז צו דער לעצטער קאָנסעקווענץ אויפשטעלענדיג דעם כלל, אַז „כל תורה שאין עמה מלאכה סופה בטלה וגוררת עון". תורה מיט אַרבייט — וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע סינטעזע איז דאָס! און אַרבייט מיט תורה — דאָס איז אַ הייליגע אַרבייט!

אויך ארץ־ישראל איז הייליג. ווען מען בויט זי מיט הייליגקייט, דורך אַרבייטער מיט הייליגקייט, לויט אונזער הייליגער תורה — דאַן איז דאָס ארץ ישראל! אָבער אויב עס איז אין איהר ניטאָ קיין הייליגע אַרבייט, דאַן איז זי בלויז „ארץ" אַ פשוט וואָכעדיג לאַנד. די הייליגקייט פון לאַנד איז געבונדען מיט זיין פאַראייניגונג מיט דער תורה און מיט דער תורה'דיגער אַרבייט. די געשיכטע זאָגט עדות, אַז, ארץ ישראל שטרעבט שוין צוויי־טויזענט יאָהר צו הייליגקייט. דאָס פשוטע לאַנד פון דן ביז באר שבע שרייט צו די אַרבייטער מיט הייליג־קייט, אַז זיי זאָלען פון איהם ווידער מאַכען אַן ארץ ישראל, ווייל אַנדערש קען עס קיין קיום נישט האָבען.

* * *

דאַרף מען ברענגען באַווייזען, שלאָגעדיגע באַווייזען, אויף די דאָזיגע דריי קדושות: די הייליגקייט פון דער תורה, פון דער אַרבייט און פון לאַנד — וואָס ווילען זיך אין גאַנצען פאַראייניגען בשעת דאָס אידישע פאָלק עקזיס־טירט? די ביכער פון דער געשיכטע זיינען אָפען פאַר יעדען. לאָמיר דאַרי־בער איצט אַרויסרופען דריי גלויבווירדיגע עדות.

ווען עס האָט זיך צעפלאַקערט פאַר העכער 600 יאָהר דאָס גרויסע מחלוקת צווישען די אָנהענגער פון רמב"ם און די געגנער פון פילאָזאָפיע, איז אין לונעל, אין דרום־פראַנקרייך, אַרויס ר' אבא מרי משה ב"ר יוסף הירחי (גערופען דאָן אסטרוק) און זיך געווענדעט צום רשב"א מיט דער פאָדערונג, אַז ער זאָל זאָגען אַ שטאַרק וואָרט געגען די אָנהענגער פון פילאָ־זאָפיע. דאָן אסטרוק, וואָס איז געווען אַ „חרד לדבר ד'" און וואָס האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז די פעסטונג פון דת זאָל נישט איינפאַלען אין יע־נער צייט, האָט זיך דורכגעשריבען מיט די גדולים פון זיין תקופה, דעם רשב"א און רא"ש און דאַן פרובירט צו באַשטימען די שיטה פון דער אָרטאָדאָקסיע פון יענעם דור. ער האָט קודם־כל (אין ספר „מנחת קנאות") אָנגערופען די דריי עיקרים, וואָס זיינען, ווי ער רופט עס, די „אבות השרשים": 1) די ידיעת

השם יתברך, 2) די אמונה אין דער באַנייאונג פון דער וועלט, און 3) די אמונה אין דער השגחה. אָבער נאָך איידער ער איז געקומען צו אָט דער איבערצייגונג, האָט ער געשריבען אָט וואָס:

„ווייל מיר זיינען דערווייטערט פון הייליגען לאַנד, האָבען זיך פאַר אונז פאַרשטאָפּט די קוואַלען פון חכמה און מיר קענען נישט אַרויסציהען די באַהאַלטענע חכמות פון דער תורה צום קלאָרען ליכט, ביז עס וועט קומען צו אונז דער מורה צדק, און דאָס וועט זיין אין משיח׳ס צייטען, וואָס אויף דעם זאָגט עדות דער פסוק „ונחה עליו רוח ד׳״ און די חז״ל האָבען געזאָגט: „ורוח אלקים מרחפת על פני המים״ — דאָס איז דער גייסט פון משיח׳ן, וואָס אין זיינע טעג וועט געבויט ווערען דאָס בית המקדש און פון איהם וועט אַרויסגיין תורה און ליכטיגקייט צו דער גאַנצער וועלט: דאַריבער זיינען די פענסטער פון בית המקדש געווען פון איין זייט ברייט און פון דער אַנדערער זייט שמאָל, ווי די גמרא זאָגט (מנחות פ״ו ע״ב): פון דרויסען ברייט און פון אינעווייניג שמאָל *), וואָס איז אַ רמז, אַז פון איהם געהט אַרויס די תורה אָבער ער דאַרף צו גאָר נישט אָנקומען״.

אָט די ווערטער: „ווייל מיר זיינען דערווייטערט פון הייליגען לאַנד האָבען זיך פאַר אונז פאַרשטאָפּט די קוואַלען פון חכמה״ זאָגען גאָר אַ סך. זיי ווייזען אונז, אַז כל־זמן די תורה איז פונאַנדערגעשיידט פון ארץ־ישראל איז נישטאָ קיין גאַנצקייט פאַר דער תורה. אַזוי ווי מען קען נישט מקיים זיין די „מצוות התלויות בארץ״ אויסערהאַלב פון ארץ־ישראל, אַזוי איז אויך די הייליגקייט פון דער תורה אָנגעוויזען אויף ארץ־ישראל. כדי צו קענען „אַרויסציהען די באַהאַלטענע חכמות פון דער תורה צום קלאָרען ליכט״ — מוז מען זיך דערנעהנטערען צום הייליגען לאַנד.

* * *

וועגען דער שטאַרקער פאַרבינדונג צווישען ארץ־ישראל און דער אַרבייט, וואָס שפּייזט דאָס פאָלק, רעדט אַן אַנדערער מנהיג פון יענעם דור, דער רבי פון רא״ש, ר׳ מאיר ב״ר ברוך, באַקאַנט אַלס מהר״ם מראטענבורג, וואָס זיין גורל דערמאַנט אַזוי שטאַרק דעם גורל פון די גדולים פון אונזער צייט, וואָס זיינען אומגעקומען על קידוש השם. אויך דער מהר״ם פון ראָטענבורג איז, ווי באַוואוסט, געשטאָרבען אין דער תפיסה און זיין הייליגער גוף איז אַ לאַנגע צייט נישט געקומען לקבר ישראל. ווען ער איז אַמאָל געוואָרען אָנגעפרעגט וועגען מהות פון ישוב ארץ־ישראל, האָט ער געענטפערט אַזוי:

---

*) דער מהר״ם מראטענבורג האָט די גירסא „שקופים מבחוץ אטומים מבפנים״. רש״י האָט אַ פאַרקערטע גירסא, און ער ערקלערט עס, אַז די שמאָלע זייט פון אינעווייניג — משקוף — סימבאַליזירט, אַז דאָס ליכט געהט אַרויס פון דאָרט אין דער ברייטער וועלט. זעה וועגען דעם מהרש״א חידושי אגדות אויפ׳ן אָרט.

„וועגן דעם וואָס איהר האָט מיך געפרעגט, וואָס איז דער עיקר פון דער מצוה פון איינעם וואָס געהט קיין ארץ־ישראל — איך ווייס נאָר דאָס, וואָס שטעהט אין סוף מסכת כתובות (ק״י ע״ב), און אויב מען איז איהם מוחל אַלע זינד, ווערט דאָס דאָרט (קי״ב ע״ב) אַזוי ערקערלט: אָבער ער מוז זיין אָפּ־געזונדערט פון איצט אָן און זיך אויסהיטען פון אַלע מינים זינד און זאָל מקיים זיין אַלע מצות התלויות בארץ, ווייל אויב ער וועט זינדיגען דאָרט אין ארץ ישראל, וועט ער שטרענגער באַשטראָפט ווערען ווי פאַר אַלע זינד, וואָס ער באַגייט אין חוצה לארץ ווארום גאָט זוכט די (ארץ ישראל) תמיד, ער קוקט אויף איהר און זיין השגחה איז תמיד ביי איהר. עס איז דאָך נישט צו פאַרגלייכען, ווען איינער איז ווידערשפעניג געגען מלך אין זיין פּאַלאַץ צו איינעם, וואָס איז ווידערשפעניג פון דערווייטענס, מחוץ דעם פּאַלאַץ. דאָס מיינט דער אויס־דרוק: „עס איז אַ לאַנד, וואָס עסט אויף זיינע איינוואוינער״ (ארץ אוכלת יושביה), און עס שטעהט אויך: „דאָס לאַנד זאָל אייך נישט אויסשפייען בשעת איהר וועט עס מטמא זיין, ווי עס האָט אויסגעשפיגען דאָס פאָלק, וואָס איז געוועז פאַר אייך״ (ויקרא י״ח כ״ח), ווייל עס שפּייט אויס די בעלי עבירה, און דאַריבער איז ארץ־ישראל היינט־צו־טאָג אַ וויסטעניש און זי האָט נישט קיין אַרומגעמויערטע שטעדט ווי אַנדערע מדינות. אויף די יעניגע, וואָס געהען קיין ארץ־ישראל און ווילען, אין זייער איבעראייליגקייט זיך נוהג זיין מיט קלות־ראש און זיך דאָרט אַרומקריגען, רופט איך אויס: „איר זייט געקומען און מטמא געוועזן מיין לאַנד!״ (ותבואו ותטמאו את ארצי — ירמי׳ ב, ז׳) אָבער ווער עס געהט לשם שמים און איז זיך נוהג ביי איהר מיט קדושה און טהרה, דאַן איז נישטאָ קיין גרעניץ פאַר זיין באַלוינונג, אָבער נאָר אַז ער זאָל זיך קענען דאָרט מפרנס זיין *).

**די דאָזיגע ווערטער דאַרף מען היינט געדענקען. מיר זעהען אַז דער מהר״ם פון ראָטענבורג, וואָס באַטאָנט אַזוי שטאַרק די גרויסע פאַראַנטוואָר־טונג פאַר די עבירות אין ארץ־ישראל, באַציהט זיך פּאָזיטיוו צום ישוב, וואָס ווערט געבויט אויפ׳ן יסוד פון קדושת־הארץ בשעת זי געהט האַנד־אין־האַנד מיט דער הייליגקייט פון דער אַרבייט („אָבער נאָר אז ער זאָל זיך קענען דאָרט מפרנס זיין״ מיינט זיכער: פון דער אַרבייט פון מענשען, וואָס זיינען געטריי הי״ת און זיין תורה). דאָס הייליגע לאַנד איז דער פּאַלאַץ פון קעניג, עס**

---

*) אויסגאַבע בערלין, סימן י״ד (זייט 5). זעה אויך דאָרט, זייט 154, וואו דער מהר״ם זאָגט, אַז אַ פאָטער קען נישט אויפהאַלטען זיין זוהן פון עולה זיין קיין ארץ־ישראל (דקיי״ל מצוה לעלות וכתי׳ אני ד׳ דבכל דבר מצוה לא ישמע לו דכבוד המקום קודם). ווייזט אויס, אַז אין יענער צייט זיינען פאָרגעקומען קאָנפליקטען צווישען עלטערען און קינדער וועגן עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

פאָדערט זיך אַ גרויסע פאַרזיכט בשעת מען אַרבייט דאָרט. און די תורה באַ־לייכט די אויגען פון ארבייטער אין קעניגליכען פּאַלאַץ, אַז ער זאָל נישט נכשל ווערען.

* * *

קען מען זיך פאַרשטעלען, אַז ארץ־ישראל וועט אויפגעבויט ווערען פון איהר צעשטערונג אָהן דער תורה און אָהן דעם תורה׳דיגען אַרבייטער?

אויף דער שאַלה ענטפערט איינער פון אונזערע גרעסטע חכמים, דער רמב״ן, וואָס איז גלייכצייטיג געווען איינער פון די גרעסטע ליבהאָבער פון ארץ־ישראל און וואָס האָט אריינגענומען דעם ישוב ארץ־ישראל צווישען זיין אויפציילונג פון די תרי״ג מצות. אין פּרשת בחוקותי, אין דער תוכחה, לייענען מיר אָט וואָס: „איך וועל פאַרוויסטען דאָס לאַנד און עס וועלען אין איהם פאַר־וויסט ווערען אייערע שונאים, וואָס וואוינען דאָרט״ („והשמותי אני את הארץ ושממו עליה אויביכם היושבים בה״ — ויקרא כ״ו, ל״ב). זאָגט אויף דעם דער רמב״ן אין זיין פירוש:

„דאָס, וואָס עס שטעהט דאָ, אַז די שונאים וועלען אין לאַנד פאַרוויסט ווערען (ושממו עליה אויביכם), איז אַ גוטע בשורה, וואָס זאָגט אָן אַלע גליות, אַז אונזער לאַנד נעמט נישט אויף אונזערע שונאים. אַ שטאַרקער באַווייז אויף דעם און אַ הבטחה פאַר אונז איז, וואָס מען געפינט נישט בשעת׳ן גאַנצען ישוב פון לאַנד. וועלכעס איז אַזוי גוט און ברייט און איז תמיד געווען באַוואוינט, אַז עס איז אַזוי פאַרוויסט, ווייל זינט מיר זיינען פון איהר אַוועק האָט עס נישט אויפגענומען קיין שום אומה ולשון, אַלע באַמיהען זיך צו באוואוינען דאָס לאַנד און קיינער קען נישט...״

עס איז דאָך באמת אַ וואונדער: כמעט צוויי טויזענט יאָהר געפינט זיך שוין ארץ ישראל אונטער פאַרשיידענע ממשלות. אָט, למשל, די עגיפּטער, וואָס זיינען איצט אַרויס אין מלחמה, כדי צו פאַרנעמען דאָס לאַנד, זיינען במשך אַ לאַנגע צייט געווען די באַהערשער פון לאַנד, און זיי האָבען געוועלטיגט אין ארץ ישראל. די טערקישע קאַליפען האָבען אין די צייטען פון סעלים דעם ערשטען, מעהר ווי מיט 400 יאָהר צוריק, פאַרנומען ארץ ישראל. במשך די לעצטע דרייסיג יאָהר איז דאָס הייליגע לאַנד געווען אונטער ענגלישער הערשאַפט. קיין איינציגער איד האָט זיך נישט פאַרמאָסטען צו באַהערשען ארץ־ישראל. די אַראַבישע פעלקער האָבען מיט ארץ ישראל און אין ארץ ישראל געקענט טאָן וואָס זיי האָט נאָר געגלוסט. טאָ פרעגען מיר זיי: פאַר־וואָס האָט איהר נישט אויפגעבויט דאָס לאַנד? פאַרוואָס האָט איהר זי איבערגע־לאָזט אַ חורבה? פאַרוואָס האָט איהר דאַן נישט געוויזען, אַז דאָס לאַנד געהערט צו אייך? ווער האָט אייך געשטערט עס אויפצובויען?

עס קען נישט זיין אַנדערש, נאָר ווי דער רמב"ן זאָגט, אַז „ארץ ישראל האָט נישט אויפגענומען קיין שום אומה ולשון" און אַז „אַלע באַמיהען זיך צו באַוואוינען דאָס לאַנד אָבער קיינער קען נישט"!

* * *

ארץ ישראל מוז זיין אַ ה י י ל י ג לאַנד, וואָס איז געריייניגט מיט הייליגער אַרבייט און מיט הייליגע אַרבייטער.

ווער עס וויל אויפבויען ארץ ישראל אויף אַ נישט־הייליגען יסוד — דער וועט זיך אַנטוישען. עס איז דאָ אַ בונד צווישען דער הייליגקייט פון לאַנד און דער הייליגקייט פון דער תורה, אַז זיי זאָלען זיך פאַראייניגען דורך דער הייליגקייט פון דער אַרבייט.

פאַר אונזערע אויגען האָט ארץ ישראל געעפענט איהרע טויערען און זי רופט צום גאַנצען פאָלק: קומט, אַרבייטער פון הייליגקייט, און בויט אויף די אַלטע חורבות!

און פאַר אונזערע אויגען האָבען די אַרבייטער פון הייליגקייט גע־ענטפערט: מיר זיינען געקומען, כדי אַרומצוכאַפּען דיינע שטיינער און כדי צו פאַרפעסטיגען דיין שטויב, הייליג לאַנד!

אַזוי האָבען זיך אין „פועלי אגודת ישראל" פאַראייניגט אַלע דריי קדושות: די הייליגקייט פון דער תורה, די הייליגקייט פון לאַנד און די הייי־ליגקייט פון דער אַרבייט.

און די געשיכטע זאָגט אונז: ווער עס פאַראייניגט אין זיך אָט די דריי קדושות, דער האָט אַ זכות־הקיום און עס ערוואַרט איהם אַ הערליכע צוקונפט.

---

# „און דאָס בלוט וועט אייך זיין אַ צייכען אויף די הייזער!"...

### (צו פסח תש"ט)

פסח דערמאָנט אונז כסדר אין בלוט.

די אידישע הייזער אין מצרים זיינען געווען באַשפריצט מיט בלוט. מיט אומשולדיג אידיש בלוט. מיט בלוט פון אידישע מענער, פרויען און קינדער. פּרעה און די אַנדערע מצרי'שע וואַמפּירען האָבען זשעדנע געטרונקען דאָס אי־דישע בלוט. זיי האָבען זיך געבאָדען אין אידישען בלוט.

ביז געקומען איז די צייט, ווען גאָט האָט זיך דערבאַרימט איבער זיין פאָלק. די מאַכט פון פרעה׳ן איז צעשמעטערט געוואָרען. עס האָט זיך דער־נענטערט פאַר אידען די צייט פון גאולה. דער גלאָק פון דער געשיכטע האָט גענומען וועקען די רעשטלעך פון די פאַרפייניגטע אידען אין מצרים: אַהיים! אַרויס פון מצרים! אַהיים!

דאַן איז דאָס בלוט געוועז פאַר אידען אַ שמירה: וואו מען האָט דער־קענט דאָס בלוט — דאָרט איז מעהר די פאַרניכטונג נישט געקומען.

„והיה הדם לכם לאות על הבתים אשר אתם שם, וראיתי את הדם ופסחתי עליכם, ולא יהיה בכם נגף למשחית בהכותי בארץ מצרים". (שמות י״ב, י״ג)

דערפון שטאַמט דאָס וואָרט: פסח. דאָס איז דער מיין פון אונזער גאולה יום־טוב.

* * *

אויך היינט, נאָך טויזענטער יאָהרען, איז נישטאָ ביי אידען קיין הויז, וואָס זאָל נישט זיין באַשפריצט מיט בלוט.

אַ פאַרשאָלטענע אומה אין אייראָפּע האָט אַרויסגעגעבען אַ נייעם וואַמ־פיר, וואָס איז געוועזן דורשטיג נאָך אידיש בלוט. האָט ער מיט אַ באַנדע מיט־העלפער דערמאָרדעט זעקס מיליאָן אידען. ווי אַמאָל פרעה, אַזוי האָט זיך אין אונזערע טעג געבאָדען היטלער מיט זיינע פאַכאַלקעס אין אידישען בלוט.

ביז דאָס ראָד פון דער געשיכטע האָט זיך ווידער איבערגעדרעהט. די נידערטרעכטיגע מאַכט איז זיך צעפאַלען אין שטויב. און עס הערט זיך פאַר אידען, ווי אַמאָל, אַ קול: אַהיים! אַהיים!

אָבער וועט דאָס בלוט ווידער זיין אַ שמירה פאַר אידען אין דער צייט פון גאולה־געראַנגעל? ווי קען היינט מקויים ווערען דער אַלטער פסח־אָנזאָג: „והיה הדם לכם לאות על הבתים אשר אתם שם"?

קומט און הערט.

* * *

אַן אַלטער מדרש דערצעהלט:

ווען משה רבינו איז געקומען צו די אידען און זיי איבערגעגעבען, אַז גאָט האָט איהם געזאָגט: „היום אתם יוצאים בחודש האביב", האָבען זיי גע־פרעגט: „היכן הוא?", „וואו איז ער?"

האָט משה געענטפערט „הרי עומד!", אָט שטעהט ער פאַר אייך!"

און ער האָט צוגעגעבען: „קול דודי הנה זה בא, מדלג על ההרים..."

האָט רבי יהודה אויפגעקלערט, וואָס מיינט „מדלג על ההרים". ווייל גאָט האָט געזאָגט: אויב איך וועל זיך פאַרקוקען אויף די מעשים פון די אידען,

וועלען זיי קיינמאָל נישט ווערען אויסגעלייזט. טאָ אויף וואָס זאָל איך קוקען? — „לאבותיהם הקדושים!“, אויף זייערע אבות, די קדושים, ווי עס שטעהט: „וגם אני שמעתי את נאקת בני ישראל“, „בזכות אבותם אני גואלם“, „אין זכות פון זייערע אבות וועל איך זיי אויסלייזען“...

און רבי יהודה האָט פאַרענדיגט זיין דרש מיט די ווערטער: „לכך כתיב מדלג על ההרים, ואין הרים אלא אבות, שנאמר (מיכה ו') שמעו הרים את ריב ה'“. די געטליכע שטימע, וואָס רופט די אידען צו דער גאולה, שטעלט זיך אָפּ אויף די „בערג“, וואָס דאָס מיינט די אבות, די קדושים...

* * *

ניין, נישטאָ קיין אַנדערע שמירה פאַר'ן אידישען פאָלק, ווי דאָס בלוט פון די קדושים.

אויך אין אונזער דור מוזען מיר זאָגען, אַז אויב הקדוש־ברוך־הוא וואָלט געקוקט אויף „מעשיהם של ישראל“, דאַן „אינן נגאלים לעולם“. נאָר „בזכות אברהם אני גואלם“.

דאָס אומשולדיג פאַרגאָסענע בלוט פון זעקס מיליאָן קדושים אין אונזער דור שרייט צום הימעל נאָך נקמה, נאָך אַ תיקון. פאַרוואָס האָבען זיי אַוועקגעגעבען זייערע לעבענס? פאַרוואָס איז זיי דאָס געקומען?

האָט גאָט אין זיין חסד געלאָזט אויפשיינען אַ זון אויפ'ן אידישען האָריזאָנט. אַ פריהלינגס־ווינטעל האָט זיך צערוועהט איבער די פעלדער פון ציון. מידע וואַנדערער פון אַלע עקען וועלט האָבען אַנגעקלאַפּט אין דער אַלטער היים. און נייע הייזער, נייע געצעלטען, ווערען געבויט פאַר די קינדער פון יענע מיליאָנען קדושים, וואָס זיינען אַוועקגעפאַלען פאַר אונזערע אויגען.

זאָגט מען אָן דעם פאָלק, וואָס בויט די הייזער: „והיה הדם לכם לאות על הבתים אשר אתם שם“, פאַרגעסט נישט אויף אַ רגע אינ'ם בלוט פון די קדושים, בויט אין זייער גייסט די נייע היים!

אויב די הייזער אין ציון וועלען אונז כסדר דערמאָנען אין די געפאַלענע מאַרטירער פון ישראל, דאַן וועלען זיי שטעהן אויף אַ שטאַרקען פונדאַמענט. דאָס איז די שמירה פון בלוט, וואָס שרעקט נישט צוריק פאַר קיין משחית.

אָט אַזוי קען ווידער מקוים ווערען דער אָנזאָג פון דער תורה וועגען בלוט, וואָס זאָל זיין אַ צייכען אויף די הייזער...

* * *

נישטאָ קיין מצבות פאַר אונזערע קדושים. די ווילדע בעסטיע, וואָס האָט פאַרשלונגען אַ דריטעל פון עם ישראל, האָט נישט איבערגעלאָזט דעם מינדעסטען זכר נאָך די קרבנות. אין די גאַז־קאַמערען פון אוישוויץ, טרעבלינקע אָדער בעלזעץ, איז אַלץ פאַרשוואונדען, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צום ערדישען חלק פון די דערמאָרדעטע אידען.

אָבער דאָס אידישע פאָלק קען זיי אויפשטעלען אַ מצבה אין דער נייער היים.

זאָלען די נייע ישובים אַנגערופען ווערען אויף די נעמען פון די קדושים. זאָלען די גאַסען פון ירושלים און תל־אביב און חיפה און אַלע אַנדערע שטעט אין ישראל זיין די מצבות נאָך די אַוועקגעריסענע זיהן און טעכטער פון אונזער פאָלק. אויב נישט נאָך אַלע יחידים, דאַן על־כל־פנים נאָך אַלע אידישע שטעדט און שטעדטלעך אין דער גולה, וואו ערשט נישט לאַנג צוריק האָט געבליהט אידיש לעבען, וואו אידישע קינדערלעך האָבען געלערענט תורה, וואו מען האָט געזונגען אידישע לידער.

דאָרט, אין דער גולה, הערשט היינט אַ בית־החיים־שטילקייט און עס דערמאָהנט גאָר נישט אין דער פאַרגאַנגענער רייכקייט. אפשר זשומעט דאָרט בלויז אַמאָל דער ווינט לויט אַן אַלטען אידישען ניגון אָדער אפשר וויינט אַמאָל אַ פאַרלאָרען קינד פון פאַרשוואונדענע אידישע עלטערען ביי די ברעגעס פון דניעסטער, אָדער אין די קאַרפּאַטען־בערג, מעהר איז זיכער נישטאָ.

טאָ זאָל אונז אין דעם דערמאָנען כאָטש אַ גאַס אין ירושלים, כאָטש אַ נקודה אין נגב.

„והיה הדם לכם לאות על הבתים״, זאָל דאָס פאַרגאָסענע בלוט זיין אַן „אות״, אַ נאָמען, פאַר דעם נייעם בנין, וואָס ווערט אויפגעשטעלט.

„שמא גרים״, דער נאָמען וועט גורם זיין, אַז אויך דער גייסט פון די קדושים וועט זיך אַריבערטראָגען, די צוגעבונדענקייט צו דער תורה און די מסירת־נפש פאַר אידישקייט, וואָס האָט דערהאַלטען ישראל דורך צוויי יאָהר־טויזענטער פון גלות.

(„מאָרגען זשורנאַל״, י״ד ניסן, תש״ט — 13 אַפּריל, 1949)

---

# דער סוד פון דער סוכה

## (צו סוכות תש״י)

**ווען** אידען זיינען אַרויס פון מצרים, זיינען נסים געשעהן יעדען טאָג. מיט נסים האָבען זיי באַזיגט די שונאים: צוערשט האָט דער ים זיך געשפּאָלטען און פרעה איז איינגעזונקען געוואָרען צוזאַמען מיט זיין גאַנצער אַרמיי. דאַן איז אַרויס עמלק אין קאַמף מיט׳ן באַפרייטען ישראל, האָט משה געהויבען זיינע הענט צום הימעל און דער מעכטיגער שונא האָט פאַרשפּילט די מלחמה...

ניט קיין קלענערע נסים האָבען זיך געטראָפען אין טאָג־טעגליכען לעבען. דריי טעג נאָך קריעת ים־סוף האָט פאַרפעהלט וואַסער אין דער מדבר; עס איז געווען נאָר ביטער וואַסער און אַ שרעקליכער דורשט האָט געפייניגט די אידען. האָט משה גענומען אַ שטיק האָלץ און אַריינגעוואָרפען אין ביטערען וואַסער, איז עס תיכף זיס געוואָרען. באַלד איז געקומען אַ הונגער און די אידען האָ־בען אָנגעהויבען מיט בענקשאַפט צו דערמאָנען די מצרי׳שע פלייש־טעפּ. האָט ווידער פּאַסירט אַ נס: עס איז אַראָפּגעפאַלען דער מן פון הימעל, וואָס האָט גע־האַט אין זיך אַלע טעמים. דאַן זיינען אַראָפּגעפלויגען פון הימעל וואונדערבאַ־רע פעטע עופות (דער „שליו״), האָבען אידען שוין געהאַט גענוג פלייש. און ווען עס האָט ווייטער פאַרפעהלט וואַסער, האָט משה געשלאָגען דעם שטיין, איז געוואָרען אַ שפע מיט וואַסער. נסים, נסים, נסים!

נאָר בנוגע צו איין פּרט האָט זיך געפיהרט עפּעס אָהן נסים: ביים וואוינען אין מדבר. אויך דאָ האָט, פאַרשטעהט זיך, געקענט פּאַסירען אַ נס: פּרעכטיגע פּאַלאַצען האָבען דאָך געקענט אַראָפּפאַלען פון הימעל. אין די פּאַלאַ־צען האָבען געקענט זיין גין־גאָלדענע כלים, ווייכע געלעגערס... אָבער דאָס איז ניט געשעהן.

„בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים״ (ויקרא כ״ג מ״ג). אין קליינע געצעלטען, אין די פּרימיטיוועסטע דירה׳לעך זיינען אי־דען דורך די פערציג מדבר־יאָהרען געזעסען. אָהן לוקסוס, אָהן וועלכע עס איז באַקוועמליכקייטען. מען איז זיכער אין דער סוכה געשלאָפען אויף דער נאַ־קעטער ערד, אָדער אין בעסטען פאַל, אויף אַ פּאָר צוזאַמענגעשלאָגענע ברע־טער. אַלץ איז געווען אָרים ביז גאָר.

האָט זיך אַזוי אָרום געשאַפען אַזאַ מין לאַגע: אין מדבר האָט מען די אידען סערווירט די בעסטע שפּייז פון הימעל, דעם גן־עדן׳דיגען מן. מען האָט אויך פאַרמאָגט אַ היבש ביסעל פון ביזת־מצרים, אָבער קיין דירה איז ניט געווען. דער ווינט האָט אַריינגעבלאָזען אין די נעבעכדיגע סוכות און עס איז קאַלט געווען אין די ביינער.

פאַרוואָס עפּעס? צוליב וועלכער סיבה איז אַזוי געשעהען?

* * *

ניט איינער פון די גרויסע אידישע דענקער האָט שוין פּרובירט צו דערגעהן דעם סוד פון דער סוכה, אָדער לאָמיר עס אָנרופען: דעם סוד פון דער „נס׳לאָזיגקייט״ בנוגע דעם אידישען וואוינען אין דער סוכה.

אין דער גמרא (סוכה דף י״א) האָט רבי אליעזר געזאָגט, אַז די סוכה איז געווען פון די „ענני הכבוד״, דאָס הייסט, אַז אויך דאָ איז פאָרגעקומען א נס. אָבער רבי עקיבא האַלט נישט אַזוי, און דער עיקר פאַר אונז איז די פּראַגע:

אויב די סוכה אין מדבר איז טאַקע געווען פון „ענני הכבוד" און ניט קיין סוכה „ממש" — טאָ פאַרוואָס זיצען מיר היינט אין אַ „סוכה ממש"?

„בסוכות תשבו שבעת ימים, כל האזרח בישראל ישבו בסוכות, למען ידעו דורותיכם, כי בסוכות הושבתי את בני ישראל בהוציאי אותם מארץ מצרים" — זאָגט די תורה (אין פרשת אמור). מיר דאַרפען זיצען אין פונקט אַזאַ סוכה ווי די אידען וואָס זיינען געווען אין דער מדבר. אויב זיי זיינען געזעסען אין די „ענני הכבוד", וואָלטען מיר אויך געדאַרפט זיצען אַזוי. און, דוכט זיך, אַז מיר זיצען ניט אין קיין „ענני הכבוד". אונזער סוכה איז זיכער אַ סוכה ממש.

דער רמב״ם זאָגט אין „מורה נבוכים" (חלק שלישי, פרק מ״ג), אַז מיר דאַרפען אַרויסגעהן פון אונזערע הייזער און פאַרברענגען אַ וואָך צייט אין דער סוכה — ווי עס טהוען די פאַר׳צער׳טע מדבר־איינוואוינער — כדי צו געדענקען יענע צייט, ווען אידען זיינען געווען אין דער מדבר און געזעסען אין סוכות; זיי האָבען שפּעטער פאַרלאָזט די סוכות און געפונען אַ ריכטיגע היים צוליב׳ן חסד פון השם יתברך און דעם זכות פון די הייליגע אבות. אַזאַ באַטראַכטונג וועט זיכער פיהרען צו פאַראיידעלען די אייגענע מעשים. אָהן אַ ספק. אָבער אויב אַזוי, זיינען די מדבר־סוכות ניט געווען מעהר ווי „סוכות ממש" און עס פרעגט זיך ווייטער: פאַרוואָס איז אויך דאָ ניט געשעהן קיין נס?

אָריגינעל דערקלערט דעם ענין פון דער סוכה אַן אַנדערער גרויסער אידישער דענקער, דער רשב״ם. אין זיין פירוש אויף תורה (ויקרא, פרשת אמור) האַלט ער אויך, אַז די סוכה אין דער מדבר איז געווען אַ „סוכה ממש". דוקא אין אַ צייט — זאָגט דער רשב״ם — ווען די תבואה ווערט צוזאַמענגענומען פון די פעלדער און עס איז פאַראַן פון כל טוב ביי יעדען איינעם, דאַרף מען אַרויסגעהן פון שטוב, כדי זיך צו דערמאָנען, אַז ס׳איז געווען אַמאָל אַ צייט, ווען עס איז ניט געווען ביי אידען קיין הייזער און קיין נחלות. זאָלען אידען ניט קלערען, אַז „כוחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה". זאָלען זיי דאַנקען גאָט, וואָס ער בענשט זיי מיט כל טוב!

אַ פיינער געדאַנק. נאָר אויב אַזוי, האָבען דאָך די אידען, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, געליטען צוליב אונז, צוליב די שפּעטערדיגע אידישע דורות. כדי מיר זאָלען תמיד וויסען, אַז אַלץ, וואָס מיר האָבען, שטאַמט פון הקדוש ברוך הוא, און ניט אונזער אייגענער כח ברענגט אונז די מאַטעריעלע ערפאָלגען, האָבען די אידען אין דער מדבר געמוזט זיצען פערציג יאָהר לאַנג אין סוכות. כדי אונז צו געבען אַ מוסר־השכל האָבען זיי זיך פערציג יאָהר נאָכאַנאַנד אַזוי געמוטשעט...

דער רשב"ם דערמאָנט נאָך די מעכטיגע ווערטער פון דער תורה אין פרשת עקב, וואו עס שטעהט, אַז אידען װעלען געדענקען דעם װעג, וואָס גאָט האָט זיי געפיהרט דורך פערציג יאָהר, כדי זיי צו פּרואווען. זיי האָבען געגעסען דעם מן און ניט געוואוסט פון קיין שלעכטס. גאָט ברענגט זיי אין אַ וואונדערבאַר לאַנד, וואָס איז געבענשט מיט אַלעם גוטען. דאָרט וועלען זיי בויען הייזער — און פאַרמאָגען רינדער און שאָף, גאָלד און זילבער, קענען זיי נאָך פאַרגעסען אין גאָט און קלערען ביי זיך: כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה. זאָגט מען זיי אָן: „וזכרת את ד' אלקיך, כי הוא הנותן לך כח לעשות חיל"!

אַ געלונגענער, טרעפליכער פאַרגלייך. אָבער דער כאַראַקטער פון די מדבר'שע סוכות ווערט דורך דעם נישט פאַרענדערט. די תורה, אין פרשת עקב, דערמאָנט די סוכה נ י ש ט צווישען די פאַרשידענע פאַסירונגען פון דער מדבר, בשעת זי רופט צו געדענקען דעם וועג („וזכרת את הדרך"). און לויט יענעם המשך פון די געדאַנקען וואָלט נאָך שטאַרקער געווען די באַטאָנונג, אַז אַלץ שטאַמט פון גאָט, ווען מען קען זאָגען:

„אין מדבר זייט איהר, דורך אַ נס, געווען אין פּרעכטיגע פּאַלאַצען, וואָס גאָט האָט אייך געשיקט צוזאַמען מיט'ן מן. איהר האָט זיי נישט געבויט. דאַריבער, ווען איהר וועט קומען אין אייער לאַנד און בויען הייזער, געדענקט גוט, אַז אַלץ שטאַמט פון גאָט, וואָס שיקט אייך זיין ברכה, כדי צו דערהאַלטען דעם בונד, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען איהם און אייערע אבות"...

* * *

אָבער אין תוך גענומען איז עס ריכטיג.

ווארום ווען מיר פאַרטראַכטען זיך איבער דעם מדבר־לעבען פון אידישען פאָלק און איבער דעם ווי די אידען האָבען נאָכ'ן אַרויסגעהן פון דער מדבר געבויט זייער היים אין ארץ ישראל, ווערט קלאָר, אַז די „נס'לאָזיגקייט" פון וואוינען אין דער סוכה איז גאָר אַליין געווען אַ גרויסער נס. יאָ, אַזוי און ניט אַנדערש האָט געדאַרפט זיין.

ווען די פון מן געזעטיגטע אידען וואָלטען אין איין שעהנעם פּריה־מאָרגען דערזעהען פאַר זיך אין מדבר פאַרטיגע הימלישע פּאַלאַצען, וואָלט זיי טאַקע גאָר נישט געפעהלט.

אָבער ווען זיי וואָלטען געקומען שפּעטער קיין ארץ ישראל און געמוזט האַקען בערג מיט שטיינער, גראָבען ליים און ברענען ציגעל, כדי אַ ל י י ן

אויפצובויען אַ הויז, וואו מען קען געפינען שוץ פאַר קעלט און היץ — ווי שווער וואָלט עס זיי געטראָפען! ערשט געהאַט פרעכטיגע פאַלאַצען, וואָס הימ־לישע אַרכיטעקטען האָבען פּלאַנירט און אויסגעפאַרטיגט, און דאָ גען און האַק שטיינער, אַרבייט אין שוויס פון פנים...

א סברא, אַז אידען וואָלטען גאָרניט געוואָלט אַרבעטען און בויען די נייע הייזער. זיי וואָלטען ליבער געוואַרט אויף נייע נסים, אויף נייע פאַלאַצען פון הימעל.

פון מן איז לייכטער זיך אָפּצוגעוואוינען. עס קאָן אפילו זיין, אַז דער מן האָט זיך זיי צוגעגעסען. ארץ ישראל איז דאָך אַ לאַנד פון כל טוב, אַן „ארץ חטה ושעורה וגפן ותאנה ורמון, ארץ זית שמן ודבש״. מען דאַרף גאָרניט קיין מן אין ארץ ישראל. דער ווייץ און דער האָניג פון ארץ ישראל שמעקט ווי מן פון הימעל, זאָגען מבינים.

אָבער אַ דירה? ווי שווער מען מוז אַרבייטען ביז מען שטעלט צונויף אַ הויז. און אויב מען שטעלט שוין צונויף אַ הויז פון שטיינער אָדער פון ציגעל, קען מען דאָס פאַרגלייכען מיט אַ הימלישען פאַלאַץ?

צו אַזאַ נסיון האָט מען אידען ניט געקענט אויסשטעלען. ניין, עס איז פיל בעסער געווען צו לאָזען זיי זיך אויסמוטשען אין די סוכות פון דער מדבר, כדי זיי זאָלען דערנאָך מיט מעהר חשק אויפבויען זייערע הייזער אין ארץ ישראל. ווי ליב האָבען זיי דאַן באַקומען זייערע הייזער און זייער לאַנד! דאָס ערגסטע הויז איז דאָך נאָך טויזענט מאָל בעסער און באַקוועמער ווי אַ סוכה, ווייל עס בלאָזט דאָרט נישט דער ווינטערדיגער ווינט און עס קומט ניט אַזוי גיך אַריין די זומערדיגע היץ.

אָט דאָס איז דער גרויסער נוצען פון דער סוכה פאַר׳ן דור־המדבר: די סוכה האָט געלערענט צו שעצען דעם ווערט פון ארבייט. זי, די קליינע אָרימע סוכה, האָט די אידען געלערענט שפּעטער ליב צו האָבען די „בתים טובים״, וואָס זיי האָבען אויפגעבויט אין זייער לאַנד...

און מיר? אויך פאַר **אונז** איז די סוכה אַ מוסר־השכל, אַז מיר זאָ־לען זיך ניט פאַרלאָזען אויף קיין נסים און ניט זוכען קיין פאַלאַצען, וואָס מען וועט פאַר אונז אויפשטעלען. עס קען דויערען לענגער ווי אַכט טעג, אַ סך לענגער, ביז אַזאַ פאַלאַץ וועט קומען. איז דאַריבער בעסער צו בויען דאָס אייגענע הויז מיט אייגענע מיה און מיט אייגענעם שוויס!...

(„מאָרגען זשורנאַל״, כ׳ תשרי, תש״י — 13 אָקטאָבער, 1949)

# בריף־אויסטויש צווישן פּרעה'ן און דעם מופטי

## (צו פּסח תש"ח)

1

### פּרעה'ס בריף צום מופטי

ביי די לעצטע אויסגראָבונגען אין עגיפּטען האָט מען אַנטדעקט אַ פּאַפּירוס אויף וועלכען עס איז געווען סקלאַדנע אויפגעצייכענט זעהר אַ וויכ־טיגער „מעסעדזש" פון זיין מאַיעסטעט פּרעה, דעם מלך פון מצרים, בכבודו ובעצמו.

עס קען פאַר קיין פאַל נישט אַנגעהן, אַז אַזאַ דאָקומענט זאָל בלייבען בסוד. דאַריבער ווערט ער דאָ איבערגעגעבען אין דער עפענטליכקייט, בע־טענדיג מחילה סאַי ביים שרייבער פון בריף, סאַי ביי זיין אדרעסאַט, וואָס די פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענץ זייערע באַווייזט זיך פּלוצים אין דרוק אָהן זייער ערלויבניש.

* * *

„לכבוד ידידי היקר, העסקן הנפלא והלוחם במרץ עם בני ישראל, אלופי ומיודעי, כבוד שם תפארתו אמין אל הוסייני, נרו יאיר!

ראשית הידיעה היא הבריאה. זאָלסט וויסען מיין פריינד, אַז עס געהט מיר גאָר נישט גוט. איך בין זעהר צובראָכען דורך דעם, וואָס די אידען האָבען מיר אָפּגעטאָן אויף טערקיש און זיינען אַוועק פון מצרים. איך האָב זיי אַזוי גערן געפּייניגט, עס האָט מיר ממש אַריינגעגעבען אַ חיות צו זעהען, ווי זיי בויען פאַר מיר די צוויי שעהנע שטעט, פּיתום און רעמסס. מיינע מיניסטאָ־רען האָבען זיי איינגעשפּאַנט צו כל־מיני אַרבייטען, צו בויען הייזער בחומר ובלבנים, צו אַקערן די פעלדער, ובכלל צו טאָן אַלצדינג, וואָס נעמט אַרויס די לעצטע כחות פון אַ מענש. אוי איז דאָס געווען אַ פאַרגעניגען צו זעהען, ווי דער שווייס האָט זיך געגאָסען פון די אידען, ווי זיי זיינען אַוועקגעפאַלען פאַר'חלש'טע און מיינע אויפזעהער האָבען זיי דאַן פאַרזעצט דעם „גנאַדען־שטויס"! עס איז נאָר געווען איין צרה, וואָס טראָץ אַלע פאַרלוסטען, וועלכע זיי האָבען געליטען, זיינען זיי עפּעס נישט ווינציגער געוואָרען, „וכאשר יענו אותו כן ירבה וכן יפרוץ", אָבער איך האָב געהאַט אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן, ווי אַזוי מיט זיי פאַרטיג צו ווערען. דער פּלאַן איז געווען צו פאַרניכטען באַלד

ביים געבוירען ווערען אַלע אינגלעך זייערע (הגם, צוליב קאָנסטיטוציאָנעלע מאָטיוען, האָב איך נישט געשריבען אין דער פאַראָרדנונג, אַז מען מיינט נאָר די אידישע אינגלעך, אָבער מיין פּערסאָנאַל איז אַזוי קלוג, אַז מען דאַרף איהם נישט דערצעהלען מיט׳ן פּינטעלע וועגען וואָס עס געהט, און יעדער האָט פאַרשטאַנען פון זיך אַליין, אַז די מצרי׳שע אינגלעך זאָל מען, חלילה, קיין שלעכטס נישט טאָן). דערווייל זיינען אַרונטערגעקומען מכות, שרעקליכע מכות, און פון גאַנצען פאַרניכטונגס־פּלאַן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

וואָס זאָל איך דיר זאָגען, טייערער פריינד מיינער, נאָך אַלע מכות זיינען די אידען אַוועק פון מצרים און איך ליג קראַנק פאַר עגמת נפש. מיר, פּרעה׳ן זאָל פּאַסירען אַזאַ זאַך! געהאַט די אידען ביי זיך אַלס אומזיסטע אַרבייטער, און פּלוצים אַלץ פאַרשפּילט. נישטאָ קיין זכר פון די אידען! און אויב יאָ אַ זכר, דאַן איז עס בלויז, וואָס מיינע נאַרישע בעלי־בתים האָבען די אידען אַוועק־געגעבען, פאַר דער לעצטער מכה, אַהן אַ שיעור גאָלד און זילבער, אַזוי אַז איצט האָט זיך נאָך די עגיפּטישע וואַלוטע אַ שאָקעל געגעבען. עס פאַלען שטיקער פון מיין עגיפּטישען פונט, אַזאַ בראָך איז נאָך קיינמאָל נישט געווען!

אָבער „העולה על כולנה" איז אַ זאַך, וואָס לאָזט מיך ממש נישט שלאָפען ביינאַכט און וואָס נאָר דו קענסט מיר העלפען. איך שרייב איצט וועגען דעם צו דיר און בעט דיך רחמים, העלף מיר, העלף מיר!

איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז די אידען וואָס זיינען אַרויס פון מצרים, גרייטען זיך בקרוב אַריינצוגעהן אין ארץ־ישראל. אמת, עס זיינען דאָ נאָך גענוג שטרויכלונגען אויף זייער וועג און עס וועט זיי נישט אָנקומען גרינג. אָבער איך האָב זיי דאָך אויסגעלערענט צו אַרבייטען שווער און איך האָב שטאַרק מורא, אַז זיי קענען נאָך אויפבויען אַ פּיתום און אַ רעמסס טאַקע ביי זיך אַליין. אויב דאָס זאָל פּאַסירען, זיינען מיר, די שונאי ישראל, פּשוט פאַרלאָרען. די וועלט וועט זעהען, אַז די אידען זיינען אַ פּראָדוקטיווער עלע־מענט און קענען זיך איינאָרדנען אויף אַ לייטישען אופן, נישט טוענדיג קיי־נעם קיין עולה... וואָס וועלען דאַן טאָן די אַנטיסעמיטען אין אַלע לענדער? עס איז פּשוט פאַר אונז אַ לעבענס־פראַגע נישט צו דערלאָזען, אַז אַזאַ זאַך זאָל, חלילה, געשעהען.

דאַריבער ווענד איך זיך צו דיר, ליבער מופטי. דו ביזט אפשר דער איינציגער, וואָס קען אונז אויפריכטען. עס שטעהט פאַרשריבען ביי אונז אין די שטערן, אַז ווען עס וועט קומען אַן עת־צרה אויף די אַנטיסעמיטען זאָלען מיר זיך ווענדען צו דיר. דו האָסט געהאַט אַ גוטען רבי׳ן, ביי וועמען דו האָסט געלערענט די חכמה פון פאַרניכטען די אידען. זיין נאָמען איז אַדאָלף היט־לער. ער האָט דיר איבערגעגעבען אַלע סודות פון קאַמף מיט די אידען. (אָדער

ווער ווייסט, אפשר האָסטו גאָר איהם אויפגעשטעלט, א קשיא אויף אַ מעשה! מיר ווייסען, אַז איהר האָט אייך גוט גע'חבר'ט און איינער האָט פאַר דעם צווייטען גאָר ניט פאַרהוילען!).

הגם איך וויל דיך נישט לערנען, וואָס צו טאָן, אָבער דאָך עטליכע עצות וויל איך דיר געבען, ווייל דו ווייסט, אַז איך האָב אַ נישט־קשה'דיגע ערפאַהרונג אין קאַמף מיט די אידען.

קודם־כל, זאָלסטו דיך נישט דערוועגען צו פיהרען אַ קאַמף בלויז מיט די אידישע מענער און איבערלאָזען די אידישע פרויען. איך, פרעה, האָב גוזר געווען בלויז אויף די זכרים, און דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלער פעהלער. פאַרוואָס זאָלען עפּעס די אידישע פרויען זיין פאַרשוינט פון דער צרה? נעהם זיי אַריין אין אַלע גזירות, וואָס דו וועסט אויס'פועל'ן.

צווייטענס: זאָלסט פאַר קיין פאַל נישט דערלאָזען, אַז אַ משה אָדער אַ אהרן זאָלען זיין די אידישע פיהרער. איך האָב שוין פאַרשפּירט וואָס דאָס הייסט, אַז רעליגיעזע אידען פיהרען די קאָמאַנדאָ. איך בין כמעט זיכער, אַז ווען איך וואָלט געגען מיר געהאָט אַנדערע פיהרער, וואָלט נישט געקומען צו דער מפּלה ביים ים־סוף. און דאָס אויס צוויי טעמים: די אידען זיינען, נאָך זייער אַרויסגעהן פון מצרים, נישט געגאַנגען מיט'ן גלייכען וועג דורך פלשתים, נאָר עפּעס פאַרקירעוועט אָן אַ זייט. דאָס איז געווען אַ „טריק" פון די רעליגיעזע פיהרער, ווייל אַנדערע וואָלטען פאַר קיין פאַל דאָס נישט דער־לאָזט! שטייטש, מען קען געהן גלייך קיין ארץ ישראל, און דאָ זאָל מען פאַר־קירעווען עפּעס אָן אַ זייט? אַזאַ זאַך וואָלטען מוטיגע און שטאָלצע פיהרער נישט דערלאָזט. נאָר אַ משה אָדער אהרן, רעליגיעזע אידען פון בית מדרש, וועלכע האָבען אין זינען תכלית און נישט קיין מיליטערישע דעמאָנסטראַציעס לשם דעמאָנסטראַציעס, קענען זיך דערלויבען אַזאַ שפּיל, וואָס האָט גראַד געפיהרט צו דער מצרי'שער מפּלה. און וואָס איז נישט מינדער וויכטיג: פאַר'ן אַנטשיידענדעם קאַמף האָבען משה ואהרן געשטאַרקט די אידען מיט בטחון צו גאָט. די אידען זיינען שוין געווען פאַרצווייפעלט און עס האָט געהאַלטען דאַביי, אַז זיי זאָלען צוריקלויפען קיין מצרים. עס איז געווען ביי זיי אַ מורא'־דיגער יאוש. עס האָט אויסגעוויזען, אַז אַלץ איז פאַרשפּילט. פאַרשטעהט זיך, אַז די פיהרער, וואָס גלויבען נישט אין דער השגחה, האָבען אָפּגעלאָזען די הענד. און דאָ קומט משה און זאָגט צו די אידען: „אל תיראו, התיצבו וראו את ישועת ד' אשר יעשה לכם היום!" קען זיין עפּעס מעהר געפעהרליך פאַר די שונאי ישראל, ווי אַזעלכע פיהרער?

דריטענס: דו מוזט אויפקלערען די גרויסע מלוכה־לייט פון דער וועלט, אַז בשעת עס האַנדעלט זיך וועגען אידען, דאַרפען זיי זיך גאָר נישט רעכענען מיט'ן וואונש פון זייער אייגען פאָלק. די אידען האָבען איבעראַל

איינפלוס און זיי קענען שוין אָרגאַניזירען די פאָלקס־מאַסען און אַרויסרופען אַ גינסטיגע שטימונג פאַר זיך. אָבער מען דאַרף אויפקלערען די פרעזידענטען און מיניסטאָרען, אַז זיי זאָלען זיך שטעלען אַנטקעגען. איך, פּרעה, האָב אַזוי געטאָן נישט איינמאָל. מיינע מצרי׳שע מיניסטאָרען האָבען זיך שוין געהאַט דערשראָקען פאַר די אידען און געזאָגט צו מיר: „עד מתי יהי׳ זה לנו למוקש שלח את האנשים ויעבדו את ד׳ אלקיהם, הטרם תדע כי אבדה מצרים?״ אַזאַ חוצפּה! דאָס האָט דאָך איינפאַך געהייסען, אַז איך זאָל זיך שרעקען פאַר אַ דורכפאַל ביי וואַהלען, און עס וועלען נאָך מיר אַמאָל פעהלען שטימען ביי „עלעקשאָנס״, ווייל וואָס הייסט „מוקש״ אויב נישט שטרויכלונג ביי וואהלען? נו, איז אין ערשטען אויגענבליק טאַקע געווען מיר אַביסעל קאַלאַמוטנע אויפ׳ן האַרצען און איך האָב פּרובירט אַדורכצוקומען מיט די אידען. אָבער איך האָב זיך באַלד געכאַפּט, אַז „לא דובים ולא יער״, מען דאַרף זיך גאַר נישט שרעקען און „ויגרש אותם מאת פרעה״, די אידישע פאַרטרעטער האָב איך משלח געווען און ווייטער גענומען פּייניגען די אידען... אוי, ווי גוט האָב איך דאַן געטאָן!

אמת, איך האָב אַ קורצע ווייל דערנאָך געכאַפּט אַזאַ מכה, אַז איך האָב שנעל געמוזט רופען משה׳ן און אהרן׳ען און זיי איבערבעטען. איך האָב זיך פאַר זיי אַנידערגעלייגט און מתחנן געווען: „ועתה שא נא חטאתי אך הפעם והעתירו לד׳ אלקיכם ויסר מעלי רק את המות הזה!״ ווייל עס איז ממש געווען דער טויט, עס האָט געפעהלט גאָר אַ קלייניגקייט אַז איך זאָל אינגאַנצען דורכ־פאַלען... אָבער די אידען גלויבען געוועהנליך, ווען אַ פּרעזידענט אָדער אַ מיניסטער זאָגט זיי עפּעס צו. בשעת מעשה חלומ׳ט זיך איהם אפילו נישט צו האַלטען זיין וואָרט, אָבער זיי גלויבען. דאַריבער, טייערער מופטי, זאָלסטו אַנווענדען די מעטאָדע. עס וועט דיר זיין זעהר בוצליך, ווען דו וועסט דעם סוד אַנטפלעקען פאַר די גרויסע מלוכה־מענער פון דיין צייט!

און, צום סוף, וויל איך דיך בעטען, אַז דו זאָלסט האַלטען הייליג דעם אָנדענק פון אונזער געמיינזאַמען גוטען פריינד און מייסטער, דעם פיהרער פון דייטשען רייך, אַדאָלף היטלער. ער האָט דאָך געטאָן דאָס זייניגע און אַזוי פיל אידען אויסגעמאָרדעט, אַז נישט איך, פּרעה, נישט אונזער ליבער חבר המן, און אפילו נישט דו אליין, קענען זיך מיט איהם פאַרמעסטען. דו, טייערער מופטי, קענסט אפילו נאָך האָפען איהם אריבערצושטייגען, און איך ווינש דיר פון גאַנצען האַרצען, אַז דו זאָלסט מצליח זיין.

דערווייל זיי מיר געגריסט מיט אונזער עכטען אַנטיסעמיטישען גרוס: „הייל היטלער!״

דיין געטרייער פריינד

פּרעה״.

## II

## דעם מופטי'ס ענטפער

ווען דעם פאַרגאַנגענעם ערשטען טאָג פסח האָט דער בריף־טרעגער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון זיין עמינענץ אַמין אל־הוסייני, דעם מופטי פון ירושלים, וואָס פראַוועט איצט גלות אין עגיפּטען, און אָנגעזאָגט, אַז ער ברייגנט אים אַן אייגענהענדיגען „מעסעדזש" פון פרעה'ן, איז דער גרויסער פיהרער פון די אַנטיסעמיטען שיער נישט אַראָפּגעפאַלען פון בענקעל.

מיט אַ געפיהל פון יראת־הכבוד און אַ פאַרשטענדליכער אויפרעגונג האָט דער מופטי דורכגעלייענט דעם פּאַפּירוס, וואָס איז אָקאַרשט אַנטדעקט געוואָרען און וואָס איז אַ קלאָרער באַווייז, אַז צווישען די שונאי ישראל פון אַלע צייטען איז דאָ איין בשותפות'דיגע ליניע. ער האָט פרעה'ס בריף גענוי דורכשטודירט און דאַן אָנגעשריבען צו איהם אַן ענטפער, וועלכען עס איז אונז געלונגען אונטערצוכאַפּען.

אָט וואָס איז אין איהם געשטאַנען:

„צו זיין מאַיעסטעט, דעם אומפאַרגלייכליכען, העלדישען קעמפער מיט אידען, וואָס האָט, זייענדיג אַ בכור, אַלץ איינגעשטעלט אין קאַמף מיט דער דאָזיגער אומה חוץ זיין אייגענעם לעבען, פּרעה מלך מצרים, ירום הודו.

„עס איז מיר זעהר שווער צו באַשרייבען אייך די שמחה, וואָס איז אויף מיר געקומען, בשעת איך האָב דערהאַלטען אייער בריף. ווייל חוץ דעם, וואָס דער געדאַנקען־אויסטויש צווישען אונזביידע קען ברייגנען זעהר גוטע רע־זולטאַטען אין אונזער אזוי אלטען און ביז איצט ליידער נאָך נישט מיט א נצחון געקרוינטען קאַמף מיט די אידען, איז פאַר מיר גלאַט אַ מעסעדזש פון אַן עגיפּטישען מלך אַ שטיקעל ישועה. ווי איהר ווייסט, בין איך אפילו אַ שטאַרקער ידיד מיט דער היינטיגער עגיפּטישער רעגירונג, וואָס איז אַ פּאַרט־נער פון אונזער אַראַבישער ליגע. אָבער בסוד וועל איך אייך זאָגען, אַז איך האָב נישט קיין איבעריגען צוטרוי צו די היינטיגע עגיפּטישע מושלים. ווען זיי זאָלען דערשנאַפּען עפּעס אַ שטיקעל שינוי אין דער פּאָליטישער וועלט־לאַגע, זיינען זיי אימשטאַנד מיר צו ווייזען די טיר און הייסען מוחל זיין זיך אַוועקטראָ־גען וואו דער פעפער וואַקסט. אָבער איצט, אַז איך האָב פון אייך, גרויסער פרעה, אַן אייגענהענדיגען בריף, איז עס א מין שטענדיגע וויזע. איך פיהל זיך פשוט זיכער. אויב מען זאָל מיך אַמאָל וועלען אַרויסוואַרפען פון מצרים וועל איך ווייזען אייער בריף און דאָס וועט שוין מיך אָפּהיטען פון אַלע צרות.

„אמת, אייער בריף אַנטהאַלט איין זאַך, וואָס איז זעהר נישט גינסטיג אין איצטיגען מאָמענט. איך מוז זיך וואונדערען אויף אייער מאַיעסטעט, וואָס

איהר האָט עס דערמאָנט און מיר גורם געווען מיט דעם נישט נאָר עגמת־נפש, נאָר אפילו אַ סכנה פאַר אונזער גאַנצער אונטערנעמונג צו פאַרניכטען די אידען.

„איהר דערמאָנט, אַז איך בין אַ תלמיד פון גרויסען פיהרער פון די דייטשען, אַדאָלף היטלער. אַזאַ קלוגער פּרעה זאָל טאָן אַזאַ נאַרישקייט! צו וואָס שרייבען איצט וועגען דעם? ווער דאַרף דאָס? וועגען דעם דאַרף מען מאַכען אַ שוויג. דאָס בעסטע וואָלט געווען דאָס אָפּצולייקענען, אַז עס איז לא היה ולא נברא, אַז איך האָב גאָר נישט געקענט אַדאָלף׳ן, אַז איך ווייס אפילו נישט ווער דאָס איז. ביטער איז נאָר, וואָס מען האָט אויסגעפונען עפּעס דייטשע צייטונגען פון די מלחמה־יאָהרען, וואו עס זיינען דאָ בילדער פון מיר צוזאַמען מיט היטלער׳ן און וואו איך גיב דעם „דייטשען גרוס״ מיט מיין זרוע נטויה. אָבער אפילו אויף דעם האָב איך שוין געהאַט צוגעגרייט אַ תירוץ: אַז דאָס איז אַ אידישע פעלשונג. די אידישע פאָטאָגראַפען זיינען זיכער אימשטאַנד צו מאַכען אַ בילד, וואָס זאָל פאַרשטעלען היטלער׳ן מיט מיר צוזאַמען, הגם מיר האָבען זיך גאָר נישט געקענט. איי, ווי קומט מיין בילד מיט דער זרוע נטויה צום „היטלער־גרוס״ אין דער „וויענער אילוסטרירטער צייטונג״? פּשוט: די אידען האָבען אָפּגעדרוקט אַזאַ נומער פון דער „וויענער אילוסטרירטער צייטונג״ און אַריינגעפּאַקט מיין פּרצוף אַהין, כדי מיך צו קאָמפּראָמיטירען! דוכט זיך, אַז דאָס איז אַ גוטע אויפקלערונג. און דאָ קומט איהר, פּרעה אַליין בכבודו ובעצמו, און דערמאָנט, אַז איך בין אַ תלמיד פון היטלער׳ן; דאָס מאַכט מיין גאַנצע אַרגומענטאַציע צונישט. איהר קוילעט מיך אָהן אַ מעסער. איהר פאַרגעסט הפנים, אַז איך בין היינט איינער פון די עלאַיס, וואָס האָט געזיגט איבער היטלער׳ן.

„מיט׳ן גרעסטען יראת־הכבוד צו אייער מאַיעסטעט מוז איך זאָגען, אַז איך האָב לכתחילה געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך האָב באַקומען אַ מעסעדזש נישט פון אייך, נאָר פון אַן אַנדערען מלך, וואָס האָט אויך אָנגעפאַנגען מיט גזירות אויף אידען: פון אחשורוש׳ן. עס שטעלט זיך אָבער אַרויס, אַז יענער האָט זיך נאָך אַלץ בעסער אָריענטירט פון אייך. אחשורוש וואָלט קיינמאָל נישט דערמאָנט היטלער׳ן! מיר וואָלטען זיך ביידע געמעגט לערנען שכל ביי אחשורוש׳ן, כ׳לעבען.

„איך בעט אייך מחילה, אפשר האָב איך עפּעס געזאָגט, וואָס איז נישט מיט׳ן ריכטיגען דרך־ארץ, אָבער מיינע נערוועז זיינען אַזוי אָנגעשטרענגט, אַז עס איז ניט קיין וואונדער. איך דאַרף כסדר מאַנעווירען אויף ביידע זייטען: די אַמעריקאַנער און די ענגלענדער דאַרף איך איינרעדען, אַז מיין גאַנצע שטרעבונג איז נאָר נישט צוצולאָזען רוסלאַנד צום נאָהענטען מזרח, און צו סטאַלינ׳ען שיק איך שלוחים און בין איהם מבטיח, אַז איך בין דאָס דער ריכ־

טיגער פּראָלעטאַריער און מיר זיינען גוטע ברידער און חברים פון אַלטע ציי־טען. מען קען דאָך אַביסעל מבולבל ווערען, טייערער פּרעה. מען דאַרף האָבען נסים, אַז מען זאָל אַמאָל נישט איבערבייטען די יוצרות און ארייגלייגען אַ בריוועלע צו סטאַלינען אין אַן ענוועלאָפּ, וואָס איז אַדרעסירט קיין וואַשינגטאָן. דערוויייל האָט דאָס נישט פּאַסירט, אָבער עס קאָסט מיר גענוג כח צו האַלטען קאָפּ.

און צוריקגעשמועסט, קען זיין, אַז איהר זייט גאָר גערעכט און מען מעג אָפּען דערמאָנען, אַז איך, דער מופטי פון ירושלים, און אַדאָלף היטלער זיינען געוועזען ידידים נאמנים. ווייל עס שטעלט זיך אַרויס, אַז אַלע אַזוי־גערופענע שונאים פון היטלער׳ן האָבען אין שטילען זיך אויסגעלערענט ביי איהם ווי זיך נוהג צו זיין מיט אידען. טאָ וואָס איז די בושה, אַז מען רופט מיך אַ תלמיד פון היטלער׳ן? און די, וואָס לאָזען אויסגעהן די אידען אין די לאַ־גערן, זיינען נישט זיינע תלמידים? און די, וואָס האָבען צוגעקוקט ווי די אידען זיינען אויסגעגאַנגען אין טרעבלינקע אָדער אוישוויץ, זיינען נישט זיינע תלמידים? און די, וואָס לאָזען אידען אָפּגעהן אין בלוט אין ארץ ישראל, זיינען בעסער?

עס איז זיכער געזונטער אָנצורופען די זאַך ביי איהר ריכטיגען נאָמען. איהר, גרויסער פּרעה, און איך, דער מופטי, האָבען דעם מוט צו זאָגען, וואָס מיר דענקען. דעם זעלבען מוט האָט געהאַט אַדאָלף היטלער און המן און טאָרקוועמאַדאָ און אַלע אָפענע שונאי־ישראל. מיר האָבען אַלע,ליידער, גע־ליטען מפּלות. איהר זייט אַריינגעפאַלען אין ים, המן׳ען האָט מען אויפגע־האַנגען, טאָרקוועמאַדאָ האָט איינגענומען אַ מיתה־משונה, היטלער איז פאַר־ברענט געוואָרען, און איך וואַלגער זיך אַרום איבער דער וועלט. אָבער דאָך זיינען מיר די אייגענטליכע זיגער, ווייל די אידען ליידען מעהר פון אונז. אַלע זייערע פריינד פאַרראַטען זיי פריהער אָדער שפּעטער. די, וואָס זאָגען זיי צו גאָלדענע בערג, מיינען דאָך אין האַרצען דאָס זעלבע וואָס מיר. די דאָזיגע פריינד האָבען נאָר נישט דעם מוט, וועלכען מיר באַזיצען. אָבער עס קומט די צייט, ווען מען מוז אַרויס מיט׳ן לשון. דעמאָלט זעהט מען, אַז עס איז נישטאָ קיין חילוק צווישען אונז און די כלומר׳שטע „אידישע פריינד". אַלע זיינען תלמידים פון היטלער׳ן.

„ווען דער דאָזיגער בריף וועט אָנקומען צו אייך, וועט זיין שביעי־של־פּסח, דער יאָהר־טאָג פון קריעת ים־סוף. די אידען וועלען דאַן זאָגען די שירה. אָט, זעהט איהר, דאָס איז די גרעסטע אנטיסעמיטישע צרה, וואָס אידען האָבען, צו להכעיס אַלע זייערע שונאים, נישט אויפגעהערט צו זאָגען שירה אויף דעם, וואָס זיי זיינען געבליבען לעבען. יעדע אַנדערע אומה וואָלט שוין לאַנג,

לאַנג געדאַרפט זיך מייאש זיין און אויפגעבען דעם קאַמף. וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ לעבען, וואָס איז אַזוי אָנגעפּיקעט מיט צרות, ווי דאָס לעבען פון אַ איד? און וואָלט זיי נישט געווען בעסער, ווען זיי גיבען זיך אונטער? נישט צו פאַרשטעהן, וואָס זיי האַלטען זיך אַזוי עקשנות׳דיג, וואָס זיי קענען זיך נאָך אַמאָל משמח זיין און אפילו זאָגען שירה. אָט דאָ ליגט דער מקור פון אלע אומגליקען פון די שונאי־ישראל, און אויף דעם האָב איך אויך נישט קיין עצה.

אייער געטרייער פריינד,

דער מופטי.

(„מאָרגען זשורנאַל״, ב׳ און ד׳ חוה״מ פסח תש״ח — 27 און 29 אַפּריל, 1948)

United Nations | Nations Unies

ECONOMIC AND SOCIAL COUNCIL | CONSEIL ECONOMIQUE ET SOCIAL

UNRESTRICTED
E/CN.4/SR.60
17 June 1948
ORIGINAL : FRENCH

COMMISSION DES DROITS DE L'HOMME

Troisième session

COMPTE RENDU ANALYTIQUE DE LA SOIXANTIEME SEANCE

Tenue à Lake Success, New-York,
le vendredi 4 juin 1948, à 15 heures.

| | | |
|---|---|---|
| Présidente : | Mme Franklin D. ROOSEVELT | Etats-Unis d'Amérique |
| Rapporteur : | M. Charles MALIK | Liban |
| Membres : | M. HOOD | Australie |
| | M. STEYAERT | Belgique |
| | M. STEPANENKO | République socialiste soviétique de Biélorussie |
| | M. CHANG | Chine |
| | M. LOUTFI | Egypte |
| | M. CASSIN | France |
| | Mme MEHTA | Inde |
| | M. de QUIJANO | Panama |
| | M. KLEKOVKIN | République socialiste soviétique d'Ukraine |
| | M. PAVLOV | Union des Républiques socialistes soviétiques |
| | M. WILSON | Royaume-Uni |
| | M. FONTAINA | Uruguay |
| | M. VILFAN | Yougoslavie |

Représentants d'institutions spécialisées :

| | |
|---|---|
| M. COX | Organisation internationale du Travail (OIT) |
| M. LEBAR | Organisation des Nations Unies pour l'éducation, la science et la culture (UNESCO) |

Consultants d'organisations non gouvernementales :

| | |
|---|---|
| Mlle SENDER | American Federation of Labor (AF of L) |
| M. VANISTENDAEL | Confédération internationale des syndicats chrétiens (CISC) |
| Mlle STUART | Fédération mondiale des associations pour les Nations Unies (FMANU) |
| M. GOLDSMITH et M. LEWIN | Organisation mondiale Agudas Israël |
| M. BROTMAN | Comité de coordination d'organisations juives chargé des consultations avec le Conseil économique et social des Nations Unies |

Secrétariat :

| | |
|---|---|
| M. HUMPHREY | Directeur de la Division des droits de l'homme |

M. LEWIN (Organisation mondiale Agudas Israël) déclare que cet article qui est à la base de la liberté religieuse doit mentionner le mot "religion" qui est contenu aussi bien dans l'amendement proposé par les représentants de l'Inde et du Royaume-Uni que dans les recommandations des Etats-Unis au sujet de cet article.

Le mot de religion figure dans la Déclaration française des droits de l'homme et des citoyens de 1789 et dans la Déclaration des droits américains de 1791. Les termes de "liberté de pensée et de conscience" qui figurent dans l'article 16 du Comité de rédaction, sont supposés comprendre la liberté de religion, mais peuvent pratiquement conduire à des malentendus dans certains pays.

De même, il désirerait voir insérer dans le deuxième paragraphe, soit après le mot "pratique", soit après les termes "accomplissement des rites", le mot "religieux". Les recommandations des Etats-Unis relatives à l'article 16 du projet de Déclaration (document E/CN.4/AC.1/20) lui paraissent le texte le meilleur, à l'exception des mots "y compris le droit , etc..." qui peuvent laisser supposer que certains droits ont été laissés de côté.

Sur la base de ce texte, il suggère la rédaction suivante de l'ensemble de l'article 16 :

"Chacun a droit à la liberté de religion, de conscience et de croyance, a droit à professer, à changer et à manifester, soit seul, soit en communauté avec d'autres personnes, publiquement ou en privé, toute croyance, et a droit à pratiquer toute forme de culte, à enseigner et à accomplir tout rite."

L'utilisation répétée du mot "droit" est destinée à souligner l'importance capitale du droit à professer ou à changer de croyance et du droit à pratiquer toute forme de culte, à enseigner et à accomplir tout rite. Les mots "qui pensent comme elle" ont été supprimés comme superflus. M. Lewin ajoute que les autres organisations juives de la catégorie B s'associent aux remarques qu'il vient de présenter.

# וועגן שוץ פאַר רעליגיע אין דער „אינטערנאַציאָנאַלער דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט"

## רעדע, געהאַלטען ביי דער פּלענאַר־סעסיע פון דער „קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט", אין לעיק סוקסעס, דעם 4־טען יוני, 1948

איך דאַנק, קודם־כל, פאַר דער פּריווילעגיע, וואָס איז מיר געגעבען געוואָרען צו זאָגען מיין מיינונג וועגען אַרטיקעל 16 פון דער פאָרגעשלאָגענער „דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט". איך האָף, אַז דער דאָזיגער אַרטיקעל וועט אין דער צוקונפט זיין פאַר מיליאָנען פרייע מענשען אין אַ סך לענדער דער פונדאַמענט פון אַ גרויסער און מעכטיגער געביידע פון מענשען־רעכט, — נעמליך די אַזוי אויסגעצערטעלטע פּערל פון פרייהייט, וואָס רופט זיך פרייהייט פון רעליגיע.

איך וויל באַמערקען אָט וואָס:

ערשטענס: דער אַרטיקעל מוז, אונטער אַלע אומשטענדען, דערמאָנען דאָס וואָרט „רעליגיע". דער פאָרשלאַג רעדט נאָר פון „פרייהייט פון געדאַנק און געוויסען", וואָס איז אַבסאָלוט נישט גענוג.

די ענדערונג, וואָס איז פאָרגעלעגט געוואָרען פון די חשובע פאָרטרעטער פון אינדיע און ענגלאַנד *), אַז דער ערשטער פּאַראַגראַף פון אַרט. 16 זאָל לויטען: „יעדער האָט דאָס רעכט פון פרייהייט פון רעליגיע, געוויסען און גלויבען" — איז פון דער גרעסטער באַדייטונג. אויך די רעקאָמענדאַציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקע האָט פאָראויסגעזעהען דאָס אַריינ־נעמען פון וואָרט „רעליגיע" אין אַרט. 16 פון דער דעקלאַראַציע **).

איך וויל דערמאָנען, אַז ביידע גרויסע היסטאָרישע דאָקומענטען פון פרייהייט פון מענשען, די פראַנצויזישע „דעקלאַראַציע פון די רעכט פון מענש און בירגער" פון יאָהר 1789 און דער אַמעריקאַנער „ביל אָוו ראַיטס" פון 1791, דערמאָנען אויסדריקליך די רעליגיע. (אַרט. 10 פון דער פראַנצויזישער דעקלאַראַציע און דער ערשטער אַמענדמענט צו דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע).

---

*) דאָקומענט נר. E/CN 4/99

**) דאָקומענט נר. E/CN 4/AC 1/20

אַזוי איז אויך דער פאַל ביי כמעט אַלע נייע קאָנסטיטוציעס, בשעת זיי רעדען פון גאַראַנטיעס פאַר דער פרייהייט פון געוויסען. איך קען זיך נישט פאָרשטעלען אַזאַ פאַל, אַז די „דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט״, וואָס וועט זיין די „מאַגנאַ קאַרטאַ״ פון דער נייער מענשהייט, זאָל אויסמיידען צו דערמאָנען דאָס וואָרט „רעליגיע״. איך גיב זיך אָפּ דין־וחשבון, אַז אין פאָרגעשלאָגענעם טעקסט האָט מען די ווערטער „פרייהייט פון געדאַנק און געוויסען״ געוואָלט פאַרשטעהן אַלס גענוג אומפאַסענד אויף אַריינצונעמען אין זיך אויך רעליגיע. אָבער, אין נאָמען פון דער אַלוועלטליכער „אגודת ישראל״, אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס רעפּרעזענטירט רעליגיעזע אידען איבער דער גאַנצער וועלט, וויל איך אַפּעלירען צו דער קאָ־מיסיע, אַז זי זאָל ווידער אַריינשטעלען די רעליגיע אין דער „דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט״, ווייל אָהן דעם קען עס דערנאָך ווערען פּראַקטיש אין מאַנכע לענדער שלעכט פאַרשטאַנען.

פּראַקטישע מאָטיווען דיקטירען מיר אויך די פאָלגענדע וויטערדיגע באַמערקונגען:

אין צווייטען פּאַראַגראַף דאַרף מען אָדער פאַר׳ן וואָרט „פּראַקטיק״ אָדער פאַר׳ן וואָרט „געברויך״ צוגעבען דעם פּרעדיקאַט „רעליגיעז״. איך שלאָג פאָר צו זאָגען דאָ „רעליגיעזע פּראַקטיק״ אָדער „רעליגיעזער געברויך״, ווייל דאָס וועט דאַן פאַרזיכערען די וויכטיגע קאַטעגאָריעס פון מענשליכע האַנדלונגען, וואָס זיינען אַ סך־הכל פון דער מאַניפעסטאַציע פון רעליגיעזע איבערצייגונגען מיט׳ן לעבען גופא.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך באַמערקען, אַז דאָס ענגלישע וואָרט „וואָרשיפּ״ אַנטהאַלט אין זיך נישט די רעליגיעזע פּראַקטיק, בשעת דער פראַנ־צויזישער אויסדרוק „קולט״ — וואָס אין אַלע טעקסטען פאַרנעמט ער דעם פּלאַץ פון ענגלישען „וואָרשיפּ״ — נעמט יאָ אַרום די רעליגיעזע פּראַקטיק.

דאַריבער ווייזט מיר אויס צו זיין גאָר וויכטיג, אַז אין ענגלישען טעקסט זאָל דאָס וואָרט „רעליגיעזע״ געשטעלט ווערען פאַר׳ן וואָרט „פּראַקטיק״.

די אַמעריקאַנער רעקאָמענדאַציע צום אַרט. 16 פון דער פאָרגעשלאָ־גענער דעקלאַראַציע, איז איינע פון די בעסטע פאָרמולירונגען פון גאַנצען פּראָ־בלעם. איך האָב נאָר צווייפעל, ביי דער דאָזיגער פאָרמולירונג, וועגען געברויך פון די ווערטער „איינשליסענדיג דאָס רעכט״. אויב מיר זאָגען „איינשליסענדיג דאָס רעכט״, דאַן קען אַמאָל אויפקומען די פראַגע: וועלכע רעכט זיינען נישט איינגעשלאָסען? איז עפּעס געוואָרען איבערגעלאָזט מחוץ דעם שטח פון דער פאַרזיכערטער פרייהייט? און אויב יאָ — וואָס איז געוואָרען איבערגעלאָזט?

נעמענדיק אַלס יסוד די אַמעריקאַנער רעקאָמענדאַציע, ערלויב איך זיך פאָרצולייגען דעם פאָלגענדען טעקסט פאַר׳ן גאַנצען אַרטיקעל 16:

„יעדער האָט דאָס רעכט צו פרייהייט פון רעליגיע, געוויסען און גלויבען; דאָס רעכט צו האָבען, ענדערן און אויסצודריקען, אָדער אַליין אָדער צוזאַמען מיט אַנדערע מענשען, עפּענטליך אָדער פּריוואַט יעדען גלויבען; און דאָס רעכט צו פּראַקטיצירען יעדע פאָרם פון רעליגיעזען קולט, לערנען און געברויך".

איך האָב אין מיין פאָרמולירונג דריי מאָל באַנוצט דאָס וואָרט „רעכט" כדי אויסצומיידען די צווידייטיגקייט, וואָס וואָלט עווענטועל געקענט אַנטשטעהן ווען מיר וואָלטען געשטעלט (ווי דאָס איז אין פאָרשלאַג פון דער דעקלאַראַציע) נאָר אַ קאָמאַ נאָכ׳ן וואָרט „גלויבען" און דאַן געזאָגט: „צו האָבען און ענדערן גלויבענס". עס וואָלט, אין דעם פאַל, נישט געווען גענוג קלאָר אויף וואָס עס באַציהען זיך די ווערטער „צו האָבען און ענדערן גלויבענס", — צום „רעכט" אָדער צו דער „פרייהייט".

דער אויסדרוק „גלויבען" איז, לויט מיין מיינונג, זעהר ברייט, און דאַריבער איז דאָס רעכט „צו האָבען, ענדערען און אויסצודריקען" יעדען גלויבען גיכער אַן אומאָפּהענגיק רעכט, וואָס פאַרדינט צו ווערען אויסגעזונדערט. איך האָב דאָ נאָר צוגעגעבען די ווערטער „עפּענטליך אָדער פּריוואַט", וועלכע זיינען וואָגיג, באַטירליך, און וועלכע זיינען אַריינגענומען געוואָרען אין דעם פאָרשלאַג פון דער דעקלאַראַציע.

שליסליך, דאָס רעכט „צו פּראַקטיצירען יעדע פאָרם פון רעליגיעזען קולט, לערנען און געברויך" איז אויך פון אַזאַ קאָלאָסאַלער באַדייטונג, אַז עס איז פולשטענדיג באַרעכטיגט צו באַנוצען דאָ אומאָפּהענגיג דאָס וואָרט „רעכט". אין דער אַמעריקאַנער רעקאָמענדאַציע איז דאָס וואָרט „לערנען" נישט געוואָרען אַריינגענומען אין לעצטען טייל פון אַרטיקעל 16. אָבער עס האָט אַ לעבענס־וויכטיגע באַדייטונג און פעהלט נישט אין פּראָיעקט פון דער דעקלאַראַציע, דאַריבער דאַרף עס, אויף יעדען פאַל, ווערען צוגעגעבען.

די ווערטער „גלייכגעזאָגענע" בנוגע צום געמיינשאַפטליכען אויספיהרען פון די רעכט, וואָס ווערען באַשיצט אין אַרטיקעל 16, זיינען באמת איבעריג, ווי עס האָט ריכטיג באַמערקט אויסטראַליע אין איר פאָרשלאַג ***).

איך בין באַפולמעכטיגט געוואָרען דורך די אַנדערע אידישע אָרגאַניזאַציעס מיט באַראַטונגס־רעכט, צו ערקלערען, אַז זיי זיינען מסכים מיט די באַמערקונגען, וואָס איך האָב דאָ געמאַכט ****).

***) דאָקומענט נר. E/CN. 4/AC. 1/37

****) אין דער לעצטער פאָרמולירונג פון דער „דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט", וואָס איז באַשלאָסען געוואָרען דורך דער גענעראַל־אַסעמבלי פון די „יונייטעד ניישאָנס" אין פּאַריז דעם 19־טען דעצעמבער, 1948, האָט דער אַרטיקעל וועגען רעליגיעזע פרייהייט באַקומען דעם נומער 18 און ער לויטעט אַזוי:

„יעדער האָט דאָס רעכט צו פרייהייט פון געדאַנק, געוויסען און רעליגיע ; דאָס רעכט שליסט איין אין זיך די פרייהייט צו ענדערען זיין רעליגיע אָדער גלויבען, און די פרייהייט, אָדער אַליין אָדער צוזאַמען מיט אַנדערע מענשען, און עפענטליך אָדער פריוואַט, אויסצודריקען זיין רעליגיע אָדער גלויבען אין לערנען, פּראַקטיק, קולט און געברויך״.

# מלוכות טאָרען נישט טאָלערירען קיין פּייניגונגען אָדער אַ באַהאַנדלונג געגען די מענשליכע ווירדע!

## רעדע, געהאַלטען ביי דער פּלענאַר־סעסיע פון דער „קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט״, אין לעיק סוקסעס, דעם 18־טען מאַי, 1949, ביי דער דיסקוסיע וועגען אַרטיקעל 7 פון פּראָיעקט פון אינטערנאַציאָנאַלען אָפּמאַך וועגען מענשען־רעכט *)

עס איז פאַראַן אַ פּרינציפּיעלער חילוק צווישען די פאַרשיידענע פּראָיעקטען פון ארטיקעל 7 פון קאָווענאַנט פון מענשען־רעכט.

די אויסבעסערונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען מאַכט זעהר אַ וויכטיגען שינוי אינ׳ם גאַנצען אויפבוי פון אַרטיקעל. אנשטאט צו זאָגען: „קיינער טאָר נישט ווערען אונטערוואָרפען צו אַ פּייניגונג אָדער צו אַ גרויזאַמע אָדער אונמענשליכע באשטראָפונג אָדער צו אַ גרויזאַמע אָדער אונמענשליכע אַנטווירדיגונג״ — מאַכט דער אַמעריקאַנער פאַרשלאַג די מלוכה פאַר׳ן סוביעקט פון דער באַשטימונג דורכדעם וואָס ער זאָגט : „קיין מלוכה טאָר נישט אונטערוואָרפען וועמען עס איז צו אַ פּייניגונג אָדער צו אַ גרויזאַמע אָדער אונמענשליכע באַשטראָפונג אָדער באַהאַנדלונג״.

אַלס פועל יוצא דערפון וויל איך פרעגען צוויי שאלות:

1) פאַרוואָס איז נאָר אין דעם אַרטיקעל די מלוכה געמאַכט געוואָרען פאַר אַ סוביעקט? עס וואָלט אפשר בעסער געווען צו מאַכען אין גאַנצען

*) דער פּראָיעקט פון אַרט. 7 האָט געלויטעט אַזוי : „קיינער טאָר נישט ווערען אונטערוואָרפען צו אַ פּייניגונג אָדער צו אַ גרויזאַמער אָדער אונמענשליכער באַשטראָפונג אָדער צו אַ גרויזאַמער אָדער אונמענשליכער ענטווירדיגונג״.

קאָנווענאַנט די מלוכה פאַר׳ן סוביעקט פון די איינצעלנע באַשטימונגען און אַזוי־אַרום וואָלטען מיר געהאַט אַ קלאָרען חילוק, שוין אין׳ם אויפבוי פון די אַרטיקלען, צווישען דער „דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט", וואָס רעדט אין אַלגעמיין פון „יעדען איינעם", און דעם קאָנווענאַנט, וואָס וואָלט אַרויפגעלייגט דעם געזעצליכען עול אויף די מלוכות דורכ׳ן זאָגען „קיין מ ל ו כ ה טאָר נישט" אָדער „יעדע מ ל ו כ ה דאַרף", א. א. וו.

2) איז עס גענוג צו זאָגען, אין דעם דאָזיגען ספּעציעלען פאַל, אַז די מלוכה טאָר נאָר נישט א ו נ ט ע ר ו ו אַ ר פ ע ן קיינעם צו אַ פּייניגונג? דאָס וואָרט „אונטערוואַרפען" בנוגע צו אַ מלוכה ווייזט דאָ אויס נישט צו זיין אויסרייכענד.

די סאַמע נייעסטע געשיכטע האָט באַוויזען, אַז עס זיינען פאַראַן אַ סך מעגליכקייטען אין אַ מלוכה צו אונטערוואַרפען מענשען אָדער גרופּען פון מענשען, אָדער גאָר גאַנצע געמיינשאַפטען אָדער נאַציאָנאַלע און ראַסישע איינהייטען, צו פּייניגונגען אָדער גרויזאַמקייטען נ י ש ט דורך דער מלוכה אַליין דורך איהרע אונמיטעלבאַרע אָרגאַנען, נאָר, למשל, דורך אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען די שטילע מיטהילף פון דער מלוכה. די נאַצי־אָרגאַניזאַציע אין דייטשלאַנד, אָנגעפאַנגען פון יאָהר 1933, האָט קלאָר באַוויזען ווי ווייט מען קען געהן מיט דער דאָזיגע פּראָצעדור. ווען אין נאָוועמבער 1938 זיינען אַלע שוהלען אין דייטשלאַנד געוואָרען מיט איין מאָל פאַרברענגט און טויזענטער אידען ברוטאַל געפּייניגט אין די גאַסען, איז די דייטשע אַדמיניסטראַציע פון דער מלוכה געווען אין דעם פאָרמעל פאַרמישט בלויז אויף אַ פּאַסיווען אופן. די מלוכה האָט ט אָ ל ע ר י ר ט די דאָזיגע גרויזאַמקייטען, וואָס זיינען געוואָרען דורכגעפירט דורך די נאַציס ווי אַ שרעקליכע קאָמעדיע, וואָס איז געווען אינסצעניזירט דורך דער היטלער־רעגירונג.

איך וואָלט דעריבער פאָרגעשלאָגען צו ענדערען די אַמעריקאַנער פאָרמולע אויף פאָלגענדען אופן: קיין מלוכה טאָר נישט טאָלערירען, אַז ווער עס איז זאָל ווערען אונטערגעוואָרפען צו אַ פּייניגונג א. א. וו.

איך האָב נאָך אַן אַנדערע באַמערקונג צום אַרט. 7 פון קאָנווענאַנט בנוגע דער פראַגע פון פאַרבאָטען אַ באַהאַנדלונג, וואָס איז געגען די מענשליכע ווירדע. דער פּראָיעקט זאָגט אַזוי: „קיינער טאָר נישט ווערען אונטערגעוואָרפען... צו אַ גרויזאַמע אָדער אונמענשליכע אַנטווירדיגונג". די ווערטער „גרויזאַמע אָדער אונמענשליכע אַנטווירדיגונג" זיינען נישט איבעריג קלאָר דער פאָרשלאַג פון ענגלאנד זאָגט, אַז „קיינער טאָר נישט ווערען אונטערגעוואָרפען צו אַ פּייניגונג אָדער צו אַן אונמענשליכע באַשטראָפונג אָדער אַנטווירדיגונג". עס איז קלאָר אַז אין דער דאָזיגער פאָרמולירונג באַציהט זיך דאָס וואָרט „אונמענשליך" אויפ׳ן וואָרט „באַשטראָפונג". דער אמע־

ריקאָנער פּראָיעקט לאָזט די אַנטווירדיגונג אין גאַנצען אויס. אַזוי איז אויך דער פאַל ביים פאָרשלאַג פון לבנון, וואָס וויל פּשוט אַריבערנעמען דעם אַרט. 5 פון דער „דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט" און באַצייכענען איהם אַלס אַרט. (1) 6 פון קאָנווענאַנט. דער אַרטיקעל 5 פון דער דעקלאַראַציע רעדט פון אַ „דעגראַדירענדער באַהאַנדלונג". אָבער אַזאַ איבערחזר׳ן פון אַ גאַנצען אַרטיקעל פון דער דעקלאַראַציע אין קאָנווענאַנט מוז אַרויסרופען געוויסע ספקות.

איך פאַרגעגענווערטיג זיך איצט די מורא׳דיגע פאַקטען פון דער באַ־האַנדלונג פון אידישע מענער און פרויען דורך די נאַציס במשך די לעצטע יאָהרען ווען אידישע מיידלעך, צום ביישפּיל האָבען מיט׳ן גרעסטען סאדיזם באַקומען באַפעהלען צו באַזייטיגען זייערע קליידער און צו ערשיינען נאַקעט פאַר די רעפּרעזענטאַנטען פון „הערען־פאָלק". איך מוז דאַריבער קאַטעגאָריש פעסטשטעלען, אַז עס איז אַ לעבענס־נויטווענדיגקייט אַריינצושטעלען אַ פּאַראַגראַף אין קאָנווענאַנט, וואָס זאָל לפּחות לעגאַל אויסשליסען דאָס אי־בער׳חזר׳ן זיך פון אַזעלכע שרעקליכע געשעהענישען.

נאָך אַלעם, וויל איך אַלס היסטאָריקער זאָגען, איז דער דאָזיגער קאָ־ווענאַנט און אויך די „דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט", וואָס איז שוין גע־וואָרען אָנגענומען דורך דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון „יונייטעד ניישאָנס", זיכער פאָרמולירט מיט אַ בליק אויף די אומגלויבליכע פאַרגעוואַלטיגונגען דורך די נאַציס פון די עיקר׳דיגע מענשען־רעכט, וועלכע זיינען, הגם נישט געניסענדיג פון אַן אינטערנאַציאָנאַל־רעכטליכער אָנערקענונג, אָבער דאָך געווען הייליג פאַר אַלע מענשען אפילו אָהן אַ לעגאַלער סאַנקציע. עס איז דאַריבער היסטאָריש פולקאָם באַגרינדעט צו דערמאָנען אין אַרטיקעל 7 פון קאָנווענאַנט, אַז אַ באַהאַנדלונג, וואָס איז געגען די מענשליכע ווירדע, איז פאַר־באָטען.

אין נאָמען פון דער אַלוועלטליכער אגודת ישראל לייג איך פאָר די פאָלגענדע פאָרמולירונג פון אַרט. 7:

„קיינער טאָר נישט ווערען אונטערוואָרפען צו אַ פּייניגונג, גרויזאַמקייט, אונמענשליכע באַשטראָפונג אָדער אַ באַהאַנדלונג, וואָס איז געגען די מענש־ליכע ווירדע".

אין פאַל, ווען די מלוכה זאָל ווערען געמאַכט פאַר׳ן סוביעקט פון דער באַשטימונג, דאַן וואָלט די פאָרמולירונג זיך געלייענט אַזוי:

„קיין מלוכה טאָר נישט טאָלערירען קיין פּייניגונגען, גרויזאַמקייטען, און אונמענשליכע באַשטראָפונג אָדער אַ באַהאַנדלונג געגען די מענשליכע ווירדע פון איהרע איינוואוינער".

# דאָס אידישע פאָלק מאָהנט צוריק זיינע קינדער!

## רעדע געהאַלטען ביי דער פּלענאַר־סעסיע פון דער „קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט", אין לעיק סוקסעס, דעם 7־טען יוני, 1949

די פרייהייט פון רעליגיע, וואָס איז דער ווינקעל־שטיין פון גרויסען פּאַלאַץ פון מענשען־רעכט, וועלכער ווערט איצט געבויט, באַשטעהט פון עטליכע הויפּט־יסודות.

אַנאַליזירענדיג דעם אַרטיקעל 16 פון פּראָיעקט פון אינטערנאַציאָנאַלען קאָווענאַנט פון מענשען־רעכט, לויט ווי ער איז געוואָרען אויסגעאַרבייט דורך דער דרעפטינג־קאָמיטע אין יאָהר 1948 *), זעהען מיר, אַז פאָלגענדע יסודות זיינען געוואָרען אָנגענומען:

1) יעדער מענש האָט דאָס רעכט, סיי אַליין, סיי צוזאַמען מיט אַנדערע גלייך־געזאָנענע מענשען, צו האָבען און צו מאַנעפיסטירען אַ רעליגיעזען אָדער אַן אַנדערען גלויבען;

2) יעדער מענש האָט דאָס רעכט צו ענדערען זיין גלויבען;

3) יעדער מענש האָט דאָס רעכט צו פּראַקטיצירען יעדע פאָרם פון אַ רעליגיעזען קולט אָדער געברויך;

4) קיינער טאָר נישט ווערען געצוואונגען צו טאָן אַ האַנדלונג, וואָס איז געגען דעם רעליגיעזען קולט און געברויך;

5) יעדער איז פריי, אָדער אַליין אָדער צוזאַמען מיט אַנדערע גלייך־געזאָנענע מענשען, צו געבען און אָנצונעמען יעדע פאָרם פון אַ רעליגיעזען לימוד;

6) אין פאַל פון אַ מינדער־יעהריגען איז דער פאָטער אָדער דער אַפּוטרופּס פריי צו באַשטימען וועלכע רעליגיעזען לימוד ער דאַרף באַקומען;

7) אַלע דאָזיגע רעכט און פרייהייטען דאַרפען ווערען באַשרענקט לויט ווי עס איז פאָרגעשריבען דורכ'ן געזעץ און עס איז נויטיג כדי צו באַשיצען די עפענטליכע אָרדנונג און וואוילזיין, די מאָראַל און די רעכט און פרייהייטען פון אַנדערע.

---

*) דאָקומענט נר. E/CN. 4/AC. 1/19

פון אָט די 7 יסודות זיינען בלויז זעקס אַריינגענומען געוואָרען אין ראַפּאָרט פון דער קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט צום עקאָנאָמישען און סאָציאַלען ראַט **). די באַשטימונג, אַז „אין פאַל פון אַ מינדעריעהריגען איז דער פאָטער אָדער דער אַפּוטרופּוס פריי צו באַשטימען וועלכען רעליגיעזען לימוד ער דאַרף באַקומען" — איז אַרויסגעפאַלען.

מען האָט דערפאַר צוגעגעבען, אין שייכות מיט׳ן רעכט צו געבען און אָנצונעמען יעדע סאָרט פון אַ רעליגיעזען לימוד, אַז יעדער איז אויך באַרעכטיגט זיך צו באַמיהען צו איבערצייגען אַנדערע מענשען פון אמת פון זיין גלויבען.

איצט געפינט זיך פאַר דער קאָמיסיע אַ פאָרשלאַג אַריינצוגעבען אַלס ערשטען טייל פון אַרטיקעל 16 פון קאָוועגאַנט דעם אַרטיקעל 18 פון דער דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט און דאַן מוסיף זיין בלויז די קלאַוזולע וועגען די פאַרשידענע באַשרענקונגען.

די קאָנסעקווענץ פון אָננעמען פון אָט דעם פאָרשלאַג וואָלט געווען, אַז פון די הויפּט־יסודות, וואָס איך האָב אויסגערעכענט, וואָלטען נאָך אייניגע געוואָרען פאַרזיכערט, און אויך זיי אין אַ גאַנץ אַלגעמיינער פאָרם. נישט באַריהרט וואָלט פאַרבליבען בלויז די באַשרענקונג, וואָס איז אַזוי ברייט, אַז פּראַקטיש וואָלט זי געקענט איבערהויפּט צונישט־מאַכען די גאַנצע פרייהייט פון רעליגיע פון די מינדערהייטס־גרופּען, ווייל כמעט אַלצדינג קען ווערען באַטראַכט, לויט דער מיינונג פון דער מערהייט, אַלס „נויטיג צו באַשיצען די עפענטליכע אָרדנונג און געזונטהייט, מאָראַל און די פונדאַמענטאַלע רעכט און פרייהייטען פון אַנדערע."

עס איז גאָר שווער צו פאַרשטעהן, פאַרוואָס גראַד בנוגע דעם וויכטיגסטען רעכט פון רעליגיעזע פרייהייט זאָל דער קאָווענאַנט נישט צוגעבען קיין שום פּראַקטישע באַשטימונג צו דער אַלגעמיינער ליניע, וואָס איז געוואָרען אָנגענומען אין דער דעקלאַראַציע. די דעקלאַראַציע האָט זיכער אויסגעפיהרט איהר אויפגאַבע אַלס אַ מאַניפעסט פון מענשען־רעכט, וואָס האָט דעם צוועק צו ערציהען די מענשהייט לויט געוויסע פּרינציפּען. דער קאָווענאַנט דאַרף קלאָר מאַכען און ספּעציפיצירען די עיקר׳דיגע רעכט פון אַלע מענשען. טאָ ווי קען ער טאָן פונקט דאָס פאַרקערטע בנוגע צו רעליגיעזע פרייהייט דורכדעם, וואָס ער זאָל איבער׳חזר׳ען בלויז דעם באַטרעפענדען אַרטיקעל פון דער דעקלאַראַציע און צוגעבען בלויז באַגרעניצונגען און באַשרענקונגען, וואָס זיינען מבטל די גאַנצע באַשטימונג?

---

**) דאָקומענט נר. E/800

אויב מען זאָל דאַרפֿען אָננעמען וועלכע עס איז באַגרעניצונג אין דעם דאָזיגען אַרטיקעל, דאַן איז דער באַגריף „עפֿענטליכע אָרדנונג" גענוג, ווייל ער איז ברייט גענוג כדי אַרומצונעמען דעם נויטיגען מינימום פֿון אַלע קאָנצעפּציעס, וואָס זיינען באַנוצט אין לעצטען פּאַראַגראַף פֿון אַרטיקעל 16, און געהט נישט אַריבער דעם דאָזיגען מינימום. דער פֿאָרשלאַג פֿון דער אַמע־ריקאַנער דעלעגאַציע צום דאָזיגען אַרטיקעל, לויט ווי ער איז געווען פּרעזענ־טירט אין ראַפּאָרט פֿון דרעפֿטינג־קאָמיטע פֿון מאַי 1948, האָט מיט רעכט אַדורכגעלאָזט אַלע באַגרעניצונגען פֿון דער רעליגיעזער פֿרייהייט. איינע פֿון די רעגירונגען פֿון די „יונייטעד ניישאַנס", די רעגירונג פֿון בראַזיליע, האָט אין איהרע באַמערקונגען צום קאָווענאַנט ריכטיג פֿאַרגעלייגט, אַז אַלע באַגרעני־צונגען, וואָס זיינען אַריין אין דאָזיגען אַרטיקעל, זאָלען אַרויסגענומען ווערען און עס זאָל פֿאָרמולירט ווערען אַ באַזונדערער באַשרענקונגס־אַרטיקעל, וואָס זאָל אָנגעווענדט ווערען צו אַלע רעכט און פֿרייהייטען פֿון גאַנצען קאָווע־נאַנט ***).

אין נאָמען פֿון דער אַלוועלטליכער אגודת ישראל נעהם איך זיך די פֿרייהייט פֿאָרצושלאָגען די פֿאָלגענדע פֿאָרמולירונג פֿון אַרטיקעל 16:

1. קיינעם טאָר נישט ווערען אָפּגעזאָגט די פֿרייהייט פֿון רעליגיע, געדאַנק, געוויסען און גלויבען, איינצעלווייזע אָדער צוזאַמען מיט אַנדערע גלייכגעזינטע, צו האַלטען און אָנצונעמען יעדען רעליגיעזען אָדער אַנדערן גלויבען, צו פּראַקטיצירען יעדע פֿאָרם פֿון רעליגיעזען קולט און מנהג, און נישט צו ווערען אויפֿגעפֿאָדערט צו טאָן וועל־כע עס איז האַנדלונג, וואָס איז געגען אַזאַ קולט און מנהג.

2. קיינעם טאָר נישט ווערען אָפּגעזאָגט דאָס רעכט צו געבען און צו באַקומען יעדע פֿאָרם פֿון אַ רעליגיעזען לימוד. אין פֿאַל פֿון אַ מינדעריעהרי־גען דאַרפֿען די נאַטירליכע עלטערען האָבען די פֿרייהייט צו באַשטימען וועלכע רעליגיעזען לימוד ער זאָל באַקומען. קינדער, וואָס זייערע עלטערען זיינען אומגעקומען בשעת אַ מלחמה אָדער אַן אַנדערע קאַטאַסטראָפֿע, מוזען ווערען ערצויגען אין דער רעליגיע פֿון זייערע עלטערען.

ווי מען קען לייכט זעהן, פֿאַראייניגט די דאָזיגע פֿאָרמולירונג דעם איצטיגען פֿאָרשלאַג דורכ׳ן פֿאַראייניגען צוויי פּאַראַגראַפֿען. דער עיקר׳־דיגער פֿאַרגעשלאָגענער חילוק באַציהט זיך צו דער פֿראַגע פֿון רעליגיעזער ערציהונג און דאָס וויל איך דאָ דאַריבער אויפֿקלערען.

***) דאָקומענט נר. E/CN. 4/85, זייט 79.

עס ווייזט אויס צו זיין עיקר׳דיג צו פאַרזיכערען דאָס רעכט פון די עלטערען, אַז זיי זאָלען קענען באַשטימען וועלכע רעליגיעזע לימודים זייערע קינדער זאָלען באַקומען. מיר געהען צוריק, בנוגע דעם פּרט, צום פאָרשלאַג פון דער דרעפטינג־קאָמיטע פון יאָהר 1948, מיט איין באַשרענקונג. מיר לייגען פאָר צו געבען אָט דאָס רעכט נאָר צו די נאַטירליכע עלטערען. בנוגע צו אַפּוטרופּסים איז דאָס רעכט נישט נויטיג, ווייל די מאַכט, וואָס באַשטימט דעם אַפּוטרופּס דאַרף סיי־ווי ספּעציפיצירען זיינע רעכט און פליכטען. נאָר עלטערען־רעכט דאַרפען ווערען פאַרזיכערט אין קאָווענאַנט פון מענשען־רעכט, און די געשיכטע לערנט אונז, אַז גאָר אָפט האָט מען די עלטערען אָפּגעזאָגט דאָס רעכט צו באַשטימען די רעליגיעזע לימודים, וואָס זייערע קינדער דאַרפען באַקומען.

דאָס רעכט פון די עלטערען איז אויך דער יסוד פון לעצטען זאַץ פון מיין פאָרגעשלאָגענעם טעקסט, וואָס רעדט וועגען דער רעליגיע פון די קינדער, וועמענס עלטערען זיינען אומגעקומען בשעת אַ מלחמה אָדער אַן אַנדערע קאַטאַסטראָפע. עס איז קלאָר, אַז דער ווונש פון די דאָזיגע עלטערען איז געווען, אַז זייערע קינדער זאָלען ווערען דערצויגען אין זייער רעליגיע. עס באַשטעהט אַ חוב מצד די, וואָס זיינען געבליבען לעבען, מקיים צו זיין דעם ווונש פון די טויטע. דער קאָווענאַנט פון מענשען־רעכט וואָלט נישט געווען פולשטענדיג, אויב אַ באַשטימונג, וואָס גאַראַנטירט דאָס, וואָלט נישט געוואָרען אַריינגענומען.

ווידער לערנט אונז די געשיכטע גאָר קלאָר, אַז אַזאַ באַשטימונג איז דרינגענד נויטיג. איך וויל דערמאָנען די לעצטע מאַסען־פאַרניכטונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין איירופּע דורך די נאַצי־האָרדעס. זעקס מיל־יאָן אומשולדיגע אידען זיינען געוואָרען ברוטאַל דערמאָרדעט, צווישען זיי אַ מיליאָן קינדער. אָבער אַ געוויסע צאָהל קינדער איז אַנטרינען פון טויט צוליב דעם מיטלייד פון די נישט־אידישע שכנים פון די געפייניגטע אידען, און האָט איבערלעבט די קאַטאַסטראָפע ווערענדיג באַהאַלטען אין נישט־אידישע היימען. צו אונזער טיפסטען שמערץ און באַדויערען זיינען אָבער אויך די דאָזיגע קינדער אין אַ סך פאַלען, פאַרלוירען פאַר זייער פאָלק. מעהר ווי 20,000 אַזעלכע אידישע קינדער ווערען איצט ערצויגען נישט אין דער רעליגיע פון זייערע דערמאָרדעטע עלטערען.

**איז דאָס נישט איינע פון די גרעסטע גרויזאַמקייטען, וואָס די פרייע וועלט איז באַגאַנגען, אין די קרבנות פון היטלער׳ס גאַז־קאַמערען, נאָך זייער טויט?**

היטלער האָט פון זיי צוגענומען זייער לעבען און זייער פאַרמעגען. וואָס איז געבליבען איז בלויז דאָס יתומ׳ל, דאָס קליינע קינד, וואָס האָט נישט צומאָל געקענט פאַרשטעהן די קאַטאַסטראָפע פון זיינע עלטערען און פון זיין מאַסאַקרירטען פאָלק, אין דער צייט, ווען די קאַטאַסטראָפע איז פאָרגעקומען. די וואָס פרעמדען־אָפּ די דאָזיגע יתומים פון דער רעליגיע פון היטלער׳ס קרבנות, העלפען איצט פאַרווירקליכען די צילען פון היטלער׳ן, די פאַרניכטונג פון אידישען פאָלק.

עס איז פאַראַן נישט בלויז אַ פיזישע אויסראָטונג, נאָר אויך אַ גייסטיגע אויסראָטונג, און דאָס קומט פאָר ווען היימלאָזע קינדער ווערען אַוועקגענומען פון דער רעליגיע פון זייערע דערמאָרדעטע עלטערען. עס איז גלייך, ווי ווען אַ מענש העלפט אַ צווייטען מענשען, וואָס איז געוואָרען אָנגעגריפען פון אַ רויבער אין מיטען גאַס. דער פאַקט, אַז ער האָט איהם געהאָלפען, שאַפט פאַר איהם נאָך נישט קיין רעכט אַוועקצונעמען דעם קרבנ׳ס פאַרמעגען. דאָס פאַרמעגען באַלאַנגט אָדער צום אָנגעגריפענעם מענש גופא, אויב ער איז געבליבען לעבען, אָדער צו זיינע לעגאַלע יורשים. דער מענש, וואָס האָט געהאָלפען, איז נישט דער יורש פון קרבן.

דער קאָווענאַנט פון מענשען־רעכט מוז זיכער אַרומנעמען אַזאַ סיטואַציע און איך וויל גלויבען, אַז ער וועט פאַרזיכערען די רעכט פון די שוואַכע דורכדעם, וואָס ער וועט אַריינגעמען די פאָרגעשלאָגענע באַשטימונג, אַז „קינדער, וואָס זייערע עלטערען זיינען אומגעקומען בשעת אַ מלחמה אָדער אַן אַנדערע קאַטאַסטראָפע, מוזען ווערען ערצויגען אין דער רעליגיע פון זייערע עלטערען".

---

# וועגען באַגריף און די רעכט פון אַ מינאָריטעט

**רעדע אין דער יונייטעד ניישאַנס סוב־קאָמיסיע פאַר פאַרהיטען פון דיסקרימינאַציע און שוץ פון מינאָריטעטען, אין לעיק סוקסעס, דעם 17טען יאַנואַר, 1950.**

די רעזאָלוציע וועגען דעפינירען און קלאַסיפיצירען דעם באַגריף פון אַ מינאָריטעט, וועלכע ווערט איצט דעבאַטירט, ריהרט אָן אין עצם מהות פון פּראָבלעם און זי וועט אין דער צוקונפט, ווען זי וועט שליסליך ווערען אָנגענומען, זיין דער הויפּט־דאָקומענט, פון וועלכען דער שוץ פון מינאָריטעטען־רעכט וועט אין אַ גרויסער מאָס זיין אָפּהענגיג.

מיר דוכט זיך דעריבער, אַז עטליכע באַמערקונגען פון שטאַנדפּונקט פון אַ פאָלק, וואָס האָט אַזויפיעל געליטען פון דיסקרימינאַציע, ווי מיר אידען, וועלען זיין אין דער צייט. איך רעד אין נאָמען פון דער אגודת ישראל וועלט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע פאַרטרעט די רעליגיעזע אידען אין דער וועלט.

מיר גלויבען, אַז די פאָרגעשלאָגענע רעזאָלוציע און אויך איהרע מאָטיוועז, לויט ווי זיי זיינען פאָרמולירט געוואָרען, נויטיגען זיך אין אַן אויפקלערונג.

אין זייער מהות באַדייטען אַלע רעכט פון מינאָריטעטען אַזויפיעל ווי אַז די מינדערהייט־גרופּע באַקומט פולשטענדיג די זעלבע באַהאַנדלונג ווי דער רעשט פון דער באַפעלקערונג. דעריבער קען דער זאַץ אין דער רע־זאָלוציע, וואָס זאָגט, אַז „אַ באַזונדערער שוץ איז נישט נויטיג . . . ווען די באַטרעפענדע גרופּע וויל ווערען באַהאַנדעלט פולשטענדיג גלייך מיט׳ן רעשט פון דער באַפעלקערונג" — זעהר לייכט ווערען שלעכט פאַרשטאַנען.

וואָס באַדייט אין ווירקליכקייט, אַז „מען באַקומט פולשטענדיג די זעלבע באַהאַנדלונג ווי דער רעשט פון דער באַפעלקערונג"? לאָמיר נעמען אַלס ביישפּיל אַזאַ רעכט ווי דאָס רעכט „צו מאַניפעסטירען זיין רעליגיע אָדער גלויבען אין לערנען, פּראַקטיק, תפילה און געברויך", וואָס איז געוואָרען גאַראַנטירט אין אַרטיקעל 18 פון דער אַלגעמיינער דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט. יעדע גרופּע פון בירגער פון אַ מלוכה וויל זיכער, אין דער באַציהונג, נישט מעהר ווי צו ווערען באַהאַנדעלט פולשטענדיג גלייך ווי דער רעשט פון דער באַפעלקערונג. די דאָזיגע גלייכהייט מיינט פּראַקטיש, אַז אַ בירגער פון דער שווייץ, למשל (איך נעם שווייץ פאַר אַ משל, ווייל זי איז אַ טיפּישע מולטי־נאַציאָנאַלע מלוכה), וועלכער באַלאַנגט צו דער איטאַליענישער פאָלקס־גרופּע, דאַרף ווערען באַהאַנדעלט פולשטענדיג גלייך מיט אַ בירגער, וואָס באַלאַנגט צו דער פראַנצויזישער פאָלקס־גרופּע. פונקט אַזוי דאַרף אַ בירגער פון אידישען גלויבען נישט ווערען באַהאַנדעלט אַנדערש ווי אַ בירגער, וואָס זיין רעליגיע איז קאַטאָליש. אויב די מלוכה האָלט אויס שולען פאַר איהרע בירגער, וואו פראַנצויזיש איז די אונטערריכט־שפּראַך, דאַן פאָדערט דער פּרינציפּ פון „פולשטענדיג גלייכער באַהאַנדלונג" — און נישט מעהר ווי דער פּרינציפּ, זיכער נישט קיין מינאָריטעטען־רעכט — אַז דערזעלבער טיפּ שולען זאָל ווערען אויסגעהאַלטען דורך דער מלוכה אין דער איטאַליענישער שפּראַך. פונקט אַזוי פאָדערט דער פּרינציפּ פון „פולשטענדיג גלייכער באַהאַנדלונג", אַז אידען זאָלען קענען לעבען לויט די פאָרשריפטען פון זייער רעליגיע, אַזוי ווי די אַנדערע בירגער לעבען לויט די פאָרשריפטען פון זייער רעליגיע.

אָבער דער פּרינציפּ פון „פולשטענדיג גלייכער באַהאַנדלונג" ווערט אין אַ סך לענדער פאַרגעוואַלטיגט, ווייל די מאַיאָריטעט, און טיילמאָל אפילו

אַ חלק פון דער מינדערהייטס־גרופּע גופא, פאַרשטעהט די „גלייכהייט פון דער באַהאַנדלונג“ אַלס דאָס אונטערוואַרפען זיך צו געוויסע פאָרמען פון דער מעהרהייטס־גרופּע. דער מיטעלאַלטערליכער כלל „וועמענס לאַנד, דעם געהערט די רעליגיע“, איז געוואָרען אין די מאָדערנע צייטען געענדערט אין „וועמענס לאַנד, דעם געהערט דאָס פאָלק“, און דאָס נישט בלויז פון שטאַנד־פונקט פון דער מאַיאָריטעט־גרופּע, נאָר אויך פון אַ טייל פון דער מינדער־הייטס־גרופּע. דאָס איז נאַטירליך אַ פעהלער, וועלכער טאָר נישט ווערען אַריינגעפיהרט אין אַזאַ דאָקומענט ווי די רעזאָלוציע „וועגען דעפינירען און קלאַסיפיצירען די מינאָריטעטען“.

אַן אַנדערע באַמערקונג וועגען דער פראַגע צי אַ מינדערהייטס־גרופּע מוז „ווינשען“ אָדער „וועלען“ (אָדער וועלכע אנדערע באַצייכנונג, וואָס באַ־צוועקט דאָסזעלבע) דערהאַלטען איהרע פעסטע כאַראַקטעריסטישע סימנים, ווי דאָס ווערט פאָראויסגעזעהען אין דער פאָרגעשלאָגענער רעזאָלוציע און איהר מאָטיווירונג. אָט דער פּרינציפּ, אויב ער זאָל ווערען באַשלאָסען, קען גורם זיין פּראַקטישע שוועריגקייטען, וואָס מען זאָל כמעט נישט קענען גובר זיין. נאָר זעהר זעלטען איז מעגליך צו האָבען אַ מאַניפעסטירטען אויסדרוק פון ווילען פון אַ גאַנצער מינדערהייטס־גרופּע, ווייל עס זיינען דאָך תמיד פאַראַן חילוקי־דעות אין דער מינדערהייטס־גרופּע גופא. די געשיכטע לערנט אונז, אַז די מאַיאָריטעט נוצט אויס די גרופּען אין דער מינאָריטעט, כדי אויסצושפּילען זיי געגען אַנדערע חלקים פון דערזעלבער מינאָריטעט. דאָס איז דער אַלטער כלל פון „טייל און הערש“ לויט ווי ער ווערט אָנגעווענדעט לגבי מינאָריטעטען־רעכט.

עס איז נישטאָ קיין אַנדערער אופן פון באַשיצען די רעכט פון אַ מינ־דערהייט ווי אָנצונעמען דעם פאַקט — דעם בלויזען פאַקט — אַז אַ מינאָרי־טעט, מעג זי זיין אַ עטנישע, רעליגיעזע אָדער שפּראַכליכע, עקזיסטירט, און אַז די מאַיאָריטעט דאַרף באַהאַנדלען די דאָזיגע מינדערהייט אויפ׳ן שטייגער פון אַ „פולשטענדיגער גלייכהייט“ מיט דער מעהרהייטס־גרופּע אַליין. עס איז אַבסאָלוט נישטאָ וואָס מורא צו האָבען, אַז דער דאָזיגער פּרינציפּ קען פיהרען צו דעם, אַז מען זאָל צווינגען אַ מיטגליד פון דער מינדערהייטס־גרופּע, אַז ער זאָל זיך נישט אַסימילירען מיט דער מעהרהייט אויב ער וויל עס יאָ טאָן.

עס זיינען פאַראַן צוויי באַזונדערע פּראָבלעמען: 1) די דעפיניציע פון אַ מינאָריטעט, און 2) די רעכט און פליכטען פון די מינאָריטעטען. די פאָרגעשלאָגענע רעזאָלוציע, וואָס ווערט איצט דיסקוטירט, פאַרלאַנגט אין איהר לעצטען פּאַראַגראַף, אַז „די מינדערהייטען מוזען זיין לאָיאַל צו דער מלוכה, וועמענס בירגער זיי זיינען“. עס ווערט דאַריבער אָנגערופען איין, הגם גערעכטע, פליכט פון די מינאָריטעטען, נישט זאָגענדיג דערביי וואָס וועלען

זיין זייערע רעכט. איך וויל ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען, אַז דער אַזוי־גערופענער מאָטטאַ־ראַפּאָרט, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען דורכ׳ן פעלקער־בונד אין יאָהר 1930, האָט על־כל־פּנים געזאָגט, אַז „די מעהרהייטען מוזען זיין געזעכט און גרויס־האַרציג און די מינדערהייטען מוזען זיין לאָיאַל״. אויף אַזאַ אופן זיינען אונטערגעשטראָכען געוואָרען די פליכטען נישט בלויז פון די מינדערהייטען נאָר אויך פון די מעהרהייטען.

אין דער מאָטיווירונג פון דער „דרעפט רעזאָלוציע וועגען דעפינירען און קלאַסיפיצירען די מינאָריטעטען״ זיינען פאַראַן אַזויפיעל באַשרענקענדע קלאַוזולען, אַז מען קען זיכער צווייפלען, אויב אַזעלכע פאָרמולעס זאָלען ווערען באַשלאָסען, צי וועלכע עס איז מינדערהייטס־רעכט וועלען איבערהויפּט זיין פּראַקטיש דורכפיהרבאַר. כמעט אַלצדינג אין דער וועלט קען דאָך ווערען אינטערפּרעטירט אַלס:

(קלאַוזולע 1)

„דאָס נישט־געווינשט זיין פון אַרויפלייגען נישט־פאַרלאַנגטע חילוקים אויף מיטגלידער פון אַ גרופּע, וואָס הגם זי באַזיצט די באַזונדערע כאַראַקטעריסטישע סימנים, וויל אָבער דאָך נישט ווערען באַהאַנדעלט אַנדערש ווי דער רעשט פון דער באַפעלקערונג״.

אָדער (קלאַוזולע 2)

„דאָס נישט־געווינשט זיין פון ווירקען אַנטקעגען די ספּאָנטאַנע אַנטוויקלונגען, וואָס קומען פאָר בשעת אַזעלכע גורמים ווי אַ נייע אומגעבונג אָדער מאָדערנע קאָמוניקאַציע־מיטלען, רופען אַרויס אַ צושטאַנד פון אַ שנעלער ראַסישער, סאָציאַלער, קולטורעלער אָדער שפּראַכליכער עוואָלוציע״.

אָדער (קלאַוזולע 3)

„ריזיקאָ פון אָננעמען מיטלען, וואָס קענען זיך לאָזען באַנוצען צו אַ מיסברויך אינערהאַלב פון אַ מינאָריטעט, וועמענס ספּאָנטאַנער וואונש צו פיהרען אַ רוהיג לעבען אַלס צופרידענע בירגער פון אַ מלוכה קען ווערען צושטערט דורך פּאַרטייען, וואָס זיינען אינטערעסירט אין אַרויסרופען ביי זיי נישט־לאָיאַליטעט לגבי דער דאָזיגער מלוכה״.

די געשיכטע און די אַנטוויקלונג פון מינאָריטעטען־רעכט אין דער צייט צווישעןביידע וועלט־מלחמות קען אונז געבען אַ גוטע לעקציע, וויאַזוי

אַזעלכע „נישט־געווינשטהייטען״ און „ריזיקעס״ האָבען יעדען שוץ פון מינ־דערהייטען געמאַכט כמעט אילוזאָריש.

איך בין צופרידען, וואָס די קלאַוזולע 4 וועגען „דעם נישט־געווינשט זיין פון געבען שוץ צו מנהגים, וועלכע זיינען געגען די געזעצען פון דער הומאַניטעט״ איז געוואָרען געענדערט אויף „דעם נישט־געווינשט זיין פון געבען שוץ צו מנהגים, וועלכע זיינען נישט אין הסכם מיט די מענשען־רעכט לויט ווי זיי זיינען פראָקלאַמירט געוואָרען אין דער אוניווערזאַלער דעקלאַ־ראַציע פון מענשען־רעכט״. דער פריהערער נוסח וואָלט געווען זעהר לייכט געקענט ווערען שלעכט פאַרשטאַנען און שלעכט אינטערפּרעטירט. עס האָט קיינער זיכער נישט די גרינגסטע אַבזיכט צו געבען שוץ קאַניבאַלישע מנהגים. אָבער דער אויסדרוק „געזעצען פון דער הומאַניטעט״ איז אַזוי אַלגעמיין, אַז ער האָט איבערגעלאָזט די טיר אָפען פאַר אַ סך מיסברויכען. איך וויל אייך דאָ געבען אַ ביישפּיל. ווען די נאַציס האָבען אין יאָהר 1939 כובש געווען פוילען און אָנגעהויבען צו פאַרפאָלגען די אידען, האָבען זיי קודם־כל אַרויס־געגעבען אַ דעקרעט, אין וועלכען זיי זיינען געווען אַזוי ווייט אונפאַרשעמט, אַז זיי האָבען געזאָגט אַט וואָס (איך ציטיר דאָ דעם אָפיציעלען דעקרעט, וואָס איז אונטערגעשריבען דורך האַנס פראַנק, דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פון פוילען, וואָס איז שפּעטער, צוליב היסטאָרישער גערעכטיגקייט, געוואָרען פאַראורטיילט צום טויט אין נירענבערג):

„אין יעדען געביט, וואָס שטעהט אונטער דייטשען געזעץ, איז גרויזאַמ־קייט לגבי וועלכע עס איז בהמות נישט ערלויבט.
יעדער וואָס וועט זיין שולדיג . . . וועט ווערען באַשטראָפט . . . די תפיסה קען ווערען אויסגעדינט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערען״.

דאָ זעהט מען קלאָר, ווי אַ געזעץ־געבער קען אין איין געזעץ פאַר־באָטען גרויזאַמקייט לגבי „וועלכע עס איז בהמות״ און אַריינפיהרען אַזעלכע „הומאַנע״ אינסטיטוציעס ווי קאָנצענטראַציע־לאַגערען פאַר מענשען, וואָס זיינען נישט באַגינסטיגט דורכ׳ן געזעץ־געבער. פראַנק האָט, ווייזט אויס געהאַט זיין אייגענע קאָנצעפּציע פון פריינדליכקייט לגבי בהמות, אַ קאָנצעפּ־ציע, וואָס האָט געפיהרט צום אויסמאָרדען פון זעקס מיליאָן אומשולדיגע מענשען.

איך וויל פאָרשלאָגען אַן אַנדערע רעזאָלוציע, וואָס וועט דעפינירען און קלאַסיפיצירען דעם באַגריף פון אַ מינאָריטעט אויף אַן אַנדערען און קירצערען אופן. אפילו אויב די קאָמיסיע זאָל אפשר אין איצטיגען מאָמענט נישט קענען אַזוי ענדערען די גאַנצע סטרוקטור פון דער רעזאָלוציע, וואָס ווערט איצט דיסקוטירט, דאָך וועט מיין פאָרמולע אייך קענען דינען אין דער

צוקונפט, ווייל זי אַנטהאַלט אַ גאַנצע רייהע פון נייע עלעמענטען. מיין פאָר־שלאַג לויטעט אַזוי:

„די סוב־קאָמיסיע פאַר פאַרהיטען דיסקרימינאַציע און שוץ פון מי־נאָריטעטען, אַנערקענענדיג, אַז אין אַ סך מדינות עקזיסטירען דייטליך דער־קענבארע באַפעלקערונגס־גרופען, וואָס באַזיצען עטנישע, רעליגיעזע אָדער שפּראַכליכע סימנים, וואָס זיינען אַנדערש פון רעשט פון דער באַפעלקערונג, געוועהנליך אָנגערופען מינדערהייטען;

אַנערקענעדיג אָבער, אַז קיינער טאָר נישט געגען זיין ווילען ווערען באַטראַכט אַלס געהעריג צו אַ מינדערהייט, הגם ער באַזיצט די דערמאָנטע אָפּזונדערונגס־סימנים —

באַשליסט, אַז פאַר די צוועקען פון אַזאַ באַשיצען ווי די יונייטעד ניי־שאָנס וועלען זיין וויליג צו באַשטימען:

1) דער באַגריף „מינאָריטעט" מיינט נאָר אַזעלכע נישט־דאָמינירענדע גרופען אין אַ באַפעלקערונג, וואָס באַזיצען סטאַבילע עטנישע, רעליגיעזע אָדער שפּראַכליכע אָפּזונדערונגס־סימנים, וועלכע זיינען קלאָר אַנדערש פון רעשט פון דער באַפעלקערונג;

2) קיינער קען נישט ווערען, געגען זיין פרייען ווילען, באַטראַכט אַלס געהעריג צו אַ מינאָריטעט, הגם ער באַזיצט די אָפּזונדערונגס־סימנים פון אַ מינאָריטעט, וואָס זיינען אויבען געוואָרען באַשריבען;

3) די רעכט און פליכטען פון די מינאָריטעטען דאַרפען זיין באַזירט אויפ׳ן פרינציפּ פון פון אַ פולשטענדיגער גלייכהייט פון באַהאַנדלונג פון אַלע גרופען פון דער באַפעלקערונג פון דער מלוכה".

---

# מען טאָר נישט פאַרטרייבען פליטים פון לאַנד אָהן אַ געריכטליכע אַנטשיידונג!

### רעדע אין דער ספּעציעלער יונייטעד ניישאָנס קאָמיטע פאַר ענינים פון פליטים און שטאַטען־לאָזיגקייט, אין לעיק סוקסעס, געהאַלטען דעם 2־טען פעברואַר, 1950

דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון פליטים און שטאַטענלאָזע מענשען האָט, אין זיין אייגענטליכען מהות, פאָלגענדע פיער אַספּעקטען: 1) די פראַגע פון אַריינלאָזען אַ פליט אין אַ לאַנד, וואו ער זאָל קענען לעבען; 2) די רעגו־לירונג פון זיין סטאַטוס און זיינע רעכט און פליכטען אין נייעם לאַנד;

3) די פאַרענדערונג פון זיין סטאַטוס, לויט וועלכער ער פאַרלירט דעם כאַראַקטער פון אַ פּליט; און 4) די מעגליכקייט פון זיין געוואַלטזאַמער באַזייטיגונג פון נייעם לאַנד אויב און ווען די פאַרענדערונג פון זיין סטאַטוס קען נישט ווערען דערגרייכט.

די סטרוקטור פון פּראָיעקט פון דער קאָנווענץ, וואָס ווערט דיסקוטירט, געהט אין דאָזיגען לאָגישען און כראָנאָלאָגישען סדר, אָבער מיט'ן אויסנאַהם פון אַרטיקעל 24. דער דאָזיגער אַרטיקעל וואָלט געדאַרפט קומען נאָכ'ן פּרק וועגען דער נאַטוראַליזירונג, ווייל דאָס אַרויסטרייבען פון אַ פּליט איז, אָדער דאַרף על־כל־פּנים זיין, אַ יוצא מן הכלל פון דער אַלעגמיינער הנחה אַז אַ פּליט אָדער שטאַטענלאָזער מענש ווערט שליסליך אַבסאָרבירט דורכ'ן לאַנד, וואו ער באַקומט זיין לעגאַלען וואוינאָרט. די דאָזיגע קאָנווענץ שטרעבט זיכער צו רעגולירען דעם פּראָבלעם פון שטאַטען־לאָזיקייט אין גייסט פון דער לעגאַלער אַבסאָרפּציע פון די פּליטים דורך די נייע לענדער, וואָס נעמען זיי אויף. עס וואָלט דאַריבער געווען ראַטזאַם צו רעדען קודם פון דער נאַטוראַליזאַציע און ערשט שפּעטער פון אויסנאַהמס־פאַל, דאָס הייסט פון דער מעגליכקייט אַרויסצושיקען פון לאַנד.

איך גלויב, אַז דער גאַנצער אַרט. 24, לויט ווי ער איז פאָרגעשלאָגען געוואָרען דורכ'ן גענעראַל־סעקרעטאַריאַט, דאַרף ווערען איבער־רעדאַגירט און איבער־גרופּירט.

אַרויסטרייבען אַ פּליט פון לאַנד מיינט פאַר איהם, אין רוב פון די פאַלען, אַ לאַנגע גסיסה. עס איז גלייך צו אַ פּשוט'ען טויט־אורטייל אויב מען שיקט איהם צוריק אין לאַנד, פון וואַנען ער שטאַמט אָפּ און דאַריבער ווערט דאָס מיט רעכט פאַרבאָטען אין פּראָיעקט פון דער קאָנווענץ. אויף דעם אופן איז די דאָזיגע קאָנווענץ מקיים איינע פון די שענסטע און עטיש פון קיינעם נישט איבערשטיגענע פאָרשריפטען פון אידישען דין, וואָס איז בעיקר געוואָרען אונטערשטראָכען דורך די נביאים.

מיר דוכט זיך, אַז איינער פון די ערשטע אידישע נביאים, עמוס, האָט באַטראַכט דעם פאַרבאָט צוריקצושיקען פּליטים אַלס אַ פאַרפּליכטענדע נאָרמע פון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ פון זיין צייט. ער האָט געזאָגט, אַז גאָט וועט קיינמאָל נישט מוחל זיין דעם פּלשתים־פאָלק פון עזה און דעם פעניציער־פאָלק פון צור די זינד, וואָס זיי האָבען אַרויסגעטריבען די אידישע פּליטים, וועלכע זיינען אַנטלאָפען אין זייער לאַנד, און זיי איבערגעגעבען דעם שונא, צום קעניגרייך פון אדום. עס איז קלאָר, אַז אויב עמוס האָט געמאַכט דעם פאָרוואורף עזה און צור, וועלכע זיינען דאָך נישט געווען געבונדען דורכ'ן אידישען דין, אַז זיי האָבען דורך דעם געזינדיגט, דאַן האָט ער דאָס באַטראַכט פאַר אַ פאַרלעצונג פון אינטערנאַציאָנאַלען רעכט. מיר האָבען דאַריבער אַ

וואונדערבאַרען פּרעצעדענט פאַר דער איצטיגער קאָנווענץ, אַ פּרעצעדענט, וואָס איז שוין גאָר אַלט, ווייל עמוס האָט געלעבט אין אַכטען יאָהרהונדערט פאַר דער איצטיגער צייטרעכנונג.

אָבער נישט נאָר דאָס צוריקשיקען אַ פּליט אין לאַנד פון זיין אָפּ־שטאַמונג אָדער אין די לענדער, וואו זיין לעבען וואָלט געווען באַדראָהט צוליב זיין ראַסע, רעליגיע, נאַציאָנאַליטעט אָדער פּאָליטישע אַנשויאונגען, איז אַזוי געפעהרליך פאַר איהם. שוין דאָס אַרויסשיקען אַליין באַדייט פאַר איהם — ווי איך האָב געזאָגט — אַ לאַנגע גסיסה. דאָס מעמאָראַנדום פון גענע־ראַל־סעקרעטאַריאַט פון 3־טען יאַנואַר 1950 זאָגט גאַנץ ריכטיג, אַז „עס איז זעהר נישט וואַהרשיינליך אַז אַ פרעמד לאַנד וועט מסכים זיין אויפצונעמען אַ פּליט, וואָס מען האָט פאַראָרדענט איהם אַרויסצושיקען און וואָס איז צוליב דעם געוואָרען געסטעמפּעלט אַלס נישט־געוואונשען". דאָס מעמאָראַנדום דריקט דאַן אויס די מיינונג, אַז דער איינציגער רעזולטאַט פון אַן אַרויסשיקען אַ פּליכטלינג וועט זיין, אַז דער אומגליקליכער פּליט וועט זיך דאַרפען באַהאַלטען. עס איז נישטאָ קיין צווייפעל, אַז זיין ווייטערדיג לעבען וועט זיין גלייך צו אַ כסדר גויאָגטער חיה.

עס איז נאָך פאַראַן אַן אַנדערע מעגליכקייט, וועלכע דאָס מעמאָראַנדום פון גענעראַל־סעקרעטאַריאַט האָט נישט גענומען אין באַטראַכט און וועלכע איך וויל דאָ דערמאָנען, ווייל איך נעהם זיך פון דער געשיכטע פון אונזערע טעג. אַ פּליט, וואָס ווערט אַרויסגעטריבען פון אַ לאַנד און נישט אַריינגעלאָזט אויף דער אַנדערער זייט פון גרעניץ, איז געצוואונגען צו שטעהן אין אַזוי־גערופענעם „קיינעמס לאַנד". בשעת איך בין געווען אין אייראָפּע אין יאָהר 1946, איז אַמאָל פאַרפאַהרען אין „קיינעמס־לאַנד" צווישען אונגאַרן און עסטרייך אַ גאַנצער צוג מיט פּליטים, אָנגעלאָדען מיט זקנים, פרויען און קינדער, וועלכען מען האָט נישט געלאָזט צוריקפאָהרען קיין אונגאַרן און אויך נישט צו פאָהרען ווייטער קיין עסטרייך. עס איז נישט נויטיג צו זאָגען, וויפיל די דאָזיגע מענשען האָבען געליטען, ביז די אַמעריקאַנער אַרמיי האָט זיי שליסליך גענומען אין דער אַמעריקאַנער זאָנע פון דייטשלאַנד.

אָדער אַן אַנדער ביישפּיל: אין יאָהר 1938 האָט די נאַצי־רעגירונג במשך איין נאַכט פּלוצים צוזאַמענגעטריבען אַלע אידען, וואָס האָבען פריהער געהאַט די פּוילישע בירגערשאַפט און וואָס זיינען צוליב אַ ניי פּויליש געזעץ געוואָרען מיט אַמאָל שטאַטענלאָז, און זיי צוגעפירט צום „קיינעמס לאַנד" ביים גרעניץ־פונקט זבאָנשין. די דאַמאָלסדיגע פּוילישע רעגירונג האָט זיי נישט אַריינגעלאָזט, און דער איינציגער חסד, וואָס מען האָט באַוויליגט פאַר דער דאָזיגער גרופּע פון אַ סך טויזענטער מענער, פרויען און קינדער — איז געווען, אַז זיי זיינען געוואָרען אינטערנירט באַלד אויף דער פּוילישער זייט פון

גרעניץ, וואו הילפס־אָרגאַניזאַציעס האָבען צו זיי געקענט צוקומען און במשך פון לאַנגע חדשים באַשפּייזען. איך גלויב, אַז יעדער וועט מסכים זיין, אַז אַזאַ אַרויסשיקען מיינט אַ לאַנגזאַמען אָבער זיכערען טויט.

לאָמיר איצט באַטראַכטען, אונטער וועלכע אומשטענדען דער פּראָיעקט פון דער קאָנווענץ באַרעכטיגט דאָס אַרויסשיקען אַ פּליכטלינג. לויט'ן אַרט. 24 איז דאָס ערלויבט דורך פּאָליציי־מיטלען „אויב עס איז דיקטירט דורך מאָ־טיוועז פון נאַציאָנאַלער זיכערהייט אָדער עפּענטליכער אָרדנונג". דער פּאַר־שלאַג פון פראַנקרייך פון 17־טען יאַנואַר 1950 לאָזט אויס, אין זיין אַרטי־קעל 19, די ווערטער „עפּענטליכע אָרדנונג" און באַנוגענט זיך בלויז מיט „נאַציאָנאַלע זיכערהייט".

דער ערשטער פּאַראַגראַף פון פּראָיעקט, וואָס אַנטהאַלט די דאָזיגע באַ־שטימונג, איז איבערגענומען פון אַרטיקעל 3 פון דער קאָנווענץ פון 28־טען אָקטאָבער 1933, וואו דיזעלבע מאָטיוועז פון „נאַציאָנאַלער זיכערהייט" און „עפּענטליכער אָרדנונג" זיינען געוואָרען אָנגעגעבען כדי צו באַרעכטיגען דאָס אַרויסשיקען אַ פּליכטלינג. די אייגענע באַשטימונג איז אויך פאַראַן אין אַרט. 5 פון דער קאָנווענץ פון 10־טען פעברואַר 1938.

אָבער דאָס שוואַכט אומגעהויער אָפּ די פּאַרטיידיגונג פון פּליט. איך וויל שוין גאָר נישט רעדען פון די ווערטער „עפּענטליכע אָרדנונג", וואָס לאָזען פּשוט איבער דעם פּליט צו דער גנאָד פון יעדען אַדמי־ניסטראַטיווען אָרגאַן. איז דען דאָ עפּעס אין דער וועלט, וואָס אַ רעגירונג זאָל נישט קענען באַצייכענען אַלס נויטווענדיגקייט פון דער „עפּענטליכער אָרד־נונג"? אָבער אויך דער אויסדרוק „דיקטירט דורך דער נאַציאָנאַלער זיכערהייט" איז זעהר ברייט און קען פיהרען צו די ביטערסטע קאָנסעקווענצען פאַר אַ פּליט, וואָס די רעגירונג פון אַ לאַנד וויל איהם נישט האָבען. דאָס קען געבען אַן אַנטשולדיגונג פאַר די ערגסטע שריט לגבי פּליטים, הגם, אָביעקטיוו גענומען, די נאַציאָנאַלע זיכערהייט און די עפּענטליכע אָרדנונג וואָלטען גאָר נישט געווען אין סכנה.

ווען היטלער האָט אַרויסגעטריבען אין „קיינעמס־לאַנד" ביי זבאָנשין די מאַסען רוהיגע און געזעץ־רעספּעקטירענדע איינוואוינער פון דייטשלאַנד, ווייל זיי זיינען געווען אידען און זיינען איבער נאַכט געוואָרען שטאַטען־לאָז, האָט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט געהאַט דאָס געפיהל, אַז אַ גרויזאַמ־קייט איז באַגאַנגען געוואָרען. אָבער האָבען די נאַציס דאַן נישט געקענט זאָ־גען, אַז זיי האָבען דעם דאָזיגען ברוטאַלען שריט געמאַכט צוליב זייער „נאַ־ציאָנאַלער זיכערהייט"? עס איז נאַטירליך נישטאָ קיין שום ספק, אַז די „עפּענטליכע אָרדנונג" אין נאַצי־דייטשלאַנד, לויט ווי די דאָזיגע גענגסטערס

האָבען זי פאַרשטאַנען, איז געווען אַ מאָטיוו פאַר׳ן באַרבאַרישען באַהאַנדלען די גאַנצע גרופּע שטאָטענלאָזע מענשען.

אויב אַ פּליט איז אין אַ לאַנד אין חשד, למשל, אַז ער איז אַ שפּיאָן, דאַן פאַרלאַנגט די נאַציאָנאַלע זיכערהייט אפשר גיכער, אַז מען זאָל איהם אַרעסטירטע אָדער אינטערנירען, איידער מען זאָל איהם אַרויסטרייבען פון לאַנד. אויב ער איז שולדיג אין אַ קרימינעלען פאַרברעכען, דאַן זיינען אין יעדען לאַנד פאַראַן ווענען וויאַזוי איהם צו באַשטראָפען. פאַרוואָס זאָל אַ פּליט ווערען באַשטראָפט דאָפּעלט אָדער דרייפאַך? איז נישט גענוג, אַז ער ליידט אויך אָהן דעם, ווייל זיין לעגאַלער סטאַטוס איז מיט אַזויפיעל נידריגער ווי דער פון אַ געוועהנליכען בירגער?

מיר דוכט זיך, אַז דער בעסטער אופן וויאַזוי צו באַשיצען סאַי די נאַציאָנאַלע זיכערהייט, סאַי די רעכט פון אַ פּליט, איז צו איבערגעבען די אַנטשיידונג וועגען אַ מעגליכען אַרויסשיקען פון פּליט נאָר צו דער געריכטס־מאַכט. דער פּאַראַגראַף 4 פון אַרט. 24 פון דער קאָנווענץ דערמאָנט די געריכט־ליכע אַנטשיידונג אַלס יסוד פון אַרויסשיקען, טאָ צוליב וואָס דאַרף מען אַ באַ־זונדערע קלאַוזולע וועגען „נאַציאָנאַלע זיכערהייט" און „עפּענטליכע אָרדנונג" אין פּאַראַגראַף 1 פון דערמאָנטען אַרטיקעל?

אויב די קאָמיטע זאָל זיין אין דער מיינונג, אַז מען דאַרף יאָ דערמאָנען די „נאַציאָנאַלע זיכערהייט" אין דער קאָנווענץ, דאַן ערלויב איך זיך פאָר־צושלאָגען, אַז דאָס זאָל געשעהען דורכ׳ן אַריינשטעלען די ווערטער „דיק־טירט פון נאַציאָנאַלער זיכערהייט" אין פּאַראַגראַף, וואו עס רעדט זיך וועגען די געריכטליכע אַנטשיידונגען, דאָס הייסט, אַז דאָס געריכט זאָל נאָר קענען צוליב מאָטיווען פון „נאַציאָנאַלער זיכערהייט" אַרויסשיקען אַ פּליט פון לאַנד.

עס איז בכלל, לויט מיין מיינונג, פאַראַן אַ געוויסע סתירה צווישען ער־שטען און פערטען פּאַראַגראַף פון פּראָיעקטירטען אַרטיקעל 24. דער ערשטער פּאַראַגראַף רעדט פון „אָנווענדען פּאָליציי־מיטלען ווי אַרויסצוטרייבען אָדער נישט אַריינלאָזען ביים גרעניץ לגבי פּליטים, וואָס זיינען געוואָרען אויטאָריזירט צו וואוינען אין לאַנד". דער פערטער פּאַראַגראַף זאָגט ווידער, אַז „אַ פּליט, וואָס איז געוואָרען אויטאָריזירט צו וואוינען אין געביט, וואָס גע־הערט צו וועלכער פון די הויכע קאָנטראַקטירענדע מלוכות, קען נישט ווערען אַרויסגעטריבען אַנדערש ווי אין דער אויספיהרונג פון אַ דעציזיע פון אַ גע־ריכטס־מאַכט". טאָ וואָס מיינט דאָס? פּאָליציי־מיטלען געהערען צו דער אַדמיניסטראַציע און נישט צו דער געריכטס־מאַכט. וואָס באַצוועקט דאָ־ריבער דער ערשטער פּאַראַגראַף?

עס איז אפשר מעגליך צו פאַרשטעהן די זאַך אויף דעם אופן, אַז דער ערשטער פּאַראַגראַף באַציהט זיך צו אַ פאַל, וואו די געריכטס־מאַכט האָט שוין פאַראָרדענט דאָס אַרויסטרייבען. אָבער אויב אַזוי, פאַרוואָס האָט מען פונאַנדערגעטיילט די צוויי פּאַראַגראַפען? פאַרוואָס האָט מען נישט קלאָר געזאָגט, אַז דאָס פּאָליציייליכע אַרויסשיקען אַ פּליט קען פאָרקומען נאָר אַלס אויספיהרונג פון אַ געריכטליכען אורטייל?

דער פראַנצויזישער פּראָיעקט האָט דאָ אַ וויכטיגען צוגאָב, נעמליך, אַז „אַ פּליט, וואָס מען האָט פאַראָרדענט זיין אַרויסשיקען, איז באַרעכטיגט צו ליפערען באַווייזען, כדי זיך ריינצווואַשען פון די באַשולדיגונגען, און צו זיין רעפּרעזענטירט פאַר דער קאָמפּעטענטער געריכטליכער אָדער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט". אָבער די עיקר׳דיגע באַשטימונג, אַז אַ פּליט קען נישט ווערען אַרויסגעשיקט אָהן אַ פּסק פון אַ געריכטס־מאַכט, פעהלט אין פראַנצויזישען פאָרשלאַג.

דער צווייטער פּאַראַגראַף פון פּראָיעקטירטען אַרטיקעל 24 געהערט נישט צום דאָזיגען אַרטיקעל. זיין אָרט איז וואו עס רעדט זיך וועגען אַריינלאָזען אַ פּליט אָדער וועגען רעכט פון אַזיל.

דער סך־הכל פון מיינע באַמערקונגען איז, אַז מען דאַרף איבערגרופּירן פולשטענדיג דעם איצטיגען פּראָיעקט פון אַרטיקעל 24. זיין דריטער פּאַראַגראַף דאַרף קומען אין אָנהויב, אָבער אָהן די ווערטער „אין יעדען פאַל". דאַן דאַרף קומען דער פערטער פּאַראַגראַף מיט אַ צוגאָב, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם פערטערן פּאַראַגראַף פון פראַנצויזישען פאָרשלאַג, אָבער אָהן די ווערטער „געריכטליכע אָדער אַדמיניסטראַטיווע". שליסליך דאַרף קומען דער פינפטער פּאַראַגראַף.

מיין פאָרמולירונג פון גאַנצען אַרטיקעל 24 לויטעט דאַריבער אַזוי:

1. יעדער פון די הויכע קאָנטראַקטירענדע צדדים פאַרפּליכטעט זיך נישט צוריקצושיקען פּליטים צו די גרעניצען פון לאַנד פון זייער אָפּשטאַמונג אָדער אין לענדער וואו זייער לעבען אָדער פרייהייט וואָלט געווען באַדראָהט צוליב זייער ראַסע, רעליגיע, נאַציאָנאַליטעט אָדער פּאָליטישע אַנשויאונגען.

2. אַ פּליט, וואָס איז געוואָרען אויטאָריזירט צו וואוינען אין געביט פון איינעם פון די הויכע קאָנטראַקטירענדע צדדים, קען נישט ווערען אַרויסגעשיקט סיידען דורך אַן אַנטשיידונג פון אַ געריכטס־מאַכט. (אַלטערנאַטיוו: „צוליב נאַציאָנאַלע זיכערהייט").

3. אַ פּליט וועמענס אַרויסשיקען איז געוואָרען פאַראָרדענט, וועט זיין באַרעכטיגט צו ברענגען באַווייזען כדי זיך ריינצוואַשען פון די באַשולדיגונגען, און צו זיין רעפּרעזענטירט פאַר דער צושטענדיגער מאַכט.

4. יעדער פון די הויכע קאָנטראַקטירענדע צדדים רעזערווירט זיך דאָס רעכט אָנצונעמען אַזעלכע אינערליכע מיטלען, ווי ער וועט האַלטען פאַר נויטיג, לגבי פליטים, וועמענס אַרויסשיקען פון לאַנד איז געוואָרען פאַראָרדענט און וועלכע קענען נישט פאַרלאָזען דאָס לאַנד ווייל זיי האָבען נישט באַקומען, אויף זייער בקשה אָדער דורך דער אינטערווענץ פון די פאַראינטערעסירטע רעגירונגען אָדער די צושטענדיגע אָרגאַנען פון יונייטעד ניישאָנס אָדער די פריוואַטע אַגענטורען, די נויטיגע באַוויליגונג און וויזעס, וואָס ערמעכטיגען זיי לעגאַל צו באַזעצען זיך אין אַן אַנדער לאַנד *).

# די אידישע מלחמה־יתומים מוזען ווערען ערצויגען אין דער אידישער רעליגיע!

## רעדע ביי דער פלענאַר־סעסיע פון דער „קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט" אין לעיק סוקסעס, דעם 19־טען אַפּריל, 1950

די רעליגיעזע פרייהייט איז, היסטאָריש און לאָגיש, אויפגעבויט אויפ׳ן רעכט פון מענשען צו לערנען מיט זייערע קינדער רעליגיע.

אָהן דעם דאָזיגען רעכט איז רעליגיעזע פרייהייט אָהן וועלכע באַדייטונג און זי איז באַשרענקט בלויז צו אַ קליינעם עפּיזאָד אין לעבען פון אַ יחיד אָדער פון אַ גרופּע מענשען. אַלס אַ היסטאָרישע קאָנצעפּציע און אַ אייביגער קולטור־ווערט איז די רעליגיע פולשטענדיג אָפּהענגיג פון פרייעם רעכט צו קענען זי לערנען.

די אידישע תורה זאָגט אין יענעם טייל איהרען, וואָס איז געוואָרען די אייביגע גלויבענס־דערקלערונג פונ׳ם אידישען פאָלק, אין „שמע ישראל", קלאָר און דייטליך:

„שמע ישראל, ד׳ אלקינו ד׳ אחד. ואהבת את ד׳ אלקיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאדך. והיו הדברים האלה אשר אנכי מצוך היום על לבבך. ושננתם לבניך". (דברים ו׳).

*) אויפ׳ן פאָרשלאָג פון ענגלישען מיטגליד פון דער קאָמיטע, סער לעסלי ברעס, וואָס איז אונטערשטיצט געוואָרען דורכ׳ן פאָרשטעהער פון ישראל, ד״ר יעקב ראָבינסאָן, איז די דאָזיגע פאָרמולירונג געוואָרען באַהאַנדעלט אַלס דאָס אָפיציעלע „וואָרקינג פּעיפּער" פון דער קאָמיטע.

דאַריבער איז נישט פֿאַראַן קיין גרעסערע פֿליכט ווי צו לערנען מיט די קינדער דעם אמת פֿון דער רעליגיע. „ושננתם לבניך" — דאָס מיינט, אַז ווער עס האָט נאָר ליב גאָט, דער מוז לערנען מיט די קינדער זיינע. אַזוי הייסט די תורה. און קיין ספק, אַז אויך אַנדערע רעליגיעס, נישט בלויז די אידישע, באַטראַכטען דאָס לערנען פֿון זייערע דאָגמען, פֿון זייערע עיקרים, פּשוט אַלס דעם יסוד פֿון זייער עקזיסטענץ.

די פֿליכט צו פֿאַרזאָרגען דעם געהעריגען לימוד פֿון דת פֿאַר די קינדער ליגט אויף די עלטערען. די תורה האָט דאָס קלאָר אויסגעדריקט דורך דעם וואָס זי האָט געזאָגט „ושננתם לבניך" — „דו זאָלסט לערנען מיט דיינע קינדער". פּראַקטיש מיינט דאָס נאַטירליך אַז די עלטערן דאַרפֿען אויסזוכען די ריכטיגע לעהרער, ווייל דער פֿאָטער איז נישט תמיד אימשטאַנד צו לערנען אַליין מיט זיינע קינדער. דער לעהרער פֿאַרנעמט דאַן דעם פּלאַץ פֿון אַ צווייטען פֿאָטער. „ווער עס לערענט מיט אַ צווייטענס קינד, איז גליך, ווי ער וואָלט דאָס קינד געבוירען", זאָגט דער תלמוד.

דער פּראָיעקט פֿון אינטערנאַציאָנאַלען אָפּמאַך וועגען מענשען־רעכט האָט לכתחלה געהאַט פֿאַראויסגעזעהען אַן אויסדריקליכע גאַראַנטיע פֿאַר'ן רעכט פֿון די עלטערען אויסצוּוועהלען דעם געהעריגען רעליגיעזען לימוד פֿאַר די קינדער. ביי דער צווייטער סעסיע פֿון דער קאָמיסיע פֿאַר מענשען־רעכט האָט די רעדאַקציאָנס־קאָמיטע פֿאָרגעשלאָגען דעם פֿאָלגענדען פּאַראַגראַף אַלס טייל פֿון אַרטיקעל 16:

„יעדער מענש, וואָס איז פֿוליעהריג און האָט אַ געזונטען גייסט, דאַרף זיין פֿריי, סאַי אַליין סאַי בשותפות מיט אַנדערע גלייכגעזאָנענע מענשען, צו געבען און צו באַקומען יעדע פֿאָרם פֿון רעליגיעזען לימוד, און אין פֿאַל פֿון אַ מינדעריעהריגען דאַרפֿען די עלטערן אָדער דער אַפּוטרופּוס זיין פֿריי צו באַשטימען וועלכען רעליגיעזען לימוד ער זאָל באַקומען".

ליידער איז די דאָזיגע באַשטימונג שפּעטער געוואָרען אַדורכגעלאָזט, וואָס איז שטאַרק צום באַדויערען, ווייל דאָס באַלאַנגט זיכער צום אָפּמאַך. אָבער אַזוי ווי דאָס „לערנען" איז פֿאַרבליבען אַלס טייל פֿון דער גאַנצער קאָנצעפּציע פֿון „מאַניפֿעסטירען די רעליגיע", וועלכע איז גאַראַנטירט דורכ'ן אַרטיקעל 18 פֿון דער אַלגעמיינער דעקלאַראַציע פֿון מענשען־רעכט און וועלכע איז געוואָרען איבערגענומען דורכ'ן איצטיגען פּראָיעקט פֿון אָפּמאַך, דאַרף מען דאָס פֿאַרשטעהן אַלס אַ ממילא'דיגע גאַראַנטיע פֿאַר'ן רעכט פֿון די עלטערן צו באַשטימען וועגן דער רעליגיעזער ערציהונג פֿון די קינדער. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איז וויכטיג צו דערמאָנען דעם דריטען פּאַראַגראַף פֿון אַרטיקעל 26 פֿון דער אַלגעמיינער דעקלאַראַציע פֿון מענשען־

רעכט, וואָס זאָגט: „די עלטערען האָבען דאָס ערשטע רעכט צו באַשטימען וועלכע ערציהונג דאַרף געגעבען ווערען צו זייערע קינדער״. אָט דער זאַץ וואַרפט אַ ליכט אויף דעם גאַנצען ענין.

די וויכטיגסטע פראַגע, וואָס איך וויל איצט אויפנעמען, איז: וועלכע רעליגיעזע לימודים דאַרפען געגעבען ווערען צו די קינדער דאַן, ווען די עלטערען לעבען נישט מעהר, ווען עס זיינען נישטאָ יענע, וואָס זאָרגען פאַר זיי תמיד, ווען די קינדער זיינען יתומים?

דער אָפּמאַך וועגען מענשען־רעכט טאָר אין זיי זיכער נישט פאַר־געסען, ווייל די רעכט פון יתומים באַלאַנגען דורכאויס צו יענעם קרייז פון פרייהייטען, וואָס דער אָפּמאַך דאַרף באַשיצען.

אין אַלטע צייטען, ווען אַן אינטערנאַציאָנאַלער אָפּמאַך וועגען מענשען־רעכט האָט נישט געקענט פאַרווירקליכט ווערען, אָבער ווען גאַראַנטיעס פאַר די יסודות׳דיגע מענשען־רעכט זיינען פונדעסטוועגען געזוכט געוואָרען דורך גרויסע גייסטער, איז דאָס רעכט פון יתום געווען אין צענטער פון זייער אויפמערקזאַמקייט. איך וויל דערמאָנען, קודם־כל, די תורה, וואָס האָט גע־זאָגט: „לא תטה משפט גר יתום״ (דברים, כ״ד י״ז). ישעיהו הנביא האָט אויפ־געפאָדערט: „שפטו יתום״ (א׳ י״ז), און צו פאַרזיכערען די געהעריגע ערצי־הונג פאַר׳ן יתום מיינט אודאי, אַז מען טוט איהם גערעכטיגקייט.

איך וויל אויך דערמאָנען די ווערטער פון פּלאַטאָ, וואָס זאָגט אין זיינע „געזעצען״ אָט וואָס: „יתומים דאַרפען ווערען געשטעלט אונטער דער אויפ־זיכט פון עפענטליכע אַפּוטרופּסים. מענשען מוזען האָבען מורא פאַר דער איינזאַמקייט פון די יתומים און פאַר די נשמות פון זייערע פאַרשטאָרבענע עלטערען. אַ מענש דאַרף ליב האָבען דעם אומגליקליכען יתום, וועמענס אַפּוטרופּוס ער איז, ווי זיין אייגען קינד״. אויב פּלאַטאָ באַציהט זיך דאָ צו „די נשמות פון די פאַרשטאָרבענע עלטערן״, דאַן איז קלאָר, אַז ער וויל אונ־טערשטרייכען די וויכטיגקייט פון ממשיך צו זיין די ערציהונג פון די יתומים אין גייסט פון זייערע עלטערען.

מען וואָלט געקענט ברענגען אַ סך קריסטליכע און מאַכמעדאַנישע מקורים וועגען דער נויטיגקייט צו באַשיצען די רעכט פון יתומים. איז דאָ־ריבער מעגליך אָנצונעמען, אַז דער גרויסער דאָקומענט פון דער מאָדערנער מענשהייט, דער אינטערנאַציאָנאַלער אָפּמאַך וועגען מענשען־רעכט, זאָל נישט זאָגען אפילו אַ וואָרט וועגען יתומים?

בנוגע רעליגיעזע ערציהונג פון יתומים זיינען פאַראַן דריי אופנים פון רעגולירען דעם פּראָבלעם. דער ערשטער איז צו לאָזען יתומים אין גאַנצען אָהן רעליגיעזע לימודים. דער צווייטער איז צו עפענען אַ „פרייע קאָנקורענץ״

פאַר אַלע רעליגיעס און לאָזען זיי „אויף יאַגד״ נאָך די נשמות פון די יתומים. דער דריטער אופן איז צו נעמען אין באַטראַכט דעם פאַראויסגעזעצטען ווילען פון די פאַרשטאָרבענע עלטערן און ערציהען די יתומים אין דער רעליגיע פון די עלטערען ביז צו דער צייט, ווען זיי ווערען שוין גענוג אַלט, אַז זיי זאָלען קענען אַליין אויסוועהלען פאַר זיך זייער רעליגיע. דוכט זיך, אַז עס איז כמעט קיין ספק נישטאָ, אַז די דריטע מעגליכקייט איז די בעסטע און די וואָס אַנט־שפּרעכט אם מײסטען דעם פּרינציפּ, וואָס איז געוואָרען אָנגענומען דורכ׳ן דריטען פּאַראַגראַף פון אַרטיקעל 26 פון דער אַלגעמיינער דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט.

ביי דער פינפטער סעסיע פון דער „קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט״ האָב איך דאַריבער זיך ערלויבט פאָרצושלאָגען, אַז מען זאָל צוגעבען צום אַרטיקעל 16 פון אָפּמאַך פאָלגענדען פּאַראַגראַף:

„קיינעם טאָר נישט ווערען אָפּגעזאָגט דאָס רעכט צו געבען און צו באַקומען יעדע פאָרם פון רעליגיעזע לימודים. ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ מינדעריעהריגען, וועלען די עלטערן זיין פריי צו באַשטימען די רעליגיעזע ערציהונג, וואָס ער דאַרף באַקומען. קינדער, וואָס זייערע עלטערן זיינען אומגעקומען אין אַ מלחמה אָדער אַן אַנדערער קאַ־טאַסטראָפע, דאַרפען ווערען ערצויגען אין דער רעליגיע פון זייערע עלטערן״.

אין דער דאָזיגער פאָרמולע האָב איך באַזונדער אונטערגעשטראָכען דעם פאַל פון מלחמה־יתומים צוליב פאָלגענדע צוויי מאָטיוועז. ערשטענס, ווייל פּראַקטיש קומט דאָס פּראָבלעם אויף אַלס רעזולטאַט פון אַ מלחמה, ווען קינדער פאַרלירען אָפטביידע עלטערן, בשעת אין אַ שלום־צייט בלייבט געוועהנליך לעבען איינער פון די עלטערן און זאָרגט דאַן פאַר׳ן קינד. צוויי־טענס, ווייל אין פאַל פון אַ קריג איז די פליכט פון דער מלוכה צו פאַרטרעטען די גע׳הרג׳עטע עלטערען נאָך גרעסער. דאָס איז געוואָרען אָנערקענט אפילו אין אַלטערטום. אַלס היסטאָרישען ביישפּיל וויל איך דאָ ציטירען דאָס געזעץ אין אַלטען אַטהען, אין גריכענלאַנד, לויט וועלכען די מלוכה האָט גע־האַט די פליכט צו ערציהען די קינדער פון בירגער, וואָס זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרען אין דער מלחמה, ביז זיי זיינען אַלט געוואָרען אַכצעהן יאָהר.

אָבער דער חשוב׳ער פאַרטרעטער פון די פיליפּינען האָט געפיהלט, אַז נישט בלויז מלחמה־יתומים דאַרפען ווערען באַשיצט דורכ׳ן אינטערנאַציאָ־נאַלען אָפּמאַך וועגען מענשען־רעכט בנוגע זייער רעליגיעזער ערציהונג. ער האָט דאַריבער פאָרגעשלאָגען די פאָלגענדע פאָרמולירונג:

„אין פאַל פון אַ מינדעריעהריגען, וועלען די נאַטירליכע עלטערן זיין פריי צו באַ־שטימען וועלכע רעליגיעזע לימודים, אויב בכלל וועלכע, ער דאַרף באַקומען. אין פאַל פון אַ יתום, דאַרף מען נעמען אין באַטראַכט דעם פאָראויסגעזעצטען ווילען פון די עלטערן בנוגע די רעליגיעזע לימודים, וואָס מען דאַרף איהם געבען״.

צו אונזער גרויסען באַדויערען איז דער פאָרשלאַג פון די פיליפינען נישט געוואָרען אָנגענומען דורך דער מערהייט פון דער קאָמיסיע, און דער אַרטיקעל 16 פון פּראָיעקטירטען אָפּמאַך איז בלויז אַ ווידערהאָלונג פון אַר־טיקעל 18 פון דער אַלגעמיינער דעקלאַראַציע פון מענשען־רעכט, מיט'ן צוגאָב פון אַ באַשרענקונגס־באַשטימונג, וואָס איז אַזוי ברייט, אַז זי איז גלייך כמעט צו אַ פולשטענדיגען עלימינירען פון גאַנצען פּונקט וועגען רעליגיעזע פרייהייט. די רעגירונג פון די פיליפּינען האָט, אין איהר באַמערקונג צום אַרטיקעל 16, ריכטיג פאַרלאַנגט צו שטרייכען די באַשטימונג וועגען דער באַשרענקונג פון רעליגיעזע פרייהייט, ווייל רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען אָדער נישט־טאָלעראַנץ זיינען געווען און זיינען תמיד געשטיצט אויף אַזעלכע אויסרייד ווי „אַלגעמיינע זיכערקייט, אָרדנונג, געזונדהייט אָדער מאָראַל".

איך וויל ביי דער געלעגענהייט סאָלידאַריזירען מיין אָרגאַניזאַציע, די אַלוועלטליכע אגודת ישראל, פון גאַנצען הארץ מיט דער דאָזיגער קלוגער באַ־מערקונג פון דער פיליפינער רעגירונג און בעטען צו שטרייכען דעם צווייטען פּאַראַגראַף פון אַרטיקעל 16.

איך נעהם זיך איצט די פרייהייט צו בעטען די „קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט", אַז זי זאָל נאָכאַמאָל באַטראַכטען דעם ענין פון מלחמה־יתומים און אָננעהמען דעם פונקט, וואָס איך האָב פריהער פאָרגעלייגט און וואָס לייענט זיך אַזוי: „קינדער, וואָס זייערע עלטערן זיינען אומגעקומען אין אַ מלחמה אָדער אין אַן אַנדער קאַטאַסטראָפע, דאַרפען ווערען ערצויגען אין דער רעליגיע פון זייערע עלטערן".

זינט דער פינפטער סעסיע פון דער קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט איז געוואָרען אין אַ סך לענדער שטאַרק געפאָדערט, אַז אַזאַ באַשטימונג זאָל אַריינגעשטעלט ווערען אין אָפּמאַך. אין ענגלאַנד, למשל, זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען עטליכע פאַרזאַמלונגען פון וויכטיגע אָרגאַניזאַציעס און מען האָט אָנגענומען דעם באַשלוס צו בעטען די קאָמיסיע אַריינצושטעלען אַ פּונקט לטובת די מלחמה־יתומים. אין אַמעריקע האָט אַ פּראָמינענטער יוריסט, דער פאָרזיצער פון דער יורידישער קאָמיטע פון האַוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס, קאָנ־גרעסמאַן עמנואל סעלער, לעצטענס געשריבען צו מרס. רוזוועלט און אונטער־שטיצט דעם פּונקט, וואָס איך האָב פאָרגעלייגט.

איך וויל נישט לייקענען, אַז מיר אידען זיינען אין דעם מאָמענט באַ־זונדער אינטערעסירט אין דעם דאָזיגען פּונקט. עס זיינען פאַראַן בערך 20,000 אידישע מלחמה־יתומים אין אייראָפּע, דאָס לעצטע רעשטעל נאָך די באַר־באַרישע נאַצי־פאַרפאָלגונגען געגען אונזער פאָלק, וואָס ווערען נישט ער־צויגען אין דער אידישער רעליגיע און וועלכע מיר פאָדערען אין נאָמען פון זייערע ערמאָרדעטע עלטערן. מיר אָנערקענען מיט דאַנקבאַרקייט די נאָ־

בעלע טאָט פון יענע קריסטען, וואָס האָבען געראַטעוועט די אידישע קינדער, אָבער מיר פאַרלאַנגען צוריק די דאָזיגע קינדער אין נאָמען פון דער גערעכ־טיגקייט, וואָס מען איז שולדיג די יתומים און די קרבנות פון ראַסישע און רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען.

דער פאָרגעשלאָגענער פונקט איז אַן אַלגעמיינער און דערמאָנט נישט קיין באַזונדערע רעליגיע. אָבער, ווען מען זאָל איהם אָננעמען, וואָלט ער גע־האָלפען אויסצופיהרען אונזער פאָדערונג און געגעבען אַ מאָראַלישע אונטער־שטיצונג צו די אידישע קהלות אין אַ סך לענדער ביי זייערע באַמיהונגען צוריק צו באַקומען די אידישע קינדער. מיר שטעהען פאַר אַ שרעקליכער סיטואַציע, וואָס איז אומבאַקאַנט דער מענשהייט, פונקט ווי דאָס גאַנצע סיס־טעמאַטישע אויסמאָרדען פון זעקס מיליאָן אידען איז אָהן אַ פּרעצעדענט אין דער געשיכטע פון דער ציוויליזירטער וועלט.

כדי צו באַווייזען די נויטיגקייט פון געבען די יתומים אַ מינימום שוץ אין אינטערנאַציאָנאַלען אָפּמאַך וועגען מענשען־רעכט, וואָלט איך דאָ געקענט ציטירען גאָר אַ סך פאַלען פון האָלאַנד, פּוילען, בעלגיע, טשעכאָסלאָוואַקיי, רומעניע, אונגאַרן און אַנדערע לענדער, וואו די מענשען־רעכט פון די קינדער זיינען געוואָרען פאַרגעוואַלדיגט דורכ׳ן אַנטפרעמדען זיי פון דער רעליגיע פון זייערע עלטערן. איך וויל אָבער נישט פאַרנעמען די צייט פון דער קאָמיסיע מיט די דאָזיגע ריהרענדע געשיכטעס. איך אַפּעליר צו אייך נאָר, ווייל אַ פּונקט וועגען מלחמה־יתומים אין אָפּמאַך וואָלט געהאָלפען לייזען אַזויפיעל טראַ־געדיעס, אַז איהר זאָלט רעווידירען דעם באַשלוס פון פאַרגאַנגענעם יאָהר. די קרבנות פון דער נאַצי־באַדריקונג האָבען אַ רעכט צו ערוואַרטען פון דער דאָזיגער קאָמיסיע, אַז זי וועט זיך פאַר זיי אָננעמען.

אויב אַ פּונקט וועגען מלחמה־יתומים זאָל נישט ווערען אַריינגעשטעלט אין אָפּמאַך, דאַן ערלויב איך זיך צו בעטען די קאָמיסיע, אַז זי זאָל אָננעמען די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

### „די קאָמיסיע פאַר מענשען־רעכט,

נעמענדיג אין באַטראַכט, אַז בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבען די נאַציס אונטערגענומען אַ סיסטעמאַטישע פאַרניכטונג פון די אידען, וואו זיי האָבען נאָר געקענט דערגרייכט ווערען, און ערמאָרדעט מיט אַ פּרעצעדענטלאָזער גרויזאַמקייט זעקס מיליאָן אידען; און

נעמענדיג אין באַטראַכט, אַז אין אַ סך פאַלען האָבען קריסטליכע שכנים אָדער פריינד פון די אידישע קרבנות פון נאַצי־פאַרפאָלגונגען באַהאַלטען ביי זיך קליינע אידישע קינדער, וואָס איז געווען אַ נאָבעלע און איידעלע האַנדלונג; און

**נעמענדיג אין באַטראַכט,** אַז דער סוף פון דער מלחמה און דאָס אויפהערען פון די צוואַנגס־אומשטענדען, אונטער וועלכע די אידישע קינדער זיינען אָנגעקומען אין אַזעלכע פריינדליכע היימען, האָבען נישט תמיד געבראַכט מיט זיך דאָס צוריקקעהרען פון די לעבען־געבליבענע יתומים צו דער רעליגיע, אין וועלכער זייערע עלטערן וואָלטען זיי געוועהן ערצויגען; און

**נעמענדיג אין באַטראַכט** דעם כלל, אַז עלטערן האָבען דאָס רעכט אויסצוקלויבען די רעליגיע פון זייערע קינדער און אַז די נאָ־הענטסטע קרובים פאַרטרעטען דעם פלאַץ פון די עלטערן אויב די עלטערן זיינען טויט; און

**נעמענדיג אין באַטראַכט,** אַז די דערמאָנטע נאַצי־פאַרפאָלגונגען האָבען אָפט געבראַכט מיט זיך דעם טויט פון אַלע קרובים פון אַזעלכע אידישע יתומים, אַזוי אַז עס איז אונמעגליך צו געפינען וועלכע עס איז קרובים;

**באַשליסט,** אַז עס איז ווינשענסווערט, אַז דער פאָראויסגעזעצטער ווילען פון די אומגעקומענע עלטערן פון אַלע קינדער, וואָס זיינען געוואָרען יתומים דורך נאַצישע ראַסישע אָדער רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען, זאָל ווערען רעספעקטירט, און אַז אַזעלכע קינדער זאָל ווערען געגעבען די געלעגענהייט פאַרטצוזעצען זייער אָריגינעלען לעבענס־שטייגער און צו ווערען ערצויגען אין דער רעליגיע פון זייערע עלטערן, וואָס זיינען געפאַלען אַלס קרבנות;

### רעקאָמענדירט צום עקאָנאָמישען און סאָציאַלען ראַט, אַז ער זאָל אויפפאָדערן:

1. די רעגירונגען פון יענע לענדער, אין וועלכע עס געפינען זיך נאָך די לעבען־געבליבענע קינדער פון די קרבנות פון דער נאַצי־באַדריקונג, אַז זיי זאָלען מעגליך מאַכען פאַר די אידישע קהלות אין די דאָזיגע מלוכות אויס־צוגעפינען אַלע קינדער פון אידישער אָפשטאַמונג;

2. די רעגירונגען זאָלען אָננעמען אַזעלכע שריט, וואָס פיהרען צו דעם, אַז:

(א) די לעבען־געבליבענע אידישע יתומים זאָלען ווערען ערצויגען אין דער אידישער רעליגיע ביז צו דער צייט, ווען זיי ווערען אַלט גענוג, כדי צו קענען אַליין אָננעהמען אַ פרייע און אומאָפהענגיגע דעציזיע וועגען זייער רעליגיע;

(ב) עס זאָלען באַשטימט ווערען אַפּוטרופּסים פאַר אַזעלכע יתומים, וואָס באַלאַנגען צו דערזעלבער רעליגיע, ווי זייערע ערמאָרדעטע עלטערן".